פ. וואַלד

אויף היסטאָרישע וועגן

# דער מענטש
# אין דער געשיכטע
# פון ארגענטינע

# ביכער פון פּ. וואַלד

## דערשינען

### בלעטלעך

(געשטאַלטן פון מיין סביבה). — אַרויסגעגעבן פון יידישן ליטעראַטון־און זשורנאַליסטן־פאַריין אין אַרגענטינע, בוענאָס איירעס, 1929.

### קאָשמאַר

(דערציילונג פון דער „טראַגישער וואָך"). — אַרויסגעגעבן פון מחבר, בוענאָס איירעס, 1929.

### אין גאַנג פון צייטן

(געשיכטע פון סאָציאַליזם אין אַרגענטינע). — אַרויסגעגעבן פון מחבר, בוענאָס איירעס, 1955.

### אויף היסטאָרישע וועגן

(ביאָגראַפיעס פון אַרגענטינער פאָרגייער, העלדן און וועטעראַנען). — אַרויסגעגעבן פון מחבר, בוענאָס איירעס, 1959.

## אין צוגרייטונג:

אַרגענטינע, אורוגוויי, טשילע — (טרילאָגיע).

אַ רייזע אין אייראָפּע פון 1932 — (ענגלאַנד, פראַנקרייך, שווייץ, עסטרייך, פוילן, דייטשלאַנד, איטאַליע, שפּאַניע).

אַ רייזע אין דער וועלט.

---

MAIPU 863 - 9º A - Buenos Aires, Argentina

# אינהאַלט

# פאַרוואָרט

אין דעם בוך גייען אַריין מענטשן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער לעבנסגעשיכטע פון אַרגענטינע; מענטשן וואָס זענען געבוירן געוואָרן פונעם געשיכטלעכן לעבן און וועמענס לעבן עס איז געווען געשיכטלעך.

דער עלטסטער פון זיי (ער האָט געלעבט 33 יאָר), איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1778. דער יינגסטער וואָס האָט געלעבט 80 יאָר, איז געשטאָרבן צוריק מיט עטלעכע יאָר. מיטן אויסנאַם פון צוויי, וואָס לעבן — הלוואַי וואָס לענגער (זיי זענען איבער די 80) — זענען זיי נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, אָבער עס לעבט זייער גייסט.

די ערשטע פון זיי זענען פּראָסערס־פּאַרויסגייער אויף נישט אויסגעטראָטענע וועגן; טרעגער פון סאָציאַלע אידעען, קעמפער, העלדן, באַפרייער און באַנייער. די אַנדערע לאָזן זיך נישט אָנרופן פּראָסערס צוליב באַשיידנקייט, וואָס דערהייבט און זיי פאַרמאָגן פון דעם, וואָס איז נוצלעך, שעפעריש און עס איז צום גליק פון פאָלק און לאַנד; פון דער מענטשהייט און פון דער וועלט.

עס האַנדלט זיך אין קאָלעקטיווע אידעען און אידעאַלן; לעבן און שטרעבן; קעמפן און צילן; ליידן און פריידן; דערגרייכן און פּראָגרעסירן; אוטאָפּיעס און רעאַליזאַציעס — דאָס אַלץ, וואָס איז מענטשלעך, וואָס גייט פון מענטש צו מענטש און גייט דורך די מענטשלעכע אייגנשאַפטן און די ווערטן, וואָס נאָר דער מענטש פאַרמאָגט און וואָס איז די זאַך פון יעדן און פון אַלע.

דאָ קומט צום אויסדרוק דער מענטש, וועלכער איז רעפּרעזענטאַטיוו און איז דער עקספּאָנענט פון מענטשן. זיי זענען נישט אַלע גלייך, דאָס איז מענטשלעך נישט מעגלעך; און עס איז גאָרנישט געוווּנטשן אַזאַ גלייכשאַלטונג.

יעדער פון זיי איז אַ פּערזענלעכקייט אין זין פון אייגנטימלעכקייט, פון

דעם וואָס נאָר די און די פּערזאָן פאַרמאָגט און יעדע אַנדערע פּערזאָן פאַר־מאָגט עפּעס אַנדערש, וואָס איז פּערזענלעך. דאָס פּערזענלעכע מעג זיין קאָ־לעקטיוו אין כאַראַקטער, אין גייסט, אין דער אינספּיראַציע, אין דער עמאָ־ציע, אין באַדייט און עס דאַרף טאַקע זיין און עס איז קאָלעקטיוו — הומאַניש.

פּערזענלעכקייטן זענען נישט בלויז גוט, סובלים. זיי זענען אויך שלעכט און קליינלעך. איינס ווי דאָס אַנדערע איז אויך נישט אַבסאָלוט. ווער עס קאָן אין שלעכטס זען גוטס און ווער אין גוטס — שלעכטס.

די געשטאַלטן און היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, גייען אַריין נאָר מיט זייער גוטס לויטן שרייבערס איינזען און נאָר דאָס גוטס, וואָס טראָגט אַ סאָציאַלן כאַראַקטער.

עס ציט זיך אַ רויטער פאָדים פון סאָציאַלע אידעען איבער די אינס־פּיראַציעס און אַספּיראַציעס; איבער די העראָאישע שריט און געשיכטלעכע שטעלונגען; איבער דעם באַרג־ארויף אין קאַמף פאַר אַ בעסער און אַ שענער מענטשלעך לעבן און איבער דעם באַרג־אַראָפּ; איבער זייערע טואונגען און אויפטואונגען. איין עק פון דעם פאָדים, וואָס פאַרייניקט, ליגט אין דער אוניווערסאַלער פאַרגאַנגענהייט עטיש און עסטעטיש פאַרקניפּט און פאַר־בונדן מיט די סאָציאַלע אידעאַלן, וואָס זענען אין אַלע צייטן געטראָגן, גע־פרעדיקט און פאַרשפּרייט געוואָרן פון מענטשן־מאַרטירער פאַר דער מענטש־לעכער זאַך און דער צווייטער עק נאָך פאַרוויקלט אין אַ קנויל פון סאָציאַלע פּראָבלעמען, נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציעס — ציט זיך וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט, צו וועלכער מען גייט אָן אַן אָפּהאַלט אויף היסטאָרישע וועגן.

פון די אַנגענומענע פּראָסערס רעדט נאָר איינער פון סאָציאַליזם און דער איינציקער רעדט נישט פון סאָציאַליזם ווי אַ פּאַרטיי־זאַך, נאָר ווי די זאַך פון די בירגער, פון פאָלק און ער רעדט נישט פון סאָציאַליזם ווי די זאַך פון דער צוקונפט, פון אַ וויטן מאָרגן, נאָר ווי די זאַך פון היינט. (דאָס איז גערעדט געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, אָדער מיט 125 יאָר צוריק). אַלע אַנדערע פּראָסערס, וואָס זענען געגאַנגען אויף די היסטאָרישע וועגן פאַר אים און נאָך אים — ריידן אַפילו נישט פון קיין סאָציאַליזם. אויב זייערע טואונגען און אויפטואונגען; זייערע שריט און טריט; זייער קעמפן און זייערע דערגרייכונגען אַלץ דורכגענומען מיט הומאַניזם, מענטשנרעכט און גערעכטיקייט; מיט געוויסן, מאָראַל און מענטשנ־ווירדע; מיט פרייהייט, דעמאָקראַטישקייט און אַ שיין מענטשלעך לעבן — האָבן זיי געטאָן סאָציאַליסטישע זאַכן ווילנדיק אָדער נישט; וויסנדיק, אָדער נישט וויסנדיק.

און די אַנדערע פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען אידעיש און געזעלשאַפט־

לעך אַרויסגעקומען אין גאַנג פון די צייטן ביז די, וואָס האָבן זיך דערנענ־טערט און זענען אַריין אין אונדזער צייט, זענען שוין געקומען און ווייטער פאָרויסגעגאַנגען אין ליכט פון דערקלערטן סאָציאַליזם, דעם וויסנשאַפט־לעכן און דעם עטישן; דעם פרייהייטלעכן און דעם דעמאָקראַטישן; דעם טעאָרעטישן און דעם פראַקטישן און זיי האָבן געשאַפן און אָנגעפירט מיט דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גייסטיקער פאַרבינדונג מיט דער פראָפעסיאָנעלער אַרבעטער באַוועגונג, אויך געקניפּט און געבונדן מיט אַ וועלטלעכער קולטור־באַוועגונג, קאָאָפּעראַטיווע־באַוועגונג און אָרגאַניזירט דער עיקר אין אַ פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס אינטערוועניר אין פּאָליטישן לעבן לטובת די אַרבעטער, די פאָלקס־מענטשן און פאַר דער רעאַליזירונג פון סאָציאַליזם.

עס גייען אַריין אין דעם בוך די סאָציאַלע פּערזענלעכקייטן און גע־שטאַלטן אָן אונטערשיד פון אָפשטאַם און פון נאַציאָנאַליטעט — עס גייען נאַטירלעך אַריין ייִדן ווי נישט־ייִדן. די צאָל איז צופעליק. אַ טייל איז גע־שריבן געוואָרן אין יאָרצייטן פון די פּערזענלעכקייטן און די אַנדערע — אין שטימונגען באַלד נאָך זייער טויט. נאָר צוויי פּערזענלעכקייטן גייען אַריין אין דעם בוך ביי זייער לעבן. זיי האָבן געדאַרפט אַריין. אָן זיי וואָלט געפעלט צו דער גאַנצקייט פונעם ווערק, וואָס איז אַרגענטיניש־ייִדיש.

אָקטאָבער, 1958 פּ. וואַלד

# מאַריאַנאָ מאָרענאָ

מאַריאַנאָ מאָרענאָ, וואָס לויטן אַרגענטינער היסטאָריקער וויסענטע פידעל לאָפּעס איז ער געווען די נשמה פון דער מאַי־רעוואָלוציע, איז געבוירן געוואָרן אין 1778 דאָ אין אַרגענטינע, אין דעם אַמעריקאַנישן אינדיע — ווי עס האָבן געהייסן אין דער מעטראָפּאָליע די שפּאַנישע קאָלאָניעס אויפן אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. מאָרענאָ וואָס ווערט באַוואונדערט פאַר זיינע וואונדערבאַרע מענטשלעכע פעיִקייטן, טוגנטן און איבערגעגעבנקייט פאַר דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער זאַך, האָט געלעבט זיין מאָראַליש רייך לעבן אין לעצטן דור פון שפּאַנישן קאָלאָניאַליזם.

עס איז געווען דער דור אין באַשטאַנד פון שפּאַנישע קינדער און קינדס קינדער, דאָ געבוירענע פון שפּאַניע איינגעוואַנדערטע עלטערן און אורעלטערן, וואָס האָט דערפילט זיין היסטאָרישע מיסיע צו פאַרענדיקן מיטן קאָלאָניאַליזם און איבערצוגיין צו אַ נײַ פריי לעבן.

מאַריאַנאָ מאָרענאָ, וועלכער איז אין זיין יוגנט געשטאָרבן, בעת ער איז אַלט געווען 33 יאָר, איז געווען אַ פּאָרויסגייער פון זיין דור, אַ טרעגער פון זיין היסטאָרישער מיסיע, אַ גייסטיקער פירער פון דער מאַי־רעוואָלוציע.

אין דעם יאָר, ווען מאָרענאָ איז געבוירן געוואָרן האָט מען שוין אין צפון־אַמעריקע געפייערט דעם צווייטן יאָרטאָג פון דעם באַפרייען זיך פונעם קאָלאָניאַליזם, וועלכער איז דאָרט געווען אַן ענגלישער.

די היסטאָרישע געשעעניש אויפן אַנדערן עקסטרעם פון אַמעריקאַנישן קאָנטינענט האָט נאַטירלעך געהאַט אַן איינפלוס אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס פון דרום־אַמעריקע.

עס איז שווער געווען דער איינפלוס. דער שטח צווישן בוענאָס איירעס

און פילאַדעלפיע איז געווען לאַנג. עס איז כמעט קיין קאָמוניקאַציע נישט געווען. די שפּאַנישע אימפּעריע, זיין קאָלאָניאַליזם האָט פאַרווערט יעדע קאָמוניקאַציע, יעדן פאַרקער, יעדן האַנדל, יעדן קאָנטאַקט.

דער רעזשים האָט אַרויסגערופן אַ קאָנטראַבאַנדע, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט און פאַרשפּרייט. דאָס האָט אַרויסגערופן דער האַנדל מיט אויסלאַנד, דער עקאָנאָמישער אינטערעס פונעם סוחר, וואָס איז אויך דער עקאָנאָמישער אינטערעס פון לאַנד.

דער איינפלוס פון באַפרייונג האָט געקענט קומען מיט דער קאָנטראַבאַנדע פון סחורות און פון מענטשן; פון ביכער און פון צייטשריפטן. ער איז אַפילו געקומען מיט די ענגלישע איוואַזיעס. עס האָט שטאַרק מיטגעווירקט דאָס צייטיק ווערן אין די קאָלאָניאַלע לענדער דאָס באַפרייען זיך פונעם קאָלאָניאַליזם.

דאָס צייטיקן זיך פון דער באַפרייונג, וואָס האָט געהאַט אין דעם יונגן יוריסקאָנסול און רעוואָלוציאָנער מאַריאַנאָ מאָרענאָ איר טרייען אויסדריקער און קעמפער, איז אימפּולסירט געוואָרן פון געשפּאַנטע עקאָנאָמישע נויטן און מענטשלעך־סאָציאַלע באַדערפענישן באַאיינפלוסט פון סאָציאַליסטישע אידעען, אוטאָפּיעס און אידעאַלן, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבער דער וועלט אין יענער היסטאָרישער צייט, אין דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט, האָבנדיק זייער צענטער אין מיטל און מערב־אייראָפּע, ווו עס איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע געדאַנקלעכע און סאָציאַל־פילאָזאָפישע באַוועגונג וועגן דער נאַטער און ווייטערער צוקונפט פון דער מענטשהייט.

אין דער דאָזיקער צייט, אין וועלכער די הומאַנישע פרייהייטלעכע און דעמאָקראַטישע אידעען, וועלכע די גרויסמאַכטן האָבן נישט באַוויזן צו טויטן און זיי האָבן זיך איבער אַלע גרעניצן פאַרשפּרייט איבער דער וועלט און געהאַט זייער איינפלוס, אינספּיראַציע, באַמוטיקונג און אידעיִשן ביי־טראָג פאַר די היסטאָרישע רעוואָלוציעס אין אַמעריקע; פאַר דער רעוואָלוציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע אין 1776; פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין 1789; פאַר דער דעקלאַראַציע פון מענטשנרעכט, וואָס איז דער עיקר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, זייענדיק וואָלונטאַריש אָנגענומען פון אַלע היסטאָרישע רעוואָלוציעס און פון זייערע קאָנסטיטוציעס און פאַר דער מאַי־רעוואָלוציע אין אַרגענטינע פון 1810.

מאַריאַנאָ מאָרענאָ, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין דער רעוואָלו־

ציאָנערער צייט, האָט זיך אָנגענומען פון זיין קינדהייט אָן מיט אירע אי־דעען, וואָס האָבן באַליכטן די וועלט אין אַכצנטן יאָרהונדערט און ער האָט דערפילט אַן אינערלעכן דראַנג מיטן שטעלן זיך אין צענטער פון דער אַרגענטינישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ אונטערערדישע.

די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע האָט פאַרצייכנט אין דער וועלט־געשיכטע, אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע און אין דער אייגענער לאַנד־געשיכטע דעם געבורטסטאָג פון אַרגענטינע אַלס אַ זעלבסטשטענדיק לאַנד. זי איז אויך די טרעגערן פון אַלמענטשלעכע און אַלוועלטלעכע אידייען און פרינציפּן, וואָס שטאַרבן קיינמאָל נישט, ווערן קיינמאָל נישט אַלט און זענען שטענדיק אַקטועל, פריש, וויטאַל. דאָס זענען אירע פּרינציפּן און אירע אידעען פון באַפרייונג, פון דעמאָקראַטיע, פון מענטשן־רעכט.

רעוואָלוציעס ווערן אָבער נישט געמאַכט נאָר פון פּרינציפּן און אי־דעען. זיי האָבן אין געשיכטלעכן פאַרלויף זייערע היסטאָריש־מאַטעריאַליס־טישע סיבות און זייער סאָציאַלן אַוואַנגאַרד. אין אַכצנטן יאָרהונדערט איז דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס איבער דער וועלט געווען די יונגע בור־זשואַזיע. זי האָט רעבעלירט קעגן דעם פעאָדאַליזם. איר באַוועגונג האָט געפונען איר העכסטן אויסדרוק אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 1789. די היסטאָרישע רעוואָלוציע האָט אויך דערגרייכט אַרגענטינע, נאָר דאָ האָט זי באַקומען אַן אַנדער פיזיאָנאָמיע, אַן אייגענע, ווייל אַנדערש זענען דאָ געווען די אומשטענדן. אַרגענטינע איז געווען אַ קאָלאָניע פון דער ביז דעמאָלט גרויסער שפּאַנישער אימפּעריאַליסטישער מאַכט.

ווען אין אייראָפּע איז די בורזשואַזע רעוואָלוציע געפירט געוואָרן פו־נעם האַנדל און אינדוסטריע־קלאַס קעגן דעם פעאָדאַליסטישן, וועלכער האָט געהאַט אין זיינע הענט די פּאָליטישע מאַכט און מיט איר געשטערט דעם האַנדל און אינדוסטריעלן פאָרשריט און אין באַגלייט פון פאָרע־רונגען צו ענדערן דעם מלוכהשן רעזשים אויף אַ מער פרייהייטלעכן, לי־בעראַלן, דעמאָקראַטישן, האָט דאָ אין אַרגענטינע, אונטער דער שפּאַני־שער קאָלאָניאַלער הערשאַפט, גענומען די פירערשאַפט פון דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קלאַס.

אונטער דער קאָלאָניאַלער הערשאַפט איז דער פרייער האַנדל געווען אַ רעוואָלוציאָנערע שטרעבונג.

דער קלאַסן־אונטערשיד פון די לאַנדווירטן און די סוחרים, וועלכער

איז געווען אַן איבערפלעכלעכער און אַן אומנאָרמאַלער, איבער דעם קאָנטראַבאַנד, ואיז מיט דער צייט אָפּגעווישט געוואָרן. אין גרונט גענומען איז דער קאָלאָניאַלער פּריץ אויך געווען אַ סוחר פון זיין פּראָדוקציע און דער סוחר איז אויך געווען אַ פּריץ אַלס ערד־אייגנטימער. זייערע געמיינזאַמע אינטערעסן און די שטרעבונגען צו פרייען האַנדל און צו באַפרייען זיך פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער הערשאַפט, האָט זיי פאַראייניקט אין קאַמף אויף אַ געמיינזאַמען פראָנט.

און דער פּלאַמיקער רעוואָלוציאָנער מאַריאַנאָ מאָרענאָ האָט זיך געשטעלט בראש פון דער באַוועגונג פון די לאַנדווירטן פאַר זייערע מאַטעריעלע פאָדערונגען, זיי צו פאַרטיידיקן, אָדער „בעסער געזאָגט: צו פאַרטיידיקן זיין לאַנד — ווי לאָפּעס באַמערקט — כאָטש ער האָט געוווסט, אַז ער גייט אַריין אין אַ ליידנשאַפטלעכן קאַמף, אין וועלכן ער קען זיך טרעפן מיט אומפריינטשאַפט און טויט־האַס״.

און מאָרענאָ דער הומאַניסט, דער אידעאַליסט, דער פּאָליטישער טריבון און רעוואָלוציאָנערער שרייבער (ער שרייבט און רעדאַקטירט די ערשטע אויסגאַבע אין שפּאַניש: „גאַסעטאַ דע בוענאָס־איירעס״, וואָס ער גיט אַרויס), שרייבט אַן אַ פּאַפּיר „אין רעפּרעזענטאַנץ פון די לאַנדווירטן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ״ דאָס פאַרצוטראָגן אַלס אַ יוריסקאָנסול, ווי אַ לעגאַט פאַר דער קאָלאָניאַלער רעגירונג.

און דאָס דאָזיקע פּאַפּיר פון מאָרענאָ, וואָס האָט מער ווי די עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון די לאַנדווירטן אויסגעדריקט די אידעען פון דער מאַי־רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך שוין געלאָזט הערן גאָר פון דער נאָענט, האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם, אַ ווייט־גייענדיקע ווירקונג און איז געווען דער ערשטער, שווערסטער און גרויס פּאָליטישער שריט פון דער היסטאָרישער רעוואָלוציע, געקומען אין איר היסטאָרישער צייט.

אין אַ צייט ווען עטישע פּרינציפּן און באַפרייערישע אידעען ווערן געגרן אויפגענומען פון געוויסע מאַטעריעלע אינטערעסן, וואָס ווערן אינספּירירט פון די מענטשלעך־גערעכטלעכע אידעאַלן וואָס טראָגן זיך איבער דער וועלט און קומען צו הילף אומעטום די סאָציאַלע באַוועגונגען.

און דער יונגער מאַריאַנאָ מאָרענאָ, אַ זשורנאַליסט, אַ שרייבער, איז געווען דער פּעיקסטער און דער טרייעסטער וואָרט־זאָגער פון דער היסטאָרישער געשעעניש. זיין פּאַפּיר מיט דעם יורידישן נאָמען „רעפּרעזענ־

טאַנץ פון די לאַנדווירטן" איז אַרײַן אין דער געשיכטע ווי דער ערשטער דאָקומענט פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע.

דער ווירײ סיסנעראָס, וואָס איז געווען די קאָלאָניאַלע טאָטאַליטאַרע רעגירונג אין יענעם היסטאָרישן מאָמענט, איז אונטער דער ווירקונג פון מאָרענאָס פּאַפּיר גרייט געווען צו עפענען די טירן פאַר אַ פרייען האַנדל מיט ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס דאָס אַליין האָט באַדייט אַ רעוואָלוציע אין דער אימפּעריע פון געשלאָסנסטן קאָלאָניאַליזם, אָבער מאָרענאָ האָט געפאָדערט מער, אַ סך מער, וואָס דער ווירײ סיסנעראָס און קיין ווירײ קאָן נישט נאָכגעבן. עס איז געווען אַ היסטאָרישע דעקלאַראַציע פון דער מאַי־רעוואָלוציע, ווען די רעוואָלוציע איז נאָך געווען אַן אונטערערדישע און פאַרשווערערישע באַוועגונג.

אידענטיש אין גײַסט מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט זיך די אַרגענטינישע דיפערענצירט מיט דעם באַפרייען זיך פונעם קאָלאָניאַליזם און מיט דעם דערקלערן זיך פאַר אַן אומאָפּהענגיק און סוווערען לאַנד, וואָס דאָ איז עס געווען פאַראייניקט און געמיינזאַם מיט די פרינציפּן און צילן פון מענטשנרעכט.

דעם 25סטן מאַי 1810 איז געוואָרן דערקלערט אין רעגירונגס־הויז (קאַבילדאָ) פון בוענאָס־איירעס די אַרגענטינישע רעוואָלוציע. עס איז קאָנסטיטוירט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג פון די רעוואָלוציאָנערע פיגורן: קאָרנעליאָ סאַאַוועדראַ (קאָמענדאַנט פון דער מיליץ — באַשטימט פאַר פרעזידענט), כואַן כאָסע קאַסטעלי, מאַנועל בעלגראַנאָ, מיגעל דע אַסקוענאַגאַ, מאַנועל אַלבערטי, דאָמינגאָ מאַטעו, כואַן לאַרעאַ, כואַן כאָסע פּאַסאָ און מאַריאַנאָ מאָרענאָ.

קאָנסטיטוירט די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג („כונטאַ גובערנאַטיוואַ"), פון וועלכער מאָרענאָ איז אויסגעקליבן פאַר איר סעקרעטאַר, איז עס ערשט געווען דער מאָמענט פון קאָנצענטרירן זיך אונטער די טענער פון טריומף, וואָס האָבן גערופן צום קאַמף פאַר דער איינפירונג פון דער רעוואָלוציע אין לעבן, בעת אין דער רעוואָלוציע האָט זיך נאָר געהאַט באַטייליקט בוענאָס־איירעס און איר אַרום און אויב קיין קאָלאָניאַלע רעגירונג איז מער נישט געווען, האָט אָבער די שפּאַנישע מעטראָפּאָליע נישט געהאַלטן, אַז אַרגענטינע, אָדער דער ווירײנאַט פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ איז מער נישט איר קאָלאָניע און האָט מאָביליזירט אירע באַוואָפנטע קרעפטן צו מאַכן אַ סוף פון דער רעוואָלוציע אײדער זי ווערט איינגעפירט אין לעבן.

און מאַריאַנאַ מאַרענאַ — אַ מיטגליד און דער סעקרעטאַר פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אין געפּאַר און די נשמה פון דער רעוואָלוציע און איר גייסטיקער פירער, איר טעאָרעטיקער און איר פּראַקטיקער; איר אינספּירירער און איר אָריענטירער — טוט זיך נישט קיין וואַקל און מיט זיין גאַנצן וויסן און געוויסן גייט ער פאָרויס מיט דער קאָנסטרוקטיווער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, אין וועלכער עס גייט אויך אַריין דערציִונג פון די מענטשן און די פאָלקסמאַסן; אַלגעמיינע דערציִונג און קולטור און ספּעציעלע און דרינגענדע, טאַקע אין שייכות מיט דער רעוואָלוציע אין גייסט פון מענטשנרעכט, איינצופירן זי אין לעבן.

עס שרייבט דער היסטאָרישער לאָפּעס, אַז מאַריאַנאָ מאָרענאָ, וועלכער איז אַ „מוסטער־מענטש“, איז געבוירן געוואָרן מיט אַזאַ פאַנטאַזיע, אין וועלכער ער זעט נאָר מוראדיקע זאַכן אַרום זיך“; אַט זעט ער ווי „קופּעס צעיושעטע שונאים וואַרפן זיך אויף אים“... און אַט זעט ער ווי מען „פאַר־שליסט אים אין תפיסה, כדי אים צו שלעפּן צו דער תליה...“ ער האָט געהאַט אַ „נערוועזע נאַטור און איז געווען פאַנטאַסטיש ענטוזיאַסטיש, דאָס איז אים נישט אַוועק פון די אויגן, אויב נישט אין פייער פון דער אַקציע“.

האַלוצינאַציעס? שטימונגען פון טעראָר? אָבער זיי לאָזן זיך פאַרשטעלן און זען אין רעוואָלוציאָנערע מאָמענטן פון מענטשן, וועלכע זענען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין געפאַר; מענטשן ווי מאָרענאָ, וועלכער האָט „געשוועבט אין די וואָלקנס פון טויזנט אומבאַשטימטע אומרוען“.

און מיט דעם דערקלערט זיך מאָרענאָס „שטוינענדיקע אַראָפּלאָזן זיך פון די פאַנטאַסטישע הויכן צו דאָס פּראַקטישע און דאָס אומבאַדינגטע אין יעדן מאָמענט און ער האָט דאָס געמאַכט אַזוי קלאָר און אַזוי אָפּאָרטוניס־טיש, אַז עס האָבן אים מקנא געווען די רוִקסטע שטאַטס־מענטשן“.

מאַריאַנאָ מאָרענאָ, וועלכער איז געשטאָרבן מיט זיבן יאָר פריִער פאַר קאַרל מאַרקס געבוירן ווערן, איז דאָך שוין געווען דער מאַרקסיסט פון דער מאַי־רעוואָלוציע און דעריבער — נישט געקוקט אויף דעם סאָציאַליזם־אוטאָפּיזם פון וואָס מאָרענאָ האָט געקענט זיין באַאיינפלוסט אין יענעם היסטאָרישן מאָמענט אין דער וועלט און כאָטש ער איז לויט לאָפּעסן גע־ווען אַ צעפלאַמטער פאַנטאַזיאָר, איז ער נישט אַראָפּ פון גלייכן רעאַלן און פּראַקטישן וועג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק צו פאַרטיידיקן אַ מין לאָקאַלן „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם“, ווי דאָס זענען

געווען די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די לאַנדוווירטן (געניייער — פּי־אייגנטימער), וואָס זענען אין יענעם מאָמענט געווען די אָנגעצויגענע אינ־טערעסן פון לאַנד און עס זענען געווען מאָרענאָס ווייטערע „דיאַלעקטיש״־באַטראַכטע פּראַקטישע שריט מיט ניכטערע אויגן אויף דעם וואָס עס איז, ווי אויף דעם וואָס עס קען זיין, זעענדיק קלאָר ווהין דער וועג פירט — צו רעאַליזירן די אידעען פון דער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס האָט געמיינט אייגנטלעך — רעאַליזירן די מאַי־רעוואָלוציע.

מיט „זיין קאָפּ וואָס האָט אַרומגענומען און געלייזט אַלע פּראָבלעמען פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג — שרייבט לאָפּעס — און מיט זיין ענערגיע וואָס האָט באַזייטיקט פון וועג אַלע שטערונגען״ האָט מאָרענאָ נישט הערשנדיק באַהערשט דעם גאַנצן רעגירונגס באַשטאַנד.

אָבער ווי אַזוי דאָס זאָל נישט אויסזען איז די ברכה פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ קללה. מאָרענאָס ווירקונג אויף דער רעגירונג, מיטן קאָראַנעל סאַאַוועדראַ אַלס פּרעזידענט, איז נישט אָנגעשטאַנען און קעגן דער רעאַ־לער און אידעאַלער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק, אַ פּראָגרעסיווע און אַ ווייטגייענדיקע פון מאָרענאָן, האָט זיך אָנגעהויבן פון סאַאַוועדראַן אַ פּאָלי־טיק, וואָס האָט באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק אַריינגעשטעלט פּלאָ־קנס אין די רעדער פון דער רעוואָלוציע און אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן, איז געווען אָפּצוהאַלטן די רעאַליזירונג פון דער מאַי־רעוואָלוציע און עס האָט אַפילו אויסגעזען, אַז מען וויל נישט מער ווי סאַאַוועדראַ זאָל זיין דער קאָנטינואַטאָר פון די ווירייען ביי דער פאַרזעצונג פונעם ווירייגאַט ווי די רעגירונג פון שפּאַנישן קאָלאָניאַלן אַרגענטינע...

דער גלייכער וועג פון מאָרענאָ האָט פּשוט און קלאָר געפירט פאַר אַלעם צום „נאַציאָנאַלן קאָנגרעס״ אָדער קאָנסטיטוּירנדע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געזאָלט פאַרקומען אין זעלבן יאָר 1810, וועמענס אָרגאַניזאַציע איבערן לאַנד עס האָט זיך שוין געזאָלט אָנהייבן און וועמענס צוועק עס איז געווען צו שאַפן אַ קאָנסטיטוציע פאַרן באַפרייטן לאַנד אַרגענטינע; אַ פרייע, אַ דעמאָקראַטישע און אַ מענטשן־רעכטלעכע קאָנסטיטוציע.

קעגן דעם פּלאַן פון מאָרענאָ צו אָרגאַניזירן די רעפּובליק האָט זיך דאָס געשאַפן אַ סאַאַוועדרישע מערהייט צו פאַרשטאַרקן די פאַראַנענע „כונ־טאַ גובערנאַטיוואַ״ מיט פאַרטרעטער פון אינערן פון לאַנד און מער נישט.

מאָרענאָ האָט פאַרטיידיקט עפנטלעך די זאַך פון דער רעוואָלוציע. ער האָט דאַן געשריבן: „ס׳איז דאָ ווער עס מיינט, אַז די רעוואָלוציע איז גע־

מאַכט געוואָרן צוליב דעם, אַז די קינדער פון לאַנד זאָלן האָבן הויכע פּאָסטנס פון וואָס זיי זענען פריִער געווען אויסגעשלאָסן; פּונקט אַזוי ווי דאָס לאַנד וואָלט געווען ווייניקער אויף צרות ווען אירע קינדער זאָלן דאָס זיין די שלעכטע רעגירער..." און מאָרענאָ, וועלכער איז אַליין נאָך אַ מיט־גליד אין דער רעגירונג און איר סעקרעטאַר, שרייבט ווייטער, אַז "דאָס פּאָלק דאַרף זיך נישט באַנוגענען מיט דעם וואָס זיינע פירער און רעגירער טאָן גוט; דאָס פּאָלק דאַרף זען, אַז זיי זאָלן קיינמאָל נישט קאָנען טאָן שלעכטס". "אַז דאָס גוטס פון זיין רעגירונג זאָל נישט אַרויסקומען פון די מענטשן, נאָר פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס אָבליגירט צו זיין גוט און לאָזט נישט אומבאַשטראָפט רעגירן שלעכט".

און עס שרייבט דער היסטאָריקער וויסענטע פ. לאָפּעס, אַז "מאָרענאָ איז שוין נישט דער נישט נאָכגעביקער טריבון, דער נישט איינגעהאַלטע־נער צעלייגער — צו וואָס מען האָט געוואָלט רעדוצירן זיין היסטאָרישן כאַראַקטער אין דער אַרגענטינער רעוואָלוציע. ניין; ער איז אַ סך מער ווי דאָס: ער איז דער גרויסער שטאַטסמאַן. ער איז אַ מענטש אַ פּאָרויסזעער און אָן אַ גלייכן צו אים אין לאַנד אַרגענטינע. פאַרענדיקט מיט דער שווי־דערלעכער באַדערפעניש פון דער אינסורעקציע, קומט ער אַרויס מיט די ליכטער פון זיין גרויסן טאַלאַנט צו באַלייכטן די באַדערפעניש צו פאַר־וואָנדלען די רעוואָלוציע אין אַ פרייען און גלייכוויכטיקן אָרגאַניזם".

אָבער אַלע פון דער רעגירונג, מיטן אויסנאַם פון מאָרענאָ און פּאַסאָ, האָבן געשטימט קעגן רופן אַ קאָנסטיטויִרנדן קאָנגרעס. דאָס האָט מאָרענאָ דערקלערט פאַר שעדלעך און נישט לאָיאַל, נישט לעגאַל — אין גייסט פון רעוואָלוציע, וואָס פאָדערט רעאַליזירט צו ווערן, קאָנסטיטוציאָנעל דעפי־נירט צו ווערן און זאָרגן וואָס פאַראַ רעגירונג עס זאָל זיין, וואָס זי דאַרף און וואָס זי דאַרף נישט טאָן, זיין בלייבן אין דער רעגירונג האָט ער געזען פאַר צוועקלאָז און ער האָט פון איר דעמיטירט.

מאָרענאָ איז געשיקט געוואָרן ווי אַ פולבאַמעכטיקטער פון דער רעוואָ־לוציאָנערער אַרגענטינע קיין ענגלאַנד, צו דער ענגלישער רעגירונג וועגן אָנערקענונג און באַציִונג. ער איז געשטאָרבן אויפן וועג. די כוואַליעס פון אַטלאַנטישן אָקעאַן האָבן אים, ווי די פלאַמען פון אַ קרעמאַטאָריום, אַרומ־גענומען און זיך מיט אים אַוועקגעטראָגן. דאָס איז געשען אין 1811, אין מאָרענאָס 33סטן לעבנסיאָר.

# מאַנועל בעלגראַנאָ

מאַנועל בעלגראַנאָ, — איינער פון די אַרגענטינער היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן — איז געבוירן געוואָרן אין בוענאָס־איירעס, אין יאָר 1770, פערציק יאָר פאַר דער מאַי־רעוואָלוציע, אין וועלכער בעלגראַנאָ איז „באַשערט" געווען צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע.

די מאַי־רעוואָלוציע, וואָס מיינט אַזאַ ענדערונג פון דער סאָציאַלער אָרדענונג אין די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ צום סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָט נאָר געקענט מעגלעך זיין מיטן אָפּשאַפן דעם שפּאַנישן קאָלאָניאַליזם און מיטן שאַפן אַ פרייע אומאָפּהענגיקע רעפּובליק.

אָפּשאַפן דעם שטאַרקסטן און דעם דעספּאָטישסטן קאָלאָניאַליזם פון מיטלאַלטער אין סוף פון דריי הונדערטסטן יאָרטאָג פון זיין עקזיסטענץ.

מאַנועל בעלגראַנאָ האָט געהערט צו דעם דור דאָ אין אַרגענטינע, וועלכער איז געבוירן געוואָרן מיט דער רעוואָלוציאָנערער מיסיע אָפּצושאַפן די פאַרשקלאָפטע סאָציאַלע אָרדענונג און שאַפן אַן אַנדערע סאָציאַלע אָרדענונג — מיט פרייהייט, מיט דעמאָקראַטישקייט, מיט מענטשן־רעכט.

דאָס איז געווען דער לעצטער דור, אָדער די לעצטע דורות פון די דאָ־געבוירענע פון עלטערן און אורעלטערן איינגעוואַנדערטע שפּאַניער, זיי האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן הערשנדן רעזשים פון געציילטע פּריווילעגירטע און פון אַלגעמיינער רעכטלאָזיקייט און די יוגנט פון די אַזוי־גערופענע „קריאָזשע" דורות, נישט אויסשליסנדיק די רעוואָלוציאָנערע עלטערע איז אינטויִטיוו געוואָרן רעוואָלוציאָנער און אין אַוואַנגאַרד פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן די מאָרענאָס און די בעלגראַנאָס.

דאָס איז געווען אין די יאָרן פון דער ענגלישער אינוואַזיע אין בוענאָס

איירעס. מאַנועל בעלגראַנאָ, בטבע אַ פּאַציפיסט אין רייפן עלטער פון פּאַר די פערציק, אַ דאָקטער יוריסט — האָט אָרגאַניזירט אַ מיליץ, אַן אַרמיי פון די פּאַטריציער, מיט דער ספּעציעלער אויפגאַבע צו קעמפן קעגן די מיליטערישע אינוואַזיעס. אַ קאַמף פאַר וועלכן עס איז געוווּנען געוואָרן די פאָלקסטימלעכע מיטהילף פון דער ציווילער באַפעלקערונג.

די קאָלאָניאַלע רעגירונג האָט דערלויבט אַזאַ באַוואָפנטע כמעט מי־ליטערישע אָרגאַניזאַציע צוליב איר אויפגאַבע צו באַקעמפן די אינוואַזיעס. און אין אָנבליק פון דער ענגלישער איוואַזיע, וואָס די שפּאַנישע אַרמיי האָט נישט באַוויזן אויסצומיידן, האָט די רעגירונג, וואָס איז אַנטלאָפן פון בוע־נאָס־איירעס, גערן געזען דאָס שאַפן זיך פון אַזאַ וואָלונטאַרישע אַרמיי.

און אין דער געשיכטלעכער ווירקלעכקייט איז די ענגלישע אינוואַזיע, אין די יאָרן 1806 און 1807, באַקעמפט געוואָרן, די ענגלישע באַוואָפנטע קרעפטן זענען צוריק אַוועק און בוענאָס איירעס איז רעקאָנקיסטירט גע־וואָרן פון דער אַרויסגערופענער פאָלקס־באַוועגונג אין קאָאָפּעראַציע מיט דער אָרגאַניזירטער מיליץ, אָדער די אַרמיי פון די פּאַטריציער, וואָס זענען דאָ נישט געווען די אַריסטאָקראַטן, די פּריווילעגירטע (אָבער אויך נישט קיין פּלעבעיער, די פּאַרשקלאַפטע), פּונקט ווי עס איז דאָ נישט געווען קיין בורזשואַזיע אין אייראָפּעיִשן זין, ווייל דאָ איז דער דאָרף אַריין אין שטאָט און די שטאָט איז אויך געווען אין דאָרף, אַזוי אַז דער ערד־באַזיצער האָט אויך געהאַט צו טאָן מיט אינדוסטריע און האַנדל, ווי דער סוחר און בכלל דער שטאָטישער איינוווינער האָט אויך געהאַט צו טאָן מיט פעלד, פי און אַגריקולטור.

און די מיליץ, וואָס איז אָרגאַניזירט און געפירט געוואָרן פון דעם נישט־מיליטאַר מאַנועל בעלגראַנאָ (און אויך פון אַנדערע), וועלכע האָט אויף גיך געשעפּט זיין גאַנצן מיליטערישן וויסן פון האַנטביכלעך, איז גע־שאַפן געוואָרן נישט נאָר קעגן די אינוואַזיעס, אפשר ווייניקער קעגן די אינוואַזיעס, ווי קעגן דער קאָלאָניאַלער מאַכט, קעגן וועלכער עס האָט שוין עקזיסטירט אַן אונטערערדישע באַוועגונג מיט מאַנועל בעלגראַנאָ צווישן אירע געציילטע פירער.

די אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערן האָבן אַוודאי פאָרויסגעזען אַז די קאָלאָניאַלע מאַכט וועט אין גוטנמוט אַליין נישט אָפּטרעטן און ס׳קאָנען נויטיק זיין באַוואָפנטע קרעפטן אויף דער זייט פון דער רעוואָלוציע.

עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז נאַפּאָלעאָן האָט אינוואַדירט סאַמע

שפּאַניע און דער קעניג פערנאַנדאָ דער זיבעטער איז געוואָרן איינגעזעצט, האָט עס דאָ געווירקט לטובת דער אַרגענטינער רעוואָלוציע, וועלכע איז דעם 25סטן מאַי 1810 אַדורכגעפירט געוואָרן אָן אַ בלוט־פאַרגיסונג.

אָבער די אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע האָט קיין טעות נישט געהאַט: באַלד ווי שפּאַניע איז געקומען צו זיך, האָט זי געזען מיט אַלע אירע באַוואָפנטע קרעפטן צו רעקאָנקיסטירן די קאָלאָניע אין די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

מאַנועל בעלגראַנאָ, אַ מיטגליד אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און איר קריגס־מיניסטער, ווערט ער פון איר אַרויסגעשיקט מיט דער מיסיע צו געווינען די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ פאַר דער רעוואָלוציע.

די פּראָווינצן, אין היסטאָרישן מאָמענט פון דער מאַי־רעוואָלוציע, האָט געמיינט אַלע געגנטן פון לאַנד, איינשליסלעך דאָס היינטיקע אורוגווײַ, פּאַראַגווײַ, באָליוויאַ (וואָס האָט געהייסן אַלטאָ פּערו) און מיט טשילע אויף דער אַנדערער זייט פון די אַנדן, וועלכע קיינער האָט נאָך נישט געהאַט געקרייצט, איז מען אויך נישט געווען זיכער.

בוענאָס־אײַרעס אַליין האָט דורכגעפירט די רעוואָלוציע, וועלכע איז געווען גוט אינספּירירט, אָבער נאָך גאָר נישט דעפינירט. אַלע אַנדערע פּראָווינצן פון אַלע פיר זייטן זענען נאָך נישט געווען אָנגעשלאָסן, האָבן זיך נאָך נישט געהאַט דעצידירט, האָבן זיך נאָך נישט געהאַט דערקלערט און ביי יענע קאָמוניקאַציעס און פּרעסע־וועזן האָבן די ווייטערע געגנטן נאָך נישט געקענט האָבן קיין גענויע אינפאָרמאַציע פון דער היסטאָרישער געשעעניש.

די רעוואָלוציאָנערע מיסיע פון מאַנועל בעלגראַנאָ איז געווען פון גרעסטן פאַרנעם אין יענעם היסטאָרישן מאָמענט. עס איז געווען די רעוואָלוציע אַליין, וועלכע האָט ערשט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אין דעם אומענדלעכן לאַנד פון לענדער.

אָבער דאָס לאַנד איז נאָך באַהערשט געווען פון שפּאַניע, וואָס האָט געהאַלטן די מאַי־רעוואָלוציע פאַר אַ דאָפּלטן פאַרברעכן און קעגן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד און פאַרויסגעזעענעם קאַמף איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי אויף דער באַזע און מיט די עלעמענטן פון דער מיליץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אָנבליק פון די ענגלישע אינוואַזיעס און פון די „פּאַטריציער" און מאַנועל בעלגראַנאָ אַליין, דער קריגס־מיניסטער און איינער פון די אָרגאַניזירער און פירער פון דער דאָ־

זיקער אַרמיי איז אַריין מיט זיין רעוואָלוציאָנערער מיסיע אין אינערן פון דעם גרויסן, וויסטן און ווילדן לאַנד, גייענדיק בראש פון די באַוואָפנטע קרעפטן, וואָס זענען געווען די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, וועלכע האָט זיך געהאַלטן אין שאַפן.

אַזוי אַז ווען בעלגראַנאָ איז אין יאָר פון דער רעוואָלוציע, אין אָקטאָבער 1810 אַרויס פון בוענאָס־איירעס מיט זיין עקספעדיציע. אָדער מיסיע, קיין פּאַראַגוויי, איז דער באַשטאַנד פון זיין אַרמיי געווען פון צוויי הונדערט מענטשן. אין סאַן ניקאָלאַס, אויפן וועג קיין פּאַראַגוויי, האָט זיך זיין אַרמיי פאַרשטאַרקט מיט נאָך 360 מענטשן און ביז ער איז געקומען קיין פּאַראַגוויי איז זיין אַרמיי באַשטאַנען פון 900 מענטשן.

ווען מאַנועל בעלגראַנאָ וואָלט געווען אַ מיליטאַריסט, אַ מיליטערישער קאָמאַנדיר, אַ קריגער, אַ מלחמה־פירער, וואָלט ער אוודאי עפּעס אַנדערש באַשלאָסן און נישט קיין קאַמף, אין אָנבליק פון דער אַרמיי אין פּאַראַגוויי אַליין, וואָס איז געווען צען מאָל גרעסער פון זיינער, וואָס איז חוץ דעם אַלס אַרמיי, מיליטעריש, אויך בעסער פון זיינער און דער קאַמף דאַרף געפירט ווערן ביי יענעם אין לאַנד.

אָבער דער סאָציאַליסטיש אינספּירירטער מאַנועל בעלגראַנאָ, וועלכער האָט פון מיליטאַריזם נאָר געטראָגן זיינע קליידער מיט די שליפעס פון אַ גענעראַל און זייענדיק בטבע אַ פרידלעכער, וואָס קאָן נישט פאַרטראָגן קיין מענטשן־מאָרד, דאָס איז די בלוטיקע ווירקלעכקייט פון יעדער מלחמה — האָט דעם קאַמף באַשלאָסן און אים אָנגעהויבן. ווייל בעלגראַנאָס צוגאַנג צו אַלעם איז געווען אַ הומאַנישער און נישט קיין מיליטערישער.

דער גובערנאַטאָר אין פּאַראַגוויי איז געווען דער שפּאַנישער קאָראָנעל בערנאַרדאָ וועלאַסקאָ, טאָקע אַ מיליטאָר מיט פאַך־קענטעניש און מיט דערפאַרונג און מיט מלחמה־פּראַקטיק, אָבער בעלגראַנאָ האָט וועלאַסקאָן געקאָנט פאַר אַ געלאַסענעם, אַ גוטמוטיקן, אַ באַטראַכטן — ער האָט וועלאַסקאָן געזען דורך זיך און ער האָט גערעכנט אים צו געווינען פאַר דער רעוואָלוציע באַלד ווי ער וועט וויסן פון איר און ער וועט אויך וויסן, אַז דער שפּאַנישער קעניג איז אַרעסטירט פון דער פראַנצויזישער אָקופּאַציע אין שפּאַניע. און חוץ דעם: בעלגראַנאָ גייט דען ביי וועמען, חלילה, עפּעס צונעמען? ער גייט דאָך גאָר מיט דער גוטער בשורה פון דער מאַי־רעוואָלוציע און מיט דעם זיגער־רוף צו באַפרייען זיך!

אָבער וועלאַסקאָ האָט געהאַט אַן אַנדערן צוגאַנג, אַ מיליטערישן און

אין דעם זין האָט ער געמאַכט, אַז בעלגראַנאָ זאָל נעמען די אָפּענסיווע מיט זיין נישט מיליטערישער און רעדוצירטער אַרמיי, מיט וועלכער ער איז געשטאַנען אויף דער זייט פונעם טייך פּאַראַנאַ, אין פּאָסאַדאַס, מיסיאָנעס און אַז בעלגראַנאָ מיט זיין ביסל באַוואָפנטע קרעפטן זאָל קרייצן דעם פּאַראַנאַ, אַ קילאָמעטער ברייט און זייער שטראָמיש אויף דעם אָרט און ער זאָל אומגעשטערט אַריין אין פּאַראַגוויי און גיין אויף אירע טראָפּי־קאַלישע, זומפּיקע און וואַלדיקע ווילדע וועגן.

בעלגראַנאָ איז געגאַנגען און באַזיגנדיק איניקע באַהאַלטענע פּאָזי־ציעס פון וועלאַסקאָן, האָט זיך אויסגעוויזן אַז די אונטערנעמונג איז אַ טרי־אומפּאַלע, אַזוי האָט געשריבן די „גאַזעטאַ“ אין בוענאָס־איירעס, דעמאָלט, סוף 1810 און אָנהייב 1811, אָבער — ווען בעלגראַנאָ איז שוין געווען אַריבער דעם קאַאַניאַפּע־טייך אין פּאַראַגוויי און האָט זיך געפינען נאָענט צו אַסונסיאָן איז געבליבן פון זיין אַרמיי 400 אויסגעמאַטערטע מענטשן און אין טרויער נאָך די אומגעקומענע אַרגענטינער מענטשן און די פּאַראַג־ווייער, האָט בעלגראַנאָ זיך דעצידירט אומצוקערן מיט זיינע לעבנגעבלי־בענע, און כדי אויסצומיידן ווייטערע בלוט־פּאַרגיסונגען, מחמת וועלאַס־קאָס אַרמיי פון צען קעגן איינעם פון בעלגראַנאָס „אַרמיי“, האָט זיך פּאַר־גומען צו פּאַרפּאָלגן בעלגראַנאָן אויף זיין אַוואַנס, אָדער צוריקצוג.

און בעלגראַנאָ האָט דאַן געשיקט אַ שליח מיט אַ שלום־דעקלאַראַציע צו קאַוואַניאַס, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ דיוויזיע פון 5.000 מאַן פון דער פּאַראַגווייער אַרמיי. בעלגראַנאָס דעקלאַראַציע האָט געזאָגט מיט פריד־לעכע און ברידערלעכע רייד, אַז „די אַרגענטינער זענען ניט געקומען צו קאָנקיסטירן פּאַראַגוויי, זיי האָבן געמיינט, אַז אַזוי ווי שפּאַניע איז קאָנ־קיסטירט פון די פראַנצויזן, וועט פּאַראַגוויי אַזוי ווי בוענאָס־איירעס און נאָך אַנדערע פּראָווינצן אין אַמעריקע אויך וועלן פּאָרמירן איר אייגענע רעגירונג און אויסקלייבן אירע מענטשן פּאַר אַ קאָאָרדיניר־אַקציע צו שאַפן אַ געמיינזאַמע רעגירונג פונעם ווירייגאַט. אין פּאַל פון אַ באַוואָפנטן זיג וואָלט דאָס נישט געווען קעגן זייערע פּאַראַגווייער ברידער, נאָר קעגן די שפּאַנישע הערשער וואָס אונטערדריקן זיי און רויבן ביי זיי צו זייער הייליקע רעכט צו קלייבן זייערע אייגענע אויטאָריטעטן. עס איז דאָך גרויס דער צער צו זען אַרום זיך אַזוי פיל מתים פון צעשמעטערטע ברידער — אַמעריקאַנער. איז וואָס זאָל מען ווייטער טאָן? זיי פּאַרטיידיקן מיט נייע קרבנות, אָן אַ באַרעכטיקטן צוועק? דאָס איינציקע וואָס מען וויל איז צו־

ריקציִען זיך און לאָזן אַז פּאַראַגוויי זאָל פריי באַשטימען וואָס זי וויל. דאָס אײנציקע וואָס מען וויל איז שלום און צוריקקומען אויף דער אַנדערער זייט פּאַראַנאַ. אַנדערש מיינט עפּענען זיך אַ וועג פון בלוט און פייער. מען קאָן אפשר באַזיגט ווערן, אָבער ווי טייער וואָלט אַזאַ זיג געקאָסט די פּאַראַגווייער ברידער און וואָס וואָלטן זיי געווונען?״.

און בעלגראַנאָ האָט געזיגט. פון אַ מיליטערישן און אימפּעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט געקוקט איז עס אוודאי נישט קיין זיג, נאָר אַ דורכפאַל, אַ מפּלה, אָבער בעלגראַנאָ האָט נישט געהאַט קיין מיליטערישן צוועק, נאָר אַ רעוואָלוציאָנערן און פאַר דער זאַך פון דער מאַי־רעוואָלוציע איז עס געווען דער זיג.

באַפרייען זיך פונעם קאָלאָניאַליזם, אומאָפּהענגיקייט אויפן גרונט פון פרייהייט און דעמאָקראַטישקייט — איז די זאַך פון דער מאַי־רעוואָלוציע.

די מאַי־רעוואָלוציע איז געשטאַנען אין געפאַר פון דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער באַוואָפנטער רעאַקציע און כאָטש פּאַראַגוויי האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג פון בוענאָס־איירעס, האָט זי זיך אָבער אויך באַפרייט פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער הערשאַפט, נאָכדעם ווי קאָוואַניאַס האָט אָנגענומען בעלגראַנאָס דעקלאַראַציע.

עס איז געווען ווי אַ פאָרויסשריט צו דער סאַן מאַרטינישער באַ־פרייונגס־אַקציע אין צען יאָר אַרום, מיט אַ היסטאָרישן פאַרנעם.

---

די רעוואָלוציאָנערע מיסיע האָט בעלגראַנאָ אויך געטראָגן קיין מיסיאָ־נעס, — דאָס לאַנד וואָס איז אין דער קאָלאָניאַלער צייט באַהערשט געווען פון די יעזויִטן און עס איז געווען דער גורל, אַז אין דעם ווייטן מיט גוואַ־ראַניער אינדיאַנער באַוווינטן מיסיאָנעס, זאָל די מאַי־רעוואָלוציע פריִער ווי אין נעבנטערע פּראָווינצן געפינען אַ גוטן אָפּקלאַנג און עס זאָלן אין איר מיט באַטאָנונג געהערט ווערן די סאָציאַלע פּרינציפּן פון דער מאַי־רעוואָ־לוציע.

אַזוי האָט דערקלערט מאַנועל בעלגראַנאָ אויף דער אינדזל אַפּיפּע:
— איך קום, ווי אַ שליח פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, מיט דער שליחות צוריקצוגעבן אייך אייערע רעכטן פון פרייהייט, פון זיכערקייט און פון אייגנטום, פון וואָס איר זענט באַרויבט געווען במשך פון דורות און איר זענט געווען די שקלאַפן ביי יענע, וועלכע האָבן נאָר געזוכט רייך צו ווערן פון אייער שווייס און פון אייער בלוט״.

און אין טאַקואַרי איז בעלגראַנאָ געקומען מיט אַ דעקלאַראַציע פון דרייסיק געבאָט, וואָס זענען געווען ווי דער סאָציאַלער, פּאָליטישער און קאָמונאַלער אַוואַנס פון די היסטאָרישע געזעצן פון דער קאָנסטיטויִרנדער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג פון 1813 און פון דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע פון 1853.

עס זאָגן בעלגראַנאָס געבאָטן:

— אַלע איינגעבוירענע ('נאַטוראַלע אינדיאַנער) פון מיסיאָנעס ווערן דערקלערט פאַר פרייע מענטשן, זיי זאָלן געניסן פון זייערע רעכטן, פון זייער פרייהייט און פון זייער פאַרמעגן, ווי דאָס וועט זיי בעסער געפעלן און באַקוועם זיין און אַזוי ווייט ביז דאָס וועט נישט באַרירן די זעלביקע רעכטן פון זייערס גלייכן;

— עס ווערט דערקלערט פרייער האַנדל מיט אַלע פּראָדוקטן און מיט אַלע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ;

— עס ווערט דערקלערט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע איינוווינער און זיי ווערן האַביליטירט צו פאַרנעמען ציווילע, מיליטערישע, פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע פּאָסטנס.

— די נאַטוראַלן ווערט צעטיילט ערד פאַר אַרבעטס-פעלדער און פאַר וווינונגען. נאָך דעם צעטיילן ווערט פאַרקויפט ערד צו די שפּאַניער. דאָס געלט גייט אַריין אין פאָנדן פאַר ווילטעטיקע צוועקן, אַזוי אויך דאָס געלט פאַר פאַרדינגענע סעדער און גערטנער אַרום די שטעטלעך צו בויען לויט אַ באַשטימטן פּלאַן.

— די עקזיסטירנדע דרייסיק גוואַראַניער שטעטלעך ווערן באַפרייט אויף שטענדיק פון ספּעציעלן שטייער און אויף צען יאָר פון געוויינלעכן שטייער.

— די באַפעלקערונג ווערט פאַרזאָרגט מיט אַרבעטס-מיטלען, פּראָדוקציע-מיטלען און לעבנסמיטלען ביז דער ערשטער פּראָדוקציע.

אַזוי ווערן איינגעשטעלט פּראָוויזאָריש די סאָציאַלע, פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע, קולטורעלע און בכלל הומאַנישע לעבנס-באַדינגונגען דורך בעלגראַנאָס דרייסיק געבאָט אין מיסיאָנעס, וווּ די איינגעבוירענע — די אינדיאַנער, וואָס זענען געווען די גרויסע מערהייט פון דער באַפעלקערונג, זענען פייגלעך עקספּלואַטירט געוואָרן, געלעבט אין נויט און אין רעכטלאָזיקייט.

דורך די געבאָטן ווערן אויך איינגעשטעלט אַרבעט און לוינבאַדינגונ-

גען און עס ווערט פאַרווערט די באַלעבאַטים אַליין צו באַשטראָפן די אַרבעטער.

אַזוי איז צו הערן פון בעלגראַנאָס דערקלערונג אין טאַקואַרי, אַז „פאַר אויפהייבן אַ שטעקן קעגן אַן אַרבעטער, וועט דער באַלעבאָס באַזייטיקט ווערן פון זיינע גיטער און פאַר שמייסן אַרבעטער, וועלן די באַלעבאַטים באַשטראָפט ווערן מיט דער העכסטער שטראָף״.

---

מאַנועל בעלגראַנאָ האָט אין מיליטערישע קליידער און אַלס גענעראַל פון דער נייער זיך שאַפנדיקער אַרגענטינער אַרמיי, ווייטער געטראָגן די מאַי־רעוואָלוציאָנערע מיסיע איבערן לאַנד, צווישן באַנדאַ אָריענטאַל, ווי עס האָט געהייסן אורוגוויי און אַלטאָ פּערו, ווי עס האָט געהייסן באָליוויע, מיט פּאָזיציעס, לאַגערן און שלאַכטן אויף די ברעגן פונעם פּאַראַנאַ, אין סאַנטאַ־פע, אין טוקומאַן און אין סאַלטאַ. מיט מיליטערישע זיגן און מפּלות; מער מפּלות ווי זיגן, אָבער אומעטום און שטענדיק האָט ער געפירט מלחמה פאַר שלום, ווי דאָס איז געווען אַ פּרינציפּ און אַ ציל פון דער מאַי־רעוואָלוציע, דאָס האָט אויך געלעבט אין כאַראַקטער און אין דער נאַטור פון מאַנועל בעלגראַנאָ.

פרידן און פרייהייט איז אויך דער סימבאָל פון דער אַרגענטינישער נאַציאָנאַלער פאָן, וואָס בעלגראַנאָ האָט געשאַפן מיט די אויגן אין העלבלויען און ווייסן הימל.

און בעת בעלגראַנאָ האָט געפירט די מלחמה פאַר שלום, האָט זיך פאַרזאַמלט אין בוענאָס איירעס, אין יאָר 1813, די ערשטע אַרגענטינישע קאָנסטיטואירנדע און געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אָנגענומען די מענטשן־רעכטלעכע פּרינציפּן, אידעען און אידעאַלן פון דער אַרגענטינישער מאַי־רעוואָלוציע, מיט וועלכע בעלגראַנאָ האָט זיך אידענטיפיצירט און פאַר וואָס ער האָט געקעמפט ביזן סוף פון זיין העראָישן לעבן.

---

די מיליטערישע טעותים און דורכפאַלן פון בעלגראַנאָן האָבן, פאַרשטייט זיך, אים נישט אָנגעטאָן קיין לאָרבער־קראַנץ, נאָר קייטן, ווי דאָס האָט באַדייט זיין ווערן אַרעסטירט און זיין ווערן פּראָצעסירט.

בעלגראַנאָס מאָראַלישע זיגן פאַר דער זאַך פון דער מאַי־רעוואָלוציע

האָט מען נישט אָפּגעשאַצט, דאָס האָט מען געטאָן נאָך זיין טויט; ווייט נאָך זיין טויט; ערשט אין אונדזער צייט, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

סאַן מאַרטין, וועלכער האָט איבערגענומען די מיליטערישע פירער־שאַפט פון בעלגראַנאָ אויפן הויך־פּערואַנישן פראָנט אין 1814, האָט גע־האַלטן אַז בעלגראַנאָ קען דאָס לאַנד און די מענטשן און ער איז די נשמה פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז דער צוועק און די אינספּיראַציע פונעם גאַנצן קאַמף און אַז בעלגראַנאָ דאַרף דעריבער בלייבן אויפן פראָנט און אים זיין אַ וועגווייזער, אַ ראַט־געבער און גיין מיט אים האַנט ביי האַנט.

אָבער בעלגראַנאָ איז צוריקגערופן געוואָרן, פּראָצעסירט געוואָרן און אויב מען האָט אים נישט פאַרמשפּט און מ'האָט אים צוזאַמען מיט בער־נאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ געשיקט אין אייראָפּע מיט דער רעוואָלוציאָנערער מיסיע צו דערגרייכן אָנערקענונג פאַרן נייעם אומאָפּהענגיקן לאַנד אין דער נייער וועלט, איז דאָס אוודאי דער רעוואָלוציע צו פאַרדאַנקען, ווייל מ'האָט נישט געקאָנט אָפּשיידן בעלגראַנאָן פון דער מאַי־רעוואָלוציע, זיי זענען געווען איין נשמהדיקער איינס.

ווען בעלגראַנאָ האָט זיך אומגעקערט פון אייראָפּע, האָט זיך שוין דאָ אין רעוואָלוציאָנערן אַרגענטינע געהאַט צעפלאַקערט אַ בירגערקריג; עס האָט זיך צעפלאַקערט אַזאַ קריג צווישן די „אוניטאַריער" און די „פע־דעראַליסטן", נאָך איידער עס האָט זיך פאַרענדיקט דער קאַמף צווישן די באַוואָפנטע קרעפטן פון אימפּעריאַליסטישן שפּאַניע, דאָס אַזוי־גערופענע „מוטערלאַנד" און דאָס רעוואָלוציאָנערע אַרגענטינע, וואָס האָט זיך פון דערמאָנטן שפּאַניע באַפרייט. און עס האָט זיך צעפלאַקערט דער דערמאָנ־טער בירגער־קריג נאָך איידער עס האָט זיך געשאַפן אַ בירגערשאַפט.

בעלגראַנאָ איז ווידער געשיקט געוואָרן אין קאַמף, אויפן פראָנט, אין טוקומאַן, ווו עס איז אויך שוין אָנגעגאַנגען דער בירגערקריג, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ווילדן טעראָר און מיט מיליטערישע אויפ־שטאַנדן אין די פּראָווינצן, אונטערן איינפלוס פון די פעדעראַליסטן.

אַזאַ אויפשטאַנד איז אויך געווען אין טוקומאַן און מאַנועל בעלגראַנאָ, אַ פיזיש אויסגעשעפּטער, אַ קראַנקער, אַ געשוואָלענער און אין געפאַר פאַ־ראַליזירט צו ווערן, האָט נאָך דערלעבט אַ מיליטערישן איבערפאַל אויף זיך און נאָר זיין אינוואַלידישער צושטאַנד האָט אים געהאָלפן, אַז די מי־ליטאַרן, בראש מיטן קאַפּיטאַן גאָנזאַלעס, וואָס האָט זיך דערקלערט פאַר קאָמענדאַנט, זאָלן אים נישט דערמאָרדן.

בעלגראַנאָ אין גרויס נויט, איז אַרעסטירט געוואָרן און ער איז ערשט באַפרייט געוואָרן פון אַרעסט, ווען בערנאַבע אַראַאָז איז דורך דעם מיליטערישן אויפשטאַנד פּראָקלאַמירט געוואָרן גובערנאַטאָר.

אין אַזאַ צושטאַנד, אין פעברואַר פון 1820, האָט בעלגראַנאָ זיך געבאָרגט אַ פּאָר טויזנט פּעזעס אונטערצונעמען די אַהיימרייזע קיין בוענאָס־רעס, זיין געבורט־שטאָט, ווו ער איז אין ענגן קרייז פון זיין פאַמיליע געשטאָרבן דעם 20סטן יוני 1820, אין עלטער פון פופציק יאָר.

צומאָרגנס האָט אַ צייטונג געבראַכט די ידיעה, אַז —

„נעכטן איז דאָ אין שטאָט געשטאָרבן בעלגראַנאָ".

---

מיט זיבן יאָר צוריק, פאַר בעלגראַנאָס טויט, האָט די ערשטע קאָנסטיטויִרנדע און געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג אָפּגעשאַפט שקלאַפעריי און פּריווילעגיע פון געבורט; זי האָט אָנגענומען מענטשן־רעכט און גלייכהייט צווישן מענטשן; זי האָט אָפּגעשאַפט רעכטלאָזיקייט און אָנגענומען פרייהייט; די היסטאָרישע פאַרזאַמלונג פון 1813, וואָס האָט קאָנקרעטיזירט די רעוואָלוציאָנערע אידעען פון בעלגראַנאָ, האָט אויך אָנגענומען פאַר דער אַרגענטינישער נאַציאָנאַלער פאָן, די פאָן, וואָס בעלגראַנאָ האָט געשאַפן ווי אַ סימבאָל פון פרידן און פרייהייט פון די הימלשע קאָלירן און האָט אָנגענומען פאַרן אַרגענטינישן נאַציאָנאַלן הימן דאָס ליד פון פרייהייט און גערעכטיקייט, וואָס מאַנועל בעלגראַנאָ האָט געטראָגן אויף די נשמהדיקע כוואַליעס פון זיין רעוואָלוציאָנערן לעבן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג בעת די ענגלישע אינוואַזיעס ביז זיין טראַגישן סוף און וואָס דער מיטגליד פון דער היסטאָרישער פאַרזאַמלונג, וויסענטע לאָפּעס, האָט אויסגעזונגען:

הערט איר שטערבלעכע דעם הייליקן רוף:
פרייהייט, פרייהייט, פרייהייט!
הערט דעם רויש פון קייטן צעריסענע
און זעט אויפן טראָן די גלייכהייט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פון אַלע אַמעריקאַנישע לענדער קלינגט אָפּ:
אַ, שטערבלעכע, הערט:
עס האָבן שוין די טויערן אויפגעפּראַלט
די פּאַרייניקטע פּראָווינצן פון דרום
און עס באַגריסן די מענטשן פון דער וועלט
דעם גרויסן אַרגענטינער פאָלק — שלום!

# כאָסע דע סאַן מאַרטין

אַ סך, זייער אַ סך איז געשריבן געוואָרן וועגן דער אַרגענטינער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט כאָסע דע סאַן מאַרטין. איינער פון די אָנגעזעענסטע שרייבער וועגן סאַן מאַרטין, ריקאַרדאָ ראָכאַס, דערמאָנט אין זיין בוך „על סאַנטאָ דע לאַ עספּאַדאַ“, דערשינען אין בוענאָס איירעס אין יאָר 1940 — אַ „ביבליאָגראַפיאַ דע סאַן מאַרטין“, אויפגעזאַמלט פון ד"ר קאַרלאָס סאַלאַס און אַרויסגעגעבן אין פינף בענד; דער אַרגענטינער היסטאָריקער, באַרטאָלאָמע מיטרע האָט שוין מיט הונדערט יאָר צוריק געשריבן אַ ווערק, וואָס איז טיטולירט: „היסטאָריאַ דע סאַן מאַרטין אי דע לאַ עמאַנסיפּאַסיאָן סודאַמעריקאַנאָ“. באַרטאָלאָמע מיטרע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַן „אַרטשיוואָ דע סאַן מאַרטין“ אין צוועלף בענד און וויפל ביכער און אַרטיקלען זיינען געשריבן און פּובליקירט געוואָרן וועגן סאַן מאַרטינען אין משך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר זינט ס'איז דערשינען ריקאַרדאָ ראָכאַס בוך וועגן לעבן פון סאַן מאַרטין?

און מאָנומענטן?

אָנהייבנדיק פונעם סאַן מאַרטין מאָנומענט אויף דער פּלאַסע סאַן מאַרטין אין בוענאָס איירעס, מאַיפּו און סאַנטאַ פע. ווו סאַן מאַרטין האָט אָרגאַניזירט זיין ערשטע אַרגענטינער אַרמיי אין 1812, ווען ער איז געקומען אין בוענאָס איירעס, איז דאַכט זיך נישטאָ קיין שטאָט אין קיין שטעטל אין לאַנד אַרגענטינע, ווו עס זאָל נישט זיין אַ סאַן מאַרטין מאָנומענט און נישטאָ קיין שטאָט און קיין שטעטל אין לאַנד, ווו עס זאָל נישט זיין אַ גאַס און אַ פּלאַסע אויפן נאָמען פון סאַן מאַרטין.

**
*

סאַן מאַרטין גייט געוויינלעך מיטן טיטול גענעראַל, וואָס פאַר זיין

מיליטערישן געניום איז עס אַ באַשיידענער ראַנג; ער איז ווי געבוירן געוואָרן אין שליפעס און מיליטעריש איז ער אויסגעוואַקסן און זיך אויסגעלערנט מלחמות אויף דריי קאָנטינענטן, אויסגלייכנדיק זיך סימבאָליש מיט אַן אַלעקסאַנדער מוקדן, אַ צעזאַר, אַ נאַפּאָלעאָן, אַ באָליוואַר.

דאָן כואַן דע סאַן מאַרטין — דער פּאָטער פון כאָסע דע סאַן מאַרטין, אַ שפּאַניער פון געבורט, אַן איינגעוואַנדערטער אין בוענאָס איירעס אין די קאָלאָניאַלע צייטן פון שפּאַנישן קעניג קאַרלאָס דעם דריטן, מיט מיליטערישע נייגונגען, וואָס האָבן אים דאָ וואָלונטאַריש אַריינגעפירט אין דער שפּאַנישער קייסערלעכער אַרמיי, אין וועלכער ער האָט זיך גיך פאַרדינט בענדלעך און דעם ראַנג פון לייטענאַנט, זייענדיק אין 1769 נאָמינירט הויפּט־געהילף פון גענעראַל־קאַפּיטאַן דאָן פראַנציסקאָ, וועמענס נאָמינאַציע עס איז באַשטעטיקט געוואָרן פונעם קעניג קאַרלאָס דער דריטער.

דער לייטענאַנט דאָן כואַן דע סאַן מאַרטין איז באַשטימט געוואָרן פאַר גובערנאַטאָר אין דעם גוואַראַניעשן אינדיאַנישן ווינקל זשאַפּיזשו ביים טייך אורוגוויי אויף די ברעגן פון דער פּראָווינץ קאָריענטעס, ביי דער טעריטאָריע פון די קאַטוילישע מיסיעס, פון וואַנען עס נעמט זיך איר נאָמען מיסיאָנעס און אין פּראָנט פון בראַזיל.

זשאַפּיזשו איז געווען אַ אינדיאַניש שטעטל געגרינדעט פון די יעזויאיטן אין 1626 מיט דער מיסיע צו... ציוויליזירן די אינדיאַנער. די יעזואיטן האָבן דאָרט איינגעפירט זייערן אַ טעאָקראַטישן קאָמוניזם, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז 1767, ווען די יעזואיטן האָבן געמוזט פאַרלאָזן מיסיאָנעס. דאָרט אין דעם שטעטל זשאַפּיזשו אין אַ הויז וואָס איז געבליבן פון די פאַרטריבענע יעזואיטן האָט דער גובערנאַטאָר סאַן מאַרטין געמאַכט זיין וווינונג. דאָ איז געבוירן געוואָרן כאָסע — דער ייִנגסטער פון זיין פאָטער דאָן כואַן דע סאַן מאַרטינס קינדער.

עס איז געווען אַ יעזואיטישער דער קאָמוניזם, וואָס די פאַרטריבענע יעזואיטן האָבן געהאַט איינגעפירט, אָבער דער רעזשים איז געווען די רעאַליטעט פון אַ חלום וועגן וואָס עס האָבן נאָר געקאָנט חלומען די שקלאַפן פונעם הערשנדן רעזשים אין דער שפּאַניש קאָלאָניאַלער צייט. און אָט דער קאָמוניסטישער רעזשים אויף וויפל ער איז געווען פרייער פונעם שקלאַפן־רעזשים און מענטשלעכער, האָט ער געהאַט אַן איינפלוס אויף דער מענטאַליטעט און סענטימענט פונעם נייעם דור באַלד פון זיינע קינדער יאָרן אָן. באַזונדערס — דערציילט מען — איז דאָס וווּנדערקינד כאָסע געווען

עמפינדלעך צו די שטימונגען פון פרייהייט און גערעכטיקייט, וואָס האָט זיך אַריינגעקראָגן אינעם אונטערבאַוווסטזיין פונעם זשאָפּיזשוער קינד און צוזאַמען מיט אים גרויס אויסגעוואַקסן.

נאָר דריי יאָר האָט דאָס קינד סאַן מאַרטין געלעבט אין זשאַפּיזשו. אין 1781 האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע סאַן מאַרטין איבערגעצויגן אין בוע־נאָס איירעס.

אין יענער צייט האָט אויסגעבראָכן דער פרייהייטס־אויפשטאַנד פון טופּאַק אַמאַרו, פון די פאַרשקלאַפטע אינדיאַנער אין אַ אַנדערע געגענט פון לאַנד. דער אויפשטאַנד איז געוואָרן אונטערדריקט, זיינע אָנפירער האָט מען לעבעדיקערהייט צעפערטלט און זייערע קעפּ האָט מען אויסגעשטעלט אויף די וועגן פון אַלטאָ פּערו. די געשעענישן האָבן געהאַט אַן אָפּקלאַנג. דער־וואַקסענע מענטשן האָבן גערעדט פון דעם, דערציילט און קינדער האָבן זיך צוגעהערט. דאָס וווּנדערקינד כאָסע דע סאַן מאַרטין האָט זיך אויך אָנגענו־מען מיט די העראָישע איינדרוקן פון דער טופּאַק אַמאַרואישער פרייהייטס־באַוועגונג.

די פאַמיליע סאַן מאַרטין האָט געלעבט אין בוענאָס איירעס נאָר פיר יאָר. דאָס קינד כאָסע — דער בעסטער שילער אין זיין שול — האָט זיך גיך און גוט אויסגעלערנט שרייבן און לייענען.

אין 1785 האָט דער שפּאַנישער מיליטאַר דאָן כואַן דע סאַן מאַרטין גענומען זיין ווייב און זייערע פינף קריאָזשע־קינדער און איז צוריקגעפאָרן אין שפּאַניע. די פאַמיליע סאַן מאַרטין איז געבליבן אין שפּאַניע דעפיני־טיוו, מיטן אויסנאַם פון כאָסען, וועלכער איז צוריקגעפאָרן אין זיין גע־בורטס־לאַנד, אַרגענטינע.

אַלע סאַן מאַרטין קינדער זענען אַוועק אויף דער מיליטערישער קאַריערע. כאָסע האָט זיך גאָר אויסגעצייכנט. אַלע זיינע 26 שפּאַנישע יאָרן זענען געווען מיליטערישע — שטענדיק אין מלחמה — מיט פראַנצויזישע אַרמייען, מיט ענגלישע און מיט פּאָרטוגעזישע.

כאָסע דע סאַן מאַרטין איז אַזוי געווען אַריינגעטאָן אין דער שפּאַני־שער אַרמיי אין שפּאַניע ביז 1810, ווען ער דערוויסט זיך פון דער באַפרייע־רישער מאַי־רעוואָלוציע אין אַרגענטינע. ער באַשטימט אַוועקצופאָרן. ער פאָרט אַרויס פון קאַדיז אין סעפּטעמבער 1811. ער ציילט דעמאָלט זיינע דריי און דרייסיק יאָר.

**
*

פון זיינע דריי און דרייסיק יאָר האָט כאָסע דע סאַן מאַרטין אין אַר־גענטינע נאָר געלעבט זיינע זעקס ערשטע קינדער־יאָרן, פון זיי נאָר די ערשטע דריי אין זיין אינדיאַניש געבורט־שטעטל זשאַפּיזשו און די אַנדערע דריי יאָר — אין בוענאָס אײרעס. זיינע ווייטערע קינדער־יאָרן, זיינע יוגנט־לעכע יאָרן, זיינע יוגנט־יאָרן און די יאָרן פון זיין קרעפטיקער און פולער רייפקייט האָט ער געלעבט אין שפּאַניע; אין דעם ריטערלעכן שפּאַניע און אין דעם אינקוויזיטאָרישן; אין דעם דאָן קיכאָטישן שפּאַניע און אין דעם סאַנטשאָ פּאַנסישן; אין דעם מאַנאַסטירישן שפּאַניע און אין דעם שפּאַניע פון אָקסנקאַמף; אין דעם רייצנדן שפּאַניע פון קאַסטיליע און אין דעם פון אַנדאַלוסיע און גראַנאַדע; אין דעם גרויס־אימפּעריאַליסטישן שפּאַניע פון יענער צייט און אין דעם מיליטאַריסטישן שפּאַניע איבער אַלץ, אין וועלכן סאַן מאַרטין האָט אויסגעלעבט זיינע זעקס און צוואַנציק יאָר זיין אין שפּאַ־ניע און שטענדיק אין קאַמף פאַר שפּאַניע; אין מיליטערישן קאַמף, אין מלחמות, אויף די פראָנטן, אין די געפאַרן.

כאָסע דע סאַן מאַרטין האָט גלענצנדיק דורכגעמאַכט די מיליטערישע קאַריערע מיט אַלע זיינע נאַטירלעכע פעיִקייטן פון קינדווייז אָן און אויף וויפל עס האָבן דערלויבט זיינע יונגע יאָרן האָט מען זיינע מיליטערישע ראַנגען געהויבן, אַזוי אַז פאַר זיין דעציזיע אַוועקצופאָרן, האָט מען אים דערהויבן צום ראַנג פון לייטענאַנט קאָראָנעל פאַר זיין העראָאִישקייט אין קאַמף פון אַרכאָנילִיאָ און באַלד נאָכדעם באַקומט ער אַ גאָלדענעם מעדאַל פאַר זיין מיליטערישע אַקציע אין באַילען — אָנגענומען אין שפּאַניע פאַר אַ היסטאָרישע אַקציע.

אויף דער אַרויספאָדערונג פונעם מאַרקיז דע קאָמפּיני קומט סאַן מאַרטין קיין קאַטאַלוניע און רעאָרגאַניזירט דאָרט די אַרמיי. קעמפט נאָך אין אַלבועראַ. און דערפילנדיק זיך קראַנק האָט ער זיך אומגעקערט קיין קאַדיז. דאָ האָט ער געבעטן צוריקציִונג פון אַקטיוון דינסט, כדי צו פאָרן קיין לימאַ, פּערו, דאָס האָט מען אים נאָכגעגעבן מיט דעם „רעכט צו טראָגן זיין אוניפאָרם".

*
**

כאָסע דע סאַן מאַרטין אין פולן מיליטערישן גלאַנץ, באַהאָנגען מיט מעדאַלן פאַר זיין מיליטערישע געניאַליטעט און העראָאִישקייט, אין פולן גענוס פון דער סימפּאַטיע צו אים און לויב אין דעם לאַנד פון זיין פאָטער

און פון זיין מיליטערישן לעבן — דעצידירט זיך צו פאַרלאָזן שפּאַניע און אַוועקפאָרן אין אַרגענטינע, בעת אַרגענטינע געפינט זיך אין באַוואָפנטן קאַמף קעגן שפּאַניע.

מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס?

שפּאַניע האָט דעמאָלט געשיקט מיליטערישע פאַרשטאַרקונג קיין אַר־געגנטינע און אין די אַרומיקע לענדער צו באַקעמפן דאָס רעוואָלוציאָנערע לאַנד, דערשטיקן איר מאַי־רעוואָלוציע, וועמענס גייסט און כאַראַקטער עס איז אַן אַלאַמעריקאַנישער, אַן אַנטיקאָלאָניאַליסטישער און באַפרייערישער.

אָבער סאַן מאַרטין פאָרט נישט אין שליחות פון דעם אימפּעריאַליס־טישן, פעאָדאַליסטישן און טאָטאַליטאַרישן שפּאַניע צו באַקעמפן דאָס רע־וואָלוציאָנערע אַרגענטינע. ער פאָרט אין לאַנד פון זיין געבורט און פון זיינע זיבן ערשטע קינדער־יאָרן, וואָס קומט ערשט אויף צו אַן אייגן לעבן און ער פאָרט אָנבאָטן זיין מיליטערישן געניוס — אויב דאָס איז נויטיק — זיין קעמפערישקייט און זיין אומרויקן אונטערבאַוווסטזיין פאַר אַרגענ־טינע און פאַר גאַנץ אַמעריקע קעגן יעדער מאַכט, וואָס שטערט די באַ־פרייאונג.

עס איז דער פרייהייטלעכער געפיל פייערלעך פאַרבונדן מיט די געפילן פון גערעכטיקייט און די געפילן פון העראָישקייט, וואָס כאָסע דע סאַן מאַרטין האָט אָנגעהויבן צו פילן אין זשאַפּיזשו, אין דער וואַרעמער סביבה פון די גוואַראַניער אינדיאַנער, פון זייער אַרבעטער־לעבן, שטרעבן און קעמפן און פון דער פראָלעטאַריש־באַפרייערישער באַוועגונג פון די קיטשור־ער אינדיאַנער־באַוועגונג אונטער דער אָנפירונג פון לעגענדאַרישן טופּאַק — אַמאַרו, וועמענס העראָישער קאַמף און אומקום עס האָט געהאַט אַ שטאַרקן און דויערנדן אָפּקלאַנג אין די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. אָט דער בונד פון דערהויבענע, הומאַנישע און סאָציאַלע געפילן האָט זיך אַנטוויקלט ביי סאַן מאַרטינען אין משך פון זיינע מיליטער־שטייגערישע יאָרן אין שפּאַניע אין די מלחמות מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך, ווו עס האָט זיך געקאָנט אויסווייזן, אַז שפּאַניע איז די אָנגעגריפענע און פאַרטיי־דיקט זיך און דער בונד פון די געפילן איז אַוודאי סטימולירט געוואָרן פון די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע אידעען און שטימונגען, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט געטראָגן איבער אייראָפּע און געקאָנט פאַרוואַנדלען דעם בונד פון דערהויבענע געפילן אין אַ בונד פון אידעען און אידעאַלן.

אונטער זייער ווירקונג האָבן זיך געשאַפן די מאַסאָנען פאַריינען, קלובן

און די „אַמעריקאַנער פאַרזאַמלונגען״, אין וועלכע מען האָט געלערנט סאָ־ציאַליזם, זאָל זיין אוטאָפּישן סאָציאַליזם און מען האָט געלערנט די פריי־הייט און די דעמאָקראַטישע באַוועגונגען און מ׳האָט גענומען לעקציעס ביי דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

און סאַן מאַרטינען זענען נישט געווען פרעמד די דאָזיקע אָרגאַניזאַ־ציעס פון פרייען און סאָציאַליסטישן געדאַנק מיט דער אויפגאַבע אים אָנ־צוווענדן אין דער נייער וועלט, אין די לענדער פון אַמעריקע.

**
*

כאָסע דע סאַן מאַרטין איז נישט צופעליק, נאָר דעצידירט און צוגע־גרייט געפאָרן קיין אַרגענטינע סוף 1811 באַלד אין ערשטן יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס האָט אים גערופן. ער איז אַרויסגעפאָרן פון ענגלאַנד מיט אַן ענגלישע זעגלשיף, וועלכע האָט געהייסן „זשאָרזש קאַנינג״. עס איז געפאָרן מיט אים אַ גרופּע אַרגענטינער זיך אויך איבערצוגעבן דער מאַי־רעוואָלוציע. די כוואַליעס פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן האָבן זיך אין משך פון זיבן וואָכן געשפּילט מיט דער זעגלשיף און אירע אומרויִקע וואָלונ־טירן. ערשט אין יאַנואַר 1812 איז זי אָנגעקומען צו די ברעגן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

סאַן מאַרטין אין רייפן עלטער און אויסגעצייכנטער אין שפּאַניע מי־ליטערישער קעמפער, האָט ווידער געטראָטן אויף דער אַמעריקאַנישער ערד, וואָס ער האָט פאַרלאָזט אין זיינע קינדער־יאָרן, ווען די מענטשן דאָ האָבן זיך נאָך געפונען אונטערן יאָך פון שפּאַנישן קאָלאָניאַלן רעזשים.

אַרגענטינע, ווי אַ לאַנד, ווערט ערשט געבוירן פון דער באַפרייערישער רעוואָלוציע, ווען די „מאַמע״ שפּאַניע זעט צו דערשטיקן. די סיטואַציע איז אַ געשפּאַנטע און דאָס קינד פון זשאָפיזשו, „וואָס איז געקומען אויפן רוף פון דער פרייהייט, שטעלט זיך אין קאַמף קעגן די שפּאַנישע באַוואָפנטע כוחות; קעגן דער שפּאַנישער אימפּעריע, קרוין און קעניג. סאַן מאַרטין איז נישט אַזוי קעגן ווי פאַר. ער איז פאַר דער באַפרייאונג, וועלכע האָט זיך שוין אָנגעהויבן און וועלכע האַלט אָבער ערשט ביים געפערלעכן אָנהייב און איז געוואַלדיק באַדראָעט פון אַלע זייטן. פאַר איר איז ער געקומען זיך שטעלן צו דינסט מיט זיין אייראָפּעיִשן וויסן; מיט זיין מיליטערישן סטאַזש און דערפאַרונגען; מיט זיינע אייגנשאַפטן פאַר גרויסע און העראָיִשע אונ־

טערנעמונגען און מיט זיינע קולטיווירטע נייגונגען צו פריי־הייט, צו ליבע־ראַליזם, צו ברידערלעכקייט און צו גערעכטיקייט.

מיט אויפגעהויבענע אויגן צו די אַנדן, טשילע, פערו, ווו מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט זיך אויפגעהויבן דער אינדיאַנער אויפשטאַנד פון טופּאַק אַמאַרו און ווו עס האָט נאָך אָנגעהאַלטן די שפּאַנישע אימפּעריאַלע מאַכט, פון וואַנען עס זענען אָן אויפהער אַרויסגעשיקט געוואָרן די קעניגלעכע באַוואָפנטע כוחות צו קעמפן קעגן דער באַפרייאונג, האָט דער „הייליקער פון דער שווערד", ווי ריקאַרדאָ ראָכאַס רופט סאַן מאַרטינען, געבעטן ביי דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג די אויטאָריזאַציע און די שטיצע צו אָר־גאַניזירן אַ גראַנאַדירן רעגימענט, ווינטשנדיק גוואַראַניער אינדיאַנער פון די וועלדער אין מיסיאָנעס מיטן אַראָמאַט פון די זשערבע־מאַטע פלאַנטאַ־ציעס און די העראָישקייט פון יענע נאַטור־מענטשן, וואָס איז אים געבליבן אין געדעכעניש פון זיינע קינדער יאָרן.

ריוואַדאַוויאַ — אַ מיטגליד דעמאָלט פון דער רעוואָלוציאָנערער רע־גירונג — שרייבט אין הסכם מיט סאַן מאַרטינס מיליטערישן פּלאַן צו דאָן פראַנציסקאָ דאָבלאַס אין זשאַפּיזשו, אַז די רעגירונג איז זייער צופרידן „פון דער ליבע און איבערגעגעבנקייט מיט וואָס אונדזערע ברידער די נאַטור־מענטשן פון די מיסיאָנעסער שטעטלעך האָבן אַרומגענומען די היי־ליקע זאַך" און איבערגעבנדיק ווי כאָסע דע סאַן מאַרטין — אַ קינד פון זשאַפּיזשו — געדענקט די גוואַראַניער, האָט צוטרויען צו זיי, האַלט זיי פאַר גוטע סאָלדאַטן אין דעם רעגימענט פון דער פרייהייטס־אַרמיי, וואָס ער שאַפט, זאָל דאָבלאַס ריידן צו די נאַטור־מענטשן און זיי זאָגן „ווי די רעגירונג זאָרגט פאַר דעם, אַז די באַפרייטע פון דער איירראָפּעישער טי־ראַניי, זאָלן געניסן פון זייערע רעכטן און פון זייער האָב און זאָלן נישט ווערן אונטערדריקט ווי ביז אַהער; און אַז די רעגירונג וועט זיי באַשיצן מיט איר מאַכט; און אַז זיי וועלן לעבן רויִק מיט זייערע פאַמיליעס און אין ווילזיין, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען, אָבער, כדי צו דערגרייכן דאָס גליק איז נייטיק צו נעמען אין האַנט דאָס געווער".

סאַן מאַרטין האָט געשאַפן דעם דאָזיקן רעגימענט און ער האָט גע־שאַפן נאָך מיליטער־אָפּטיילן איבערן לאַנד ביז דער באַרימטער אַנדן־אַרמיי, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אינטעראַמעריקאַנישע. אָנהייבנ־דיק מיט דער שלאַכט ביי סאַן לאָרענסאָ אויף די ברעגעס פונעם פּאַראַנאַ־טייך, האָבן זיך סאַן מאַרטינס טריומפאַלע אַקציעס אויסגעשפּרייט אַריבער

די אַנדן־בערג, וואָס גרייכן אין די הויכע הימלען ביז דער פּערוּאַנער פּאָרט־שטאָט קאַליאַאָ אויף די ברעגעס פון פּאַציפישן אָקעאַן. אַלע אַקציעס זענען געווען מיליטערישע אָבער דאָס זענען זיי נאָר געווען פּאָרמעל און אַפילו אַזוי איז דער באַוואָפנטער קאַמף געווען אַן איינגעהאַלטענער. עס זענען פריער אָנגעווענדט געוואָרן אַלע שריט, אַלע מיטלען, וואָס זענען געווען אַזוי איבערצייגנדיק ווי די וואָפן און אפשר נאָך מער איבערצייגנדיק. אַזוי־נע שריט, מיטלען און פּלענער האָט דער באַרימטער מיליטאַר סאַן מאַרטין געהאַט אַ סך און גרויסע, ווונדערבאַרע און ער האָט זיי געבראַכט, כדי אויס־צומיידן שחיטה צווישן מענטשן; אויסצומיידן בלוטפאַרגיסונג און צו רעדו־צירן ביז אַ מינימום די צאָל קרבנות אין די פאַלן ווען אַ באַוואָפנטער קאַמף האָט נישט געקאָנט אויסגעמיטן ווערן.

אָבער דער ציל פון די מיליטערישע אַקציעס די סאַן מאַרטינישע איז געווען פרייהייט און מענטשלעכע און פעלקערלעכע רעכט.

אין איינקלאַנג מיט דעם ציל, איז אויך מענטשלעכער געווען דער באַ־וואָפנטער קאַמף פון סאַן מאַרטין, די „שלאַכט" און זיין גאַנצער „מלחמה"־פּלאַן דאָ אין אַמעריקע.

אַ ציל פון פרייהייט און דעמאָקראַטישקייט, וואָס איז גאָרנישט מילי־טאַריסטיש, מחמת מיליטאַריזם איז באַזירט אויף הערארכיע, באַפעל און געהאָרכזאַמקייט און די פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם ציל אָנערקענט נישט קיין זיג דורך פיזישער מאַכט, קיין רעכט דורך גוואַלד, קיין הערשאַפט וואָס דערנידעריקט און קיין אימ־פּעריאַליזם, וואָס קומט פון די אַלע גוואַלדזאַמקייטן, וואָס געפינען זיך איבעם מיליטאַריזם אין דינסט דעם אימפּעריאַליזם.

דאָס איז געווען דער סאַן מאַרטינישער ציל אין משך פון סאַן מאַרטינס מיליטערישע און קעמפערישע צוועלף יאָר אין דרום־אַמעריקע, זינט 1812, ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין געבורטלאַנד אַרגענטינע, ביז 1822, ווען ער האָט פאַרלאָזט פּערו, טשילע און אַרגענטינע נאָכדעם ווי ער האָט זיי באַפרייט, אָדער זיי האָבן זיך באַפרייט דורך זיין ווונדערלעכער הילף; נאָכ־דעם ווי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער מאַכט אַלס זיגער, וואָס איז אים אָנערקענט און באַשטימט געוואָרן אין די לענדער פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און פון די אַנדן און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אומעטום פון אַלע פּריווילעגיעס, פּרעמיעס און באַלוינונגען.

**
*

אין 1814 ווען סאַן מאַרטין האָט אָנגעפירט מיט די באַוואָפנטע קרעפטן אויפן טוקומאַנער פראָנט, האָט ער געשריבן צו איינעם פון די דריי רעגי־רונגס־מיטגלידער ראָדריגעז פּעניאַ:

„מיין ליבער פריינט, באַגריסט זיך נישט צו פרי מיט דעם, וואָס איך קאָן שרייבן אין דעם דאָזיקן בריוו; איך וועל דאָ גאָר נישט מאַכן און עס געפעלט מיר דאָ גאָרנישט; איך קען דאָ נישט די מענטשן און נישט דאָס לאַנד; לאַכט זיך אויס פון פריילעכע האָפענונגען. דאָס פאָטערלאַנד קאָן נישט אויף דער דאָזיקער צפון־זייט האָבן קיין אַנדערן וועג, ווי נאָר דער וועג פון אַ פּערמאַנענטער דעפענסיווע מלחמה און נישט מער; און פאַר דעם זענען גענוג די מוטיקע גאַוטשן פון סאַלטאַ מיט צוויי גוטע סקוואַדראָנען וועטע־ראַנען. דענקען אַנדערש הייסט וואַרפן אין גרוב אַריין מענטשן און געלט״ — פעסימיזם? רעזיגנאַציע? ניין. אין די ווערטער געפינט זיך אַ קוואַל פון באַשיידנקייט, פאַראַנטוואָרטלעכקייט, קלאָרער באַוווּסטזיין און דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלע אַנדן־אַרמיי אַ באַפרייערישע, וואָס זאָל אַריבער די אַנדן, באַפרייען טשילע און פאָרזעצן פון טשילע דעם פרייהייט־מאַרש קיין פּערו. דאָס איז דער סוד, וועלכן סאַן מאַרטין האָט אויסגעוואַרעמט אין זיין האַרץ און וועגן וואָס ער האָט געשריבן צו ראָדריגעז פּעניאַן:

„איך האָב אייך שוין געזאָגט מיין סוד: אַ קליינע און גוט דיסציפּלי־נירטע אַרמיי אין מענדאָסאַ אַריבערצוגיין קיין טשילע און דאָרט מאַכן אַ סוף מיט די גאָדן און שטיצן אַ רעגירונג פון סאָלידע פריינט, אַליאירנדיק די כוחות, וועלן מיר דורך דעם ים אַריבער צו נעמען לימאַ, דאָס איז דער וועג, מיין פריינט, איר מוזט זיך איבערצייגן, אַז ביז וואַנען מיר וועלן נישט זיין אין לימאַ וועט די מלחמה נישט אויפהערן. איך ווינטש זייער איר זאָלט באַשטימען אַ פעיקערן פאַר מיר אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן״.

סאַר מאַרטין אָרגאַניזירט די גלאָריעזע אַנדן־אַרמיי מיט אָרטיקע באַרג־מענטשן. צוליב דעם האָט ער געוואָלט און געקראָגן דעם גובערנאַטאָר־אַמט פון די קוזשאַנער פּראָווינצן. בעת ער גרייט די אַרמיי צו קרייצן די אַנדן שרייבט ער צו טאָמאַס גידאָ אין וואָס פאַרא לאַגע ער געפינט זיך:

„סע פעלט מיר צייט, געלט און געזונט״...

ווי שלעכט דאָס זאָל נישט קלינגען, איז דאָך סאַן מאַרטין אַ קראַנקער מענטש. ער איז געקומען אַ קראַנקער פון שפּאַניע, אָבער דאָס קאָן אים נישט אָפּהאַלטן פון זיינע העראָישע אַקציעס אין קאַמף פאַר פרייהייט.

אין 1815 ווערט סאַן מאַרטין דערהויבן צו בריגאַדע־גענעראַל, פון

וואָס ער זאָגט זיך אָפּ, מחמת ער וויל ניט קיין העכערע גראַדויִרונג, ער דענקט פון צוריקציִען זיך — ווען? „ווען שפּאַניע וועט זיין באַקעמפט — שרייבט ער אַלס ענטפער אויף דער גראַדויִרונג — דעמאָלט וועל איך אָפּלאָזן מיין פאַך און איך וועל זיך צוריקציִען און אַזוי אויסלעבן מיינע קראַנקע טעג".

שפּעטער האָט זיין פרוי דאָניאַ דע רעמעדיאָס, סאַן מאַרטינען געבוירן אַ טאָכטער, די ערשטע, די איינציקע און דאָס איינציקע קינד, וואָס זיי האָבן געהאַט, אַז דאָס איז געשען האָט סאַן מאַרטין אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער צוקונפט פון זיין פאַמיליע און פון זיין עלטער ווערן און ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ לאַנדווירטשאַפט, צו ווערן אַ קאָלאָניסט, צו באַ־אַרבעטן אַליין די ערד און אויסרעכענענדיק אַז פאַר דעם וואָלט אים נייטיק געווען 50 העקטאַר, האָט ער געשריבן צו דער רעגירונג פון מענדאָסאַ דאָס פאָלגנדע,

„עס איז זייער נאַטירלעך פאַרן מענטש צו זאָרגן פאַרן גורל פון זיין עלטער. פאַר מיר האַלט איך וואָלט געווען דאָס פּאַסנדע אַ פעלד־אַרבעטער, דאָס וואָלט אויך געווען ווי אַן אַזיל און אַ מיטל פאַר מיין אומרו פון אַ גאַנץ לעבן, וואָס איך האָב אָפּגעגעבן צום דינסט פון די וואָפן. מיין באַ־שרענקטער פאַרמעגן האָט מיר קיינמאָל ניט דערלויבט אָפּצושפּאָרן אויף לאַנדווירטשאַפט צי וואָס איך שטרעב פאַר דער עלטער, איך האָב אַפילו ניט געקאָנט באַשטימען די טעריטאָריע אָדער פּראָווינץ, וווּ איך זאָל קאָנען געניסן פון אַזאַ רו. דאָס האָב איך ערשט געקאָנט באַשטימען דאָ אין קוזשאָ, אַ דאַנק דעם גוטן כאַראַקטער פון אירע איינוווינער; באַשטימען זיך אַ ווינקל, וווּ איך זאָל זיך אָפּגעבן צו דער פעלד־אַרבעט. דאָס קולטיווירן און זיך שאַפן מיינע געניסן. די קליינע צאָל פון פופציק קוואַדרעס פילן אויס מיין ווּנטש און שטרעבונג, איך קאָן דאָס אָבער נישט האָבן אויב אייער הויכקייט וועט דאָס מיר ניט שענקען.

„דער גרעסטער פרייז פאַר אַ קוואַדרע איז פיר פּעזעס און דאָס דאַרף מען נאָר איינצאָלן האַלב און די אַנדערע העלפט גיט מען אויף אויסצאָלן, כדי צו געפינען קונים און דערצו האָט דער קונה אַ פעלד צו קולטיווירן און אַ פעלד פונעם ערד־באַזיצער צום אַרבעטן. דאָס הייסט אַז די פופציק קוואַדרעס וואָס איך בעט, האָבן די ווערט ניט מער פון צוויי הונדערט פּעזעס, ווען איר וואָלט זיי געהאַט, וואָלט איך באַצאָלט פאַר דעם פּלאַץ,

נאָר איך האָב זיי נישט. מיין פרייוויליק אָפּזאָגן זיך פון אַ העלפּט פון מיין געהאַלט, האָט געמאַכט מיין לעבן זייער באַשרענקט און נישט מעגלעך גע־מאַכט די קלענסטע אָפּשפּאָרונג".

**
*

סאַן מאַרטין האָט אָפּגעוואָרפן דיקטאַטור וואָס איז אים אָנגעבאָטן געוואָרן אַזוי ווי איין צד פונעם אַרגענטינער בירגער־קריג ווי פונעם צווייטן; ער האָט דאָס אָפּגעוואָרפן נישט געקוקט אויף דעם וואָס די דיקטאַטור אין זיינע הענט האָט נישט געקאָנט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַן אינסטרומענט פאַר פרייהייט, אויב דאָס קאָן זיין; ער האָט אָפּגעוואָרפן דיקטאַטור. מחמת דיק־טאַטור און ער האָט נישט אָנגענומען קיין מאַטעריעלע באַלוינונג, קיין גראַ־דוירונג, קיין הערשאַפט, קיין מעדאַלן, קיין באַערונג און טאָמער האָט אים טשילע געגעבן אַ געלט־מתנה, האָט ער דאָס באַלד איבערגעגעבן אַן עפנט־לעכער ביבליאָטעק; מען האָט אים געשאָנקען אַ טשאַקרע, האָט ער באַ־שטימט איר גאַנצע הכנסה פאַר אַ שפּיטאָל; אין דער סאַן לויסער תפיסה האָט ער אַראָפּגענומען די קייט פון אַ ראַיאַליסט, ער האָט נישט געקאָנט זען אַ מענטש אין קייטן.

סאַן מאַרטין ווען מיליטערישער גלאַנץ עס ווערט פאַרגלייכט צו אַלעקסאַנדער, צעזאַר, נאַפּאָלעאָן, האָט אַליין ניט אַרויסגעשטעלט זיין מי־ליטערישע גרויסקייט, נאָר זיינע נייגונגען וואָס זענען געווען אויסשליס־לעך פאַר ציווילע זאַכן, פאַר קולטור, פאַר פרייהייט.

אין 1815 האָט סאַן מאַרטין צעשיקט אַ צירקולאַר צו אַלע לערער און געזאָגט צו זיי אַזוי: „די קולטורעלע, פרייהייטלעכע און דערהויבענע זאַך פון דעם לאַנד געפינט זיך אין די הענט פונעם אלף־בית־לערער, וואָס דאַרף אינספּירירן דעם קינד מיטן פּאַטריאָטיזם און מיט ציווילע ווירדי־קייט, מחמת די דערציִונג פורעמט אויס דעם גייסט פון די מענטשן און די באַפעלקערער פון דער נייער וועלט זענען עמפינדלעך פון די בעסטע גייס־טער צו באַשיינען און דערהייבן די פרייהייט, וואָס איז פאַרהייליקט פון די פעלקער און וואָס איז גרינגגעשעצט נאָר פון די שקלאַפן" — אַזוי האָט דער גענעראַל סאַן מאַרטין געזאָגט צו די לערער. וואָס האָט ער געזאָגט צו די סאָלדאַטן, צו די מענטשן פון דער שווערד? „אייער חוב איז צו טרייסטן אַמעריקע. איר קומט נישט מאַכן דעראָבערונגען, נאָר רעאַליזירן די פעלקער־פרייהייט. — עס איז שוין אַוועק די צייט פון גוואַלד און פון

אונטערדריקונג: איך קום מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער עפּאָכע פון דער־נידערונג — איך בין אַן אינסטרומענט פון דער גערעכטיקייט און די זאַך, וואָס איך פאַרטיידיק איז די זאַך פון דער מענטשהייט״.

דאָ ציטיר איך אַ לייטאַרטיקל אין דער „פּרעסע״, וואָס איך האָב געשריבן דעם 17טן אויגוסט 1943, ווען עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגע־הויבן די פּעראָניסטישע דיקטאַטור און מ׳האָט זיך געדאַרפט שטעלן אין ליכט פון סאַן מאַרטין, ווען דער דיקטאַטאָר האָט אָנערקענט אויסער זיך צו קענען שרייבן פאַר פרייהייט, וואָס האָט געמיינט קעגן דיקטאַטור. שרייב איך אין דערמאָנטן אַרטיקל:

„און די זאַך פון דער מענטשהייט דאָ און אומעטום פירט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט אירע היסטאָרישע פּראָצעסן און פאַרמשפּט יעדן, וואָס טרעט אַרויס קעגן איר, ווו דאָס זאָל נישט זיין ווער דאָס זאָל נישט זיין און ווען דאָס זאָל נישט זיין און רופט אַרויס צום לעבן, צו דעם אומשטערבלעכן, אייביקן לעבן, יענע, וואָס האָבן איר געדינט, וואָס האָבן זיך פאַר איר איינגעשטעלט, וואָס האָבן פאַר איר געקעמפט, ווו דאָס זאָל נישט זיין און ווען דאָס זאָל נישט זיין און זייער גייסט איז מיט אונדז שטענדיק און אומעטום נישט געקוקט אויף מאָמענטן און איבערלעבונגען, וואָס זענען אין סתירה צו זייער גייסט און ליבער נאָך און פייערלעכער פילן מיר זיי אין אַזוינע אויסנאַם־מאָמענטן. דעריבער — איז נישטאָ קיין שטאָט און קיין שטעטל אין אונדזער גרויס לאַנד אַרגענטינע, וואָס זאָל נישט האָבן קיין גאַס און קיין פרייען פּלאַץ אויפן ליכטיקן נאָמען פון סאַן מאַרטין און דעריבער איז נישטאָ קיין אַרגענטינער שטאָט, וואָס זאָל נישט האָבן אויף איר שענסטן פּלאַץ סאַן מאַרטינס דענקמאָל; דעריבער שפּרייטן זיך אויס די סאַן מאַרטין־מאָנומענטן פון רעטיראָ ביז אויפן סעראָ דע לאַ גלאָריאַ אויפן באַרג איבערן סאַן מאַרטין פּאַרק אין מענדאָסאַ, ווו עס הויבן זיך אויף די אַנדן און דעריבער לויכטן סאַן מאַרטין־מאָנומענטן אין טשילע און אין פּערו און אין ווענעסועלאַ און אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון.

און אויך דעריבער ווערט היינט מיט אַזאַ פאַרנעם און מיט אַזאַ באַ־גייסטערונג דערמאָנט סאַן מאַרטין דער באַפרייער, נישט געקוקט וואָס עס איז נישט קיין יובל־יאָר. מיר פייערן די פרייהייט פון אַרגענטינע, פון אַמע־ריקע און פון דער מענטשהייט פאַר וואָס עס האָט געקעמפט סאַן מאַרטין און מיט וואָס עס האָט זיך אידענטיפיצירט זיין אומשטערבלעכער נאָמען״.

אין 1956 האָב איך באַזוכט לימאַ, די הויפּטשטאָט פון פּערו. דאָרט שטייט אַ סאַן מאַרטין־מאָנומענט און אין זיין אָנבליק האָב איך געשריבן:

„איך וועל נישט מער ווי זיין אויפריכטיק, אמתדיק, איז קעגנזאָץ צו די פּאַטריאָטישע פּלאַפּלער, ווען איך וועל שרייבן: ווי שטאָלץ, ווי פריידיק, ווי דערהויבן איך האָב זיך געפילט אין אָנבליק פון דעם סאַן מאַרטין־דענקמאָל דאָ אויף דער עפּנטלעכער פּלאַסע אין צענטער פון לימאַ און אין צענטער פון פּערו, ווו סאַן מאַרטין, וואָס אין קעגנזאָץ צו דיקטאַטאָרן, טי־ראַנען, האָט ער נישט געוואָלט ביים לעבן און נישט דערלויבט צו שטעלן אים אַ מאָנומענט, אין ערגעץ נישט, איז נישט געקומען אַהער ווי אַ קאָנ־קיסטירער, נישט ווי קיין דעראָבערער, אויך נישט ווי קיין קריגער, כאָטש טעכניש איז ער דאָס אוודאי געווען פון די בעסטע אין זיין צייט און אַפילו נישט ווי אַ מיליטאַריסט, כאָטש זיין קאַמף איז נאָר געווען אַ מיליטערישער; דאָס איז געווען זיין באַרוף, זיין געניאַליטעט, זיין לעבן און זיין טריומף. סאַן מאַרטין איז געקומען אַהער, ווי אין טשילע און ווי אין אַרגענטינע, אַלס קעמפער פאַר פרייהייט, פאַר באַפרייען דעם אינדיאַנער און דעם איי־ראָפּעער, דעם שוואַרצן און דעם ווייסן, דעם קריאָזשע און דעם אויסלענ־דער — אין ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און אין טשילע; אין פּערו און אין עקוואַדאָר, אָפּזאָגנדיק זיך פון אַלץ, וואָס ער האָט געקענט האָבן און וואָס איז אים אָנגעבאָטן און באַשטימט געוואָרן פאַר זיינע טריומפאַלע פּלענער; פאַר זיינע זיגן און דערגרייכונגען, וואָס זענען געווען אַלעמענס זיגן, אַלעמענס דערגרייכונגען: אַפילו פון לאָרבער־קרענץ האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט סאַן מאַרטין. די געמיינזאַמע און אַלעמענס פרייהייט איז געווען דער אידעאַל פון זיין קאַמף.

***

אַרום דעם מאָנומענט פון סאַן מאַרטין שפּילט און זינגט דער טאָג־טעגלעכער סימפאָנישער אָרקעסטער און פּאָליפאָנישער כאָר פון דער היינט־צייטיקער דרום־אַמעריקאַנישער שטאָט. עס רוישן און עס ריטשען; עס קלאַפּן און עס קלינגען; עס רופן אויס און עס זינגען — די מאָטאָריזירטע טראַמווייען און אויטאָבוסן; לאַסט־וועגענער און לוקסוסדיקע אויטאָמאָבילן; פערד, מוילאייזלען און אייזלען געשפּאַנט אין וועגענער, וועגעלעך און דראָשקעס, אָדער אייזלען וואָס שלעפּן אויפן רוקן די גאַנצע קראָם און לאָזן זיך הערן מיט זייערע טענער אין דער סימפאָניע פון די מאָטאָרן,

אין וועלכער עס לאָזט אויך הערן זיין אייגנאַרטיקן געוויש אַ פליִענדיקער אַוויאָן אין דער הויך איבער דער שטאָט און עס באַשיינען אין באַהנען דער סימפאָניע מיט דער קאָלאָראַטור פון זייערע שטימען און מעלאָדיעס אַלע מינים גאַסן־פאַרקויפער און פאַרקויפערנס — קינדער און יוגנטלעכע, אַלטע און יונגע פרויען און מענער; צייטונגען און לאָטעריע־צעטלען־פאַר־קויפער; באַנאַנעס־ און אַנאַנאַס־הענדלער; מילך־ און האָניק־טרעגער; שיכ־פוצער און מעסער־שלייפער און עס שרייען זיך איבער אין דער גאַס, גייענ־דיקע אינדיאַנערקעס און פערואַנישע הויז־דינסטן, וואָס כאַפּן אַ קוק אַרויס אין גאַס פון די טויערן און פון די פענצטער, וואָס זיי שטויבן און רייניקן. די סימפאָניע הערט זיך פון די גאַסן, וואָס גייען זיך דאָ פאַנאַנדער אין אַלע ריכטונגען — איך הער זי האַרציק און איך הער זיך איין אין דעם נישט־געגראַמטן און נישט־געשריבענעם ליד פון סאַן מאַרטין דאָ. אין אָנבליק פון זיין דענקמאָל אויף אַ פּעדעסטאַל, וואָס סימבאָליזירט די אַנדן, וועלכע סאַן מאַרטין מיט זיין ספּעציעל־געשאַפענער פרייהייטלעכער אַנדן־אַרמיי האָט געקרייצט; איך הער זיין טריומף־מאַרש אין טשילע, נישט קעגן די טשילענער, נאָר מיט זיי, פאַר זייער באַפרייונג, און הער ווי דאָס באַפרייטע טשילע דערקלערט, אַז „עס איז דער אײנהייטלעכער ווילן צו נאָמינירן דאָן באָסע דע סאַן מאַרטין גובערנאַטאָר פון טשילע מיט אַלע פולמאַכטן“. פון וואָס סאַן מאַרטין זאָגט זיך אָפּ אין גוטן מוט, ניט דאָס איז ער אויסן, נישט דאָס אינטערעסירט אים און אָ׳היגינס, וואָס האָט קאָלאַבאָרירט מיט סאַן מאַרטיגען אין באַפרייונגס־קאַמף פון טשילע, דערקלערט אין אַ מאַניפעסט, שוין אַלס רעגירונגס־שעף: „אייביקע דאַנקבאַרקייט פון טשילע פאַר אונ־דזערע פריינט, די קינדער פון די ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ־פּראָווינצן, וואָס האָבן אונדז אָפּגעגעבן די פרייהייט, וואָס די טיראַנען האָבן מיסברייכט“.

טשילע האָט זיך דערקלערט פייערלעך פאַר אַ פריי און אומאָפּהענגיק לאַנד און ווי אַזעלכע שטעלט זי צו אַ טייל פון אירע באַוואָפנטע קרעפטן צו דער אַנדן־אַרמיי פון סאַן מאַרטין פאָרצוזעצן דעם פרייהייט־מאַרש דורך דעם פּאַציפישן אָקעאַן — קיין פּערו, אין איינקלאַנג מיטן סאַן מאַרטינישן פּלאַן צו קעמפן פאַר דער פרייהייט פון אַמעריקע אינעם ווירייִנאַט פון פּערו; אין סאַמע לאַגער, צענטער, קאָנצענטראַציע, הויפּטשטאַב און רעזידענץ פונעם שני למלך: — פון די שפּאַנישע ראָיאַליסטישע באַוואָפנטע קרעפטן און פון דער שפּאַנישער מעטראָפּאָליטאַנישער קרוין, וואָס האָבן זיך באַ־פעסטיקט אין פּערו און דערשטיקן יעדע באַוועגונג פאַר פרייהייט און פירן

אָן, פון דאַנען, מיט די שפּאַניש־מיליטערישע קרעפטן, זייער מלחמה קעגן דער באַפרייאונג פון אַרגענטינע, וואָס האָט געהייסן ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. קעגן דער באַפרייאונג פון טשילע און קעגן אַלע באַפרייערישע רעוואָלוציעס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין איין צייט כמעט אין אַלע שפּאַניש־אַמעריקאַנישע לענדער.

***

און ס׳איז געגאַנגען די סאַן מאַרטינישע אַרמיי פון אַרגענטינער און טשילענער איבער די כוואַליעס פון פּאַציפישן אָקעאַן: זי איז זיגעריש אַריין אין קאַליאַאָ, דער פּאָרט פון לימאַ און פון פּערו און דורך דעם פּאָרט איז זי אַריין אין אינערן פונעם אַנדנלאַנד — מיט אויפרופן צום פאָלק: צום אויפשטאַנד! צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג! צו פרייהייט און צו אַ שענער און אַ ווירדיקער לעבן.

***

אַ צערודערונג צווישן די שפּאַניער מאַכט פאַלן דעם לעצטן, עכטן פון שפּאַנישן קעניג באַשטימטן וויררי פּעזועלאַ. דער שפּאַנישער גענעראַל לאַ סערנאַ נעמט איבער די קאָלאָניאַלע מאַכט — עס איז דער אָנהייב פונעם סוף פונעם קאָלאָניאַליזם און אַלץ וואָס האָט רעפּרעזענטירט די שפּאַנישע קאָלאָניאַלע רעגירונג איז אַרויס פון לימאַ.

סאַן מאַרטין איז אַריין. לימאַ האָט אים אויפגענומען און אים פּראָקלאַמירט פאַרן „פּראָטעקטאָר פון פּערו" און ער האָט פּראָקלאַמירט איר באַפרייונג און איר אומאָפּהענגיקייט.

סאַן מאַרטין האָט גוט געוווסט פון ראַיאַליסטישן פּלאַן צוריקצוציען זיך פון לימאַ, אָבער נישט פון פּערו; ער האָט געוווסט, אַז אין די טאָלן און אויף די בערג פון אַנדנלאַנד מאָביליזירן זיך און עס קאָנצענטרירן זיך די שפּאַנישע מיליטערישע קרעפטן מיט וועמען עס קען נאָך אויסקומען צו קעמפן און ער האָט אויפגעהויבן די אויגן העכער אויפן אַנדינישן צפון, צו קאָלאָמביע, וווּ עס איז זיגרייך אָנגעגאַנגען אַן ענלעכער פרייהייטס־קאַמף קעגן דעם זעלביקן שפּאַנישן, פעאָדאַליסטישן און אינקוויזיטאָרישן קאָלאָניאַליזם און איין סאַן מאַרטין האָט זיך באַגריסט מיטן אַנדערן, וואָס האָט געהייסן סימאָן באָליוואַר און פאַר דער געמיינזאַמער זאַך איז געשאַפן געוואָרן אַ געמיינזאַמע אַרמיי פון די אַרגענטינער פרייהייט־קעמפער און די

טשילענער; פון די קאָלאָמביאַנער און פערואַנער — נישט צוליב קריג, נאָר צוליב פרידן, ניט צוליב פאַרכאַפּן, נאָר צוליב אָפּנעמען; נישט צו פאַר־שקלאַפן, נאָר צו באַפרייען; נישט צו דערנידעריקן, נאָר צו דערהויבן און מיט די דאָזיקע פאַראייניקטע מאָראַלישע און פיזישע כוחות איז דורכגע־פירט געוואָרן די אַמעריקאַניסטישע רעוואָלוציע און ס׳איז געקומען אַ סוף צו דער 300 יאָריקער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער הערשאַפט מיט איר עקספּלואַ־טאַציע און פאַרשקלאַפונג, מיט איר אויטאָ־דע־פע און מיט איר אינקוויזיציע.

און אין דעם היסטאָרישן טאָג ווען סאַן מאַרטין איז אַריין אין לימאַ, איז ער, און מיט אים די באַפרייונג, שוין אויך אַריין אין גאַנץ פּערו און אין דעם זעלביקן טאָג, ווען די ראָיאַליסטן זענען אַרויס פון לימאַ, איז דאָס געווען סימבאָליש דער אַרויסגאַנג פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער מאַכט פון לימאַ און פון גאַנץ פּערו — אַ סימבאָל, וואָס איז גאָר גיך פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ רעאַליטעט און עס האָט זיך פאַרענדיקט די שפּאַ־ניש־קאָלאָניאַלע עפּאָכע אין דרום־אַמעריקע פאַרן אויפגאַנג פון אַ נייער, אַ פרייער, אַ נאַציאָנאַל־אומאָפּהענגיקער און מענטשן־רעכטלעכער עפּאָכע.

נאָך אַ יאָר פּראָוויזאָריש רעגירן, אָרגאַניזירן און צוגרייטן דאָס באַ־פרייטע לאַנד צו אַ זעלבסטשטענדיק, פריי און דעמאָקראַטיש לעבן, האָט סאַן מאַרטין גערופן דאָס פאָלק צו אַ קאָנגרעס. ער איז רעאַליזירט געוואָרן אין לימאַ, אין פרילינג פון 1822 און סאַן מאַרטין האָט דעם קאָנגרעס אי־בערגעגעבן די רעגירונגס־מאַכט.

**
*

סאַן מאַרטין דער „פּראָטעקטאָר פון פּערו״, ווי דאָס האָבן באַשטימט די פּערואַנער, האָט ערשט צום יאָר איבערגעגעבן די רעגירונג פון לאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אין זיינע הענט, ווייל פריער איז דאָס לאַנד נישט געווען אומשטאַנד צו געבן זיך אַ רעגירונג. עס איז אויסגעשלאָסן געווען יעדע פראַגע פון איבערגעבן די רעגירונג. סאַן מאַרטין, וואָס האָט זיך פון אַלעם אָפּגעזאָגט, האָט נישט געקענט זיין קעגן זיך און בלייבן ערגעץ ביי דער מאַכט. סאַן מאַרטין האָט אייגנטלעך דימיטירט פון דער פּערואַנער רעגירונג, וואָס דאָס האָט מען נישט דערוואַרט און ער האָט עס געטאָן, כדי אויסצומיידן אַ בירגערקריג.

„אייער עקסעלענץ ווייסט, אַז די פרייע פּראָווינץ גוויאַקיל (היינט:

עקוואַדאָר), איז אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון פּערו — שרייבט כאָסע דע סאַן מאַרטין צו סימאָן באָליוואַר — און איר ווייסט אויך, אַז די אויסגע־קעמפטע פרייהייט איז אַן רעזערוואַציעס. עס איז מיר דעריבער פאַרוועדט צו אַנערקענען די קאָלאָמביאַנער סוווערעניטעט איבער דער דאָזיקער טע־ריטאָריע. דעם קאָנפליקט וואַרף איך אָפּ, ווייל אַ רעטראָאַקציע מיינט ברודער־קריג. איך וועל נישט ברענגען פאַר אַ קרבן די פרייהייט. מיין זאַך האָט דערגרייכט דעם זעניט; איך וועל זי קיינמאָל נישט אויסשטעלן צו פּער־זענלעכע אַמביציעס. איבער דעם נעם איך נישט אָן מיט אייך צו קאָאָ־פּערירן.

איך האָב גערופן דעם קאָנגרעס צו פּרעזענטירן פאַר אים מיין דעמי־סיע. איך ציִ זיך צוריק צום פּריוואַטן לעבן מיט דער סאַטיספאַקציע צו האָבן געגעבן דער פרייהייט די גאַנצע אויפריכטיקייט פון מיין גייסט.

איר וועט פאַרזעצן מיין ווערק און אַזוי ווי אייער עקסעלענץ איז אַ מזלדיקער מיליטאַר, וועט איר געקרוינט זיין מיט דער גלאָריע פון זיג״.

פון דער שריפט קוקן אַרויס צוויי מאָמענטן: דער מאָמענט פון קאָ־לאָמביאַנער פּרעטענזיע אויף גוויאַקיל, וואָס שמעקט אַביסל מיט טערי־טאָריעלן אימפּעריאַליזם און דער מאָמענט פון פּערזענלעכער אַמביציע, וואָס שמעקט מיט עגאָאיסטישע דערגרייכונג פאַר זיך.

ביידע מאָמענטן האָבן נישט קיין אָרט אינעם וויסן און נישט אין גע־וויסן פון סאַן מאַרטין און ער טרעט אָפּ, כדי אויסצומיידן אַ בירגערקריג, וואָס קאָן שטעלן אין געפאַר די פרייהייט אין אַמעריקע.

אַז סאַן מאַרטינס שריט איז אַ ריטערלעכער פון דער פרייהייט און נישט עפּעס אַנדערש איז קלאָר פון אַ בריוו, וואָס דער גענעראַל סימאָן דע באָליוואַר האָט געשריבן צו מאַרשאַל סוקרע (נאַציאָנאַלער העלד פון עקוואַ־דאָר):

„מען דאַרף האָבן אין זין אַז דער געניוס פון סאַן מאַרטין פעלט אונדז ערשט איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס ער האָט אָפּגעטראָטן פון וועג: כדי נישט צו שעדיקן די פרייהייט, וואָס איז מיט אַזוי פיל קרבנות דערגרייכט געוואָרן פאַר דריי פעלקער״.

און סאַן מאַרטין האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלץ און איז אַוועק נישט נאָר פון פּערו, נאָר אויך פון אַרגענטינע.

פאַרוואָס איז אַוועק „דער הייליקער פון דער שווערד״, ווי ראָכאָס רופט אָן סאַן מאַרטינען, אָדער „דער הייליקער פון דער פרייהייט״, ווי איך

וואָלט אים גערופן? ווייל סאַן מאַרטין האָט נישט האַרמאָנירט מיט סימאָן באָליוואַר? דאָס — אויך, אָבער נישט נאָר דאָס. דער הייליקער איז געשטאַנען אונטער די שווערסטע פאַרלוימדונג, וואָס האָט נישט אייפגעהערט אין משך פון זיינע גלאָריעזע אַרגענטינישע און דרום־אַמעריקאַנישע יאָרן. „שפיאָן", „פאַרעטער", „היפאָקריט", „ליגנער", „טויגעניכטס", „בהמה", „איגנאָראַנט", „הולטאַי", „פאַרדאַרבענער", „מולאַט", „פחדן", „שיכור", „מערדער" און „גנב" — זענען געווען די „בלומען" מיט וועלכע די אַלזייטיקע פאַרלוימדונגען האָבן סאַן מאַרטינען באַוואָרפן. דערפאַר רופט אים ראָכאָס „הייליקער". אין משך פון צוועלף יאָר האָט ער דעם גרויל איבערגעטראָגן און סאַן מאַרטין איז נישט אַוועק פריער ביז וואַנען ער האָט פולשטענדיק און העראָיש אויסגעפירט זיין באַפרייערישע מיסיע אין אַרגענטינע, אין טשילע און אין פערו.

„אייער חוב איז צו טרייסטן אַמעריקע — זאָגט סאַן מאַרטין צו די פרייהייטס־אַרמייען — איר קומט ניט דעראָבערן, נאָר באַפרייען פעלקער".

„איך בין אַ אינסטרומענט פון דער גערעכטיקייט און די זאַך וואָס איך פאַרטיידיק איז די זאַך פון מענטשלעכן מין".

„אינמיטן פון זיין רום — שרייבט דער קאָראָנעל בראַנדזען וועגן סאַן מאַרטינען — האָט די שוואַרצע קנאה־שנאה אויסגעגאָסן אויף יענעם גרויסן מענטשן איר גיפט, דער שקר האָט זיך געוואָרפן אויף אים מיט זיינע גיפטיקע מעסערס און די אומדאַנקבאַרקייט האָט דערשיטערט דעם העלדס נשמה און ער טרעט אָפּ פון דער העכסטער מאַכט און גייט אַוועק פון לאַנד".

***

סאַן מאַרטין איז לעגאַל, אָבער אינדערשטיל, מיט זיין קינד און אין גויט אַוועק פון בוענאָס־איירעס קיין איראָפּע. ער איז געפאָרן אויף אַ פראַנצויזישע שיף וואָס איז געגאַנגען העכער צוויי חדשים אויפן אַטלאַנטיק. זי איז ענדלעך אָנגעקומען אין אַ פראַנצויזישן פּאָרט, אָבער סאַן מאַרטינען האָט מען נישט אַריינגעלאָזט אין פראַנקרייך. עס האָט געהייסן אַז סאַן מאַרטין איז אַ „פירער פון אַמעריקאַנישן אויפשטאַנד"... ער איז געפאָרן קיין ענגלאַנד, קיין בעלגיע און אין 1828 איז ער געפאָרן קיין אַרגענטינע, אָבער אָנקומענדיק אין בראַזיל איז ער געוויר געוואָרן, אַז אין אַרגענטינע איז אויסגעבראָכן אַ בירגער־קריג צווישן די אוניטאַריער, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט די שטאָט און די פעדעראַליסטן, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט

דעם דאָרף. און סאַן מאַרטין, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט פון אַ בירגער־קריג, איז צוריקגעפאָרן קיין אייראָפּע: קיין ענגלאַנד, קיין בעלגיע און אין 1830 האָט ער איבערגעוואַנדערט קיין פראַנקרייך, קיין פּאַריז. דאָ האָט ער זיך געטראָפן מיט זיין יוגנט־פריינט אַלעכאַנדראָ אַגואַדאָ פון שפּאַניע (ער זאָל זיין פון יידישן אָפּשטאַם), אַ באַנקיר, וועלכער האָט כאַן מאַרטינען אין מאַטעריעלער נויט און קראַנק אָנגעבאָטן אַ פריינטלעכע הילף. אין דער דאָזיקער הילף איז אויך אַריין אַ הויז אין גראַן בורג, נאָענט פון פּאַריז, ביי דער סען, ווו ער האָט געוווינט ביז 1848, ווען עס האָבן אויסגעבראָכן די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין פראַנקרייך, אויך אין אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער און ער האָט זיך איבערגעצויגן קיין בולאָן־סור־מער, ווו ער איז אין 1850 געשטאָרבן.

***

אין 1844 האָט סאַן מאַרטין אין פראַנקרייך אָנגעשריבן אַ צוואה, לויט וועלכער ער שענקט זיין שווערד דער אַרגענטינער רעגירונג, אין אויסדרוק פון סאַטיספאַקציע פאַר פאַרטיידיקן די רעפּובליק קעגן אויסלענדישע אָנ־גריפער.

די דאָזיקע מתנה, וואָס איז ראָסאַסן איבערגעגעבן געוואָרן, זעקס וואָכן נאָך סאַן מאַרטינס טויט, האָט געקענט באַפלעקן די ריינע און ליכטיקע פערזענלעכקייט פון סאַן מאַרטין.

— באַדייט דאָס אַן אָנשלוס צום דעספּאָט פון בוענאָס־איירעס און צו זיין אונטערדריקונג־סיסטעם? — שטעלט ראָכאָס אַ פראַגע און ער שטעלט נאָך אַ פראַגע:

— ווי האָט געקענט דער באַפרייער אַוועקשענקען די שווערד פון דער פרייהייט צו דעם מענטש, וועלכער האָט באַקעמפט די פרייהייט אין זיין פאָטערלאַנד?

און ראָכאָס פאָרשט די זאַך, זוכנדיק דעם ענטפער אויף די פראַגן אין אַ כראָנאָלאָגיע פון דאַטעס, אין דעם אינטימען לעבן פון דעם אַרגענטיניש־אַמעריקאַניש היסטאָרישן העלד, פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטיש צוריקגעצוי־גענעם עמיגראַנט, וואָס לעבט אַזוי אויס זיינע יאָרן אין אַ אייראָפּעיִש לאַנד ווייט פון זיין פאָטערלאַנד און ער קומט צום אויספיר, אַז די זאַך פון דער צוואה איז נישט מער נישט ווייניקער ווי דאָס, וואָס סאַן מאַרטין אַליין זאָגט אין איר.

— אַן אויסדרוק פון סאַטיספאַקציע פאַר פאַרטיידיקן די רעפּובליק קעגן די וואָס פּרעטענדירן אומגערעכט איר צו דערנידעריקן.

אין דער ווירקלעכקייט האָט סאַן מאַרטין קיין שום שייכות נישט גע־האַט מיט מאַנועל ראָסאַס אַלס דער אַבסאָלוטיסטישער הערשער פון אַר־גענטינע אין פאַרלויף פון אַ פערטל יאָרהונדערט.

אידעיִש און גורלדיק פאַראייניקט מיט עטשעווערי‌אַ, סאַרמיענטאַ, אַלבערדי און אַלע אַנדערע פאַרפאָלגטע פונעם ראָסיסטישן רעזשים, פאַר־שטויסענע און פון פאָטערלאַנד פאַרטריבענע, האָט סאַן מאַרטין, נאָר גע־קענט פילן אַ ווידערווילן אויב נישט אַ האַס צו ראָסאַסן.

דערציילט זיך, ווי דער „אוניטאַריער“ ,פלאָרענסיאָ וואַרעלאַ (איינער פון די מאָרד־קרבנות פון ראָסאַס מעטאָדע און אָרגאַניזאַציע צו דערמאָרדן זיינע קעגנער), האָט וויזיטירט סאַן מאַרטינען אין 1844, ווען ער האָט גע־ווינט אין גראַן בורג. ביי אַ חברישן מאָלצייט ביי סאַן מאַרטינס היימישן טיש האָט מען געשמועסט וועגן די גרוילן, וואָס הערן נישט אויף אין אַר־גענטינע, וואָס שמאַכט אונטערן דרוק פון ראָסאַס דעם „באַנייער“. סאַן מאַרטין האָט דאַן מיט אַ דערשטיקט געוויין אויסגערופן:

— באַרבאַרן! נישט גענוג אַנגעזעטיקט זיך מיט פופצן יאָר פאַרפאָלגן די בעסטע מענטשן!

עס איז באַוויזן דאָקומענטאַל, ווי ראָסאַס האָט גאַרנישט פאַרטיידיקט די רעפּובליק, אַז אינערלעך האָט ער זי אָנגעגריפן, פאַרגוואַלדיקט און וואָס איז שייך אויסערלעך, מיט אויסלענדישע מאַכטן, האָט ער גאָר זיך און זיין רעגירונג געזען צו פאַרטיידיקן און נישט די רעפּובליק, ווענן ער איז גרייט געווען צו לאָזן אינטערווענירן פון די „אויסלענדער“, ד״ה אויס־לענדישע מאַכטן, און אַפילו זיי פאַרבעטן צו דעם, באַלד ווי ער מיט זיין רעגירונג האָט זיך געזען אין געפאַר אין אַנבליק פונעם אַוואַנס אינעווייניק אין לאַנד פון די אַרגענטינער באַפרייערישע באַוואָפנטע קרעפטן, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל אורקיסאַ און אַנדערע.

נישט געקוקט וואָס סאַן מאַרטין האָט זיך געזען געצוווּנגען צו לעבן אין דער פרעמד, האָט ער געהאַט אַ לעבהאַפטיקן אינטערעס פאַר דער אומ־אָפּהענגיקייט און ווירדיקייט פון זיין פאָטערלאַנד, ווי האָט ער געקענט זיין גלייכגילטיק צו דער אומאָפּהענגיקייט, וואָס איז געאייניקט מיט דער פרייהייט און דעמאָקראַטיע, פאַר וואָס ער האָט געפירט דעם באַפרייע־רישן קאַמף — דעם פּלאַנירטן, מוסטערהאַפט־אָרגאַניזירטן און היסטאָרישן

— נישט צו פאַרכאַפּן טעריטאָריע, נישט צוליב מאַטעריעלע צוועקן, נישט צוליב מאַכט, הערשאַפט, נאָר צוליב פרייהייט און זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פון זיין געבורטסלאַנד, אַרגענטינע, און נישט נאָר פון אַרגענטינע.

נאָך סאַן מאַרטינס קרייצן די אַנדן און באַזיגן די שפּאַניער אין דעם קאַמף פון טשאַקאַבוקאָ אין טשילע, פעברואַר 1817, האָט אַ בירגער־פאַר־זאַמלונג אין סאַנטיאַגאָ מיטן צוועק צו קאָנסטיטויִרן אַ רעגירונג, פּראָקלאַ־מירט סאַן מאַרטינען פאַרן גובערנאַטאָר פון טשילע מיט אַלע פולמאַכטן, אָבער סאַן מאַרטין האָט עס נישט אָקצעפּטירט, נישט דאָס איז ער אויסן געווען, ער איז אויסן געווען די פרייהייט פון אַמעריקע. און ווען דער קאַ־בילדאָ פון סאַנטיאַגאָ האָט באַשטימט פאַר סאַן מאַרטינען צען טויזנט פּע־זעס גאָלד צו דעקן די קאָסטן פון זיין אומקערן זיך קיין בוענאָס־איירעס, האָט סאַן מאַרטין געענטפערט דעם קאַבילדאָ פון סאַנטיאַגאָ, אַז ער שענקט אַוועק די צען טויזנט פּעזעס גאָלד פאַר דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק און צוגעשריבן, אַז „די בילדונג דורך דעם געשריבענעם וואָרט איז דער מייסטער שליסל, וואָס עפנט די טירן פון דער שפע און מאַכט גליקלעך די פעלקער: איך ווינטש אַז אַלע זאָלן זיך בילדן אין גייסט פון די הייליקע רעכטן וואָס פאַרמירן דעם עיקר פון די פרייע מענטשן“.

און אין באַגייסטערונג פאַר די „הייליקע רעכטן“ — מענטשן־רעכט — דעמאָקראַטיע — פרייהייט — נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, וואָס האָט גע־מיינט נאַציאָנאַלע באַפרייונג פון נאַציאָנאַלער אונטערוואָרפנקייט און פאַר־שקלאַפונג, האָט סאַן מאַרטין, אין 1838, זייענדיק אין גראַן בורג, פראַנק־רייך, אָנגעבאָטן זיך אַלס מיליטערישער פירער אין קאַמף קעגן אָנגרייפער.

און מער נאָך ווי קעגן, איז דער היסטאָרישער פרייהייטס־קעמפער סאַן מאַרטין פאַר פאַרטיידיקן די אומאָפּהענגיקייט פון אַרגענטינע, נישט גע־קוקט וואָס ראָסאַס שטייט ביי דער מאַכט און די אַרגענטינער רעפּובליק איז פון דער אייגענער מאַכט אונטערדריקט.

אַזוי אומבאַרירלעך, אויסגעהאַלטן און געוויסנהאַפט ווי סאַן מאַרטין איז געווען מיט די פרייהייטלעכע און דעמאָקראַטישע אידעאַלן, אידעען און איבערצייגונגען, מיט וועלכע ער האָט זיך אידענטיפיקירט, האָט ער ניט געקענט האָבן קיין שייכות, נאָר אַ דורכויסיקן ווידערווילן צו אַ רעזשים, ווי דער ראָסיסטישער, וואָס איז געווען אין אַבסאָלוטער סתירה צו אים.

ראָסאַס איז פאַקטיש און פאָרמעל געווען די רעגירונג פון אַרגענטינע

און סאַן מאַרטין האָט זיך געווענדט צו דער רעגירונג, נישט זי צו פאַרטיי־דיקן, נאָר די רעפּובליק.

ראָסאַס האָט נישט אָנגענומען סאַן מאַרטינס אָנבאָט, דאָס זאָגט אַ סאַך, ער האָט זיך געפילט זיכערער אָן סאַן מאַרטינען.

ווערטער און געדאַנקען פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע לייכטן אַרויס פון סאַן מאַרטינס בריוו און אָפיציעלע דאָקומענטן אויפגעקליבענע פאַר די דורות אין די אומצאָליקע שריפטן וועגן סאַן מאַרטינען. ביאָגראַפישע ווערק און ווערק פון אַרגענטינער געשיכטע, אין וועלכער עס האָבן סאַן מאַרטינען אָנגעהויבן אַריינצופירן פירער פון דער פרייער אַרגענטינע, ווי דאָמינגאָ פ. סאַרמיענטאָ און באַרטאָלאָמע מיטרע.

די ווייטערדיקע שורות זענען פאַרמירט פון נאָר אייניקע פון סאַן מאַרטינס ווערטער און אַפאָריזמען, וואָס דאָקומענטירן זיין סאָציאַל־אידעישן גאַנג:

„אין דעם לעצטן ווינקל פון דער וועלט, וועל איך ברענגען פאַר אַ קרבן מיין עקזיסטענץ פאַר דער פרייהייט".

„דער גענעראַל סאַן מאַרטין וועט קיינמאָל נישט פאַרגיסן דאָס בלוט פון זיינע מיטבירגער און ער וועט נאָר אַנטבלויזן זיין שווערד קעגן די שונאים פון דער דרום־אַמעריקאַנישער אומאָפּהענגיקייט".

„די טעג, אין וועלכע עס באַנייט זיך אַ בילדונגס־אַנשטאַלט, זענען אַזוינע טרויעריקע פאַר די טיראַנען ווי פריידיקע זיי זענען פאַר די ליב־האָבער פון דער פרייהייט".



בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ אין יאָר 1844

# בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ

די גרעסטע גאַס פון בוענאָס־איירעס, פון לאַנד און אפשר פון דער וועלט, איז די גאַס אין בוענאָס־איירעס וואָס הייסט ריוואַדאַוויאַ. עס איז דער נאָמען פון דער אַרגענטינער היסטאָרישער פערזענלעכקייט און פאָראויסגייער בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ.

געבוירן אין בוענאָס־איירעס אין יאָר 1780 — אין איינעם פון די יאָרן, אין וועלכע עס האָבן זיך איבער דער וועלט געטראָגן די אידעען און אידעאַלן פון פרייהייט, פון דעמאָקראַטישקייט און פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם, איז בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ אין זיין פריִער יוגנט אַרויף אויף די היסטאָרישע וועגן, וואָס ווערן היסטאָריש אויסגעטראָטן פון די פאָרויסגייער אַליין.

אַ טונקעלער מיט שוואַרצע געקרייזלטע האָר, גרויסע אָפענע אויגן, אַ הויכער שטערן, זעט אויס ריוואַדאַוויאַ ווי אַ מולאַט, וואָס קומט אַרויס פון אַ געמיש פון שוואַרץ מיט ווייס און איז פיזיש און גייסטיק קרעפטיק, ענערגיש, דינאַמיש און דעצידירט, ווי ריוואַדאַוויאַ איז דאָס געווען אין דער מאַי־רעוואָלוציע.

אינספּירירט פון די אידעען און אידעאַלן, וואָס האָבן אָנגעהויבן אויפצוגיין אין זיין צייט און עמאַנציפּירט פונעם געבוירן ווערן פונעם פרייען לאַנד אַרגענטינע, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון דער מאַי־רעוואָלוציע, איז ריוואַדאַוויאַ, דער צווייטער ציווילער מענטש אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, מיט זיין גאַנצן באַוווסטזיין אַלס אינטעלעקטואַל און הינטערבאַוווסטזיין, נשמהדיק, מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן געווען אין דער קאָנסטרוקציע פון דעם נייעם אַמעריקאַנישן לאַנד, וואָס האָט נאָר פאַרמאָגט די ערשטע באַפרייערישע דעקלאַראַציעס. אַלץ האָט געדאַרפט געבויט ווערן פון

אָנהייב אָן. ריוואַדאַוויאַ וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס מלוכה־בויער האָט זיך צו דעם גענומען מיט אַ ברייטן פאַרנעם, נישט האָבנדיק קיין מוסטער פאַר דער קאָנסטרוקציע פונעם נייעם לאַנד.

נישט אומזיסט האָט מען אין 1910 ביי דער פייערונג פון הונדערט־יאָריקן יובילייִ פון דער מאַי־רעוואָלוציע געדענקט ריוואַדאַוויאַן ווי דעם „ליכטיקסטן פון די אַרגענטינער פאַרויסגייער, אַ מוסטער פון רעגירער, דער נביא פון דער אַרגענטינישער קולטור, וועמען עס דאַרפן אימיטירן דאָס פאָלק, די יוגנט און די וואָס רעגירן".

גוט איז צו בויען אין פרידן. אָבער אָנשטאָט פרידן איז געווען קריג, אויסערלעכער קריג און אינערלעכער.

דאָס אימפּעריאַליסטישע שפּאַניע באַלד ווי זי איז געקומען צו זיך נאָך דער פראַנצויזישער אינוואַזיע האָט זיך גענומען צוריק צו דעראָבערן אירע קאָלאָניעס אין אַמעריקע און אויפן ערשטן פּראָנט איז געגאַנגען אַרגענטינע. צען יאָר האָט אָנגעהאַלטן אַ מלחמה צווישן אַרגענטינע און שפּאַניע. און אין דער זעלבער צייט איז אָנגעגאַנגען אַן אינערלעכע מלחמה, וואָס האָט כסדר געענדערט די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג פון די „כונטאַס", „טריומוויראַטן", „דירעקטאָרן". דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט אידעען און מיינונגס־פאַרשידנהייטן. עס איז געגאַנגען אַ קאַמף צווישן רעפּובליקאַנער און מאָנאַרכיסטן; צווישן קאָנסערוואַטיוון און ראַדיקאַלן, צווישן די איינוווינער פון די שטעט און די איינוווינער פון די דערפער; צווישן דעם צענטער און די פּעריפעריע; צווישן ציוויליזירטן בוענאָס איירעס און דעם פּרימיטיוון און ווילדן אינערן פון לאַנד; צווישן „ראַפינירטע טרוימער און באַרבאַרישע פאַרלוימדער" ביז עס איז דערגאַנגען צו דעם היסטאָרישן קאַמף צווישן די אוניטאַריער און די פעדעראַלן.

ריוואַדאַוויאַ איז געווען גרייט אָפּצוטרעטן, ווען דאָס האָט געקענט אויסמיידן אַ בלוטפאַרגיסונג.

אין אַזאַ צעשטורעמטער צייט מיט אויפרייסנדיקע אידעישע קעגנזאַצן, בונטן, רעוואָלטעס, האָט ריוואַדאַוויאַ פאַרגענומען און געטאָן קאָנסטרוקטיווע זאַכן פאַר אַרגענטינע — פון היסטאָרישער באַדייט. און אין אַ טאָג ווען ס'איז געווען אומפאַרמיידלעך זיין אָפּטרעטן אַלס אוניטאַרישער פּרעזידענט (דער ערשטער) פון דער רעפּובליק אין ווערן און אין געשטערט ווערן, האָט ער דעמיטירט און דערקלערט: „היינט וועט מען אפשר נישט זיין גערעכט צו דער איידלקייט און אויפריכטיקייט פון מיינע סענטימענטן. דאָך רעכן איך,

אַז די געשיכטע וועט דאָס טאָן אין אַ וועלכן עס איז טאָג. און אַז אין אַ וועלכן עס איז טאָג וועט דאָס טאָן דער נאָכקום" (די קומענדע דורות).

**
*

דער גורל אָדער די איראָניע האָט געוואָלט, אַז ריוואַדאַוויאַ, „דער גרעסטער ציווילער מענטש פון די אַרגענטינער און דער פּאָטער פון אונדזערע פרייע אינסטיטוציעס", ווי דער אַרגענטינער היסטאָריקער, גענעראַל און מלוכה־פּרעזידענט, באַרטאָלאָמע מיטרע שרייבט וועגן אים, זאָל אַזוי ווי דער היסטאָרישער סאַן מאַרטין און דער היסטאָרישער סאַרמיענטאָ — נישט שטאַרבן אין זיין פאָטערלאַנד, — ווו ער איז געבוירן געוואָרן און ווו ער האָט געלעבט, קעמפנדיק פאַר דער באַפרייאונג פון דעם לאַנד, וואָס איז געווען אַן אָפּגעשלאָסענע שקלאַפעריי קאָלאָניע פון שפּאַנישן אימפּעריאַליזם, ווו ער האָט געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון לאַנד; פאַר אָפּשאַפן די שקלאַפעריי; ווו ער האָט געקעמפט פאַר די דעמאָקראַטישע רעכטן פון די איינוווינער, פון פאָלק; פאַר זיין סאָציאַלער גערעכטיקייט; פאַר דעם פאָרשריט פון לאַנד און וועמענס פונדאַמענטאַלע, סאָציאַלע, ווירטשאַפטלעכע, אַדמיניסטראַטיווע, אינסטיטוציאָנעלע און קולטורעלע בויאונג ריוואַדאַוויאַ האָט מייסטערהאַפט אָנגעפירט, אָנפאַנגענדיק דאָס ווי איינער פון די מאַי־רעוואָלוציאָנערן און באַלד אַלס דער סעקרעטאַר פון דעם ערשטן היסטאָרישן טריומוויראַט, דערנאָך אַלס דיפּלאָמאַט, אָדער שליח פון דעם באַפרייטן אָבער נאָך באַדראָעטן אַרגענטינע — צו דער וועלט, הויפּטזעכלעך צו לאָנדאָן און פּאַריז, צוליב פאַרזיכערן די באַפרייאונג און דערגרייכן, אַז די „הייליקע אַליאַנץ" זאָל נישט שטיצן שפּאַניע אין איר קאַמף ווידער צו דעראָבערן און באַהערשן דאָס באַפרייטע אַרגענטינע. שפּעטער אַלס מיניסטער פון דער רעגירונג פון בוענאָס איירעס און פאָלגלעך אַלס דער ערשטער פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק.

ריוואַדאַוויאַ איז געשטאָרבן אין גלות אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט. ווי איינער פון דער געשיכטלעכער פּאָליטישער עמיגראַציע.

אין יאָר 1845 איז ריוואַדאַוויאַ געשטאָרבן נאָך דעם ווי ער איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין לאַנד, נאָכדעם ווי ער האָט אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט אַרומגעוואַנדערט אַכצן יאָר; נאָכדעם ווי מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט קיין אַרגענטינע, ווען ער איז אין אַ טאָג פון די אַכצן וואַנדער־יאָרן געקומען און געקלאַפּט אין די טירן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ — צו ענטפערן

אויף די פּאָליטישע אָנפאַלן, וואָס זענען פון דער ראַסיסטישער טיראַנישער דיקטאַטור געמאַכט געוואָרן אויף אים; און ווי עס האָט געוואָלט די זעלביקע איראָניע, איז ריוואַדאַוויאַ געשטאָרבן אין שפּאַניע; אין דעם מאָנאַרכיסטישן, פעאָדאַליסטישן און אימפּעריאַליסטישן שפּאַניע, פון וועמען אַרגענטינע האָט זיך באַפרייט נאָך יאָרן פון קאַמף און קעגן וועמען ריוואַדאַוויאַ האָט געקעמפט און אַ סך בייגעטראָגן צום זיג.

פון כאַאָטישן צושטאַנד אין וועלכן עס האָט זיך נאַטירלעך געפונען אין אָנהייב פון איר צווייטן יאָר די מאַי־רעוואָלוציע, זייענדיק נאָך אויך אַטאַקירט פון די שפּאַנישע קאָלאָניאַלע אַרמייען — איז אַרויסגעקומען אין סעפּטעמבער 1811 די ערשטע טריונווירראַט־רעגירונג, אָדער די רעגירונג פון דריי מענטשן אין באַשטאַנד פון טשיקלאַנאָ, סאַראַטעא און פּאַסאָ, ביי וועלכער ריוואַדאַוויאַ איז נאָר געווען איינער פון אירע דריי סעקרעטאַרן, אָבער לויט דעם פּראָפעסאָר וואַלערגא איז ריוואַדאַוויאַ געווען די נשמה פונעם ערשטן טריוּנווירראַט. עס איז אויסגעפאַלן אויף אים די אָרגאַניזירונג פון דער מלוכה, די באַפרייאונג פון די שקלאַפן, איינפירן דרוק־פרייהייט, איינפירן אַ שול־וועזן, אַ ביבליאָטעק־וועזן און פירן אין דער זעלביקער צייט דעם קאַמף קעגן דער שפּאַנישער רעאַקציע אין לאַנד.

ווי אין אַ פילם זענען געלאָפן די געשעענישן אין דער געשטאַלט פון רעגירונגס־ענדערונגען, שטאַטסקלעפּ, אויפשטאַנדן, רעוואָלוציאָנערע שריט. די „כונטאַ דע אָבסערוואַסיאָן", וואָס איז געווען נעבן טריוּנווירראַט און וואָס האָט געהאַט די פונקציע פון אַ לעגיסלאַטור האָט דיקטירט אַ רעגלאַמענט פאַר דער „רעגירונג פון דער קאָלאָניע פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ" און דורך דעם רעגלאַמענט האָט זיך די „כונטאַ" רעזערווירט די גאַנצע מאַכט, די כונטאַ איז דעריבער אויפגעלייזט געוואָרן און דער טריוּנווירראַט האָט זיך אַליין דיקטירט אַ פּראָוויזאָרישן סטאַטוט. דער טריוּנווירראַט האָט אַרויסגערופן דורך זיין האַנדלונג אַ מיליטערישן אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון סאַן מאַרטין און אַלוועאַר, וואָס זענען אין אָקטאָבער 1812 אַרויס מיט באַוואָפנטע קויכעס אויף דער פּלאַסאַ מאַזשאָ צו פאָדערן די דימיסיע פון ערשטן טריוּנווירראַט, באַשטימען אַ צווייטן און די קאָנסטיטוּירונג פון אַ נאַציאָנאַלן קאָנגרעס דורך פאָלקס־וואַלן. און אין דעם זעלביקן חודש איז שוין געווען דער צווייטער טריוּנווירראַט, אין באַשטאַנד פון זעלביקן פּאַסאָ און פון ראָדריגעז פּעניאַ און פון כאָנטע און ער האָט באַלד גערופן דאָס פאָלק צו וויילן דעפּוטאַטן פאַר אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס.

עס איז קלאָר, אַז דער ערשטער טריִומוויראַט האָט זיך נישט געשטעלט קעגן די דאָזיקע דעמאָקראַטישע פאָדערונגען אין פולן גייסט פון דער מאַי־רעוואָלוציע און עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז דער טריִומוויראַט, וועלכער איז געפירט געוואָרן פון ריוואַדאַוויאַן אין פרייהייטלעכן און דעמאָקראַטישן גייסט פון דער רעוואָלוציע האָט אַליין אויך געוואָלט דעם רעוואָלוציאָנערן שריט. אינטערעסאַנט איז די מיינונג פון סאַן מאַרטינען, וועלכער האָט אין אַ פריוואַטן בריוו צו טאָמאַס גידאָ געשריבן דאָן אין 1823: „איר ווייסט אַז ריוואַדאַוויאַ איז נישט מיין פריינט, אָבער נישט געקוקט אויף דעם קענען נאָר פאַרברעכנטע כיטראַקעס נישט פעיִק זיין מיט צופרידנהייט צו אָנער־קענען זיין אַדמיניסטראַציע, וואָס איז די בעסטע פון אַמעריקע״.

***

דער אינערלעכער קריג האָט זיך באַנייט און פאַרשטאַרקט, דאָך איז אין גאַנג פון יאָרן — פינף יאָר נאָך דעם באַזיגן די שפּאַניער — אויפ־געשטעלט געוואָרן אַ רעגירונג פון אַ קאָנגרעס מיט געזעצגעבערישע אַטרי־בוטן, וואָס האָט באַשטימט אַן עקזעקוטיווע מאַכט, אַ צענטראַליסטישע, אַן אוניטאַרישע און געוויילט אַ פרעזידענט פאַרן גאַנצן לאַנד; עס איז געווען דער ערשטער פרעזידענט פון דער רעפּובליק; בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ איז דאָס געווען.

אינספּירירט פון די מאָדערנע סאָציאַלע אידעען, אין גייסט פון דער מאַי־רעוואָלוציע, פון דער אוניווערסאַלער מענטשן־רעכט, פּראָקלאַמירט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין 1789, האָט ריוואַדאַוויאַ, אין איינ־קלאַנג מיט דער אַרגענטינישער רעאַליטעט, אין 1826, זיך געשטעלט לייגן דעם עקאָנאָמישן פונדאַמענט פונעם אומאָפּהענגיקן און אין שטח גוואַל־דיק גרויסן, אומבאַפעלקערטן, ווירטשאַפטלעך פרימיטיוון אין רויען לאַנד און ער האָט דורך אַ קאָלאָניזאַציע־געזעץ געשאַפן אַ קאָלאָניזאַציע־סיסטעם, וואָס האָט געהייסן „ענפיטעוזיס״.

דאַטירט אין בוענאָס איירעס, דעם 18טן מאַי 1826 האָט דער אַל־געמיינער קאָנסטיטוירונגס־קאָנגרעס פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ אָנגענומען און דעקרעטירט דעם פאָלגנדיקן געזעץ:

אַרטיקל 1 — די ערד, וואָס איז דאָס אייגנטום פון דער מלוכה און וואָס טאָר נישט ווערן קיין פּריוואַט־אייגנטום, אין גאַנצן לאַנד נישט,

לויטן געזעץ פון 15טן פעברואַר, וועט געגעבן ווערן אין ענפיטעוזיס (פאַרדונגען ווערן) אויף אַ טערמין נישט ווייניקער פון צוואַנציק יאָר.

אַרטיקל 2 — דער וואָס וועט אויף אַזאַ אופן באַקומען ערד, וועט אין די ערשטע צען יאָר צאָלן אין דער מלוכה־קאַסע אַ רענט פון 8 פּראָצענט יערלעך אויף דעם פּרייז, וואָס וועט געשטעלט ווערן פאַר דער דאָזיקער ערד — אויב עס איז פאַר פאַשע און 4 פּראָצענט אויב פאַר ברויט (אַגריקולטור).

אַרטיקל 3 — דער ווערט פון דער ערד וועט גלייכהייטלעך באַשטימט ווערן פון אַ יורי פון פינף נאָענטע אייגנטימער, אָדער פון דריי אין פאַל עס זענען נישטאָ קיין פינף.

עס איז אַן עקאָנאָמישער געזעץ אין וואָס עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דער פּראָיעקט, וואָס דער ערשטער פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק אין באַשאַף דאַן בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ האָט אַריינגעשיקט אין דעם געזעצגעבערישן קאָנגרעס, נישט נאָר אַלס עמערגענץ־מיטל צו באַפרייען דאָס נייע אַמעריקאַנישע לאַנד פון אַ שאַרפן און געפערלעכן עקאָנאָמישן קריזיס, נאָר ווי אַן אַרבעט פון אַ פיל־פונקטיקן עקאָנאָמישן קאָנסטרוקטיוון מלוכהשן אַרבעטס־פּראָגראַם פאַר באַלדיקע באַדערפענישן און פאַר צוקונפטיקע.

די איינפירונג פון אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלן; די ענדערונג פון אַן אַבסאָלוטיסטישע רעגירונג אויף אַ באַגרענעצטע און אַ פאַראַנטוואָרטלעכע; די איינשטעלונג פון אַ רעפּרעזענטאַטיוון סיסטעם און אַ פּאַרלאַמענטאַרישן רעזשים; דאָס אָפּשאַפן די געהיימנישן פון רעגירן און אַרויסשטעלן די רעגירונגס־טואונגען פאַר דער עפנטלעכקייט; דאָס באַשיצן די פּערזענלעכע פרייהייט; איינשטעלן פרייהייט פון גלויבן, פון געדאַנק; דאָס שאַפן אַן אוניווערזיטעט פאַר העכערע פּראָפעסיאָנעלע בילדונג; דאָס שאַפן אַ שול פאַר מיטעלער בילדונג און די אָנפאַנג־שול; דאָס שאַפן עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, ווי דעם באַנקוועזן, האַנדלס־בירזשע, אימיגראַציע־שוץ, אַגראַר־קאָלאָניעס; דאָס שאַפן די פּאָסט־אינסטיטוציע (און וואָס האָט ריוואַדאַוויאַ אַלץ נישט געשאַפן אָדער פאַרגענומען אין די זעכצן חדשים פון זיין רעגירן אַלס פאַרגייערישער פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק?) — זענען נישט געווען נאָר עקאָנאָמישע ווערק. עס זענען אָבער געווען די פאַרבינדונגען צווישן אַלץ עקאָנאָמישע; דאָס וואָס עס איז נישט געווען עקאָנאָמישע פּאָליטיק, איז געווען פּאָליטישע עקאָנאָמיע. כאַראַקטעריסטיש

איז דער ריוואַדאַווישער ענפּיטעוזיס־געזעץ, וואָס דערלויבט מיינונגס־פֿאַר־שידנקייטן. אַזוי דערלויבט ער צו מיינען, אַז ריוואַדאַוויאַ — דער סאָציאַ־ליסטיש־אינספּירירטער און אָריענטירטער וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס „פֿאַרווערט אין גאַנצן לאַנד דאָס פֿאַרוואַנדלען אין פּריוואַט־אייגנטום ערד און אַלע אַנדערע אומבאַוועגלעכע גיטער פֿון עפֿנטלעכן (מלוכהשן) אייגנטום דורך פֿאַרקויפֿן דאָס, אָדער אַוועקשענקען, אָדער דאָס טאָן אין אַ וועלכער עס איז אַנדערער פֿאָרעם. און עס ווערט דערקלערט נול יעדער פּריוואַט־אייגנטום־טיטל, וואָס מען וועט קריגן נאָך דער דאָזי־קער רעוואָלוציע" — האָט עס געטאָן אין גייסט פֿון סאָציאַליזם.

אָבער דער זעלביקער ענטפּיטעוזיס־געזעץ דערלויבט אויך צו מיינען, אַז ריוואַדאַוויאַ, מיט דער גאַנצער פֿאַראַוואָרטלעכקייט אַלס דער מלוכה־פּרעזידענט, האָט עס געטאָן צוליב עכטער עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט, צו האָבן מיט וואָס צו גאַראַנטירן די מלוכה־הלוואות, וואָס מ'האָט שוין געמאַכט און וועלכע מען וועט דאַרפֿן מאַכן; צו סטימולירן די לאַנדווירט־שאַפֿט און שאַפֿן אַ מעגלעכקייט פֿון אַ מאַסן־קאָלאָניזאַציע; צו שאַפֿן אַ קוואַל פֿון געזיכערטער, פּראָגרעסיווער און וואַקסנדער הכנסה פֿאַר דער מלוכה — און דאָס איז נישט אין סתירה צום סאָציאַליזם; אוודאי נישט צום עטישן, ראָמאַנטישן און אוטאָפּישן סאָציאַליזם פֿון יענער צייט, ווען פּריוואַט־אייגנטום איז נאָך נישט אַריין אין דער סאָציאַליסטישער טעמאַ־טיק און ריוואַדאַוויאַ, אַ סאָציאַליסטישער דענקער, האָט גאָר אונטערגע־שטראָכן די אומבאַרירלעכקייט פֿון פּריוואַט־אייגנטום.

ריוואַדאַוויאַ אַלס מלוכה־פּרעזידענט פֿון דער אוניטאַרישער רעגירונג האָט דעמיטירט. דער אינערן פֿון לאַנד אין באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד, אונטער דער רויטער פֿאָן פֿון גאַוטשישן פֿעדעראַליזם, בראש פֿון מעראָריסטישע קאָמאַנדאַנטן, האָט אַוואַנסירט. ריוואַדאַוויאַ האָט וואַרשיינלעך נישט געזען קיין מעגלעכקייט אָנצוגיין ווייטער מיטן פֿרידלעכן אויפֿבוי פֿון דער מלוכה אין אָנגעזיכט פֿון דאָזיקן אַוואַנס און — דעם 3טן יולי פֿון 1827 האָט דער קאָנגרעס אַקצעפּטירט ריוואַדאַוויאַס דעמיסיע.

די ערד איז אין יעדן לאַנד דער עיקר פֿונעם לעבן. דאָ, אין אַרגענ־טינע, איז די ערד די הויפּטזאַך און זי איז דאָס נאָך מער געווען אין ריוואַ־דאַוויאַס צייטן: ריוואַדאַוויאַ האָט שוין אין די ערשטע טעג פֿון זיין רעגי־רונגס־אַדמיניסטראַציע זיך פֿאַרנומען מיט דעם אַגראַר־פּראָבלעם. ער האָט באַלד אויפֿגענומען דאָס פּראָבלעם פֿון סאָציאַלן, דעמאָקראַטישן, באַפֿעלקע־

רישן, פּראָדוקטיווויזירנדיקן און פּראָגרעסיסטישן שטאַנדפּונקט. ער דער־קלערט דעם דעקרעט פון 4טן סעפּטעמבער 1812 וועגן אַראָפּנעמען טאָפּאָ־גראַפישע פּלאַנען פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס מיט די פאָלגנדע ווערטער: „דאָס ווערט געמאַכט מיטן צוועק אומבאַצאָלט צו צעטיילן פאַר די קינדער פון לאַנד די ערד פאַר פּראָפּאָרציאָנירטע פעלדער און „טשאַ־קרעס" פאַרן קערנער־פּאַרזיי אונטער אַ פּאָליטישן סיסטעם, וואָס זאָל פאַר־זיכערן דאָס באַפעלקערן זיך און דאָס גליק פון אַזוי פיל פּאַטריצישע (אַרגענטינישע) פאַמיליעס, וואָס זייענדיק קרבנות פון דער גייציקייט פון די מעכטיקע, לעבן זיי אין נויט, אין דערשלאָגנקייט, אין סקאַנדאַליעזער סתירה צום גראַדן שכל און אין שאָדן פאַר די אמתדיקע אינטערעסן פון דער מלוכה".

אָבער די דאָזיקע ווונדערבאַרע לייזונג פון אַגראַר־פּראָבלעם דורך דער מלוכה, האָבנדיק אין זין די צייט פון פעאָדאַליזם אויף דער וועלט, מיטן אויסנאַם פון יענע לענדער אין מערב־אייראָפּע, ווו ער איז באַקעמפט גע־וואָרן פון דער בורזשואַזיע — איז אָפּגעשטעלט געוואָרן מיט ריוואַדאַוויאָס אַרויסגיין פון דער רעגירונג דאָ אין לאַנד אויף אַ צייט פון צען יאָר ביז ריוואַדאַוויאַ האָט זיך אומגעקערט פון זיינע אַרגענטינער דיפּלאָמאַטישע מיסיעס אין אייראָפּע און ווען ער האָט זיך ווידער געשטעלט ביי דער מלוכה־פירונג צוערשט אַלס מיניסטער ביי דער רעגירונג פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס (די רעגירונג פון בוענאָס־איירעס איז פאַקטיש געווען די רעגירונג פון לאַנד) און נאָך דעם אַלס פּרעזידענט — דער ערשטער פון דער רעפּובליק.

עס איז געווען אין די יאָרן 18, 19 און 20 פון פאָריקן יאָרהונדערט. אין לאַנד איז געוואַקסן אַן אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונג אונטער דער פאָן פון פעדעראַליזם קעגן דער צענטראַליסטישער טענדענץ פון דער „וניטאַרישער" רעגירונג. די צוויי טענדענצן זענען געקומען אין גוואַלדזאַמען צוזאַמענ־שטויס, וואָס האָט ניט נאָר אָפּגעשטעלט די ווירטשאַפטלעכע בויונג פון לאַנד, נאָר אויך געדראָעט מיט צעשטערן אַלץ וואָס איז שוין געבויט און געשאַפן געוואָרן און אין אַזאַ צעשטורעמטן מאָמענט האָט זיך ריוואַדאַוויאַ אומגעקערט צום רעגירונג־רודער, אַלס רעגירונגס־מיניסטער ביי דער רע־גירונג פון גובערנאַטאָר מאַרטין ראָדריגעז. עס איז די רעגירונג פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, וואָס האָט אויך די אַרגענטינער רעפּרעזענטאַנץ

פאַר אויסלאַנד און וואָס איז, ווי געזאָגט, די פאַקטישע רעגירונג פון גאַנצן לאַנד.

מיט וואָס האָט ריוואַדאַוויאַ באַנייט זיין רעגירונגס־טעטיקייט? דאָס ערשטע האָט ער געמאַכט, אַז די רעגירונג זאָל זיך באַפרייען פון אירע אוי־סעראָרדנטלעכע פולמאַכטן מיט וואָס זי איז געווען פאַרזאָרגט און וואָס שטימט קיינמאָל ניט מיט קיין דעמאָקראַטישן פּרינציפּ און אַנשטאָט דעם איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „כונטאַ דע רעפּרעזענטאַנטעס", אַ מין פּאַרלאַ־מענט אויף דער באַזע פון אַלגעמיינעם גלייכן וואַל־רעכט. און ריוואַדאַוויאַ האָט צוגעטראָגן אַ געזעץ־פּראָיעקט צו דער כונטאַ דע רעפּרעזענטאַנטעס. עס איז דער „לעי דע אָלווידאָ" — אַ געזעץ פון פאַרגעסן, פון מוחל זיין די עוולות פון די פּאָליטישע קעגנער, וואָס זענען געווען פאַרפאָלגט און אַ סך זענען געווען אין גלות, אַנטלאָפן, פּאָליטישע עמיגראַנטן. ריוואַדאַוויאַ באַ־גרינדעט זיין געזעץ־פּראָיעקט זאָגנדיק: „עס איז נויטיק (צוליב אַלעמענס פרייהייט און גליק) נישט צו געדענקען די עוולות און די פעלערן, נישט גע־דענקען די שוואַכקייטן וואָס האָבן דעגראַדירט די מענטשן אָדער שלאַ־בעריק געמאַכט די פּעלקער אין דער דאָזיקער שווערער און באַרימטער אונטערנעמונג".

און ריוואַדאַוויאַ האָט ווידער אויפגענומען דאָס אַגראַר־פּראָבלעם מיט מער ידיעות וועגן דעם, מיט מער דערפאַרונג, מיט מער פאָרשונג אין דער זעלביקער צייט אונטערגענומען און אויסגעפירט פּלאַנמעסיקע און צוועקמעסיקע עקאָנאָמישע קאָנסטרוקציעס, ווי די קאָנסטרוקציע פון בוענאָס איירעסער פּאָרט. די גרינדונג פון שטעט אין פּאַטאַגאָניע, באַוואַרטיקונג פון דער מלוכה ערד, פאַרוואַנדלענדיק זי אין אַ הכנסה־קוואַל פון דער מלוכה, אין קעגנזאַץ צו דעם סיסטעם פון אַוועקשענקען די ערד צו פּריוואַט פּערזאָנען, וואָס האָט געשאַפן דאָ דעם לאַטיפונדיזם; האָט אָפּגעשאַפט די עקלעסיאַסטישע געזעצן און שטייערן פאַר וואָס די קירכע האָסט ריוואַ־דאַוויאַן און האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן אים צו האַסן, ווייל ניט נאָר די דאָזיקע פּריווילעגיע האָט ער ביי איר צוגענומען, נאָר ער האָט אויך איינ־געפירט די וועלטלעכקייט אין דעם בוענאָס־איירעסער אוניווערזיטעט, וואָס ער האָט געשאַפן און ער האָט אַפילו געזען, אַז די פּרוי זאָל אויך האָבן איר נוצלעכע געזעלשאַפטלעכע פונקציע און געגרינדעט די „סאָסיעדאַד דע בע־נעפיסענסיאַ" פאַר סאָציאַלער הילף, כאָטש די דאַמען, וואָס שטייען באַ דער

דאָזיקער אינסטיטוציע, אנטשפּרעכן ווייט ניט מיט זייער מין ווילטעטי־
קייט די סאָציאַלע הילף וואָס ריוואַדאַוויאַ איז אויסן געווען.

און אין הסכם מיט דעם געדאַנק אַז די ערד איז אַלעמענס און דאַרף
דעריבער ניט זיין קיין פּריוואַט־אייגנטום און אַז דער קאָלעקטיווער באַלע־
באָס פון דער ערד איז די מלוכה, האָט ריוואַדאַוויאַ אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט
אין יולי 1822, אַז די ערד אין רשות פון ווירטשאַפט־מיניסטעריום, וועט
ניט פאַרקויפט ווערן נאָר וועט אָפּגעגעבן ווערן אין אַרענדע. דאָס איז גע־
ווען אויף דעם געביט אַ ווייטערער שריט נאָך יענעם דעקרעט פון 1812
און דער דאָזיקער ווייטערער שריט ניט צו פאַרוואַנדלען די ערד אין פּרי־
וואַט־אייגנטום איז געווען אַ דערגענטערונג צו דעם ריוואַדאַוויאַ־געזעץ נאָר
צו פאַרדינגען די ערד, אָדער געבן איר אין אַרענדע צו די פּראָדוקטאָרן,
צו די וואָס ווען זי באַאַרבעטן.

דאָס איז געווען בעת דער פּרעזידענץ פון רעוואַדאַוויאַ אין 1826, ווען
ריוואַדאַוויאַ איז געווען פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און ווען דער אַר־
גענטינער פּאַרלאַמענט פון יענער צייט אין פולער האַרמאָניע מיט דער
רעגירונג האָט סאַנקציאָנירט דעם אַגראַר־געזעץ, דעם „לעי דע ענפיטעו־
זיס".

רעזערווירן די ערד לטובת די וואָס באַאַרבעטן זי און לטובת דער
מלוכה, וואָס ווי אַ דעמאָקראַטישע איז זי צו באַדינען די איינוווינער באַ־
פעלקערן דאָס לאַנד דורך אַרויסרופן אַהער אַן איינוואַנדערונג אַ דאַנק דער
באַלדיקער פאַרזיכערונג פון אַרבעט און לעבנסמיטלען ביי די גאַראַנטיעס
פון פרייהייט און מצד די געזעצן און די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע —
דאָס איז דער צוועק פון אַגראַרישן ריוואַדאַוויאַ־געזעץ, וואָס איז געווען
נאָר איינע פון ריוואַדאַוויאַס היסטאָרישע ווערק פון מלוכה־בוי, ווי דאָס איז
אויך געווען דאָס ווערק פון שאַפן די פרייע, דעמאָקראַטישע לאַנד־אינסטי־
טוציעס, ווי דער גענעראַל קאָנגרעס (פּאַרלאַמענט), וואָס ער האָט דערעפנט
אין דעצעמבער 1824 און וואָס האָט אין 1826 סאַנקציאָנירט אַ לאַנד־
קאָנסטיטוציע, וועלכע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן אין גייסט פון דער מאַי־
רעוואָלוציע דורך דער ראָסיסטישער פּוריע, וואָס איז אָנגעקומען פון די
לאַטיפונדיעס, וועלכע האָבן זיך געקענט זען אין געפאַר ביי דער אָנווענ־
דונג פונעם ריוואַדאַוויאַ־געזעץ.

ריוואַדאַוויאַ אַלס מלוכה־פּרעזידענט האָט זיך געזען אין דער נויט צו

דעמיטירן און ער האָט דעמיטירט: „איך בין געווען דאָס רעכט — זאָגט ער אין זיין דעמיסיע — און איך וויל ניט זיין די מאַכט".

דאָס איז געשען דעם 3טן יולי 1827, נאָכדעם ווי בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ איז געווען אויסגעוויילטער פּרעזידענט פון די פּאַררייניקטע פּראָווינצן פון וואַלן, וועלכע זענען דורכגעפירט געוואָרן דעם 7טן פעברואַר 1826. דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט אָנגענומען די דעמיסיע פון ערשטן אַרגענטינער פּרעזידענט. ער האָט רעפּרעזענטירט די אוניטאַרישע באַוועגונג, די שטאָטישע אינטעליגענץ, פרייהייט, מענטשנרעכט, פּראָגרעסיווע סאָציאַלע אידעען און דאָס גאַנצע הומאַנישע מיט וואָס עס איז געווען אָנגענומען די מאַי־רעוואָלוציע.

קעגן דער רעוואָלוציע אין גאַנג צו קאָנסאָלידירן זיך — די מאַי־רעוואָלוציע פון שטאָט — האָט זיך אויפגעכאַפּט דאָס פעלד; קעגן דער אוניטאַרישער רעגירונג פון בוענאָס־איירעס האָט רעבעלירט דער פעדעראַליסטישער אינערן פון לאַנד; קעגן דער פּרעזידענץ פון ריוואַדאַוויאַ איז אַרויס פון דיווילדע וועלדער און וויסטע פעלדער — קיראָגאַ, הינטער וועמען עס איז געגאַנגען דער מיליטאַריסט ראָסאַס און געטראָגן מיט זיך די ערשטע און די שוידערלעכסטע דיקטאַטור אין לאַנד.

ריוואַדאַוויאַ איז אַוועק, אַכצן יאָר האָט ער אַרומגעוואַנדערט אין אויסלאַנד. דער ראָסיסטישער טאָטאַליזם ביי דער מאַכט האָט ריוואַדאַוויאַן נישט אַריינגעלאָזט אין זיין פאָטערלאַנד; נישט אַריינגעלאָזט דעם פּאַרויסגייער, דעם בויער, דעם פּיאָנער.

און ריוואַדאַוויאַ איז געשטאָרבן אין שפּאַניע, אין יאָר 1845.

# עסטעבאַן עטשעווערי‎אַ

> שקלאַפֿן, אָדער אונטערוואָרפֿענע צו דער אַבסאָ־לוטער מאַכט, האָבן נישט קיין פֿאָטערלאַנד, ווייל דאָס פֿאָטערלאַנד באַשטייט נישט אינעם געבורטלאַנד, נאָר אין דער פֿרייער אויסאיבונג און אין פֿולן גענוס פֿון די בירגער־רעכטן.
>
> טטשעווערי‎אַ

1

דאָ שרייבט זיך פֿון איינעם פֿון די אַרגענטינער היסטאָרישע פּערזענ־לעכקייטן, אַ פּאָרויסגייער, דער וואָס האָט מער פֿון אַנדערע אין אָנהייב פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט אויסגעדריקט סאָציאַליסטישע אידעען און האָט זיך פֿאַרדינט צו ווערן אָנערקענט פֿאַרן פֿאָטער פֿונעם סאָציאַליזם אין אַרגענ־טינע, אָדער פֿאַרן זיידן פֿונעם אַרגענטינער סאָציאַליזם, כאָטש ער איז יונג געשטאָרבן און אויב פֿאַרן פֿאָטער פֿונעם אַרגענטינער סאָציאַליזם איז אָנערקענט כואַן ב. כוסטאָ.

— עסטעבאַן עטשעווערי‎אַ.

ער איז געבוירן געוואָרן אין בוענאָס־איירעס דעם 2טן דעצעמבער פֿון 1805. פֿינף יאָר פֿאַר דער היסטאָרישער אַרגענטינער מאַי־־רעוואָלוציע, ווען זי איז געווען אין געבורט אין דער אימפּעריע פֿון קאָלאָניאַלן שפּאַניע אין אַמעריקע.

אַ סימבאָלישע געמיינזאַמקייט צווישן דער אַרגענטינער רעוואָלוציע און דעם רעוואָלוציאָנער עטשעווערי‎אַ. זיי האָבן געטראָגן די זעלביקע אי־דעען, אומרויִק געווען פֿון די זעלביקע אינטויִציעס; געטרונקען איינצייטיק פֿון די זעלביקע נייע, הומאַנע, סאָציאַלע, עטישע און עסטעטישע וועלט־קוואַלן; זיי זענען געווען באַפֿרייעריש, באַנייעריש; פֿאַר דער געמיינזאַמער

זאַך געליטן, געשטריטן; אונטערדריקט געוואָרן פון דער דיקטאַטור, פון טעראָר און זיך פון דעם באַפרייט דורך דעם מאַרטיראָלאָגישן גאַנג פון די קאַסטעליס; פון די לאַוואַזשעס; פון די אַוועזשאַנעדאַס; פון די וואַרעלאַס און דורך דעם העראָישן קאַמף און זיג פון די אורקיסאַס.

די געמיינזאַמע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן און אידעען פון מאַי און פון עטשעווערי‌אַ האָבן זיך פּאַרוואָרצלט אין דער אַרגענטינער ערד, אין דער טראַדיציע, אין דער פּסיכיק, אין די אינטערעסן פון דער פּאָלקס מערהייט און זיי האָבן זיך צעוואַקסן אין פּאַרלויף פון דער צייט; זייער רעוואָלוציאָנערישקייט און סאָציאַלע פּראָגרעסיווקייט האָט זיי אומשטערבלעך געמאַכט און אומפּאַרעלטערט; זייער מיסיע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט לעבט אין איר גאַנג פון דערגרייכונג און רעאַליזאַציע, איז אויך אַקטועל אין די טעג פון אונדזער רעוואָלוציאָנערער צייט.

לויט דער קאָלעקציע קורצע ביאָגראַפיעס פון „100 מייסטער פון דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור", אַרויסגעגעבן פון לימבאָ פּאַרלאַג אין בוענאָס איירעס אין 1946, איז עטשעווערי‌אַ געשטאָרבן דעם 9טן יאַנואַר 1851; עראָס ניקאָלאַ סירי אין זיין פּראָלאָג צו עטשעווערי‌אַס בוך פּראָזאַישע און פּאָעטישע שריפטן: „קלאַסיציזם ראָמאַנטיציזם" און „טרייסטן", אַרויסגעגעבן פון סאָפּאָס פּאַרלאַג אין בוענאָס-איירעס, שרייבט, אַז עטשעווערי‌אַ איז געשטאָרבן דעם 12טן יאַנואַר 1851; כואַן מאַרי‌אַ גוטיערעס, אין זיינע „ביאָגראַפישע נאָטיצן" וועגן עסטעבאַן עטשעווערי‌אַ, קאָנדענסירט און עקספּאָנירט אויף 77 בוך-זייטן, ווי אַן אַריינפיר צו עטשעווערי‌אַס געשיכטלעכסטע ווערק: „דאָגמאַ סאָסיאַליסטאַ", אַרויסגעגעבן פון פּאַרלאַג „קולטוראַ אַרכענטינאַ" אין בוענאָס-איירעס אין 1915, שרייבט אַז עטשעווערי‌אַ איז געשטאָרבן דעם 19טן יאַנואַר 1851.

אַלע זענען אָבער איינשטימיק, אַז עסטעבאַן עטשעווערי‌אַ איז געשטאָרבן אין 1851.

עטשעווערי‌אַ, אַן אוניווערסאַלער גייסט און פיגור, האָט זיך אידענטיפיקירט מיט דער אַרגענטינער מאַי-רעוואָלוציע פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע און סאָציאַלע גערעכטיקייט, דורך דעם וואָס עס האָט זיך געשאַפן די אַרגענטינישע נאַציאָנאַליטעט און דאָס אומאָפּהענגיקע אַרגענטינע; עטשעווערי‌אַ איז די דערמאָנונג פון דער סאָציאַל-ראָמאַנטישער עפּאָכע, אין וועלכער ס'האָבן אָנגעהויבן אויפצוקומען די מענטאַלע, סענטימענטאַלע און סאָציאַלע שטרעבונגען און באַוועגונגען פאַר ענדערן די פאָרעם, צוזאַ־

מען מ׳טן אינהאַלט פון לעבן, עס פאַרבעסערן, פאַרשענערן, פאַרווירדיקן, דערהויבן; ציוויליזאַטאָריש, קולטורעל, פּרינציפּיעל, אידעאַליסטיש אַדורכ־ברעכן די געטאָ־ווענט פונעם מיטלאַלטער, צערייסן די קייטן פון שקלאַ־פעריי, אָפּשאַפן די אומגלייכהייט צווישן מענטש און מענטש, אַוועקנעמען די שטיינער אויף די היסטאָרישע וועגן און צענעמען איינשטעלונגען אויף די וועגן צו פּראָגרעס און אין גייסט פון אַזאַ דורכגעפילטע, דורכגעטראַכטע, אויסגעטרוימטע און אויסגעפּלאַנטע שיינע און דערהויבענע וועלט, צוליב וועלכער מען האָט געוואָלט לעבן און געלעבט דאָס אייגענע פּיזישע לעבן אין מאַטעריעלער נויט, אין אומזיכערקייט, אין געפאַר, אין ווייטיק, אין מאַר־טירעריי מיטן טויט שטענדיק פאַר די אויגן און אין די האַסטיקע קלעפּ פון האַרצן — דענקען, פילן, טאָן, אָנשטרענגען זיך איינשטעלן זיך און גיין אין רעוואָלוציע מיטן גאַנצן קאָנסטרוקטיוון געצייג אין די הענט, אין קאָפּ און אין האַרץ, וואָס האָט געגעבן לעבן דער פּאָעזיע, רעוואָלוציאָנירט אויך דורך דער פּאָעטישער מייסטערשאַפט פון עטשעווערי‍אַ — צו בויען די נייע סאָציאַלע אָרדענונג, דעם סאָציאַליזם אויף דער ערד, אין דער ווירק־לעכקייט, אין פאַרבינדונג מיט דער צייט, אָרט, באַדערפעניש, באַדינגונגען, מעגלעכקייטן, גייענדיק כסדר צו ווייטערע דערגרייכונגען פאַר סאָציאַ־ליזם, וואָס נעמט אַלץ אַרום לטובת דעם מענטש אין דער געזעלשאַפט און דער געזעלשאַפט פון מענטשן; אָרגאַניזירנדיק די נייע געזעלשאַפט פאַרן סאָציאַליזם, וואָס איז נאָך היינט דער סאָציאַלער ציל פון דער מענטשהייט, כאָטש עס איז שוין אַ סך סאָציאַליזם דערגרייכט און שרייבנדיק מיטן סאָ־ציאַליסטישן ווייטזעענדיקסטן ציל פאַר די גייסטיקע אויגן צוגעפּאַסטע סאָ־ציאַליסטישע פּראָגראַמען צו רעאַליזירן.

אַזוי האָט געטון עסטעבאַן עטשעווערי‍אַ.

***

אַזוי ווי מאַרענאָ, ווי סאַן מאַרטין, ווי סאַרמיענטאָ — איז אויך עטשעווערי‍אַ נישט געשטאָרבן אין אַרגענטינע, אין דעם לאַנד פון זיין נביאות, פון זיינע טרוימען, פון זיין דיכטונג און פון זיינע ליטעראַרישע, אינטעלעקטועלע, פּאָליטישע און סאָציאַליסטישע פּירער — שריט מיט אַ היסטאָרישן פאַרנעם, וואָס האָט אים געשטעלט אין דעם אַוואַנגאַרד פון די אַרגענטינער פּראָסערס — נביאים פאָרגייער — היסטאָרישע פּערזענלעכ־קייטן. עטשעווערי‍אַ איז געשטאָרבן אין מאָנטעווידעאָ, ווו און ווען ער איז

געווען אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט אין פרייהייטלעכן שוץ. נישט אַזוי קעגן דער פיזישער פאַרפאָלגונג פון דער טעראָריסטישער, אַנטי־מאַישער דיק־טאַטור פון מאַנועל ראָסאַס דעספּאָטישע רעגירונג, וואָס האָט עטשעווערריאַן אַרויסגעטריבן פון זיין אייפערדיק ליב פאָטערלאַנד, געבורטסלאַנד, היימ־לאַנד, ווי צוליב זיין שרייבערישער טעטיקייט וואָס האָט אין אַרגענטינע, אונטער דעם 20־יעריקן רעזשים פון דער חושכדיקער צייט פון ראָסאַס ניט געקענט זיין און וואָס קאָן נאָר זיין אין אַ פרייען קלימאַט.

ווי אַלע דיקטאַטורן האָט זיך אויך די ראָסיסטישע אויסגעצייכנט מיט אַ רעזשים פון אומברענגען די קעגנערישע קעפּ דורך אַלע מיטלען: לע־גאַלע און אומלעגאַלע. דאָס געריכט, איז אונטערוואָרפן דער מאַכט און עס איז זיין פונקציע אויסצופאָלגן דעם ווילן פון דער רעגירונג און דאָס וואָס זי דיקטירט. און דאָס איז די לעגאַליטעט פון אַ דיקטאַטור, אָבער דער טעראָר־רעזשים באַנוגנט זיך נישט מיט זיינע לעגאַלע מיטלען. קאָסטעליס אָפּגעהאַקטער קאָפּ איז אַזוי לעגאַל ווי אומלעגאַל אַרויסגעשטעלט געווען אויף אַ סלופּ אויף דער פּלאַסע פון טשאַסקאָמוס, אַזוי ווי אַוועזשאַנעדאַס אַראָפּגעהאַקטער קאָפּ איז פון דער לעגאַלער אָדער אומלעגאַלער האַרדע אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויף דער פּלאַסע אינדעפּענדענסיאַ פון טוקומאַן; דעם גענעראַל לאַוואַזשע האָט די מאַזאָרקע פון דער „סאַנטאַ פעדעראַסיאָן" פון מאַנועל ראָסאַס אין אַ הויז פון ווייטן כוכוי צעשניטן אַ לעבעדיקן.

פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דרום און פון צפון קעגן דעם טעראָר־רעזשים פונעם „רעסטאַווראַטאָר", האָבן זיי מיט ווייסן און געוויסן דערוואַרט זייער גלאָריעזן סוף.

עטשעווערריאַ, וואָס האָט שוין געהאַט אויפגעשריבן די סאָציאַליס־טישע דאָגמע און אָרגאַניזירט פאַר איר רעאַליזאַציע די „מאַי־אַסאָציאַציע" פון דער יוגנט, פונעם נייעם דור און וואָס האָט אין 1840, ווען לאַוואַזשע האָט זיך אַ ווייז געטון מיט זיין באַפרייערישע אַרמיי אין דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, אונטערגעשריבן אַ דעקלאַראַציע, „אַז ראָסאַס איז אַ העס־לעכער טיראַן אוזורפּאַטאָר פון דער פאָלקס־סוווערעניטעט". „אַז די אַזוי גערופענע «סאַלאַ דע רעפּרעסענטאַנטעס» איז נאָר געמאַכט געוואָרן פון ראָסאַס צו געבן אַ געוויסן שיין פון לעגאַליטעט זיינע אַטענטאַטן און נישט זי איז און נישט זי קען זיין אַן אָרגאַן פונעם ווילן פון פאָלק"; „אַז באַלד ווי עס וועט דערגרייכט ווערן דער גראַנדיעזער צוועק (באַזייטיקן די רע־גירונג פון ראָסאַס — פּ. וו.), איז אונדזער אינטימסטער ווונטש, אַז דורך

פרייע וואַלן זאָל דאָס סוווערענע פאָלק ווײַלן זײַן רעפּרעזענטאַנץ, וואָס דאַרף זײַן דער וועכטער פון זײַנע רעכטן און דער לעגיטימער אָרגאַן פון זײַן ווילן״ און אַז „מיר שרײַבן אונטער דעם דאָזיקן אַקט דעצידירט אונ־טערצושטעלן אונדזער אָרעם און חתמענען מיט אונדזער בלוט דאָס וואָס מיר דערקלערן אין אים״ — עטשעוועריאַן, וואָס האָט מיט זײַן פען אַזוי פיל בײַגעטראָגן צו דער פאַרניכטונג פונעם ראַסיזם, האָט דאָך די ראַסיס־טישע האַק נישט געטראָפן; דווקא ער, מיט לײַב און לעבן אַרײַנגעטאָן אין דער זאַך צו באַפרײַען אַרגענטינע, דאָס מאַי־רעוואָלוציאָנערע אַרגענטינע, פון דער דיקטאַטור וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף דעם יונגן פון פרײַהייט געבוירענעם לאַנד, האָט פיזיש נישט געליטן פון דער ראַסיסטישער מאַכט, אָבער זײַן באַפרײַערישע אַקטיוויטעט האָט נישט געקענט זײַן דאָ, ווו קיין פרײַהייט איז נישטאָ.

און עטשעוועריאַ איז אַוועק אויף דער אַנדערער זײַט פונעם פאַראַנאַ; אויף דער אַנדערער זײַט פונעם אורוגוויי און אויף דער אַנדערער זײַט פונעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ — נישט אויפצוהערנדיק זײַן צעוויטיקטע האַרפע אויף אַ ווערבע פון דער אויסלענדישער ערד, ווי עס שרײַבט עטשעוועריאַס צײַט־חבר גוטיערעז, נאָר פאַרצוזעצן מיט זײַן רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע און סאָציאַליסטישער פּראָזע פאַר אַרגענטינע, פאַר אַמעריקע און פאַר דער וועלט.

עטשעוועריאַ איז געשטאָרבן אין אויסלאַנד אויס ליבע צו דער פרײַ־הייט און איבערגעגעבנקייט צו דער גערעכטיקייט — האָט דערמאָנט דער שרײַבער ערראָ פאַר אַ פאַרזאַמלונג פון שרײַבער — ער איז נישט געווען קיין מיניסטער, נישט קיין ריכטער, נישט קיין פאַרטיי־שעף, נישט קיין פּאָפּולערער רעדלפירער; ער איז געווען נישט מער ווי אַ שרײַבער... אָבער אַ שרײַבער איז אַ סך, אויב ער מיסברויכט נישט מיט דער פען און פאָלגט אויס געוויסנהאַפט און ווירדיק זײַן מיסיע און טאַלאַנט און עטשעוועריאַ אַלס שרײַבער איז נאָך מער: ער איז אַ רעוואָלוציאָנער, אַ באַנײַער, אַ באַ־פרײַער, אַ סאָציאַלער בויער, אַ נביא, אַ פאָרגייער, אַ באַשאַפער, אַ אָריענ־טירער און אַ פירער פון „נײַעם דור״.

און עטשעוועריאַ, געשטאָרבן אין עלטער פון 46 יאָר, אין איינעם פון די קרעפטיקסטע לעבנס־יאָרן, אײַן יאָר אינגאַנצן פאַר דער באַפרײַונג, האָט מיט צען יאָר פריִער אין זײַן פּאָעמע „נביאות פונעם פּלאַטאַ״, גע־שריבן:

פ. וואַלד

...און דער ברייטער קאָנטינענט
פון שווערן יאָך באַפרייט
וועט געניסן אומאָפּהענגיק
פון גורל דעם גליקלעכן
פאַר זיין הערויזם און רום אָפּגעהיט.

2

עטשעוועריאַס פאָטער, כאַסע דאָמינגאָ, וואָס איז געווען אַ וויסקאַיער, אַ שפּאַניער הייסט דאָס פון שפּאַניע, אַזוי ווי דאָס איז אויך געווען דער פאָטער פון כאָן מאַרטין און פון נאָך אַרגענטינער היסטאָרישע פּערזענ־לעכקייטן אין יענער סאָציאַל־ראָמאַנטישער צייט, איז אַוועקגעשטאָרבן און זיין זון עסטעבאַן איז געבליבן אַ יתום אין זיינע קינדער־יאָרן.

עס איז אין די ערשטע טעג פון דער מאַי־רעוואָלוציע און פון דער געבורט פון דער אַרגענטינער אומאָפּהענגיקער נאַציע. די רעוואָלוציע איז נאָך ניט דעפינירט. מען ווייסט נאָר און מען פילט, אַז עס גייט אַ קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר באַפרייונג, פאַר רעכטן.

שפּאַניע איז נאָך דאָ אין לאַנד. עס איז דאָס אימפּעריאַליסטישע שפּאַ־ניע מיט איר קאָלאָניאַלן רעזשים אין דער קאָנקיסטירטער אַמעריקע; עס איז דאָס שפּאַניע פון פעאָדאַליזם, פון שקלאַפעריי, פון אינקוויזיציע. עס איז דאָס שפּאַניע אין רעאַקציע קעגן דער וועלט־רעוואָלוציע, וואָס האָט איר איינפלוס אין די לענדער פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און פון די אַנדן, כאָטש שפּאַניע האָט זיי געהאַלטן הערמעטיש פאַרשלאָסן אין אומקאָמוני־קירט פון דער וועלט, דערלויבנדיק נאָר דעם אַריינפאַר פון נעגער־שקלאַפן פון אַפריקע און עס איז דאָס שפּאַניע, וואָס אָנערקענט ניט די אַרגענטינער רעוואָלוציע און זעט איר צו דערשטיקן דורך אירע וואָפן און אירע אַר־מייען דאָ אין קאַמף קעגן דער רעוואָלוציע.

אַלע זענען אַריינגעטאָן אין דעם קאַמף וואָס שפּרייט זיך אויס אויף אַ טעריטאָריע פון דריי מיליאָן קילאָמעטער אָן וועגן, אָן גיכע קאָמוניקאַ־ציע און טראַנספּאָרט־מיטלען און אָן אייניקייט פון געדאַנק אין שייכות דער קאָנסטרוקציע פון לאַנד.

צי האָט דאָס אַלץ פאַראינטערעסירט דעם יתום־יינגל עסטעבאַן עטשע־וועריאַ?

אין דעם באַגינען פונעם רעוואָלוציאָנערן אַרגענטינע איז דאָס קינד עטשעוועריאַ, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער געבורט־צייט פון דער מאַי־רעוואָלוציע, געווען אַ גוטער שול־שילער; אין זיין יוגנטלעכקייט און יתומדיקייט איז ער געגאַנגען אין דער שול פאַר „מאָראַלישע וויסנשאַפטן" און גוט געלערנט פילאָזאָפיע; ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין אידעאָלאָגיע, אין לאָגיק און אין מעטאַפיזיק. עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין אַלץ זיינע אויסערגעוויינלעכע פעיִקייטן. אין זיינע שילער־ביכלעך זענען אַריינגע־שריבן באַמערקונגען פון די פּראָפעסאָרן, אַז עס איז באַוויזן עטשעוועריאַס טאַלאַנט, שעצונגס־פעיִקייט און אָנווענדונגס־פעיִקייט.

אָבער ביי דער גאַנצער פעיִקייט און אינטערעס צו וויסן, וואָס זענען ניט קיין זאַכן פון דער אַנדערער וועלט — ווי מען זאָגט דאָ אין שפּאַניש — שטייט דאָך עטשעוועריאַ אויסער דער רעוואָלוציע, אויסער וועלכע עס איז געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, אָרגאַניזאַציע אָדער אַקציע.

און דער יוגנטלעכער עטשעוועריאַ איז דאָך דער קאָנטראַסט פון קאַלטבלוטיקייט און פון גלייכגילטיקייט. ראָמאַנטישע ליבעס, אייפערדיקע, ציִען אים אַריין אין אַ באַזונדערן פאַרכישופטן קרייז. פון דעם איז גע־דרונגען, אַז עטשעוועריאַ איז אין זיין יוגנטלעכקייט געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש און ניט מיט דער רעוואָלוציע.

דאָ רעדט זיך פון עטשעוועריאַן ביז זיין אַכצנטן לעבנסיאָר, ווען ער איז אַרויס פון שול און איז אַריין אין דער קאָמערץ; ווען ער איז געוואָרן אויס סטודענט און איז געוואָרן אַן אַרבעטער, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער. דאָס איז געווען אין יאָר 1823.

***

אין לאַנד האָט זיך געגרייט דער קאַמף צווישן די צוויי „טראַדיציאָ־נעלע" פּאַרטייען, פון די „אוניטאַריער" און די „פעדעראַליסטן". „אוני־טאַריער" האָבן געוואָלט, אַז דאָס לאַנד זאָל זיין געבויט אויף איינהייטלעכ־קייט: איין רעגירונג, איין פּאַרלאַמענט, איין געריכט, און די „פעדעראַ־ליסטן" האָבן געוואָלט, אַז דאָס לאַנד זאָל זיין געבויט פעדעראַליסטיש: אווי־טאָנאָמע שטאַטן־פּראָווינצן — מיט באַזונדערע רעגירונגען, באַזונדערע פּאַרלאַמענטן, באַזונדערע געריכטן, קאָנסטיטוציעס, געזעצן און אַלע אווי־טאָנאָמע שטאַטן, אָדער פּראָווינצן ווי זיי הייסן דאָ, זענען פעדעראַטיוו פאַר־

בונדן, פאַרייניקט דורך פעדעראַטיווע איינשטעלונגען (אַזוי ווי דאָס איז זינט 1853, ווען ס'איז אָנגענומען געוואָרן די פעדעראַטיווע קאָנסטיטוציע).

די צוויי פּאַרטייען האָבן נאָך ניט געהאַט קיין צייט צו ווערן „טראַדיציאָנעל", ווייל די אוניטאַרישע אין באַשטאַנד פון דער רעוואָלוציאָנערער שטאָטישער אינטעליגענץ האָט נאָר געציילט אייניקע שטורמישע יאָרן און די פעדעראַליסטישע, אין באַשטאַנד פון אָפּאָזיציאָנעלע פירער אין אינערן פון לאַנד, באַזונדער אין דער פּראָווינץ בוענאָס-איירעס און פון פעאָדאַליסטן — האָט זיך ערשט געהאַט געשאַפן, זייער קאַמף איז ניט געווען קיין אידעאָלאָגישער, ניט קיין פּרינציפּיעלער, אוודאי ניט קיין אידעאַלער, נאָר אַ העסלעכער, אַ גוואַלדזאַמער, אַ בלוטיקער — פאַר דער מאַכט, מיט באַשמוצן און פיזיש באַקעמפן דעם אַנדערן צד, אויסראָטן אים. די „סאַנטאַ פעדעראַסיאָן" ווי די פעדעראַליסטן האָבן גערופן זייער זאַך, גיך פאַרוואַנדלט אין דער דיקטאַטאָרישער רעגירונג, האָט אויף די אָפיציעלע מלוכה-פּאַפּירן אויפגעשריבן: „טויט די עקלהאַפטע אוניטאַריער".

האָט דאָס אינטערעסירט אָדער ניט עטשעווועריאַן? דעם אויסגעצייכנטן סטודענט פון „מאָראַלישע וויסנשאַפטן", דעם ראָמאַנטיקער און דעם ליריקער, וועמענס פּאָעזיע עס האָט געהאַט איר אויסדרוק אין זיין לעבן פאַר איר אויסדרוק אין זיין שרייבן?

אַ רעוואָלוציע פון אַזאַ וועלט-באַדייט, ווי דאָס איז געווען די אַרגענטינער מאַי-רעוואָלוציע, איז אפשר אַ צו-ערנסטע זאַך פאַר אַ יינגל ביז 18 יאָר. עטשעווועריאַ איז אָבער ניט געווען קיין געוויינלעך, בורזשואַזצופרידן יינגל. ער איז געווען זשעניאַליש און אַ לײדנדיקער. דאָס לעבן האָט אים ניט געשמייכלט, עס האָט אים געפּייניקט; אַ יתום און אַ שווינדזיכטיקער מיט שיינע אָבער געשטערטע פאַנטאַזיעס, איז נאָר אַ וווּנדער וואָס עס האָט אים ניט באַהערשט דער פּעסימיזם, וואָס האָט שוין אויסגעשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגל אויף דער יוגנטלעכקייט פון עטשעווועריאַן און גאָר נישט יינגליש איז ער געשטאַנען ביי די קוואַלן פון פילאָזאָפיע און זיך אויסגעצייכנט אין אידעאָלאָגיע, אין לאָגיק און אין מעטאַפיזיק.

קיין דאָקומענטאַלער באַווייז איז נישטאָ פון עטשעווועריאַס מיליטאַנטישקייט אין דער מאַי-רעוואָלוציע ביז אין צוואַנציקסטן יאָר פון זיין לעבן, ווען ער פאָרט אַוועק קיין איראָפּע. אָבער גלייכגילטיק צו דער רעוואָלוציאָנעדער זאַך איז ער ניט. זיין אינטערעס צו איר קומט נאָר ניט צום גע-

ווינלעכן אויסדרוק, ער זוכט איר וואָס מער צו באַנעמען און זען: פון וואַנען קומט זי? וווהין גייט זי?

***

געוויינלעך ווערט מען אַ לוין־אַרבעטער ניט אויס לוקסוס, נאָר אויס נויט. וואַרשיינלעך איז עס אויך דער פאַל ביי טשעשעווריאַן און אפשר האָבן אים אויך מאָראַלישע עלעמענטן אַריינגעפירט אין דער וועלט, ווו מען פאַרדינט זיך דאָס ברויט מיטן שווייס פונעם שטערן און ווו אויפן גרונט פון אַרבעט קען מען זיין זעלבסטשטענדיק צו דענקען, צו שטרעבן און אַקטיווירן.

צוויי יאָר איז טשעשעוועריאַ געווען האַנדלס־אָנגעשטעלטער ביי דער פירמע סעבאַסטיאַן לעסיקאָ און ברידער, פון 1823 ביז 1825. מען באַמערקט, אַז די אַרבעט האָט ניט געקענט דערשטיקן זיינע פילאָזאָפישע און פּאָעטישע נייגונגען און זיין אינטערעס פאַר דער נאַציאָנאַלער געזעלשאַפט און פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער, דאָס איז וואַרשיינלעך, נאָך וואַרשיינלעכער איז, אַז דאָס ווערן אַ פּראָלעטאַריער האָט טשעשעווריאַן ניט נאָר ניט געשטערט זיינע נייגונגען און גייסטיקע פאַרנעמונגען, נאָר עס האָט אים געעפנט נייע וועלטן פאַר זיינע באַפליגלטע געדאַנקען און געפילן; עס האָט אויסגעברייטערט די פעלדער פאַר זיינע סאָציאַלע אינספּיראַציעס און אַריענטאַציעס.

טשעשעווריאַ מיליטירט ניט אין קיינע פון די צוויי פּאַרטייען, ניט אין דער אוניטאַרישער, ניט אין דער פעדעראַליסטישער; ער איז ניט אַקטיוו פאַר דער רעוואָלוציאָנערער זאַך (מיט דער רעאַקציע האָט ער קיינמאָל קיין שייכות ניט); ער שטודירט, פילאָזאָפירט, זוכט, ווייסט אַז עס פעלט אים אַ סך צו וויסן און לערנט אייפערדיק צו דערגיין אַ טאָלק אין די כוואַליעס פון זיינע שטימונגען, וויזיעס, פאַנטאַזיעס, אילוזיעס, דעלוזיעס אין אָנבליק פון דער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס איז נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל; קאָנטינענטאַל־אַמעריקאַניש און אוניווערסאַל־אַלוועלטלעך.

וואָס זאָגן די וועלט־דענקער? וואָס זאָגט די וועלט־געשיכטע? וואָס ווייזן די היסטאָרישע געשעענישן פון די פעלקער, לענדער, קאָנטינענטן אין פאַרלויף פון די צייטן? וואָס הערט זיך אין אייראָפּע אין צענטער פון דער רעוואָלוציאָנערער צייט? ווי זעט אויס פראַנקרייך, דאָס לאַנד פון דער

גרויסער היסטאָרישער רעוואָלוציע? וואָס טוט זיך אין דער „שטאָט פון ליכט״?

די שול און די שפּאַנישע קאָלאָניאַלע ליטעראַטור דאָ ביי די ברעגעס פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ האָבן ניט געענטפערט אויף די צייטפראַגן: זיי האָבן ניט געשטילט דעם דורשט צו וויסן און דער פּייערדיקער אומרו טרייבט צו די ברייטסטע און טיפסטע קוואַלן פון דער וועלט, צו די געשיכטלעכע און צו די רעאַלע אין קאָנטאַקט מיטן עפנטלעכן און פרייען לעבן און מיטן לעבן פונעם שטרעבן אין אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט אויף דער גרויסער וועלט און אין צענטער פון דער ציוויליזאַציע און פּראָגרעס; אין צענטער פון וויסן, פון קולטור און פון פּאָליטישע און סאָציאַלע שטרעבונגען און באַוועגונגען מיט די וועלט־דענקער, וואָס עקספּאָנירן נייע סאָציאַלע אידעען, פּרינציפּן, פּראָגראַמען פאַר אַ נייער געזעלשאַפט.

און עטשעווערריאַ מיט אַ געבורט־שיין פון צוואַנציק יאָר מאַכט אַ רייזע קיין איראָפּע. עס איז אין יאָר 1825. אויפן פופצנטן יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע. עס הערן זיך שוין די טריט פון דער דיקטאַטור אין מאַרש קעגן איר.

⁂

פּעסימיסטישע שטימונגען רופט אַרויס די טראַגישע רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע. עטשעווערריאַ נעמט זיך אָן מיט זיי; זיי גייען ניט אויס אויפן לאַנגן אַטלאַנטישן וועג, ווי אויך ניט אויף דער אַנדערער זייט ים, אין צענטער פון רעוואָלוציאָנערן איראָפּע, נאָר זיי פאַרשטאַרקן זיך ביי עטשע־ווערריאַן און פאַרטיפן זיך און ברייטערן זיך אויס אין אָנבליק פון די גע־שעענישן אין דער אַלטער וועלט.

אויפן צווייטן יאָר זיין אין איראָפּע דריקט אויס עטשעווערריאַ זיינע פּעסימיסטישע, סקעפּטישע און אַנטוישטע שטימונגען אין אַ פּאָעמע, דאַ־טירט אין פּאַריז, אין יאָר 1827.

„ניטאָ שוין קיין האָפענונג פאַר די פעלקער — שרייבט עטשעווערריאַ אין אַ פּראָזאַיש פאָרוואָרט פאַר דער פּאָעמע — ביסט דורכגעלאָפן די ראַנדן פון די יאָרהונדערטער, וואָס האָבן אונדז געוויזן זייערע פּעריאָדישע איבער־קערענישן? דער צופלוס און אָפּפלוס פון די צייטן? און דאָס אייביקע אי־בערחזרן זיך פון די געשעענישן? — גאָרנישט אָדער זייער וויניק״.

און אין דער פּאָעמע:

„מאָנומענטן, פּיראַמידן אויפגעהויבן
דורך דעם מענטשנס שטאָלץ און זיין משוגעת;
נביאישע סימבאָלן סקולפּטירט
דורך פאַרקויפטע הענט און קנעכט,
וואָס אָטעמען מיט חניפה
און אינספּירירן נאָר שאַנד און דערנידערונג.
אַלץ פרעגט און עס ענטפערט
מיט ווייטיקלעך געשריי, וואָס מאַכט אויפציטערן,
דעם מאַרמאָר, די פעלקער און די צייטן:
ווי איגנאָראַנטיש און אייביק מיזעראַבל
— אומפאַרמיידלעך שלעכטס —
איז די פאַטאַלע ירושה פון די שטערבלעכע".

טשעוועריאַ איז פּעסימיסטיש צו זיך ווי צו דער וועלט. ביידע זעט ער געשטערט, פאַרמיאוסט און געשעדיקט פונעם שלעכטס, וואָס פעלט קיינמאָל ניט און אין ערגעץ ניט.

3

די רעאַקציאָנערע געשעענישן האָבן גענערט און געקרעפטיקט עסטע־באַן טשעוועריאַס פּעסימיסטישע שטימונגען. ער האָט זיי געטראָגן אין פאַר־לויף פון זיינע פינף יאָר אין אייראָפּע; ער האָט זיי געטראָגן אויפן ים צו־ריקצוּוועגס אין פאָטערלאַנד און ער האָט זיי אויסגעדריקט אין זיין ווײַ־טערער דיכטונג אין לאַנד פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

אָבער טשעוועריאַ איז נישט פאַרזונקען אין דער טיפעניש פון פּע־סימיזם.

דאָס ליכט וואָס איז אויפגעגאַנגען אין רעוואָלוציאָנערן אייראָפּע ווערט פון דער רעאַקציע נישט פאַרלאָשן. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וואָס טראָגט סאָציאַליסטישע אידעען צו רעאַליזירן, ווערט אַטאַקירט, אַטענטירט, רעדוצירט, געשטערט און באַפלעקט, אָבער זי לעבט דאָך און קרעפטיקט זיך און אימפּאָנירט זיך מיט אירע ליכטיקע פּרינציפּן, דערהויבענע אי־דעאַלן, מענטשלעכע רעכטן, באַפרייונג און פרייהייט. דאָס מוטיקט, באַ־ווירדיקט, דערהויבט, באַגייסטערט און רופט אַרויס אָפּטימיסטישע שטי־מונגען, וואָס שטייגן איבער די פּעסימיסטישע.

טשעוועריאַ, וואָס איז אייגנטלעך אָפּטימיסטיש, ווי דאָס דרינגט

אַרויס פון זיינע נייגונגען, שטרעבונגען, באַוועגונגען און אַפילו דורך דעם פעסימיזם, וואָס איז נישט זיינער און וואָס ער פאַרוואַנדלט אין אַ שעפע־רישן עלעמענט פון קריטיק, פון רעגונג, פון שטרעבונג און פון באַוועגונג פאַר אַ שענערער און פאַר אַ בעסערערווירקלעכקייט — איז מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין לערנען, פאָרשן; אין באַרייכערן זיך מיט וויסן, מיט דערפאַרונג, מיט איבערצייגונג; מיט אידעען פון באַפרייען; מיט לי־טעראַרישע און סאָציאַלע פּלענער און מיט שעפערישקייט.

שעקספּיר, געטע, בייראָן, שילער און די פראַנצויזישע מייסטער האָבן עטשעווערריאַן אַריינגעפירט אין זייערע ליטעראַרישע וועלטן; מיט הוגאָ און די דומאַס איז ער אויך געקומען אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט. ער האָט די אייראָפּעישע ליטעראַטור, די אַלטע און די נייע, די רעוואָלוציאָנערע, אַבסאָרבירט אַלס דער שרייבער, וועלכער האָט באַלד דורכגעפירט אַ רע־וואָלוציע אין דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער ליטעראַטור, איר דורכגעבראָכן מיט שאַפונג פון נייע פאָרמען, ווי אויסדרוקן פון אינהאַלטן אין באַשטאַנד פון לעבן, פון איבערלעבונגען, פון אידעען, אידעאַלן, שטרעבונג, סאָציאַלער קאַמף, מאָראַלישע דערהויבונג, הומאַניזם, פרייהייט — וואָס האָט אים גע־מאַכט פאַרן באַנייער, פאַרן רעוואָלוציאָנער און פאַרן פאָרגייער פון דער אַרגענטינער ליטעראַטור און פון דער שפּאַניש־אַמעריקאַנישער.

אין דעם גייסט שטעלן זיך אַרויס עטשעווערריאַס ווערק: „לאָס קאָנסוע־לאָס“, „לאַ קאַוטיוואַ“, „לאַ אינסורעקסיאָן דעל סור“, „אַוועזשאַנעדאַ“, „על מאַטאַדעראָ“ און אַנדערע ווערק.

עטשעווערריאַ דערקלערט, אַז כדי די פּאָעזיע זאָל האָבן איינפלוס אין מאָראַלישע פּרעפּאָטענץ, ווי זי האָט דאָס שוין געהאַט צווישן די קולטור־פעלקער פון אייראָפּע, איז נויטיק, אויב מען וויל דאָס, זי זאָל האָבן אַן אייגענעם כאַראַקטער און זאָל זיין אָריגינעל, זי זאָל אָפּשפּיגלען די פאַרבן פון דער פיזישער נאַטור וואָס רינגלט אונדז אַרום, זי זאָל זיין אין דער זעלביקער צייט אַ לעבעדיק בילד פון אונדזערע געוווינהייטן און דער העכסטער אויסדרוק פון אונדזערע הערשנדע אידעען, פון די געפילן און ליידנשאַפטן, וואָס ווערן געבוירן פונעם צוזאַמענשטויס פון אונדזערע סאָ־ציאַלע אינטערעסן און אין וועמענס ספערע עס באַוועגט זיך אונדזער אינטעלעקטועלע קולטור“.

עטשעווערריאַ, וואָס שרייבט, אַז: „מיינע אויסגעלאַכטע האָפענונגען, האָבן אַרויסגערופן אין מיר אַ טיפע מעלאַנכאָליע“, איז נישט געבוירן גע־

וואָרן אין קיין זיידן העמדל און עס איז אים געגאַנגען מיט דער פוטער אַראָפּ — אויסער אין לערנען, אין באַנעמען, אין וויסן און אין שאַפן עטישע און עסטעטישע ווערטן.

עטשעווערריאַ האָט נישט פאַרלאָזט אייראָפּע מיט קיין טיטל און קיין קיטל, נאָר מיט וויסן וואָס איז העכער פון טיטלען, מיט קענטשאַפט און דערפאַרונג.

4

אייראָפּע האָט זיך געפינען אין דעם היסטאָרישן מאָמענט פון וועלט־ענדערונג, ווען אַ וועלט גייט אַוועק און אַ וועלט קומט. עס קומען צום אויס־דרוק די געדאַנקען פוןביידע וועלטן אויף אַ זייער פילבאַרן און שאַרפן אופן. די ליטעראַטור פונעם נייעם יאָרהונדערט, דעם ניינצנטן, פאַרנעמט איר אָרט נעבן דער פובליציסטיק. זיי גייען האַנט באַ האַנט און אויסגעמישט און פאַריייניקט. עס זענען אינטענסיוו אַלע דערגרייכטע וויסנשאַפטן. עס גייען פאָרויס די סאָציאַלע וויסנשאַפטן מיט זייערע געשיכטלעכע, עקאָנאָ־מישע, פּאָליטישע, מאַטעריאַליסטישע און אידעאַליסטישע פאָרשונגען. עס איז די רעוואָלוציאָנערע צייט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט מעכאַנישע אַנטדעקונגען, אינדוסטריעלן אויפקום און גייט איר גאַנג אין באַגלייט פון אירע דענקער, פון אירע אידעאַליסטן, אירע זינגער און אירע באַגרינדער.

עטשעווערריאַ האָט זיך מיט אַלע זיינע זשעניאַלע פעיִקייטן אַריינטאָן אין די וויסנשאַפטן, ווי אין דער ליטעראַטור, אין די פינף יאָר פון זיין לעבן אין אייראָפּע. די סאָציאַלע דענקער, לערער און פאָרגייער, ווי סמיט, מאַלטוס, ריקאַרדאָ, אָוועז, סען־סימאָן, פוריער — האָבן עטשעווערריאַן אַריינגענומען אין זייער געדאַנקען־גאַנג, אין דער סאָציאַלער פילאָזאָפיע, אין דער וועלט פון סאָציאַלע פאַנטאַזיעס און אידייען. יעדער פון זיי האָט מיט זיין ליכט באַלויכטן דעם גאַנג פון דער צייט, וואָס איז דער גאַנג פון דער מענטשהייט: אירע דערשיינונגען, אירע געשעענישן, אירע אימפּולסן און אָפּהאַלטן; אירע פאַרשווערונגען און איבערלעבונגען.

אוטאָפּישער סאָציאַליזם? עטישער סאָציאַליזם?

די וויסנשאַפטלעכע, אָדער מאַטעריאַליסטישע באַגרינדונג פון סאָ־ציאַליזם, וואָס איז שפּעטער געקומען דורך מאַרקסן, האָט פריִער וואָר־שיינלעך נאָך נישט געקענט זיין. דער אַזוי גערופענער „אוטאָפּישער" סאָ־ציאַליזם, אָדער עטישער סאָציאַליזם, איז געווען די נשמה פון דער רעוואָ־

לוציאַנערער צייט, דער פּייער־זייל פון דער מענטשהייט אין איר צעררו־דערטער סיטואַציע, די שטרעבונג פון דער אוניווערסאַלער סאָציאַלער באַ־וועגונג, איר וועגווייזער. און נישט אַלץ פון עטישן סאָציאַליזם איז געווען אוטאָפּיש, זיינע עלעמענטן פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, ווי מענטשן־רעכט, דעמאָקראַטיע, פרייהייט, גלייכהייט, עקאָנאָמישע פאַרבעסערונג, אַ העכע־רער לעבנסניוואָ, אַ ווירדיקער און שענער מענטשלעך לעבן — האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ווירקלעכקייט, חוץ דעם וואָס די דאָזיקע עלעמענטן פון עטישן סאָציאַליזם זענען אַריין אין קאָנסטיטוציעס פון לענדער, אין געזעצן און אין די פּראָגראַמען פון די סאָציאַלע באַוועגונגען.

און דער דאָזיקער סאָציאַליזם, אין יענער צייט, דער עיקר פון סאָ־ציאַליזם — איז געווען דאָס וואָס עטשעווערריאַ האָט געזוכט און אים גע־פונען אין דער ליטעראַטור, אין דער קונסט, אין דער פּובליציסטיק, אין דער צייט, אין דער אוניווערסאַלער פראַנצויזישער עוואָלוציע און אין דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע.

אָנגענומען זיך מיט אַלעם גוטן און מיט דעם גאַנצן שעפערישן אומרו פון דעם גוטס, האָט עטשעווערריאַ פאַרלאָזט אייראָפּע אויפן רוף פון פאָ־טערלאַנד — דאָס מאַישע אַרגענטינע — וואָס ער האָט אין זיך דערהערט: אַ רוף און אַ מאָנונג פון זיין באַרוף צו באַפרייען די שפּאַניש־אַמעריקאַנישע ליטעראַטור פונעם קאָלאָניאַליזם און באַפרייען די מאַי־רעוואָלוציע פון דער טיראַנישער דיקטאַטור; געבן דער מאַי־רעוואָלוציע אַ קאָנסטרוקטיוון פּלאַן, אַ פּראַקטישן פּראָגראַם און אַליין זיך איר איבערגעבן מיטן גאַנצן וויסן און געוויסן.

5

די אינערלעכע באַדערפעניש, דער אומרו אויסצודריקן אייגענע און איינגעזאַפּטע שטימונגען, געפילן, געדאַנקען, זעונגען — האָט עטשעווערריאַ דערפילט אויפן צווייטן יאָר פון זיין אין אייראָפּע, דאַן שרייבט ער דאָס ערשטע ליד, דאַטירט אין פּאַריז. עס איז אַ פראַגמענט פון אַ פּאָעמע אין 240 שורות און אין גייסט פון וועלט־געשיכטע.

זיין אינטענסיווע דיכטערישע טעטיקייט הייבט אָן דער יונגער עטשע־ווערריאַ אויף זיין צוריקוועגס אין היים־לאַנד, ער איז דאַן 25 יאָר אַלט.

איז ער שוין פריי פון פּעסימיזם? אינגאַנצן פריי נישט; זיין פּעסימיזם איז אָפּגערוקט אין הינטערגרונט, ער דרינגט דורך דעם אָפּטימיזם און

לאָזט זיך נאָך הערן דורך עטשעווערי־אָס ים־לידער און אויך דורך אַ טייל פון זיין דיכטונג צווישן ערד און הימל פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ:

„געפאַנגען פון מיינע ווייען,
דריקט דאָס האַרץ.
צייטנווייז אין קלעמעניש
קאָנצענטריר איך מיך אין זיך
און אַ געהיימע שטים, הער איך,
זאָגט שוידערלעך:
„אין פריער יוגנט
שטאַרבן איז דיין גורל".

אָבער עטשעווערי־אַ, וואָס קערט זיך אום אין מאַישן אַרגענטינע מיט אינערלעכער פרייד פון שאַפנדיקער אומרו און באַפרייערישער מיסיע, גע־נומען פון זיינע אייגענע גייסטיקע כוחות און מאָראַלישן חוב, דריקט שוין אויס אויף זיין צוריקוועגס אין אַ פּאָעמע זיין גליענדיקע בענקשאַפט צו זיין לאַנד פון פרייהייט:

„...און דעמאָלט — אַמביציעז,
די ברייטע וועלט צו זען,
און מיין דענקען דערהייבן
פון דער ים־טיפעניש ביז אין די הימלען
דעם וויסן פון באַציאָנען דערגיין
און אָפּוועגן דאָס, מיט וואָס
עס ווייזן זיך אימפּעריעס און צייטן
האָב איך אָן לייד פאַרלאָזט מיין רו".

און עטשעווערי־אַ שרייבט ווייטער אין דער זעלביקער פּאָעמע:

„ווען דיין אויסזען בלויז
זאָגט מיר, אַז כ'בין פריי".

און:

„מיין דערהויבענער געדאַנק דערהייבט זיך,
ווען כ'זאָג אַרויס דיין הייליקן נאָמען
אָ, פרייהייט! פון מיין לירע־קלאַנג
צוציטערן די סטרונעס אין אָפּקלאַנג,
עס גייען איבער אין מיין מויל די ווערטער
און מיט טויזנט האַרמאָניעס
צו דיין לויב זינג איך".

## 6

די רעאַקציאָנערע דיקטאַטור איז שוין געשטאַנען ביי דער מאַכט מיט דער „סומע פון אַלע מאַכטן״ — טאָטאַליטאַריזם אין יענער צייט — ווען עטשעוועריאַ איז צוריקגעקומען אין זיין הייס־געליבטן מאַישן פּאַטערלאַנד, נאָר דער טעראָר איז נאָך נישט געווען צעוויגט. די דיקטאַטור האָט ערשט אָנגעהויבן, זי האָט נאָך אַקטואירט אונטער אַ דעמאָקראַטישע מאַסקע און האָט נאָך נישט אַזוי געהערשט איבער אַלץ, ווי זי האָט שפּעטער געהערשט.

עטשעוועריאַ, אַ גייסטיק און מאָראַליש דערהויבענער איבער דער נישט־אידעאַליסטישער רעאַליטעט, מיט אַ אינערלעכן דראַנג צום ליטעראַרישן שאַפן, וואָס ער האָט ערשט אָנגעהויבן אויף זיין צוריקוועגס און מיט אַ רעוואָלוציאָנערע מיסיע צו באַפרייען פון קאָלאָניאַליזם די ליטעראַטור פון רעוואָלוציאָנערן לאַנד און באַפרייען איר דורך אייגענער שאַפונג מיט אַ נייעם צוגאַנג און מיט מייסטערשאַפט און וועגווייזערישקייט עס זאָל ווירקן און מען זאָל עס פריי אָננעמען — האָט די ווייטערע פינף יאָר פון זיין לעבן אָפּגעגעבן דער ליטעראַטור, די דיכטונג אין ערשטן פאַל.

און אין גייסט פון זיין מיסיע, וואָס עטשעוועריאַ דערקלערט אויך אין זיינע עסיי־שריפטן פאַר ראָמאַנטיציזם, זינגט ער און זאָגט אין איינעם פון זיינע ערשטע לידער ביים צוריקקומען אין לאַנד פון דער מאַי־רעוואָלוציע אין איר צוואַנציקסטן יאָר:

„גיט מיר די גאָלדענע לירע
אַ, מוזעס! וואָס איז פאַרן קינסטלער רעזערווירט
און מיט דער קלאַנג־ווירע
און נאָך נישט־געניצטער טראָמפּייט
פון פּאַטערלאַנד זינגען וועל איך
פון זיג און רום — אין פרייד.

איך וועל זינגען פון קייטן, פון דערנידערונג און קנעכטשאַפט,
וואָס מיט צער און מיט צאָרן —
צעריסן. און פון די מאַסן,
וואָס פון טיראַנען געטראָטן,
פאַרפינצטערטע געליטן

פון מאַי — די זון גייט אויף
און אויפן פלאַטאַ שיינען אָפּ אירע שטראַלן.

אויף היסטאָרישע וועגן

זי באַמוטיקט און באַלעבט
און פאַרזייט און פאַרפלאַנצט
דאָס געטלעכע מין,
מיט וואָס די נאַטור בענטשט
דעם אוניווערזום:

וואַקסן און זיך פאַרצווייגן
אויפן גאַנצן קאָנטינענט — אַמעריקאַנער
און די פעלקער פרייען זיך
פרייע שוין, און דער אינדיאַנער,
זיינע קייטן אויך צערייסט
און שטאָלצירט אַ פרייער אַ סוווערענער".

עטשעווערריאַ זינגט דאָס ליד פון דער מאַי־רעוואָלוציע, בעת זי ווערט פון דער אויפקומענדיקער ראַסיסטישער דיקטאַטור אונטערדריקט און דער־שטיקט. האָט ער זיך גענומען די אויפגאַבע איר צו פאַרטיידיקן? איר צו באַפרייען? ער גיט זיך איינגאַנצן אָפּ צו דער ליטעראַטור; ער שרייבט לידער, פּאָעמעס; ער שרייבט פּראָזאַישע ווערק; ער שרייבט היסטאָרישע דראַמעס; ער שרייבט עסייען וועגן ליטעראַטור; אונטער זיין איינפלוס שאַפט זיך אַ ליטעראַריש־סאָציאַלע באַוועגונג, אַ קולטורעלע און אַ אינטעלעקטועלע; עטשעווערריאַ איז דער אַרויסרופער פון די ליטעראַרישע קרעפטן און זייער אָרגאַניזאַטאָר, אָריענטאַטאָר און איז דער מאָביליזאַטאָר פון די פרייהייטלעכע קולטור קרעפטן און פון די אינטעלעקטועלע.

און אין דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס שאַפט אַ גייסטיקע פעסטונג, געפינט די מאַי־רעוואָלוציע איר דערהויבענער פאַרטיידיקונג און די ליכ־טיקע באַוועגונג פאַר איר באַפרייונג.

מיר ווייסן און געדענקען, אַז עטשעווערריאַ איז צוריקגעקומען פון זיינע פינף גייסטרייכע יאָרן אין אייראָפּע מיט אַ הייליקער מיסיע פון זיין וויסן און געוויסן צו שאַפן אַ ניי פריי וואָרט; צו שאַפן אַ נייע פרייע ליטעראַטור מיט נייעם אינהאַלט און נייע פאָרמען, דורך וועלכע עס זאָל אָפּקלינגען דער גאַנג פון דער צייט און עס זאָל קומען צום אויסדרוק אירע באַנייערישע און באַפרייערישע אידייען און אידעאַלן, שטרעבונגען און באַוועגונגען, סאָ־ציאַלע אַקציעס און סיטואַציעס; אַ ליטעראַטור וואָס זאָל אויסדריקן, אָפּ־שפּיגלען, ווייזן, לאָזן הערן, באַלייכטן, דערהייבן, באַגייסטערן, קריטיקירן, נביאות־זאָגן, מיט וואָרט באַקעמפן שלעכטס און קעמפן פאַר גוטס; מיטגיין

מיטן פּראָגרעס און גיין פאָרויס און מיטשאַפן די בעסערע מענטשלעך־געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג.

עטשעוועריאַ אין זיינער אַ שריפט שרייבט: „קונסט איז אונטער־שטרייכן, אַזוי אין דער אינערלעכער וועלט ווי אין דער אויסערלעכער; אַזוי אין דער פיזישער ווי אין דער מאָראַלישער; אַזוי אין באַשאַף ווי אין די אַקטן; אַזוי אין דעם ענדלעכן ווי אין דעם אומענדלעכן — דאָס שענסטע, העראָאישע און דערהויבענע און דאָס אַרויסשטעלן אין אַן אַנגעזעענער פאָרם מיט לעבהאַפטיקע קאָלירן, באַנוצנדיק דערצו די פּאַסנדיקע אינסטרו־מענטן; קונסט איז גלאָריפיצירן די גערעכטיקייט, באַמונטערן און אונטער־האַלטן דאָס ווירדיקע און דאָס דערהויבענע, דערהייבן די העראָאישע טוגנט, באַפרוכפּערן מיטן אָטעם פון אינספּיראַציע די מאָראַלישע סענטימענטן, די פּאָליטישע פּרינציפּן, די פילאָזאָפישע אמתן און שטעלן אין קאָנטראַסט דעם דואַליזם פונעם מענטש, דעם אייביקן קאַמף פונעם גייסט און דאָס פלייש; פון די סענסועלע אַפּעטיטן און די אומענדלעכע ווונטשן; זען עס זאָל אַרויסקומען די מאָראַלישע ווירדיקייט און איר גרויסקייט".

דערקלערנדיק אין אַבסטראַקט די זאַך פון דער ליטעראַטור, דער־קלערט עטשעוועריאַ שוין אויך די סאָציאַלע מיסיע פון דער ליטעראַטור, אין צוזאַמענהאַנג מיטן לעבן, מיט דער רעאַליטעט; מיט די סאָציאַלע פּראָ־בלעמען, באַדערפענישן, שטרעבונגען; מיט דעם וואָס עס איז און מיט דעם וואָס עס זאָל זיין. עטשעוועריאַ זאָגט: „באַשטימען צו ערשט וואָס מיר זע־נען און אָנווענדנדיק די געהעריקע פּרינציפּן, זוכן וואָס מיר דאַרפן זיין, וואוהין, ביז וואָס פאַראַ פונקט מיר דאַרפן שטופנווייז גיין" און „נישט פאַרלירן זיך אין אַבסטראַקציעס, שטענדיק האַלטן דאָס אויג פון דער אינ־טעליגענץ אין די טיפענישן פון אונדזער געזעלשאַפט.

אין ציל פון עטשעוועריאַס ליטעראַרישע מיסיע געפינט זיך די פריי־הייט, די דעמאָקראַטיע; אין זיי וואָרצלען די הומאַנע געפילן און די סאָ־ציאַלע געדאַנקען; צו זיי ציען זיך די שטרעבונגען און די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען; זיי זענען אין ציל און אין די מיטלען צום ציל; זיי זענען פאַר אַלץ, אין אַלץ און איבער אַלץ — זיי זענען אויך דאָס פאָטערלאַנד פון עטשעוועריאַן, וועלכער שרייבט: „די שקלאַפן און די אונטערגעוואָרפענע מענטשן אונטער דער אַבסאָלוטער מאַכט האָבן נישט קיין פאָטערלאַנד, ווייל פאָטערלאַנד איז נישט נאָר דאָס לאַנד פון געבורט, נאָר די פרייע אויסאַי־בונג און דער פולער גענוס פון די בירגער רעכטן".

**
*

עטשעווערִיאַ איז נאָר געווען אַ שרייבער — האָט ער אַ געזאָגט אויף אַ שרייבער־פֿאַרזאַמלונג, אין 1951 — אָבער נישט נאָך אַ שרייבער. אין פֿאַרלויף פֿון די פֿינף יאָר אָדער מער, פֿון צוואַנציקסטן ביזן פֿינף און צוואַנציקסטן יאָר פֿון דער מאַי־רעוואָלוציע, ווען ער האָט זיך נאָר אָפּגע־געבן מיט ליטעראַטור, האָט ער אַדורכגעפֿירט אַ ליטעראַרישע רעוואָלוציע, צוליבן רעאַליזירן און אָנווענדן ליטעראַרישע אידייען און אידעאַלן, פּרינ־ציפּן און נאָרמען, זייענדיק דער שאַפֿער פֿון אַ ליטעראַרישער שול, איר מייסטער און געוואָרן דורך דעם דער פֿאַרגייער פֿון דער אַרגענטינער לי־טעראַטור, אָבער אַפֿילו אין די דאָזיקע פֿינף יאָר פֿון ריינער און אויסשליס־לעכער ליטעראַרישער טעטיקייט, דורך וואָס עס איז באַזייטיקט געוואָרן די קאָלאָניאַלע ליטעראַטור און עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ נייע מיט אַ אַנ־דערן גייסט, אַן אַנדערן אינהאַלט, אַנדערע פֿאָרמען, איז די עטשעווערִיאַ־נישע נישט געווען אַ אויסשליסלעכע ליטעראַטור צוליב ליטעראַטור, נאָר איז געווען מאַי־רעוואָלוציאָנעריש. די מאַי־רעוואָלוציע אין דער ליטע־ראַטור; דער אויסדרוק פֿון די רעוואָלוציאָנערע אידייען; פֿון אירע מאַי־שריט, פֿון אירע ליידן, אירע שוועריקייטן, איר לאַגע אונטער דער רעאַק־ציע; אירע פּרינציפּן און אירע האָפֿענונגען; אירע שטרעבונגען און אירע באַוועגונגען — אָנגעזאַפּטע מיט סאָציאַליזם פֿון אָנהייב ניינצנטן יאָרהונ־דערט.

דער אַרגענטינער היסטאָריקער אַלבערדי שרייבט אין טשילע וועגן עטשעווערִיאַן מיט איבער הונדערט יאָר צוריק: „בישטאָ איז יענעם לאַנד (אין אַרגענטינע) נאָך אַזאַ מענטש אַזוי באַשיידן און מיט די גרעסטע רע־זולטאַטן פֿון זיינע טואונגען. ער האָט באַאיינפֿלוסט, ווי די פֿילאָזאָפֿן, פֿון דער שטילקייט פֿון זיין קאַבינעט, נישט דערשיינענדיק אויף דער פּראַק־טישער סצענע. ער האָט דאָקטרינירט די יוגנט, וואָס האָט שפּעטער אימ־פּולסירט די געזעלשאַפֿט צו טאָטן, זייענדיק אַליין די ערשטע אין דער אַקציע“.

„אַלע אינטעליגענטע נייעסן, וואָס זענען פֿאַרלאָפֿן אין פּלאַטאַ און אין מער ווי אין איין שכניש לאַנד זינט 1830, האָבן אין עטשעווערִיאַן זייער הויפּט־אַגענט און מאָטאָר. ער האָט דאָרט געענדערט די פּאָעזיע, וועלכע איז געגאַנגען אונטערן יאָך פֿונעם ווולגאַר געראָפֿענעם „קלאַסישן“ סיסטעם; ער האָט אַריינגעטראָגן אין דער דאָזיקער קונסט די רעפֿאָרמען, וואָס דער יאָרהונדערט האָט געברענגט פֿון אייראָפּע. גוטיערעז, מאַרמאָל

און וויפל יונגעלייט עס האָבן זיך אין פּלאַטאַ אויסגעצייכנט אַלס פּאָעטן זענען מער אָדער ווייניקער טרייע שילער פון זיין שול״.

די עטשעווערריאַנער ליטעראַטור איז דאָס לייב און דאָס לעבן פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע וואָס איז אַ קינד פון דער אוניווערסאַלער יולי־רעוואָלוציע פאַר פרייהייט, פאַר גלייכהייט און פאַר ברידערלעכקייט, אָדער פאַר פרייהייט, פאַר רעכט און פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. אַ פּער־פעקטע האַרמאָניע פון קערפּער און נשמה, פון מאַטעריע און גייסט, פון קעגנזייטיקער ווירקונג און פולשטענדיק אין איינקלאַנג מיט דער ליטעראַ־רישער טעאָריע און פּראַקטיק פון עטשעווערריאַ.

נישט געקוקט אויף דער רעאַקציאָנערער הערשאַפט, איז עס דאָך געווען די היסטאָרישע צייט פון דער באַפרייערישער רעוואָלוציע אין גאַנג און די עטשעווערריעשע ליטעראַטור איז איר פּאָרגייער און נאָכגייער, איר אינספּיראַציע און איר אויסדרוק, איר וועגווייזערן און איר פאָן־טרעגערן, איר הימל און איר ערד; זי איז פאַר דער רעוואָלוציע וואָס די רעוואָלוציע איז פאַר איר.

די מאַי־רעוואָלוציע איז דאָ אין עטשעווערריאַס לירישע לידער און אין די עפּישע. אין זיין בעלעטריסטישער פּראָזע און אין זיינע ליטעראַריש־היסטאָרישע עסייען; אין זיינע פילאָזאָפיש־פּאָליטישע איבערבליקן געלייענט אין די ליטעראַרישע קרייזן און אין זיין סאָציאַליסטישן פּראָגראַם פאַרן אויפבוי פון מאַישן לאַנד.

7

כואַן מאַריאַ גוטיערעז שרייבט, אַז — „עטשעווערריאַ, דערהויבנדיק זיך העכער פון דער אידייע פון אַ מאַטעריאַליסטישער רעוואָלוציע, אַ בלו־טיקע און מיט אַ צווייפלהאַפטן דערפאָלג, האָט מער געגלויבט אין דעם וואָס די גוטע דאָקטרינען האָבן געקענט ביסלעכווייז דאָס לאַנד צוריק אַרויספירן אויף דעם וועג פון די מאַי־פּאַטריאָטן, פון וועלכן דאָס לאַנד איז אַראָפּ אויף אַן אופן, וואָס האָט באַאומרויִקט דעם פּאַטריאָטיזם פונעם פּאָעט״. דער געדאַנק פון 1810 (דאָס יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע) איז לויט אים געווען אַ פרוכטבאַרע זריעה וואָס נאָכדעם באַגיסן איר מיט בלוט, האָט זי געדאַרפט אַן אינטעליגענטן קולטיוו, וואָס זאָל איר מאַכן פּראָדוצירן אַ אמתדיקן דעמאָקראַטישן רעזשים און פרייע אינסטיטוציעס אין פאַרבינדונג מיט די היסטאָרישע געשעענישן פונעם אַרגענטינער לעבן.

די פּאָליטישע פּאַרטייען וואָס לויט אים זענען זיי נאָר געווען פראַקציעס אין זייער צייט, האָבן זיך נישט פאַרדינט דעם נאָמען, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין דאָקטרין און ווייל זיי האָבן גאָרנישט געשאַפן קיין סטאַבילעס אויפן געביט פון פונדאַמענטאַלער אָרגאַניזאַציע. עס איז דעריבער געווען זיין צוועק צו שאַפן אַ פּאַרטיי, אַ קאָלעקטיוון און דירעקטיוון מיינונגס־כח, וואָס פאַרשטייענדיק מיט קלאָרקייט דעם מאַי־געדאַנק, זאָל זי זיך מיט אים באַפעסטיקן, אַרויסטראָגן אים, אַריינגעמען אים אין וויסנשאַפטלעכע פאָר־מולעס און אים באַלד פאַראייביקן דורך אַלע אַקציאָנס־מיטלען, צו פאַר־וואַנדלען אים אין דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם פון דער רעגירונג מיטן צוועק צו דערגרייכן די פרייהייט און דעם פּראָגרעס, וואָס דער רעפּובליקאַנישער פּרינציפּ זאָגט צו".

איך האָב זיך דערלויבט איבערצוזעצן אַ גאַנצן זאַץ פון „ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן דאָן עסטעבאַן עטשעווערריאַ", ווייל ער איז געשריבן מיט דער קלאָרער און ריינער פעדער פונעם גרויסן עטשעווערריאַ־קענער גוטיערעז, דער אידייען־חבר און מיטאָרגאַניזאַטאָר מיט עטשעווערריאַן אין דער באַ־פרייונג פון דער מאַי־רעוואָלוציע און אין דעם מאַישן איפּבוי פון אַר־גענטינע און ווייל דער דאָזיקער גוטיערעזער־זאַץ איז אַ פּרעכטיקער עדות פון עטשעווערריאַס אידענטיפיצירן זיך מיט דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָ־לוציע, וואָס איז אין איר עטישער דערהויבנקייט אַ סאָציאַליסטישע.

8

די ראָסיסטישע דיקטאַטור איז שוין געריטן אויפן פערד, ווען עטשע־ווערריאַ האָט דורכגעפירט אין מאַי־לאַנד די מאַישע ליטעראַרישע רעוואָ־לוציע.

ווען מיר זאָגן מאַיש, איז עס סימבאָליש, איז עס גלייך ווי געזאָגט באַפרייאיש.

פּראָקלאַמירט דעם 25סטן מאַי פון 1810 האָט די רעוואָלוציע געדאַרפט איינגעפירט ווערן אין לעבן, רעאַליזירט ווערן, קאָנקרעטיזירט ווערן, פאַר־אייביקט ווערן. די רעוואָלוציע האָט אָבער געהאַט צו פירן אַ קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ מיט דער שפּאַנישער רעאַקציע אין אַ פאַרלויף פון צען יאָר און באַלד נאָכדעם ווי דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך געענדיקט נאָך סאַן מאַרטינס קרייצן די אַנדן, קומען דורך דעם פּאַסיפיק אין לימאַ און

ענדגילטיק באַזיגן שפּאַניע אין דרום־אַמעריקע — האָט זיך באַוויזן די קאָנטררעוואָלוציע אין דער געשטאַלט פון דער טעראָריסטישער, ראַסיס־טישער דיקטאַטור, שוין אין יענער צייט אַ טאָטאַליטאַרישע, כאָטש מ׳האָט נאָך נישט געוווּסט איר אַזוי אָנצורופן.

אין פאַרלויף פון די ערשטע צען יאָר (גערעכנט פונעם 1טן יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע), בעת דעם קאַמף מיט דער שפּאַנישער רעאַקציע, האָט די „גענעראַל פאַרזאַמלונג״ אין דריטן יאָר פון דער רעוואָלוציע, אין 1813, אָפּגעשאַפט שקלאַפערײַ; אָפּגעשאַפט פּריווילעגיעס (אַלע טיטלען), דערקלערט פאַר פרייע אַלע מענטשן אין לאַנד און דערקלערט גלייכהייט; אָנגענומען פאַרן אַרגענטינער נאַציאָנאַלן הימן דאָס ליד פון וויסענטע לאָ־פעז וואָס מיט דער מוזיק פון בלאַס פּאַררעראַ איז עס דער ליטעראַריש־מוזי־קאַלישער אויסדרוק פון דער היסטאָרישער מאַי־רעוואָלוציע און וואָס הייבט זיך אָן מיטן „הייליקן געשריי״ פון —

„פרייהייט! פרייהייט! פרייהייט!״.

אין גייסט פון דער מאַי־רעוואָלוציע, אין איר זעקסטן יאָר, דעם 9טן יולי פון 1816, איז די אומאָפּהענגיקייט דעקלאַראַציע פאַר די „פאַרייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ״, אָנגענומען אויפן לאַנד־קאָנגרעס, וועל־כער איז דאַן דורכגעפירט געוואָרן אין טוקומאַן. די איניציאַטיוו פון בער־נאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, דער ערשטער פּרעזידענט פון אַרגענטינע, פאַר אַ קאָלעקטיווע ווירטשאַפט, געהערט אויך צו דער פּראַקטיק פון דער מאַי־רעוואָלוציע אין פאַרלויף פון אירע ערשטע צען יאָר.

**
*

אַ סך שווערער איז געווען די סיטואַציע פון דער מאַי־רעוואָלוציע אונ־טער די פיס פון דער ראַסיסטישער דיקטאַטור, וואָס האָט מיט איר אויפ־גיין און מיט איר אויסגיין אָנגעהאַלטן פון צענטן יאָר פון דער רעוואָלוציע ביז דעם פערציקסטן.

און גראַד אין דער דאָזיקער שווערער צייט איז דורך עטשעווערריאַן דעפינירט און קאָנקרעטיזירט געוואָרן די מאַי־רעוואָלוציע. און זיין דע־פיניציע איז געווען אַ סאָציאַליסטישע. דאָס איז נישט געווען אַזאַ איינפאַל, אַ סוגעסטיע, אָדער אַ אויסטראַכטעניש, וואָס איז אָנגעוואָרפן געוואָרן דער אַרגענטינער רעוואָלוציע, נאָר אירע סאָציאַלע פּרינציפּן, אידייען און אי־דעאַלן, וואָס האָבן זיך אין איר געפונען. זי האָט אין עטשעווערריאַן געפו־

נען איר אינטערפּרעטאַטאָר און איר אויפקלערער; איר דערהייבער און איר באַגייסטערער; איר אָרגאַניזאַטאָר און איר אויסדריקער.

עטשעוועריאַ האָט אירע אינספּיראַציעס און שטרעבונגען געגעבן נע־מען: „סימבאָלישע" נעמען, ווי: פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט, פּראָ־גרעס, דעמאָקראַטיע, און זיי פאַרייניקט און פּראָגראַמירט פאַר דער אָנ־ווענדונג פון דער מלוכה.

דאָס אַלץ אַדורכגענומען מיט איבערצייגונג און גלויבן, האָט עטשע־וועריאַ אָנגערופן דאָגמע, „סאָציאַליסטישע דאָגמע", וואָס ער האָט אויך אָנגערופן „מאַי־דאָגמע", צונויפגיסנדיק די אידעאַלן פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע מיט סאָציאַליזם, מחמת זייער איינהייטלעכקייט, אויב נישט אין אַלץ איז אין אַ סך.

מיר פאַרגעסן נישט אין וועלכער צייט עטשעוועריאַ האָט דאָס גע־זאָגט און געשריבן. עס איז מיט הונדערט און צוואַנציק יאָר צוריק (1838) און עס איז אין דרום־אַמעריקע, וואָס איז געווען די אימפּעריאַליסטישע קאָלאָניע פונעם פעאָדאַליסטישן, מאָנאַרכיסטישן, רעליגיעזן און אינקוויזי־טאָרישן שפּאַניע.

פון דעמאָלט אָן האָט מען אַ סך פּראָגרעסירט, דאָך קען מען נאָך היינט זאָגן אַז סאָציאַליזם איז נישט נאָר מאַטעריאַליזם; נישט נאָר די פאַרוואַנד־לונג פון פּריוואַט־אייגנטום אין קאָלעקטיוון אייגנטום, אָדער סאָציאַלן — דאָס און נאָך אַזוינע גאָר וויכטיקע און פונדאַמענטאַלע עלעמענטן זענען אייגנטלעך נאָר מיטלען, וואָס צייטיקן זיך אויס פאַר סאָציאַליזם און נישט אַלץ, וואָס איז פּריוואַט־אייגנטום פאָדערט זיך פאַר סאָציאַליזם צו סאָציאַ־ליזירן אָדער קאָלעקטיוויזירן. סאָציאַליזם באַשטייט פון סאָציאַל־עטישע עלעמענטן, געזעלשאַפטלעך מאָראַלישע, וואָס שליסן נישט אויס דאָס אינ־דיווידועלע רעכט פונעם מענטש אַלס דענקנדיקער און פילנדיקער מיט־גליד פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון די יחידים. אין דעם זין איז סאָציאַליזם היינט אַזוי ווי אין דער צייט פון עטשעוועריאַ: פרייהייט, רעכט, גערעכטיקייט, שיינקייט, דערהויבנקייט, פּראָגרעס, אַ גוט לעבן פאַר אַלע, וואָס בילדן די געמיינשאַפט, די געזעל־שאַפט, וואָס פּראָגרעסירט — איז דעריבער אויך שוין סאָציאַליזם, דער סאָציאַליזם פון עטשעוועריאַ, וואָס ער האָט געפונען אין דער אַרגענטינער היסטאָרישער מאַי־רעוואָלוציע: אין איר באַשאַף, אין איר באַפרייונג, אין איר קאָנסאָלידירונג, אין אירע אויפגאַבן, רעאַליזירונגען, שטרעבונגען, צילן

און מיטלען; נישט אַלע מיטלען, נאָר סאָציאַליסטישע, דאָס מיינט פריי־הייטלעכע, דעמאָקראַטישע, אָדער רעכטלעכע, גערעכטלעכע, שיינע, דער־הויבענע, פּראָגרעסיווע, וואָס טיילווייז טראָגן זיי די צילן אין זיך און רעאַ־ליזירן זיך איינצייטיק און געמיינזאַם.

קאַרל מאַרקס, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1818, איז אַלט געווען 19 יאָר און איז נאָך געגאַנגען אין שול (פון פילאָזאָפיע און רעכט־וויסנשאַפט — עטשעוועריאַ האָט דאָס אויך געלערנט —), ווען עטשעוועריאַ האָט דאָ אין אַרגענטינע געשאַפן, אין די שווערסטע באַדינגונגען, אַ סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג.

מאַרקס דערפינדערישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָרשונגען און וויסנ־שאַפטלעכע באַגרינדונגען פונעם סאָציאַליזם איז שפּעטער געקומען אין אייראָפּע און אויף דער גאַנצער וועלט, ווען און ווו עס איז שוין אָנגעגאַנ־גען די באַוועגונג פון עטישן סאָציאַליזם, וואָס ווערט נישט אויסגעשלאָסן פונעם מאַטעריאַליסטישן, נאָר ווערט איינגעשלאָסן און צוזאַמענגעגאָסן.

די עטשעוועריאַנישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַרגענטינע איז געווען אַ עטישע און נישט נאָר אַן אַבסטראַקטע, היפּאָטעטיש עטישע.

דערמאָנענדיק נאָר אַ פּאָר גלאָריעזע נעמען פון די אַרגענטינער היס־טאָרישע פּערזענלעכקייטן, נביאים, פּאַרגייער, ווי עטשעוועריאַ, וויסענטע לאָפּעז, גוטיערעז — בראש פון אַ פרייהייטלעכער קינסטלערישער מאָבי־ליזאַציע און קאָנצענטראַציע; אַלבערדי, סאַרמיענטאָ, מיטרע — בראש פון דער פרייער אינטעלעקטועלער מאָביליזאַציע און לאַוואַזשע און אורקיסאַ — בראש פון די באַפרייערישע באַוואָפנטע כוחות, איז אָנגעגאַנגען אַ קאָנ־קרעטע, אַ פּראַקטישע און אַ רעאַלע באַוועגונג מיט אַ סאָציאַליסטישער אָריענטאַציע.

עס איז דאָס פּראָגראַם דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע פון דער יוגנט־באַ־וועגונג, פון „נייעם דור״ און פון דער אָרגאַניזירטער „מאַי־געזעלשאַפט״.

אַ פילאָזאָף, אַ סאָציאָלאָג, אַ דיכטער, אַ שרייבער, אַ מייסטער, וואָס פירט אויך אַריין דעם מאַי־רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אין דער ליטעראַ־טור, איז ליטעראַריש דאָקומענטירט עטשעוועריאַס סאָציאַליסטישע געדאַנ־קען, ווערטער, נעמען, באַגריפן, טערמינען.

„שוין לאַנג, אַז מיר גייען ווי אַלע און זוכן דאָס ליכט פון סאָציאַ־ליסטישן קריטעריום — שרייבט עטשעוועריאַ אין יאָר 1846 — און ביז וואַנען אַנדערע וועלן דאָס אונדז נישט געפינען, דאַרף אונדז דערלויבט זיין

אָנצונעמען פאַרן וועגווייזער דאָס וואָס מיר האָבן אויסגעפונען און זאָגן אונדזער געדאַנק אויפן הויכן קול״.

דער „איניסיאַדאָר״ — אַ צייטשריפט, וואָס איז דערשינען אין די אַכצן הונדערט דרייסיקער יאָרן אין מאָנטעווידעאָ, אַרויסגעגעבן פון די אַרגענטינער פּאָליטישע עמיגראַנטן־שרייבער — מיגעל קאַנע און אַנדרעס לאַמאַס — מיט אַלבערדי, פריאַס, טעכעדאָר און גוטיערעס, אַלס מיטאַר־בעטער און וואָס האָט אין איר 4טן נומער פּובליקירט עטשעווערריאַס „דאָג־מאַ כאָסיאַליסטאַ״, האָט דאַן שוין „פּובליקירט איניקע „סאָציאַליסטישע״ אַרטיקלען — ווי עטשעווערריאַ רופט זיי אָן אין זיינעם אַ היסטאָרישן אי־בערבליק — ווו די יוגנט פאָדערט איר געהעריק אָרט״.

די היסטאָרישע סאָציאַליסטישע דאָגמע, וועלכע עטשעווערריאַ האָט אָנגעשריבן אין 1837, ווערט פון איר שפּעטער דערקלערט אַזוי:

„...אין איר (די דאָגמע) האָבן מיר געזוכט צוזאַמענצוגיסן אַלע פּראָ־גרעסיווע דאָקטרינעס אין איין איינהייטלעכן צענטער. און מיר האָבן עס געפונען אין דעם שעפערישן אָנהייב און סוף פון אַלץ: אין דער דעמאָ־קראַטיע, דאָס ערשטע קינד פון מאַי און אָן וואָס אונדזער לאַנד קען ניט נאָרמאַל פּראָגרעסירן, און מיר האָבן דאַן געזאָגט:

„פּאָליטיק, פילאָזאָפיע, רעליגיע, קונסט, וויסנשאַפט, אינדוסטריע — די גאַנצע מאַטעריעלע און אינטעליגענטע אַרבעט דאַרף געריכטעט ווערן אין דעם באַשאַף פון דער דעמאָקראַטישער אימפּעריע״.

מיר וועלן זיך נאָך אָפּשטעלן ביים היסטאָרישן סאָציאַליזם פון עטשעווערריאַ. דאָ ציטירן מיר נאָר געדאַנקען, פראַזן, וואָס עטשעווערריאַ האָט געזאָגט, דערציילנדיק אין 1846פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַרגענטינע מיט דער גרינדונג פון דער מאַי־אַסאָציאַציע אין 1837.

עטשעווערריאַ האָט אַזוי דערקלערט דעם געדאַנק פון דער אַרגענטי־נער סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אַז אַלץ דאַרף זיין פאַר דער „דעמאָקראַ־טישע אימפּעריע״ און אין דעם גייסט דערקלערט ער ווייטער:

„אַ פּאָליטיק מיט אַן אַנדערן קוק, ווילן מיר נישט.

אַ פילאָזאָפיע, וואָס קאָאָפּערירט נישט פאַר דער דעמאָקראַטישער אַנטוויקלונג, וואַרפן מיר אָפּ.

קונסט, וואָס באַלעבט זיך נישט מיט איר גייסט און וואָס איז נישט דער אויסדרוק פון אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן, איז פרוכטלאָז.

וויסנשאַפט, וואָס באַלייכט איר נישט, איז הינטערשטעליק.

אינדוסטריע, וואָס טראָגט נישט די טענדענץ צו באַפרייען די מאַסן און דערהייבן צו גלייכהייט, נאָר עס איז איר טענדענץ צו קאָנצענטרירן דעם רייכטום אין ווייניק הענט — פאַרדאַמען מיר".

די סאָציאַליסטישע זאַכן, איינשליסלעך די דעמאָקראַטיע, זענען ביי עטשעווערריאַן נישט קיין פּאַפּירענע, נאָר האַרציקע און מחדיקע, געלערנטע און געלעבטע; ליכטיקע און קלאָרע; איבערצייגטע און באַגלייבטע; טיפע און דערהויבענע, וואָס דערגייט צו אַ גלויבן, אַ נייעם גלויבן. אַ נייע רע־ליגיע וואָס דערקלערט זיך און איז פאַרשטענדלעך אין אַ רעליגיעזער צייט און אין אַלע צייטן. אמתדיק איז דער אינטערעס, דאָס וואָרט און עס איז נאָר אויפריכטיק דער טאַט און די באַוועגונג פאַר דער סאָציאַלער זאַך און וואָס מען גלייבט. נישט בלינדער גלויבן, נישט פאַנאַטיזם, נאָר זעעוודי־קער, פרייער און דערהויבענער; אָפּטימיסטישער און דאָגמאַטישער. פון דעם נעמט זיך וואָס עטשעווערריאַ באַנוצט אַזוי אָפט דאָס רעליגיעז־קליני־גענדיקע וואָרט דאָגמע, ווי „דעמאָקראַטישע דאָגמע"; „סאָציאַלע דאָגמע"; „געמיינזאַמע דאָגמע"; מאַי־דאָגמע" (דאָגמאַ דע לאַ דעמאָקראַסיאַ אי דע מאַזשאַ); „דאָגמאַ" אַליין: „מיר וואָלטן געוואָלט מען זאָל נישט פאַרגעסן, אַז אין יאָר 1837 האָבן מיר פאָרמולירט אַ דאָגמע" — שרייבט עטשעווערריאַ און נאָך דער דערקלערונג, וואָס פאַראַ דאָגמע מיט דער „דאָגמאַ סאָסיאַ־ליסטאַ" איבער אַלע, זאָגט ער שוין כסדר: „די דאָזיקע דאָגמאַ", וואָס האָט געמיינט: סאָציאַליסטישע דאָקטרין, טעאָריע, פילאָזאָפיע, באַוועגונג, לעבן און שטרעבן.

„...דאָס איז געווען וויכטיק — שרייבט עטשעווערריאַ, — כדי מ'זאָל האָבן אַ ידיעה פונעם אָפּשטאַם און פון דעם גאַנג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג די איינציקע אין אונדזער לאַנד, אָנגעהויבן אין אַ צייט פון אַב־סאָלוטער פינצטערקייט"; „אַ באַוועגונג וואָס האָט ביז היינט נישט געגעבן קיין פּראַקטישן רעזולטאַט, ווייל עס האָ טאיר געפעלט דער באָדן: דאָס פאָטערלאַנד; אָבער אין דער ספערע פון די אידייען האָט זי געמאַכט און מאַכט ווייטער אירע פּראָגרעסיווע עוואָלוציעס; האָט געהאַט אירע פרעדי־קער און אירע מאַרטירער, וואָס האָבן פאַרזייט גוטע קערנער, גלייזט וויכטיקע אַקטועלע פּראָבלעמען, געשאַפן ווערטפולע ווערק און אַקטיוו קאָאָפּערירט אין קאַמף קעגן ראָסאַס; אַ באַוועגונג, וואָס וועט זיכער געפינען

אין דער צוקונפט אירע נאָכפאָלגער, ווייל זי רעפּרעזענטירט אַלע לעגי־טימע אַספּיראַציעס פון אַ עפּאָכע".

***

טשעטשעוועריאַ שרייבט, אַז דאָס פאָלק וועט פרעגן די אַספּיראַנטן אויף דער מאַכט: „וועלכע זענען דאָס די פּרינציפּן פון אייער סאָציאַלער דאָק־טרין, ווייל נאָר די דאָקטרינען, די גוטע דאָקטרינען, ניט די פּערזאָנען, קענען געבן דעם לאַנד גאַראַנטיעס פון פרידן און אָרדענונג און מאַכן פליסן אין זיינע אָדערן דעם פרוכטבאַרן זאַפט פונעם אמתן פּראָגרעס". און ער שרייבט:

„די מענטשן וואָס רעפּרעזענטירן נישט אַ סאָציאַליסטישן סיסטעם, מעגן זיי טראָגן אייניקע ענלעכע אידייען, אָדער פראַגמענטן פון דעם און מעגן זיי פעיִק זיין פאַר געמיינזאַמע זאַכן — לעבן נאָר מיטן היינטיקן טאָג: דענקען נאָר ווי־אַזוי אַרויסצוקומען פון די שוועריקייטן פונעם מאָמענט: פּטרן זייעראַקטיוויטעט אין קלייניקייט, אין פּרטים; קיינמאָל געבן זיי ניט קיין בליק אין דער צוקונפט, ווייל זיי פאַרשטייען נישט די קעגנוואַרט און נישט די פאַרגאַנגענהייט".

טשעטשעוועריאַ, וועלכער איז קיינמאָל נישט געשטאַנען ביי דער מאַכט און ער האָט פּערזענלעך קיינמאָל פּרעטענדירט אויף איר — פּאָלעמיזירט אויך מיט קעגנער פון ראָסאַס און ער שרייבט: „גוט וואָלט געווען זיי זאָלן לעגיטימירן זייערע פּרעטענזיעס אויף דער פּאָליטישער איניציאַטיוו און זיי זאָלן אונדז זאָגן וווּ־אַהין ווילן זיי אונדז פירן, אָדער וועלכער איז דער סאָציאַליסטישער געדאַנק, מיט וועלכן זיי גייען פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער טיראַניי, אינפאַל פון איר פאַרשווינדן".

די אונטערשטרייכונגען זענען מיינע. זיי דאָקומענטירן טשעטשעוועריאַס סאָציאַליסטישקייט, וואָס איז אים געווען נאָענט, אייגן, נאַטירלעך, זעלבסט־פאַרשטענדלעך און וואָס מען שטרייכט דעריבער נישט אונטער. עס איז דער ספּאָנטאַנער אויסדרוק פון דעם, וואָס מען דענקט כסדר און וואָס מען פילט און דער דאָזיקער אמת ביי טשעטשעוועריאַן וואָס וואַרפט אָפּ יעדע פאַלשקייט, איז אַזוי קרעפטיק, אַז ער האָט נישט קיין מורא פאַר קיין געפאַר.

די פּאָליטישע עמיגראַציע אין מאָמענט פון שווונג פון מאַנועל ראָסאַס טעראָר־רעזשים האָט נישט נאָר אָפּגעראַטעוועט די רעטער פונעם מאַי־

רעוואָלוציאָנערן אַרגענטינע, נאָר האָט אויך מעגלעך געמאַכט אָנצופירן מיט דער באַפרייונג פון דער מאַי־רעוואָלוציע און מיט דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע פונעם לאַנד, וועמענס פּרינציפּן, צוועקן, אידעאַלן און פּלע־נער עס האָבן געמוזט זיין אויסגעאַרבעט, פאַרגעטראַגן, אויפגעקלערט, באַטראַכט און אָנגענומען צו רעאַליזירן באַלד צומאָרגנס נאָך דער באַ־פרייאונג.

עטשעווערריאַ האָט אָבער געפילט אַ ווידערווילן צו דער פּאָליטישער עמיגראַציע, ער האָט אַפילו געמיינט, און ער האָט שטענדיק נאָר געזאָגט דאָס וואָס ער מיינט — אַז „עמיגרירן איז זיך מאַכן נוצלאָז פאַרן אייגענעם לאַנד". און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אין די דרייסיקער יאָרן די ערשטע עמיגראַציע פון די פירער פון דער „מאַי־אָסאָציאַציע" און אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס מיט צווי ראָסאַס שפּיאָנען אויף יעדן איינוווינער און מיט אַ רויטער מאַזאָרקאַ (ראָסאַס דיקטאַטור און זיינע מענטשן האָבן זיך גע־קליידט אין רויטן, ווי שפּעטער מיט הונדערט יאָר מוסאָליני — אין שוואַרצן און היטלער — אין ברוינעם), וואָס האָט געקוילעט יעדן אויף וועמען עס איז געפאַלן דאָס בלוטדורשטיקע אויג — איז דאָך נישט מעגלעך געווען קיין עטשעווערריעשע טעטיקייט, האָט זיך דאַן עטשעווערריאַ „צוריקגעצויגן" פון שטאָט אין דאָרף אַריין, אין זיין „עסטאַנסיאַ" (דאָרפישער גוט), וואָס האָט געהייסן „על טאַלאַ", האָט זיך געפונען צווישן לוכאַן און כילעס אין צפון פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס און איז באַשטאַנען פון אָרימע „ראַנטשאָס" (געצעלטן) מיט קריאָזשעס (דאַ געבוירענע), וואָס האָבן צוזאַ־מען מיט זייער באַלעבאָס (אַ קראַנקער) באַפרוכפּערט דאָס לאַנד.

עס איז אָבער דאָך נישט געווען עטשעווערריאָס באַרוף צו פאַרזעצן קאַרטאָפל און פּאַשען קי. ער האָט אויך אין „טאַלאַ" געשריבן; ער האָט דאָ געשריבן זיינע ליטעראַרישע מייסטערווערק, ווי „קאַוטיוואַ", וואָס זע־נען אומפאַרגעסלעך און אומשטערבלעך, ווי זייער מחבר און זענען היסטאָ־ריש דורך זייער אינהאַלט, וואָס געפינט זיך אויך אין זיין באַנייטער ליטע־ראַרישער פאָרעם. אין זיי איז דער קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון דער באַפרייונג: קאָנספּיראַציעס, אויפשטאַנדן, העראָישקייט, מאַרטיראָלאָגיע, אָפּגעהאַקטע קעפּ פון רעוואָלוציאָנערע פירער אויף די ביימער פון עפנט־לעכע פּלעצער (פּלאַסעס) אויפן דרום פון דער רעפּובליק און אויפן צפון און ווען פון מיזרח באַוויזן זיך באַפרייעריש באַוואָפנטע קרעפטן פון לאַ־וואַזשע, פון אורקיזאַ, טראָגט ער זיי אַנטקעגן דעם פרייהייטס־פלאַקער און

דאָס פּלאָמיקע ליד פון דערהויבענעם קאַמף און ווען עס איז דער מאָמענט שרייבט ער און שרייבט אונטער פּראָטעסט-מאַניפעסטן, אַז „ראָסאַס איז אַ פאַרשאָלטענער טיראַן-אוזורפּאַטאָר פון דער פאָלקס-סוווערענִיטעט; אַז די אויטאָריטעט פון ראָסאַס איז פאַלש און איז נול און דעריבער איז קיינער נישט אָבליגירט צו פאָלגן זיינע באַפעלן". און „אַז דער גענעראַל לאַוואַזשע איז אַ בראַווער באַפרייער און זיין אַרמיי איז דער פּאַרטיידיקער און דער רעקאָנקיסטאַדאָר פון די רעכטן פונעם אַרגענטינער פאָלק".

עטשעווערִיאַ האָט קיינמאָל נישט אין זיין האַנט געהאַלטן קיין פיזישע וואָפן, ער האָט דאָס אויך נישט געטראָגן אין זיין שאַרף וואָרט; ער האָט פאַרהאַסט גוואַלד אויף וויפל ער האָט גאָר געקענט האַסן, ער האָט בטבע נישט געקענט פאַרטראָגן, נישט שלום מאַכן מיט קיין דיקטאַטור און אוודאי נישט מיט אַ טעראָריסטישע, אָבער ווי גרויס איז געווען עטשעווערִיאַס ביישטייער און אָנטייל אין דער פרייהייטס-באַוועגונג, די מיליטערישע ווי די ציווילע, וואָס ער האָט אַרויסגערופן און גלאָריפיצירט מיט זיין ליטעראַריש און קינסטלעריש וואָרט, דאָס האַרציקע און דאָס אינטעליגענטישע!

אָבער די פּאָליטישע עמיגראַציע איז געווען ווי אַ פאַטאַליטעט, וואָס האָט אַפילו אויך עטשעווערִיאַן נישט אויסגעמיטן און אויפן עלפטן יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער מאַי-אַסאָציאַציע, אין 1846, זעקס יאָר פאַרן סוף פון ראָסאַס דיקטאַטאָרישע רעגירונג און פאַר דער באַנייונג און אָרגאַניזירונג פון דער באַפרייטער מאַי-רעוואָלוציע, הערן מיר עטשעווערִיאַן דורך זיינע „רעטראָספּעקטיוון" אין מאָנטעווידעאָ, ווי ער זאָגט:

„מיר, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מיר לעבן אין אַן איבערגאַנגס-צייט און אין אַ צוגרייטונגס-צייט, וואָס וועט פאַרנעמען דאָס לעבן פון צוויי-דריי דורות; מיר, וואָס האָבן געזען פרעדאָמינירן דעם באַרבאַרישן עלעמענט אין אונדזער לאַנד און מיר האָבן פאַרגעזען אַ סך רעוואָלטן און מפּלות, איידער עס וועט קומען די צייט פון דערגרייכונג פון די מאַי-רעוואָלוציאָנערע צילן — האָבן געוואָלט אין יאָר 1837 פאַרקערפּערן דעם „גלויבן", דורך וועלכן מיר האָבן זיך געגרייט צו קעמפן אונטער אַ פאָן, וואָס זאָל אויסדריקן די צוקונפט פון פאָטערלאַנד, געשטיצט אויף די יונגע דורות".

10

די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין די סוף יאָרן פון אַכצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך פון מערב-אייראָפּע אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט

און וואָס האָט געהאַט אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 1789 איר דעפינירטסטן און דעפיניטיוון אויסדרוק, איז געווען אַ בורזשואַזע רע־וואָלוציע.

בורזשואַזיש אין דעם זין פון שטאָט אין קעגנזאַץ צו דאָרפיש אָדער פעלדיש. אין דעם זין מיינט נישט בורזשואַזיש דאָס זעלביקע ווי קאַפּיטאַ־ליסטיש, ווייל אין שטאָט, אַזוי ווי אין דאָרף, זענען פאַראַן אי אַרבעטער, אי באַלעבאַטים; פאַרמעגלעכע און פאַרמעגנסלאָזע, אַזוי ווי געלערנטע און אַנאַלפאַבעטן, כאָטש די שטאָט ווי אַ שטאָט איז שטענדיק קולטורעלער, אינ־טעלעקטועלער און פאַרגעשריטענער פאַרן דאָרף.

די רעוואָלוציע איז געווען אַ בורזשואַזע אויף וויפיל די בורזשואַזיע איז געווען רעוואָלוציאָנער קעגן דער סאָציאַלער הערשאַפט פון דאָרף, פו־נעם ערדבאַזיצער, פון פעלדישן אָדער לאַנדווירטשאַפטלעכן קאַפּיטאַל, וואָס איז באַקאַנט אונטערן באַגריף פעאָדאַליזם.

דער פעאָדאַל איז עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעך געבליבן הינטערשטע־ליק קעגן דעם בורזשואַ און דאָס האָט קאָאָפּערירט מיט דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט הומאַנישע, עטישע און סאָציאַל־פילאָ־זאָפישע מאָטיוון, פּרינציפּן, צוועקן און צילן.

דער פעאָדאַלער רעזשים איז געווען אַ רעזשים פון שקלאַפעריי, פון רעכטלאָזיקייט, פון קולטורלאָזיקייט, פון אומווירדיקייט, פון פאַרברעכע־רישקייט און דער עיקר, — אַ רעזשים אָן פרייהייט. דער דאָזיקער רעזשים האָט געהערשט אין דאָרף נאָך מער ווי אין שטאָט, אָבער ער האָט אויך געהערשט אין שטאָט און די בורזשואַזיע, אַפילו די פאַרמעגלעכע, די קאַ־פּיטאַליסטישע, די קאָמערציעלע און די אינדוסטריעלע; די פינאַנציעלע און די אינטעלעקטועלע, וואָס האָט געזען אַז זי איז די באַרופענע פאַר דער סאָציאַלער הערשאַפט, איז נאָך אַליין געווען אונטערדריקט, געשטיקט און פאַרפאָלגט, האָט זי געהאַט דעם אינטערעס צו באַפרייען זיך, וואָס דאָס האָט נאָר געקענט זיין דורך דער אַלגעמיינער סאָציאַלער באַפרייונג און זי האָט געהאַט דעם אַלגעמיינעם סאָציאַלן אינטערעס פאַר אַן אַנדערן רעזשים, אַ פרייהייטלעכן און רעכטלעכן, צוליב וואָס מען האָט געמוזט אָפּשאַפן דעם פעאָדאַלן רעזשים און דאָס איז נישט מעגלעך געווען אָן אַ רעוואָלוציע.

דער טעכנישער, מעכאַנישער, קאָמערציעלער און עקאָנאָמישער פּראָ־גרעס פון דער שטאָט איז געגאַנגען אינטים פאַראייניקט מיט די מענטש־לעכע עלעמענטן: הומאַניזם, פרייהייט, רעכטן, באַציונגען, מאָראַלישע דער־

הויבונג, קולטור, גייסטיקע רייכקייט, אינדיווידועלע און סאָציאַלע פאַרבע־סערונגען, פּראָגרעס און דאָס אַלץ וואָס עס נעמט אַרום די סאָציאַלע פי־לאָזאָפיע, וואָס איז אַליין אויך געצויגט צו שטענדיקער אויסברייטערונג, פאַרטיפונג און דערהויבונג און וואָס איז סאָציאַליסטיש, מעג עס יאָ אָדער נישט אַזוי אָנגערופן ווערן, ווייל עס איז מענטשלעך־געזעלשאַפטלעך.

אין די דאָזיקע עלעמענטן, וואָס זענען אין דער בורזשואַזיש־רעוואָ־לוציאָנערער צייט אָנגענומען פונעם שטאַטישן באַלעבאַס, אונטערנעמער און קאַפּיטאַליסט, וואָס ווערט שפּעטער אַלס הערשער פאַרוואַנדלט אויך אין אַ רעאַקציאָנער, זענען נאָנט און אייגן די שטאָטישע פאָלקס־מאַסן, דעם אַר־בעטער אויפן ערשטן פּלאַן, אַזוי אויך דעם דאָרפס־מענטש, דעם פעלד־אַרבעטער, וואָס איז אונטערן פעאָדאַליזם אַ פּשוטער שקלאַף. זייער אינ־טערעס געפינט זיך אויך אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, ווען אַפילו זיי זאָלן זיך פיזיש אין איר נישט באַטייליקן.

און אָט דער דאָזיקער סאָציאַליזם אין באַשטאַנד פון די מענטשלעכע עלעמענטן און וואָס האָט שוין געלעבט אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, האָט געהאַט זיינע דענקער; זיין סאַן סימאָן אין פראַנקרייך און זיין עסטע־באַן עטשעווערי אין אַרגענטינע.

עטשעווערי אין איינע פון זיינע פאַרלעזונגען אין די „ליטעראַרישע סאַלאָנען", זאָגט אין זיין פאַרלעזונג וועגן סאָציאַלער פילאָזאָפיע מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פאַר זיינע גייסטיקע אויגן: „די סאַנסימאָניאַנער שול האָט אָנגעהויבן אַ גרויסע אַרבעט צו געפינען דעם היסטאָרישן און וויסנשאַפטלעכן אמת פון איר לערערס דאָקטרין. און מען האָט אָנגעהויבן איר מעטאָדישע פּראָפּאַגאַנדע דורך דער פּרעסע. די יולי־רעוואָלוציע, וואָס איז טיילווייז פאַרגעקומען דורך דער דאָקטרין, איז פאַקטיש געווען די פייער־לעכסטע מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט געוויזן, אַז פראַנקרייך האָט נישט פאַר־געסן איר מיסיע פון פּראָגרעסיווער איניציאַטיוו אין דער וועלט און אַז זי האָט אָנגענומען די דאָגמאַטישע מיינונגען פון דער סאַנסימאָניאַנער שול (סאַן סימאָניזם) ווי איר אייגנטלעכער ירושה".

עטשעווערי וואָס פון זיין קינדהייט אָן לעבט ער גייסטיק און אין טיפן געפיל אין דער ברייטער און אין דער דערהויבענער סאָציאַל־עטי־שער און סאָציאַל־פילאָזאָפישער וועלט, איינשליסלעך אויך אין דער סביבה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (ווענעמס גייסט, פּרינציפּן און אי־דעאַלן עטשעווערי האָט אויך אויסגעפינען אין דער אַרגענטינער מאַי־

רעוואָלוציע) ווו ער איז אויך געקומען אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די סאָציאַליסטישע דענקער פון סוף אַכצנטן און אָנהייב ניינצנטן יאָרהונדערט, איז גרינטלעך באַאיינפלוסט פונעם סאַנסימאָניאַנער עטישן און פילאָזאָפישן סאָציאַליזם, וואָס עטשעווערריאַ רופט אויך אָן דאָגמע, מחמת דעם טיפן און פונדאַמענטאַלן גלויבן אין אים. און עטשעווערריאַ, וואָס דערקלערט זיך רעליגיעז — נישט קאַטוילישן, אַפּאָסטאָליש, רוימיש, נאָר קריסטלעך אין גייסט פון קריסטוסן אַליין אויף וויפיל ס׳געפינט זיך שוין אויך סאָציאַליזם אין אים — איז אויך סאָציאַליסטיש געשטימט פון דער ווייטער וועלט־געשיכטע.

צי האָט אָבער עטשעווערריאַ גענומען דעם סאָציאַליזם פון דער קריסטלעכער געשיכטע און פון אייראָפּע; פון סאַן סימאָן און פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אים אַזוי ווי ער שטייט און גייט איבערגעטראָגן אין אַמעריקע, אין לאַנד פון דער מאַי־רעוואָלוציע?

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע קען מען דערקענען אין דער אַרגענטינישער, זי איז אָבער באַדייטונגספול אַנדערש.

וויסענטע לאָפּעז, דער שרייבער פון אַרגענטינער געשיכטע, באַצייכנט די מאַי־רעוואָלוציע פאַר אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע. דאָס איז ריכטיק אויף וויפיל די מאַי־רעוואָלוציע איז אויך געווען די זאַך פון שטאָט און אויף וויפיל זי איז אויך געווען קעגן פעאָדאַליזם. זי איז אָבער נישט קיין קאָפּיע פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין אייראָפּע און איז נישט אינגאַנצן בורזשואַזיש.

***

אַרגענטינע איז געווען אַ שפּאַנישע קאָלאָניע און זי איז געווען דאָס גרויסע דאָרף, אָדער פעלד פון שפּאַניע, וואָס איז געווען דורכויס פעאָדאַליסטיש, מיטלאַלטערלעך און אינקוויזיטאָריש קעגן יעדע פרייהייט, קעגן יעדע רעכט און קעגן יעדן פּראָגרעס.

דאָס גרויסע, אומענדלעכע אַרגענטינער פעלד, וויסט אָדער באַדעקט מיט סקאָט, איז אַריין אין שטאָט, אין וועמענס צענטער עס האָבן זיך גע־פּאַשעט קי און קעלבער.

מאַריאַנאָ מאָרענאָ, איינער פון די גאָר ערשטע פאָרגייער פון דער מאַי־רעוואָלוציע, האָט רעפּרעזענטירט די פעלד־באַלעבאַטים. די פּי־אייגנ־טימער, — די לאַנדווירטשאַפטלער און ער האָט פּרעזענטירט פאַרן ווירע־

(וויצע־קעניג) סיסנעראָס די פאָדערונג פאַר אַ פרייען האַנדל, אָדער פאַר אַ עקאָנאָמישער פרייהייט, וואָס אין עקאָנאָמישן זין איז דאָס געווען די לעבנס־באַדערפעניש פון די ערד־באַזיצער — פי־אייגנטימער, דער אינ־טערעס פון אַלע איינוווינער, ווייל די פעלד־פּראָדוקציע איז געווען די באַזע פון לעבן און דורך אַלעמענס אינטערעס איז עס אויך געווען דער געזעל־שאַפטלעכער, אָדער סאָציאַלער אינטערעס פון דער קאָלאָניע.

די טעכניק, די מעכאַניק — די אינדוסטריע איז ערשט געווען אין דער שטרעבונג, וואָס איז שפּעטער קאָנקרעטיזירט געוואָרן אין פּראָגראַם פון רעוואָלוציאָנערן אויפבוי, פונקט ווי עס איז אַריין אין פּראָגראַם דורך דער מלוכה צו רעאַליזירן די באַפעלקערונגס־טעאָריע מיט אַ פּראַקטיק, וואָס זאָל כסדר באַפעלקערן דאָס נאַטור־רייכע, אָבער אומבאַפעלקערטע לאַנד, ווען אין אייראָפּע האָט מען שוין געדענקט פון אַ איבערבאַפעלקע־רונג.

אַנדערש איז אויך געווען די קאָנטרעוואָלוציע אין אַרגענטינע, וואָס האָט באַלד געשטערט און אונטערדריקט די מאַי־רעוואָלוציע, איידער זי איז געוואָרן דעפינירט. אָבער אומדעפינירטער איז געווען די פעדעראַליס־טישע קאָנטרעוואָלוציע קעגן די אוניטאַריער; דער דאָזיקער אויפשטאַנד פון דאָרף קעגן דער שטאָט, פון „פאָנטשאָ״ קעגן „פראַק״. עס איז געווען פעאָדאַליסטיש די אַנטיבורזשואַזע, אָדער אַנטישטעטישע קאָנטררעוואָלו־ציע, וואָס איז געקומען פון די פעלדער מיט זייערע ווינטן און מיט זייער ווילדקייט און האָט אויף אַזאַ אופן פאַנאַנדערגעוויקלט אפשר צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע די סימבאָליש פּראָלעטאַרישע אינטערנאַציאָנאַלע רויטע פאָן פון קאַמף, אין נאָמען פון די ברייטע, די דעמאָקראַטישע פאָלקס־מאַסן, די אינדיאַנער און די נעגער, וואָס האָבן באַקומען דאָס רעכט פון קנעכט, קנעכטישער צו דינען דעם האַר און ס׳איז אפשר געווען די ערשטע טאָטאַליטאַרישע דיקטאַטור אין דער וועלט. די קרוין און טראָנלאָזע דיק־טאַטור איבער אַלץ און אַלע פון איינעם אַ פּערזאָן, געשטיצט פון און אויף די פאָלקס־מאַסן אָן אַנונג פון דעמאָקראַטיע, מיט דער סומע פון אַלע מלוכה־מאַכטן אין זיינע הענט, ווי דאָס איז געווען דער ערדבאַזיצער, פּריץ און מיליטאַר כואַן מאַנועל אָרטיז דע ראָסאַס, וועלכער האָט אַלץ געמעגט, אַלץ געקענט און וועלכער האָט אויך געקענט זאָגן, אַז: „די פעדעראַליס־טישע באַוועגונג — דאָס בין איך״.

אַזוי אַז דאָ זענען געווען אייגענע פאַקטאָרן און דערשיינונגען און

אַנדערשדיקע פון די אין איראָפּע און אייגענע זענען דאָ אויך געווען די ציטיקע רעוואָלוציאָנערע באַדערפעניש; צו באַפרייען זיך פון קאָלאָניאַלן יאָך און פון דער אויסלענדישער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט.

אויב אין דער רעוואָלוציאָנערער אידייע און פּרינציפּ איז דאָ אויך נישט אַריין די סאָציאַליזירונג פון פּריוואַט־אייגנטום, איז עס אויך נישט געווען איבער דעם וואָס די רעוואָלוציע אין איראָפּע האָט נישט, אַפילו אידעיִש נישט סאָציאַליזירט פּריוואַט־אייגנטום, נאָר עס האָט זיך דאָ נאָך ווייניקער געפילט די באַדערפעניש פאַר דעם.

און וואָס איז שייך אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע עלעמענטן (אויסער דער סאָציאַליזאַציע פון פּריוואַט־אייגנטום וואָס איז ווו מער און ווו ווייניקער די זאַך פון אונדזער צייט), וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע, זענען זיי נישט קיין פראַנצויזישע עלעמענטן, נאָר אוניווערסאַלע, אָדער זענען אַזוי פראַנצויזיש ווי אַרגענטיניש און עס איז פאַרשטענדלעך זייער ווירקונג און איינפלוס פון איין לאַנד אויפן צווייטן און אויף אַ סך לענדער, וואָס זענען גענויגט צו אַזאַ איינפלוס און וואָס נויטיקן זיך אין דעם.

***

עטשעווערריאַ איז צוריקגעקומען פון איראָפּע מיט בענקשאַפט צו דער מאַי־רעוואָלוציע. ער האָט געטראָפן אין איראָפּע ביי דער אַקציע די רע־אַקציע און איבער איר האָט ער דערפילט אַ ווידערווילן צו איראָפּע און צו דער גאַנצער אַלטער וועלט אין געאָגראַפישן זין. ער האָט אויך נישט געהאַלטן פון איבערטראָגן אידייען, פּרינציפּן, רעזשימען, פון איין לאַנד אין אַנדערן צו זיי פּאַסן זיך אָדער נישט, אָדער אויסצומיידן אייגענע אָנ־שטרענגונג, אייגענע איניציאַטיוו, אייגענע איינשטעלעניש. עטשעווערריאַ איז אָבער גענויגט צו לערנען די היסטאָרישע זאַכן פון אומעטום און פון אַלע צייטן; ער איז גענויגט צו פאַרשן די סאָציאַלע סודות, געפינען דאָס ליכט אין דער פינצטער, די רו אין דער אומרו און נעמט גערן אויף גע־דאַנקען און אידייען פון וואַנען דאָס זאָל נאָר זיין און פון וועמען דאָס זאָל זיין, זיי איבערצוטראָגן און אָנצווענדן, ווו מען דאַרף, נאָך דעם ווי ער האָט זיי אויסגעפאָרשט און פאַרשטאַנען און דערפילט זייער ווינטשנסווער־טיקייט.

די רעאַקציע אין איראָפּע, 26 יאָר נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָ־

לוציע, האָט דאָך נישט געשטערט דעם אַרגענטינער יונגן אָבער גרויסן סאָציאַלן פאָרשער און דענקער צו באַנעמען און זיך אָנצונעמען מיט די סאָציאַליסטישע אידייען און פּרינציפּן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אירע סאָציאַליסטישע פּאָרגייער און דענקער און זיי דורכצונעמען מיט זיינע אייגענע סאָציאַליסטישע געדאַנקען, געפילן, באַגריפונגען און גלויבן, וואָס צוזאַמען גענומען האָט עס עטשעווערי‏אַ אָנגערופן: „סאָציאַליסטישע דאָגמע״.

דאָס פּאַטערלאַנד צו וועלכן עטשעווערי‏אַ האָט אַזוי געבענקט פאַרן פאַרלאָזן אייראָפּע איז געווען די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע, ער האָט אין איר דערפילט און דערזען סאָציאַליזם.

דאָס זענען געווען איינפלוסן פון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווי די דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט, אַרומגענומען און מאָראַליש באַקרעפטיקט מיט אייגענע אַרגענטינישע סאָציאַליסטישע עלעמענטן, מיט פרייהייט, פרייהייט און פרייהייט איבער אַלץ.

11

דערהויבן און איינגעגלויבט אין די הויכע הימלישע גייסטיקע וועלטן שטייט דאָך עטשעווערי‏אַ אין קאָנטאַקט מיט דער ערד און זעט קלאָר די רויע און סאָציאַל־פאַרדאָרבענע רעאַליטעט.

אין זיין „דאָגמאַ סאָסיאַליסטאַ״, וווּנדערבאַרע בלעטלעך פון אַ היס־טאָריש ווערק — שטעלט אַרויס עטשעווערי‏אַ אַלע טאַדלהאַפטע ניואַנסן פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט אין פולשטענדיקער סאָציאַלער אומ־אָרדענונג און קריטיקירט זי, עקספּאָנירט פאַרבעסערונגען, סאָציאַלע פּלע־נער, פּראָגראַמען.

וועגן דעם איז פאַראַן ביי עטשעווערי‏אַן אַ סך צו ציטירן און מ׳האָט אַ גייסטיקן פאַרגעניגן זיי צו לייענען, וויסנדיק, אַז זיי זענען פון שריפטן און פון פאַרלעזונגען דאָ אין אַרגענטינע, אָדער אין שכנישן אורוגוויי פון 1837.. מיר מוזן זיך אָבער באַגרעניצן מיט נאָר אייניקע געקירצטע ציטאַטן. נאָר האָט נישט קיין טעות, מיינט נישט, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן היינט און הערט דאָס וואָרט פון עטשעווערי‏אַ, אַזוי ווי עס איז דאָ געשריבן געוואָרן מיט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר צוריק:

„דער פּראָלעטאַריער אַרבעט טאָג און נאַכט רייכער צו מאַכן דעם פּוי־

לענצער באַלעבאָס; עס רינט דער שווייס פון זיין פּנים אויסצוהאַלטן זיך און זיין פאַמיליע; ער ווערט נישט באַלוינט פאַר זיין אַרבעט; ער האָט קוים צו עסן; ער קאָן גאָרנישט אָפּשפּאָרן אויף צו דערציען זיינע קינדער, נישט אויף היילן זיך פון קראַנקייטן, נישט צו פאַרזאָרגן זיך אויף אומפאָרויסגעזעענע באַדערפענישן און צוגרייטן זיך אַ באַקוועמע עלטער״.

„דער באַזיצער פון די פּראָדוקציע אינסטרומענטן עקספּלואַטירט אים; ער נוצט אים אויס פאַר זיך ווי אַן אַרבעט־בהמה פאַר אַ מיזעראַבלען לוין, ווען ער וואַרפט אים נישט אַרויס פון זיין ווערקשטאַט אַ קראַנקן אָדער שוין אַן אימפּאָטענטן צו דער אַרבעט״.

און עטשעווערריאַ זאָגט ווייטער:

„דער פּראָלעטאַריער איז אָבער דאָך אַ מענטש ווי די אַנדערע מענ־טשן, וואָס אויפן גרונט פון זיין אומצערייסלעכער פאַרבינדונג מיט זיינס גלייכן און מיט דעם אוניווערז, האָט ער די גלייכע רעכט ווי אַלע צו גע־ניסן פון פאַמיליע, פון פאָטערלאַנד און פון פאַרמעגן״. און ער זאָגט „צו די רייכע, די הערשער, וואָס אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט אויף זייער אופן און דיספּאָנירן מיט זייער מאַכט צו אונטערדריקן זייערע ברידער״, אַז „זיי באַגייען אַן אַטענטאַט קעגן געטלעכן געזעץ פון איינהייט און סאָלידאַריטעט פון אַלע מענטשן״.

***

עס איז די צייט פון דער הערשנדיקער רעליגיע. אַלע יענען רעליגיעז, ווער וואַגט דאָס אויפהייבן אַ שטים קעגן אירע אומרעכטן? אירע גוואַלד־טאַטן? (וואָס זענען אייגנטלעך אַנטירעליגיעזע).

עטשעווערריאַ זאָגט דאָן: „די רעליגיעזע געזעלשאַפט איז אומאָפּהענגיק פון דער ציווילער געזעלשאַפט; די ערשטע גייט מיט אירע האָפענונגען צו יענער וועלט; די צווייטע קאָנצענטרירט זיך דאָ אויף דער ערד; די מיסיע פון דער ערשטער איז הימליש, די פון דער צווייטער איז ערדיש. די טיראַנען שמידן פון דער רעליגיע קייטן פאַרן מענטש״. „אָנערקענט די פרייהייט פון געוויסן, טאָר זיך קיין רעליגיע נישט דערקלערן פאַר אַ הערשנדע און נישט פּאַטראָניזירן זיך פון דער מלוכה; אַלע דאַרפן גלייך זיין רעספּעקט־טירט און פּראָטעזשירט, אויב זי איז מאָראַליש ריין און איר קולט אַטענ־טירט נישט די סאָציאַלע אָרדענונג״.

עטשעשוועריאַנער סאָציאַליזם, דאָס מיינט ריינער עטישער סאָציאַליזם, איז ביי עטשעשוועריאַן אויף יעדן טריט און שריט, די זאַך פון יעדן טאָג, ביי יעדער איניציאַטיוו פאַר באַלדיקע דערגרייכונגען און פאַר צוקונפטיקע; אונטערערדיש, מחמת דער הערשנדער טעראָריסטישער דיקטאַטור פון ראָסאַס און אין דער עפנטלעכקייט; אין לאַנד און אין אויסלאַנד. עס איז דער איינציקער סאָציאַליזם פון יענער צייט. ער באַשטייט פון: פרייהייט, פרייהייט און פרייהייט, וואָס איז דער עיקר פונעם מענטש און פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און וואָס קען אָבער נישט זיין איזאָלירט און גע־שטערט פון אַנדערע אומענטשלעכע פאַקטאָרן, דעריבער געהער ער אומפאַר־מיידלעך צום באַשטאַנד פון סאָציאַליזם: סאָציאַלע גערעכטיקייט און גע־רעכטיקייט אין אַלגעמיין; פאַרנונפט אָדער גוטע באַציִונג און קעגנזייטי־קייט; פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, וואָס איז דער אומשטערב־לעכער סאָציאַליסטישער לאָזונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע; הומאַ־ניִשקייט, מענטשן־רעכט, קולטור, דערהויבנקייט, שיינקייט, פּראָגרעס און דעמאָקראַטיע, וואָס עטשעשוועריאַ האָט קאָנצענטרירט און פאַרייניקט אויס־געדריקט אויפן נאָמען פון „סאָציאַליסטישע דאָגמע", מיט וואָס עטשעשוועריאַ האָט באַשאַפן די היסטאָרישע „מאַי אַסאָציאַציע פונעם נייעם דור; באַשאַפן און אָנגעפירט ווי אַ סימבאָל פון דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער גע־זעלשאַפט פון מאַי־לאַנד און וועלכע האָט אויף אַ רעליגיעזן אופן אָנגענומען ווי אַ הייליקע תורה די „סאָציאַליסטישע דאָגמע", איינשליסלעך אַ מאַני־פעסט „צו דער אַרגענטינער יוגנט און צו אַלע ווירדיקע קינדער פונעם פאָטערלאַנד, וואָס איז אַ פלאַמיקער און גייסטרייכער קאַמפּס־רוף צו באַ־פרייען זיך פון דער הערשנדער דיקטאַטור.

„1 — די טיראַנען האָבן פאַרזייט ווילדגראָז און אויפגעשטעלט זייער נידערטרעכטיקן טראָן אויף די ברוכשטיקער פון דער אַנאַרכיע.

2 — נישטאָ פאַר אונדז קיין געזעץ, נישט קיין רעכט, נישט קיין פאָ־טערלאַנד, נישט קיין פרייהייט.

3 — נע־ונדניקעס און פון לאַנד פאַרטריבענע גייען מיר ווי די קינ־דער פון ישראל צו זוכן דאָס „פאַרשפּראָכענע לאַנד" — הייבט אָן דער מאַ־ניפעסט פון 42 פונקטן פון דער „סאָציאַליסטישער דאָגמע", נאָך וועלכן עס גייען אַ רייע קללות פאַר די עגאָיִסטן, פחדנים און פאַררעטער און ענדיקט זיך מיט ברכות און גלאָריעס פאַר די מוטיקע און העראָיִשע קעמפער.

„די רעוואָלוציע מאַרשירט — זאָגט די „סאָציאַליסטישע דאָגמע" — אָבער אין קייטן. געהערט עס צום יונגן דור צו צוצערייסן די קייטן און דערווערבן די גלאָריע פון דער איניציאַטיוו פאַרן גרויסן ווערק פון דער באַפרייונג און וואָס רעזומירט זיך: אין דער פּאָליטישער באַפרייונג און אין דער סאָציאַלער באַפרייונג".

און צום סוף — אַ וואָרט פון עטשעוועריאַן, אין שייכות דעם דעמאָקראַטישן עלעמענט פון סאָציאַליזם:

„די מאַי־אַסאָציאַציע ווייסט אַז די זאַך צו אָרגאַניזירן די דעמאָקראַטיע איז נישט פון איין טאָג; אַז די קאָנסטיטוציעס ווערן נישט אימפּראָוויזירט; אַז די פרייהייט שטיצט זיך אויף געוווינהייטן און באַוווסטזיין; אַז אַ געזעלשאַפט ווערט נישט באַוווסטזיניק און מאָראַליזירט מיט איין קלאַפּ" אַז דאָס רעכט פון אַ פאָלק, וואָס שטרעבט צו זיין פריי ווערט אָנערקענט מיט דער צייט; אָבער — גלויבנדיק אין דער צוקונפט און גלויבנדיק אַז די דערהויבענע זאַך פון דער רעוואָלוציע איז נישט נאָר צו שטירצן די אַלטע סאָציאַלע אָרדענונג, נאָר אויך אויפצובויען די נייע וועט זי אַרבעטן מיט אַלע אירע כוחות, כדי די קומענדיקע דורות, וואָס וועלן אויפקלייבן די פרוכט פון איר אַרבעט, זאָלן האָבן אין זייערע הענט מער עלעמענטן ווי מיר צו אָרגאַניזירן און קאָנסטרויִרן די אַרגענטינער געזעלשאַפט אויף דער באַזע פון גלייכהייט און דעמאָקראַטישער פרייהייט".

אין דער „סאָציאַליסטישער דאָגמע", געשריבן פון עטשעוועריאַ, אין 1837, און אָנגענומען פון זיין געשאַפענער מאַי־אַסאָציאַציע, אין גייסט פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע און אין וועלכער עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי, כואַן מאַריאַ גוטיערעז, וויסענטע פ. לאָפּעז, מאַרקאָס אַוועזשאַנעדאַ, דאָמינגאָ פ. סאַרמיענטאָ, מיגעל קאַנע, באַרטאָלאָמע מיטרע און נאָך פון יענער אידעאַליסטישער יוגנט, פון וועלכער עס זענען אַרויסגעקומען אַרגענטינעס היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן — דערקלערט זיך ווייטער דער זין פון דער דעמאָקראַטיע, וואָס איז נאָך היינט, אין 1958, אַקטועל און עס איז געווינטשן, אַז יעדער זאָל דאָס וויסן און געדענקען:

„מיר האָבן געוואָלט און ווילן ווייטער: דעמאָקראַטיע ווי טראַדיציע, ווי אַ פּרינציפּ, ווי אַן אינסטיטוציע.

דעמאָקראַטיע אַלס טראַדיציע איז מאַי, קאָנטינוער פּראָגרעס.

דעמאָקראַטיע ווי אַ פּרינציפּ איז ברידערלעכקייט, גלייכהייט און פרייהייט.

דעמאָקראַטיע ווי אַ אינסטיטוציע פאַר רעאַליזירן דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ איז אַלגעמיינע וואַלן און די רעפּרעזענטאַנץ אין דער מוניציפּאַלי־טעט, אין דעפּאַרטאַמענט, אין דער פּראָווינץ, אין דער רעפּובליק.

חוץ דעם האָבן מיר געוואָלט און ווילן, ווי עמערגענץ־אינסטיטוציעס, די דעמאָקראַטיע אין דער בילדונג און דורך איר אין דער פאַמיליע; דעמאָ־קראַטיע אין דער אינדוסטריע און אין גרונט־אייגנטום; אין דער איינטיילונג פון דער אַרבעט און אין דער באַלוינונג פאַר אַרבעט; אין דעם נעמען און אין דעם צוטיילן דעם שטייער; אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער נאַציאָנאַלער מיליץ; אין דער יעראַרכיע פון קאַפּאַציטעטן און בכלל אין דער גאַנצער אינטעלעקטועלער, מאָראַלישער און מאַטעריעלער באַוועגונג פון דער אַרגענטינער געזעלשאַפט".

***

אין דער אַרגענטינער לאַנד־קאָנסטיטוציע פון 1853, נאָכדעם ווי די מאַי־רעוואָלוציע האָט באַקעמפט און דעפיניטיוו באַזיגט די ראָסיסטישע דיקטאַטור, געפינען זיך סאָציאַליסטישע עלעמענטן, פּונקט ווי זיי געפינען זיך אין די אַרגענטינער סאָציאַלע געזעצן און אין מינימום־פּראָגראַם (קיין מאַקסימום־פּראָגראַם איז קיינמאָל נישט געווען) פון דער ביז היינטיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד. פון וואַנען שטאַמען די דאָזיקע עלע־מענטן? זיי שטאַמען פון עטשעוועריאַס סאָציאַליסטישער דאָגמע, ווו מיר געפינען זיי אויסגעדריקט מיט די זעלביקע ווערטער:

אַזוי זאָגט עטשעוועריאַס סאָציאַליסטישע דאָגמע:

„אַז דער סאָציאַלער קערפּער דאַרף גאַראַנטירן און פאַרזיכערן די רעכטן פונעם מענטש, פאַרגרינגערן די נויט און די צרות פון די בירגער און פאַרזאָרגן זייער ווילזיין און זייער בילדונג; אַז די איגנאָראַנץ איז די סיבה פון דער אומאָראַלישקייט, וואָס טויט אָפּ אַלע מעלות און רופט אַרויס די פאַרברעכנס. אַז קיין בירגער טאָר נישט באַשטראָפט זיין אָן אַ פּראָצעס און לעגאַלער משפט; אַז די טורמעס זענען פאַר זיכערקייט און ניט פאַר פּייניקן די אַרעסטאַנטן".

***

עסטעבאַן עטשעווערריאַ, דער פאָרגייער פון סאָציאַליזם אין אַרגענ־טינע, אין לאַטיין־אַמעריקע און אין גאַנץ אַמעריקע, האָט געטיילט דעם גורל פון די אַרגענטינער היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן און געשטאָרבן אין אויסלאַנד, דאָס איז געשען אין מאָנטעווידעאָ, אין 1851 — אין יאָר פאַרן פאַלן פון דער לאַנג־אָנהאַלטנדיקער טיראַנישער דיקטאַטור אין זיין פאָ־טערלאַנד, אין 41סטן יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע.

# דאָמינגאָ פ. סאַרמיענטאָ

באַרבאַרן, אידעען טויט מען נישט!

סאַרמיענטאָ

דאָמינגאָ פ. סאַרמיענטאָ איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט סאַן כואַן, וואָס איז ביי די אַנדן. עס איז די שטאָט פון סאַרמיענטעס קינדהייט, פון זיין יוגנט, פון זיין רעבעלישקייט, פון זיין הערהאַפֿטיקייט, פון זיין לעבן, שטרעבן, קעמפן, ליידן.

עס איז אויך די שטאָט פון ווייַן און פון ערדציטערניש.

***

עס האָט נאָך געקלונגען דער אָפּקלאַנג פונעם ערדציטער: עס האָבן זיך אויך געלאָזן הערן די אָפּקלאַנגען פון סאַן כואַנס געשיכטלעכן אומרו און פון אירע פּאָליטישע אויפטרייסלונגען, סאַרמיענטאָן האָבן זיי נישט פאַרשטויסן פון געדאַנק און פון געפיל דאָ אין סאַן כואַן אין לאַנד פון סאַרמיענטאָ — דער סאַן מאַרטין מיט דער פען, מיט דער פּאָלקס דערציִונג און מיט דעם מלוכה־רודער. זיי האָבן אים נישט פאַרשטויסן, זייענדיק צונויפגעבונדן מיט זיין גייסט, וואָס לעבט שטענדיק אין סאַן כואַן און נישט נאָר אין סאַן כואַן.

קאַניאַדאַ האָנדאַ, קאַרפּינטעריאַ, אָבערא־סטאַין, אינדעפּענדענסיאַ — באַן־סטאַנציעס מיט געשיכטלעכע נעמען פון אומרו אין לייד און אין פרייד, סאַן כואַנער ערד, צום טייל נאָך אַ יונג־פּרווילעכע, אַ רויע, זיי רופן אַרויס און שטרייכן אונטער און מאַכן אַלץ רעליעפער סאַן כואַנס היסטאָרישע פערזענלעכקייט, די געשטאַלט פון סאַרמיענטאָ.

געבוירן אין ערשטן יאָר פון דער מאַי רעוואָלוציע האָט סאַרמיענטאָ

אין איר גייסט, אָבער מיט מאַטעריעל אָרעמע מיטלען כמעט אַליין זיך דערצויגן און זיך געבילדעט, גנבענענדיק צייט פאַר דעם אין דער שפּייז־קראַם, ווו ער איז דאָס שיק־אינגל און דער דינער. און זייענדיק צוערשט דער לערער פון זיך אַליין איז ער נאָכדעם געוואָרן דער לערער פאַר דער־וואַקסענע קינדער, — אינדיער נישט אַזוי צוליב פּרנסה וואָס ער האָט באַדאַרפט און וואָס די אָרעמע אינדיער האָבן נישט געהאַט אים צו געבן, נאָר כדי מענטשן זאָלן קענען לייענען און שרייבן און זאָלן האָבן עלעמענ־טאַרע בילדונג.

סאַרמיענטאָ איז נישט געקומען אַף דער וועלט אין אַ זיידן העמדל, ער איז נישט געווען פון די זשאַקעט מענטשן אָדער פון די „עקלהאַפטע ווילדע אוניטאַריער", ווי עס האָט זיי גערופן מאַנועל ראָסאַס דער פירער פון דער „הייליקער פעדעראַציע", זיין פאָטער כאָסע קלעמענטע איז גע־ווען אַ פּעאָן, וואָס ווי סאַרמיענטאָ דערציילט אין „זיינע זיכרונות פון דער פּראָווינץ", האָט ער געבראַכט זיין מאַמען אַלס נדן אַ לאַנגע קייט פון נויט און אָרעמקייט. ער איז געווען פאַרליבט אין דער אידעע פון דער מאַי רעוואָלוציע און געהאַסט די מאַטעריעלע אַרבעט און פאַרזיכערט דעם גלח טאָרעס, אַז זיין זון דאָמינגאָ וועט קיינמאָל נישט נעמען קיין לאָ־פּעטע אין האַנט, כאָטש עס האָט געפעלט אויף עסן; זיין פאָטער כאָסע קלעמענטע דער פּעאָן מיט אַ ווידערווילן צו דער מאַטעריעלער אַרבעט האָט געפונען זיין אידעאַלע באַפרידיקונג אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט און ער איז אַוועק אין טוקומאַן זיך אָנצושליסן אין דער אַרמיי פון בעל־גראַנאָ, און נאָכדעם ווען סאַן מאַרטין האָט אָרגאַניזירט אין קוזשאָ די אַנדן־אַרמיי האָט זיך כאָסע קלעמענטע אָנגעשלאָסן אין איר און ער האָט אין זיבעטן יאָר פון דער מאַי רעוואָלוציע באַגלייט סאַן מאַרטינען איבער די אַנדן קיין טשילע צום קאַמף אין טשאַקאַבוקאָ, פון וואַנען ער איז צוריקגעשיקט געוואָרן מיט דער ערשטער און גליקלעכער זיג־ידיעה קיין סאַן כואַן, נאָר די מאַטעריעלע נויט פון זיין הויזגעזינד איז פון דעם נישט קלענער געוואָרן און סאַרמיענטאָס מאַמע פּאַולאַ די וועבערן, וועלכע האָט זיך באַהאָפטן מיט דער וועבער אינדוסטריע נאָך אַלס מיידל, האָט זיך מיט איר וועב־שטול מער נישט געשיידט. פאַר די זעקס פּעזעס, וואָס זי האָט באַקומען יעדן שבת ביי די גלחים פאַר וועמען זי האָט געוועבט, ווי סאַר־מיענטאָ דערציילט דאָס, זענען די טעג פון דער וואָך געווען צו קורץ און האָט זיי פאַרלענגערט מיט אַרבעטן אין די נעכט אַריין.

סאַרמיענטאָ, דער פּראָלעטאַרישער זון אין דער ווייטער אָרעמער קו־זשע פּראָווינץ איז נישט געווען קיין „זשאַקעט" מענטש, קיין אַריסטאָקראַט, קיין „עקלהאַפטער אוניטאַריער", ווי ראָסאַס האָט גערופן זיינע פּאַרטיי קעגנער, וואָס זענען געווען די טרעגער פון פרייהייט, פון מענטשן־רעכט און פון ליבעראַליזם און וואָס איז געווען די זאַך פון דער יונגער רעוואָ־לוציאָנערער אַרגענטינע; ער איז אָבער אויך נישט געווען מיט דער „היי־ליקער פעדעראַציע", וועלכע האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט פון פּאַרפירטע גאַוטשאָס, פון פּראָווינצער „קאַודיזשאָס", פון געהאַרכזאַמע „טשיריפּאַ"־מענטשן; פון אַנאַלפאַבעטישע, קולטורלאָזע, פאַרשקלאַפטע און אָפּגענאַרטע אינדיער און נעגער; סאַרמיענטאָ איז נישט געווען מיט דער פעדעראַציע, פון וועלכער ראָסאַס ביי דער אַבסאָלוטיסטישער מאַכט, וועמענס אָפּיציע־לע פּאַפּירן עס האָבן געטראָגן דעם אויפשריפט: „טויט די ווילדע אוניטאַ־ריער" האָט נאָר געלאָזן אַ באַפלעקטע רויטע פאָן; סאַרמיענטאָ האָט נישט געקענט זיין מיט דער פעדעראַציע, וואָס האָט געבראַכט די צעשטערערישע אַמביציע צו דער מאַכט אין דער געשטאַלט פון אַ טעראָריסטישער רע־גירונג און ער האָט מיט זיינע רייכע מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע מי־טלען פון זיין סאַן כואַנער ווינקל — אויסגעפירט דעם קאַמף קעגן דעם גאַנצן רעזשים און איר טיראַנישער מאַכט.

קיינער און קיין זאַך האָט נישט געקענט אָפּהאַלטן סאַרמיענטאָן פון זיין רעוואָלוציאָנערישקייט די סאַן כואַניסטישע, ווולקאַנישע, אפילו נישט דער ציטער פון זיין מוטער איבער זיין לעבן, האָבנדיק פאַר די אויגן דעם טויט פון פאַקונדאָן, וועמען ראָסאַס האָט ליקווידירט אין יענעם מאָמענט, אין צענטן יאָר פון זיין הערשאַפט. און סאַרמיענטאָ איז דאַן אין 1839 אַרויס מיט אַ צייטונג: „על זאָנדאַ" די איינציקע אָפּאָזיציאָנעלע, אויב נישט אינגאַנצן די איינציקע אין לאַנד, אַ קאַמפס אָרגאַן פאַר דער באַפרייונג פון דער מאַי־רעוואָלוציע און פאַרן לעבן פון אירע אידעען און אידעאַלן. און סאַרמיענטאָ האָט אויך געקרייצט די אַנדן. ער האָט געקרייצט די אַנדן שפּעטער און אַנדערש, ווי עס האָט זיי געקרייצט סאַן מאַרטין. אַנ־שטאָט מיט דער סאַן מאַרטינישער שווערד, האָט ער די אַנדן געקרייצט מיט זיין סאַרמיענטישער פען; אַנשטאָט אין פראָנט פון אַ מיליטעריש־אָרגאַניזירטער אַרמיי, ווי סאַן מאַרטין האָט געקרייצט די אַנדן, האָט זיי סאַרמיענטאָ געקרייצט אין פראָנט פון אַן אונטערערדישער, ווולקאַנישער באַוועגונג אין לאַנד און אויף דער פּאָליטישער עמיגראַציע — אַנדערש

ווי סאַן מאַרטין האָט סאַרמיענטאָ געקרייצט די אַנדן נאָר מיט די זעל־ביקע אידעען פאַר פרייהייט און באַפרייונג פון אַרגענטינע פאַרוואָס ער האָט אין טשילע פאַרגעזעצט דעם קאַמף מיט זיין פען, דורך דעם מעכטיקן געדרוקטן וואָרט.

סאַרמיענטאָ האָט געקרייצט די אַנדן אַן אַרעסטירטער אין זיין פאָ־טערלאַנד, אַ דעפּאָרטירטער פון זיין היימלאַנד און בעת דער דעפּאָרטאַ־ציע ווען די זשאַנדאַרן פון דער ראָסיסטישער רעגירונג האָבן אים אַרויס־באַגלייט פון סאַן כואַן און אים געפירט איבער דעם שטורעמדיקן זאנדא־טאָל, האָט סאַרמיענטאָ דאָרט אויף אַ שטיין אויפגעשריבן די פראַזע, וואָס האָט זיך איינגעקריצט מיט איר אמתדיקייט אין אַלע דורות. ער האָט אויפ־געשריבן אויף דעם שטיין אין זאנדא־טאָל אין וועג פון זיין דעפּאָרטאַציע און אין די אויגן פון די טיראַנישע מאַכט רעפּרעזענטאַנטן די פראַזע: „באַרבאַרן, אידעען טויט מען נישט!"

**
*

סאַרמיענטאָ איז געווען אַ פּראָדוקטיווער שרייבער, אָבער סאַרמיענטאָ האָט קיינמאָל נישט געשריבן צוליב שרייבן. די פּראָדוקציע פון זיין פען איז שוין פון לאַנג צונויפגענומען אין 53 וואָגיקע בענד. ער האָט געשעפּט פון זיין אייגענעם קוואַל פון אינטויציע, פון לערנען, פון וויסן, פון קעמפן, פון בויען און שאַפן אַ ניי גרויס לאַנד אויף נייע ברייטע יסודות אין אַ נייער וועלט.

קיין טיטל דאָקטאָר האָט סאַרמיענטאָ נישט פאַרמאָגט, פּונקט ווי ס'האָבן אים נישט פאַרמאָגט אַנדערע זשעניס פון דער מענטשהייט, איז סאַרמיענטאָ געווען אַ לערער פון קינדער און פון דערוואַקסענע, אַ דערציער פון פאָלק, אַ פּעדאַגאָג, אַ וואַכזאַמער זשורנאַליסט, אַ טיפזיניקער שרייבער, אַן אייגנאַרטיקער גרויסער פּאָלעמיסט, אַ געאָגראַף, אַ פּאָליטישער דענ־קער, אַ פּסיכאָלאָג, אַ לעגיסלאַטאָר, אַ האַנדלס אַנגעשטעלטער, אַ גובער־נאַטאָר, אַ מינען אַרבעטער, אַ פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אַ פלאַנטאַטאָר, אַ דיפּלאָמאַט, אַ פּאַרפּאָלגטער, אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, אַ וועלטרייזנדער, אַ פיזיאָלאָג, אַן אַרויסגעבער פון צייטונגען, אַ שולבויער, אַ קעמפער פאַר דער וועלטלעכקייט פון דער שול און נישט נאָר פון דער שול און דאָס אַלץ אין דעמאָקראַטישן גייסט און אומדערמידלעכן קאַמף קעגן טיראַניע, פון וואָס עס איז געבליבן זיין אומשטערבלעכע פראַזע צוליב אירווירקלעכקייט.

אַז „אידעען טויט מען נישט“. און פאַר אַלץ, דורך אַלץ און איבער אַלץ איז געווען סאַרמיענטאָ דערציִער. אַזוי אין פּשוטן זינען פון וואָרט ווי אין טיפסטן, ברייטסטן און העכסטן באַגריף פון פאָלקס־דערציִונג און מלוכה־דערציִונג, ווי סאַרמיענטאָ האָט דאָס אויסגעדריקט אין זיין מלוכה־פּאָליטיק: „דערציִען דעם סואווערען“, דאָס מיינט דאָס פאָלק, ווייל ער איז דער האַר פון דער מלוכה־אינסטיטוציע, די מלוכה געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, די רעגירונג, דאָס לעבן; ער איז די דעמאָקראַטיע, זי איז דאָס רעכט, זי איז די הייליקייט אַליין, זי מוז אָבער זיין דערצויגן, באַוווסטזיניק, קולטורעל.

דעריבער איז דער לייט־מאָטיוו פון סאַרמיענטאָס לעבן — דערציִונג.

די טעריטאָריע איז גרויס און אומבאַפעלקערט. „די אַרגענטינער רע־פּובליק ליידט פון עקסטענסיע — שרייבט סאַרמיענטאָ — די וויסטעניש נעמט איר אַרום פון אַלע זייטן, דרינגט אַריין אין אירע געדערים. די איינ־זאַמקייט, די ליידיקייט אָן אַ מענטשלעך געצעלט זענען די גרענעצן צווי־שן איין פּראָווינץ און דער אַנדערער. אומענדלעכקייט אומעטום; אומענ־דלעך די פעלדער, אומענדלעך די וועלדער, אומענדלעך די טייכן... און אויף אַ פּונקט פון דער דאָזיקער אומענדלעכקייט, אונטער די אַנדן, איז אויפן ניינטן חודש פון דער מאַי־רעוואָלוציע געבוירן געוואָרן סאַרמיענטאָ. און די דערציִונג פונעם דערציִער, אין גייסט פון דער מאַי־רעוואָלוציע, הייבט זיך אָן כמעט פון געבורט... „און מיין פאָטער האָט זיך געוואָרפן אין דער רעוואָלוציע, און מיין מוטער האָט געשלונגען אַלע טאָג די באַטי־צן, וואָס זענען געקומען וועגן די פאַרשריטן פון דער אַמעריקאַנישער אינסורעקציע. איך האָב קוים געבעבעט ווען מיינע אויגן און מיין צונג האָבן זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום אַלעפבייס. אַזאַ איילעניש איז געווען ביי די קאָלאָניאַלן, וואָס האָבן זיך געפילט בירגער, צו דערציִען זייערע קינדער“.

און סאַרמיענטאָ דערציילט ווייטער אין זיינע „זכרונות פון דער פּראָ־ווינץ“, ווי „מיין אָרעמער פאָטער, אַן איגנאָראַנט אָבער אַ צודרינגלעכער, אַז זיינע קינדער זאָלן דאָס נישט זיין, האָט געדורשט נאָך דערציִונג, און יעדן טאָג האָט ער ביי מיר גענומען די שול־לעקציע, און אָן רחמנות אויף מיינע יונגע יאָרן האָט ער מיר געהייסן לייענען די „קריטישע געשיכטע“ פון שפּאַניע און נאָך אַזוינע שווערע ביכערעצן, וועלכע איך האָב מער קיינ־מאָל נישט געזען און וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין קאָפּ קאָנפוזיע אידייען פון געשיכטע, אַלעגאָריעס, פאַבלען, לענדער און נעמען. אַזוי אַרום האָב

איך מיין טאָטן געהאַט צו פאַרדאַנקען מיין נייגונג צום לייענען, מיט וואָס איך האָב זיך קאָנסטאַנט אָפּגעגעבן אַ היפּשע טייל פון מיין לעבן. און אויב איבער זיין אָרעמקייט האָט ער מיר שפּעטער מער נישט געקענט געבן קיין דערציִונג, האָט ער דערפאַר דורך יענער פאָטערלעכער צוזדרינגלעכקייט מיר געגעבן דעם וויכטיקן אינסטרומענט, מיט וועלכן איך האָב דורך מיין אייגענער מי אויסגעפילט אַלץ און דערפילט זיינע קאָנסטאַנטע, זיינע איי־פערדיקסטע ווונטשן".

און מיט זיין גערירשנטן דערציִונגס־דורשט, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט געשטילט, שטענדיק געזוכט קוואַלן, זיי געפונען און ווייטער געזוכט, עמיגרירט דער פופצן־יעריקער סאַרמיענטאָ פון זיין היים־פּראָווינץ, סאַן כואַן, קיין סאַן לויס, ווו אַליין כמעט נאָך אַ קינד, אָבער שוין מיט אַ פולן קאָפּ דערציִערישע פאַנטאַזיעס, צווישן זיי אויך די פאַנטאַזיע אָפּצושאַפן דעם מאָנאָפּאָל פון דער אַריסטאָקראַטיע אויף דער בילדונג און מאַכן, אַז זי זאָל זיין פאַר אַלעמען, און קודם־כל פאַר די קינדער פון פאָלק, עפנט ער דאָרט אין סאַן פראַנציסקאָ דעל מאָנטע דע אָראָ, דעמאָלט אין 1826, זיין ערשטע שול, און עס עפנט זיך אַ ברייטער, דערנעדריקער אָבער רום־פולער וועג פון סאַרמיענטאָן אַלס שטענדיקער סטודענט און לערער איינ־צייטיק.

„ווייטע, אומדורכדרינגלעכע האָריזאָנטן, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף, און אויפן דרום ווי אויפן צפון לויערן ווילדע אָנצופאַלן, אין לבנה־נעכט, ווי אַ טשאַטע היִענעס אויפן פּי, וואָס גייט איבער פעלדער און אויף אומ־באַשיצטע איינוווינער. אין דער איינזאַמער וועגענער־קאַראַוואַנע, וואָס גייט שווער איבער די פּאַמפּעס (פעלדער) און וואָס שטעלט זיך אָפּ צייטנווייז אָפּצורוען זיך — ווערן די אויגן פון דער מאַנשאַפט, וועלכע איז פאַרזאַמלט אַרום אַ שוואַכן פייער, אויטאָמאַטיש געווענדט צום דרום, ביים קלענסטן שאַרך פונעם ווינט וואָס רודערט אויף די טרוקענע גראָזן צו פאַרזינקען זייערע בליקן אין די טיפע נעפּלען פון דער נאַכט און זוכן די ווילדע האָר־דע וואָס קאָן אומגעריכט אָנפאַלן.

אויב דאָס אויער הערט נישט קיין שאָרך; אויב דער בליק באַווייזט ניט אויפצורייסן דעם פינצטערן שלייער, וואָס פאַרשטעלט די שווייגנדע איינזאַמקייט, קערן זיי אום זייערע בליקן, צו באַרויִקן זיך, צו די אויערן פון אַ פערד, וואָס שטייט נאָענט צום פייער, צו זען צי זיי באַוועגן זיך נישט נאָכגעביק — דעמאָלט ווערט פאַרגעזעצט דער איבערגעהאַקטער שמועס,

אָדער מען בייסט דאָס האַלב־צוגעברענטע שטיק פלייש, מיט וואָס מען שפּייזט זיך. אויב עס איז נישט די נאַענטקייט פון אַ ווילדן, וואָס באַאומרויִקט דעם פעלד־מענטש, איז עס אַ טיגער, וועלכער דערנענטערט זיך, אָדער אַ שלאַנג. די דאָזיקע לעבנס־אומזיכערקייט, וואָס איז אַ געוויינלעכע און אַ שטענדיקע אויף די פעלדער — שאַפט, ווי אַ עס דאַכט מיר, אינעם כאַראַקטער פונעם אַרגענטינער אַ געוויסע קאַלטבלוטיקע רעזיגנאַציע פאַרן גוואַלדזאַמען טאַט, וואָס ווערט אַן אומצעשיידבאַרע זאַך פון לעבן — אַזאַ איז די פּאַנאָראַמע, געשילדערט פון סאַרמיענטאָן, ווו עס שניידט זיך זיין וועג דער דערציִער.

**
*

די ציוויליזאַציע און קולטור פון דער יונגער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע קאָנצענטרירט ביי די ברעגן פון לאַ פּלאַטאַ טייך ווערט גרינגגעשעצט און פאַרהאַסט פונעם פעאָדאַליזם אינעם אומענדלעכן, קולטורלאָזן און באַרבאַרישן אינערן לאַנד. ער שטיצט אַ באַוועגונג, וואָס ווערט געטריבן פון „קאַודיזשאָס" (רעדלדפירער), מחמת די אַנאַלפאַבעטישע און געזעלשאַפטלעך נישט דערצויגענע פאָלקס־מאַסן פאַרמאָגן נישט מער ווי בלינדן גלויבן און מורא פאַר זייערע טרייבער. עס גייט די דאָזיקע באַוועגונג מיט אַ מאַרש אויף בוענאָס־איירעס און אין נאָמען פון דער „הייליקער פעדעראַציע" קעגן די „ווילדע אוניטאַריער" טריִומפירט די העלדישע באַרבאַריע איבער דער שטאָטישער ציוויליזאַציע. עס קומט צו דער מאַכט די דיקטאַטור, וועמענס גאַנצע פּאָליטיק עס איז אָנגעשפּיצט צו דער אויסראָטונג פון אירע קעגנער. די פיילן ווערן געצילט אין אַלע ריכטונגען פון לאַנד, זיי טרעפן אויך קיין סאַן כואַן, ווו דער צוואַנציק־יעריקער סאַרמיענטאָ, וועלכער האָט שוין דורכגעמאַכט זיין מיטלשול און דעם אוניווערזיטעט אין דער שניט־קראַם, ווו ער איז געוועזן אָנגעשטעלטער און געשעפטרייזנדער, און ווו ער האָט געהאַט פאַר לערער די דענקער פון ניינצנטן יאָרהונדערט און וועמענס לעקציעס ער האָט גענומען פון זייערע ווערק; ווען דער יונגער סאַרמיענטאָ שוין אַלס עקספּאָנענט פון קולטור, וויסן און קעמפער פאַר פרייהייט איז פאַרפאָלגט געוואָרן פון דער דיקטאַטור אין דער דאָרטיקער געשטאַלט פון פאַקונדאָ קיראָגאַ, דעמאָלט אין 1831, און ווען ער איז פאַרטריבן געוואָרן און איז אַוועק אין באַגלייט מיט זיין פאָטער

איבער די אַנדן — געפינט ער באַלד זיין גייסטיקן אָפּרו אַלס לערער אין אַ מוניציפּאַל־שול פון לאָס אַנדעס אין דער גרענעץ פון טשילע.

זיין דערציִערישע מיסיע לאָזט אים נישט זיין איבערקלייבעריש, ער איז לערער מיטן זעלביקן חשק אין אַ פּריוואַט־שול, ווי אין אַ מלוכהשער און מיט זיין מיסיע צו פאַרשפּרייטן בילדונג אין פאָלק גייט ער און בלייבט נישט לאַנג אויף אַן אָרט. אַרויסגעטריבן פון אַרגענטינע איז טשילע זיין פעלד פון דערציִונג. אין 1831 איז ער דער לערער פון דער מוניציפּאַל־שול אין לאָס אַנדעס און אין אַ יאָר אַרום איז סאַרמיענטאָ לערער אין פּאָ־קוראָ, און טאָמער גיט אים נישט די לערערשאַפט אויף פּרנסה, געפינט ער דאָרט אַ וויינשענקל, אָדער ער פאָרט אַוועק קיין וואַלפּאַראַיסאָ און ווערט אָנגעשטעלטער אין אַ שניטקראָם, אָדער ער פאָרט אין קאָפּיאַפּאָ און ווערט דאָרט אַ מינען־אַרבעטער. אָבער ווי קען סאַרמיענטאָ רוען, אַז אין זיין היימלאַנד בושעוועט די דיקטאַטור? און אין 1836 קריכט ער ווידער איבער די אַנדן, קומט צוריק קיין סאַן כואַן, גרינדעט אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציע, דעם „ליטעראַרישן פאַריין", אַלס אָפּטייל פון דער היסטאָרישער מאַי־אַסאָציאַציע, גרינדעט אַ צייטשריפט „על סאָנדאַ", גרינדעט אַ שול פאַר פרויען, ביז דער גורל פירט אים ווידער איבער די אַנדן, קיין טשילע, ווו סאַרמיענטאָ גרינדעט, שרייבט און רעדאַקטירט צייטשריפטן, זשורנאַלן, צייטונגען, וואָס זענען פאַר אים נאָך אַ פאָרעם פון שולן, פון קאַטעדרעס — פאַר דערציִונג.

פאַראַן צוויי טיילן אין סאַרמיענטאָס דערציִערישער אַקציע — שרייבט קאַרלאָס אָקטאַוויאָ בונכע: — די אַלגעמיינע און סאָציאַלע און די באַזונ־דערע און טעכנישע. די ערשטע איז צעמענטירט פון אַ פּאָליטישער דאָק־טרינע, די צווייטע — אַן עכט פּעדאַגאָגישע. ביידע ווערן פון סאַרמיענטאָן עקספּאָנירט אין אַ צאָל ווערק וועגן בילדונג, אַזוינע ווי זיין בוך „פאָלקס־בילדונג", מיט פייערדיקע ווערטער פון זיין דערציִערישער ליידנשאַפט שרייבט ער אויך: „לערנען דעם וואָס ווייסט נישט" און נישט די הויך גע־בילדעטקייט פון אייניקע אינטערעסירט סאַרמיענטאָן, נאָר די פונדאַמענ־טאַלע מיטלען צום באַוווסטזיין פון אַלעמען, דאָס קענען צום ווינציקסטן דעם אלף־בית, אָנווייזנדיק אין זיין פאָלקס־דערציִערישער מיסיע די פּרינ־ציפּן פון געזונטער דעמאָקראַטיע און מענטשנרעכט אין אָנקלאַנג מיט די געדאַנקען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, געטראָגן און פאַרטיידיקט

אין אַרגענטינע דורך דער מאַי־רעוואָלוציע, וועלכע האָט געהאַט אַזוינע גייסטיקע צוהערער, ווי עטשעווערייאַ, אַלבערדי און סאַרמיענטאָ.

און אַזוי זעען מיר אויף די וועגן און אומוועגן פון דער געשיכטע סאַרמיענטאָן וואַנדערן מיט זיין שטראַלנדיקן פאַקל פון דערציִונג, אַלס דעם שאַפער פון דער ערשטער לערער־שול אין דרום־אַמעריקע, די נאָרמאַל־שול פון סאַנטיאַגאָ דע טשילע (1842) און אין דריי יאָר אַרום, אין זיין עלטער פון 34 יאָר, דעם מחבר פון אַ „גראַדועלן מעטאָד צום לייענען", דאָס דריטע ווערק, וואָס סאַרמיענטאָ אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט האָט געשריבן אין איין יאָר (1845) און צווישן וועלכע ס'געפינט זיך דאָס מאָנומענטאַלע בוך „פאַקונדאָ". כ'פירן אים זיינע סאָציאַל־פּאָליטישע און דערציִערישע צוועקן קיין אייראָפּע, אַפריקע און פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, צו די קוואַלן פון ציוויליזאַציע, פון קולטור, צו דער מייסטערשאַפט פון מלוכה־אָרגאַניזאַציע, צו די אָפּשטאַמען פון מענטשלעכע ראַסן, צו די צענטערן פון ראַסנמישונג און דעם בראשית פון אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענלעבן דורך דעם צוזאַמענפלוס פון די גרויסע אימיגראַציע־שטראָמען, וואָס קו־מען פון אַלע וועלט־טיילן אין דער גרויסער רעפּובליק פון צפון־אַמעריקע, פון וואָס עס פאַרמירט זיך די געזונטע, די קרעפּטיקע, די מעכטיקע, די וואַקסנדע אינטערנאַציאָנאַלע נאַציע מיט די עלעמענטן פון באַוווּסטזיני־קער דעמאָקראַטיע, פרייהייט, קעגנזייטיקן רעספּעקט און טאָלעראַנץ. און אומענדלעך גייסטיק באַקרעפטיקט פון די קוואַלן פונעם מאָדערנעם און נייעם וועלט־באַשאַף קערט זיך אום סאַרמיענטאָ קיין דרום־אַמעריקע און ער לאָזט אַרויס זיין „אויסרופער פון שולן". מיט מיטרען, מיט קאַסעראָסן, מיט אַלבערדין געפינט זיך סאַרמיענטאָ אין אַנטשיידענעם קאַמף צו באַ־פרייען אַרגענטינע פון דער ראָסאַס דיקטאַטור, צו באַזייטיקן פון אַרגענ־טינער היסטאָרישן וועג די שטיינער פון דער פעאָדאַליסטישער באַרבאַריע. עס ווערט באַזיגט די דיקטאַטור. עס ווערט באַפרייט דער וועג פאַרן דע־מאָקראַטישן רעכט און רעפּובליקאַנישע קאָנסאָלידאַציע. עס ווערט אָרגאַ־ניזירט דאָס פרייהייטלעכע אַרגענטינע. עס ווערט סאַנקציאָנירט פון דער קאָנסטיטוּיִרנדער פאַרזאַמלונג אין סאַנטאַ פע די קאָנסטיטוציע פון 1853.

סאַרמיענטאָ ווערט געוויילט דעפּוטאַט פון שטאט בוענאָס־איירעס, אין רעפּרעזענטאַנץ אויך פון טוקומאַן פאַרן נאַציאָנאַלן פּאַרלאַמענט אין פּאַראַנאַ, פון וואָס ער זאָגט זיך אָפּ, ווייל ער פילט זיך: פּראָווינצער אין בוענאָס־איירעס, פּאָרטשטאָטישער אין די פּראָווינצן און אַרגענטינער או־

מעטום. סאַרמיענטאָ נעמט אָבער יאָ אָן אין 1865 צו זיין ראַטמאַן פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס און אין זעלבן יאָר ווערט ער שעף פון דעפּאַרטאַ־מענט פאַר שולן און ער פּובליקירט דעם שול־אָרגאַן „עדוקאַסיאָן קאָמון״, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער גענעראַל־דירעקציע פון די שולן פון שטאָט בוענאָס־איירעס.

עס אָרגאַניזירט זיך דאָס דעמאָקראַטישע אַרגענטינע. עס איז אַריין אין פונקציע דער פּאַרלאַמענט. סאַרמיענטאָ, וועלכער האָט זיך אין 1854 נאָך דערלויבט אָפּצואָגן פון דעפּוטאַטן־באַנק, מחמת דעם קאַמף וואָס האָט נאָך אָנגעהאַלטן צווישן די פּראָווינצן און דער מעטראָפּאָליע (בוענאָס איירעס) האָט זיך אין 1857 שוין נישט געקענט אָפּזאָגן פון דער לעגיסלאַ־טור, ווען ער איז געווײלט געוואָרן סענאַטאָר. ווי האָט ער געקענט זיך דערלויבן צו פעלן באַם לייגן די גרונט־געזעצן פון לאַנד? אויפן טאָג־אָרדענונג פון לאַנד שטייט שאַפן אַ וואַל־געזעץ. עס איז אַ פראַגע צי קען מען עס אָנערקענען פאַר דעם קולטורלאָזן פאָלק, וועלכער האָט געבראַכט די ראָסאָס דיקטאַטור איבער זיין אומבאַוווסטזיין. פאַר סאַרמיענטאָן איז דאָס קיין פראַגע נישט. דאָס פאָלק איז דער סוּווערען, אַזוי אין זיין שלעכטס ווי אין זיין גוטס. ער איז קולטורלאָז? זאָל מען אים געבן שולן, זאָל מען אים דערציִען און פאַרזאָרגן מיט וויסן און סאַרמיענטאָ איז דער קעמפער פאַר דער פרייער, פאַר דער געהיימער שטימע פון פאָלק.

און חוץ דעם: קען דען דער פּאַרלאַמענט נישט זיין קיין גוטע קאַטעדרע פאַר פאָלקסדערציִונג? און סאַרמיענטאָ ווייזט ווי מען קען פאַרזעצן מיט דעם דערציִונגס־ און קולטור־ווערק, נישט נאָר אַלס לעגיסלאַטאָר, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן אַ „געשיכטלעכן איבערבליק פון געמיינזאַמער דער־ציִונג״, נאָר אויך אַלס רעגירונגס־מיניסטער ביי מיטלען; אַלס גובערנאַטאָר פון סאַן כואַן און אַלס אַמבאַסאַדאָר (1862) פון אַרגענטינע אין די פאַריי־ניקטע שטאַטן, ווו ער גיט אַרויס „ביידע אַמעריקעס״, „דאָס לעבן פון ליג־קאָלן״ און „די שולן אַלס באַזע פון פּראָספּעריטעט און פון דער רעפּובליק אין די פאַרייניקטע שטאַטן״.

די שטימע פון פאָלק רופט אַרויס סאַרמיענטאָן צום רודער פון דער רעפּובליק. ער ווערט געווײלט מלוכה־פּרעזידענט אויף דעם פּעריאָד פון 1868—1874 און די מאַכט ביי סאַרמיענטאָן אין די הענט ווערט געברויכט פאַר עפענען נייע קוואַלן פון בילדונג, פון פאָלקס־דערציִונג און פון דער־ציִער. עס גייט אַ דערציִערישער קרייץ־צוג פון אונטן אַרויף און פון אויבן

אַראָפּ, עס ווערט פאַרפלאַנצט וויסן אין דער טיף פון פאָלק, אין דער ברייט און אין דער הויך.

**
*

ס׳ווערט דורכגעפירט די ערשטע לאַנד־פאָלקציילונג, וואָס זאָל עק־זאַקט ווייזן דעם קולטור־צושטאַנד, כדי צו באַזאָרגן אויף ווייטער די קול־טור־אַנטוויקלונג. עס ווערט „אַטאַקירט״ דאָס קלעריקאַלע קאָרדאָבאַ, די קאָנצענטראַציע פון מיטלאַלטערלעכן קאַטאָליציזם און יעזויטיזם און עס ווערן דאָרט פאַרנומען פּאָזיציעס פאַר דער וועלטלעכער וויסנשאַפט און עס ווערן געשטעלט אַרסענאַלן פון געווער פאַר וועלטלעכער בילדונג אין דער געשטאַלט פון אַן אַסטראָנאָמישן אָבסערוואַטאָריום; פון אַ פאַקולטעט פאַר פיזישע און מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן; פון אַ וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע; עס ווערט געשאַפן אין פּאַראַנאַ, דעמאָלט די רעזידענץ פון דער רעפּובליק, די ערשטע נאָרמאַל־שול פון לאַנד צו באַזאָרגן די אָנפאַנג־שולן מיט לערער; עס ווערט אָנגענומען אַ געזעץ פאַר שאַפן, פאַרשפּרייטן און שטיצן פאָלקס־ביבליאָטעקן, (זענען דאָך די ביכער געווען סאַרמיענטאָס לערער און פּראָ־פעסאָרן); עס ווערט געזעצלעך איינגעפירט די נאַציאָנאַלע שול־סובסידיע פאַר די פּראָווינצן צו סטימולירן אין זיי די דערציִונג און אַפילו אויפן מי־ליטערישן באַדן האָט אויך סאַרמיענטאָ איינגעפירט די שול, זייענדיק דער גרינדער פונעם „קאָלעגיאָ מיליטאַר״ און פון דער נאַוואַל־שול.

און ווען סאַרמיענטאָ האָט געענדיקט זיין דערציִערישן פּרעזידענץ־פּע־ריאָד, האָט זיך אָבער מיט דעם נאָך נישט געענדיקט זיין אַזוי אומענדלעכע און אַקטיווע דערציִערישע מיסיע, וועלכע ער האָט פאָרגעזעצט אַלס גענעראַל־די־רעקטאָר פון די שולן אין דער פון שטענדיק גרעסטער פּראָווינץ בוענאָס איי־רעס און אַלס פאָלקס־דערציִער, זייענדיק אין דער זעלבער צייט נאַציאָנאַלער סענאַטאָר פון סאַן כואַן און שפּעטער אינערן־מיניסטער ביי דער פּרעזידענט־שאַפט פון אַוועזשאַנעדאַ און נאָך שפּעטער אַלס סופּעראינטענדענט איבער אַלע שולן פון לאַנד און שוין אין טיפן עלטער אויפן וועג פון זיינע 80ער יאָרן גייט ער מיט זיין אָרגאַניזאַטאָרישער קולטור־מיסיע אַוועק איבער די אַנדן און דערגרייכט אַ קולטור־אָפּמאַך צווישן אַרגענטינע, טשילע, אורוגוויי און קאָ־לאָמביאָ פאַר דער פאַרשפּרייטונג פונעם אויסלענדישן בוך, פאָרזעצנדיק זיין פּובליציסטיש פאָלקסדערציִערישע אומדערמידלעכע אַרבעט ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן, ביז דער לעצטער סטאַציע פון זיינע רומפולע און אומ־

שטערבלעכע וואַנדערונגען, דאָרט אויף דער אַנדערער זייט פון מיסיאָנעס, אין אַן אָרעם ווינקל פון אַסונסיאָן.

פונעם גאַנצן פּילזייטיקן, שעפערישן לעבן פון סאַרמיענטאָ שטראַלט אַרויס זיין פאָלקסדערציִונגס ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן קעמפנדיק, נישט נאָר מיט דער אומענדלעכער וויסטקייט, נישט נאָר מיט באַרבאַריע, נישט נאָר מיט דעם פעאָדאַליסטישן קאַודיזשיזם, דיקטאַטור און טיראַניע, נאָר אויך מיט דעם בלינדן רעליגיעזן פאַנאַטיזם, דער קאַטוילישֿ־גייסטיקער השפּעה איבערן פאָלק, דעם קלער און אַפילו מיט זיינע רומפולע צייט־חברים, מיט וועמען ער האָט געקעמפט האַנט באַ האַנט און געבויט צוזאַמען די אַרגענטינער מלוכה. אויפן געביט פון דערציִונג און פאָלקסבילדונג איז סאַרמיענטאָ געווען דער קעמפער פאַר דער וועלטלעכקייט פון דער שול און פאַר דער וועלטלעכקייט פון אַלע מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. עס איז דאָקומענטירט אין זיינע הונדערטער אַרטיקלען, וועלכע ער האָט זיך באַמיט צו דרוקן צוליב דעם געזעלשאַפטלעכן צוועק נישט נאָר אין דער שפּאַנישער פּרעסע נאָר אויך אין דער פראַנצויזישער, ענגלישער, איטאַליענישער, דייטשער אאַז״וו, וואָס האָבן שוין פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער עפנטלעכער מיינונג פון לאַנד — סאַרמיענטאָס אַזוי פּלאַמיקע ווי שאַרפע און גרינטלעכע פּאָלעמיק דעמאָלט, אין די אַכציקער יאָרן, ווען עס האָט זיך מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט דעבאַטירט דער דערציִונג־וועזן, צי ער זאָל זיין רעליגיעז אָדער וועלטלעך, און עס זענען געפירט געוואָרן גאַנצע קאַמפּאַניעס. אויף איינער אַזאַ קאַמפּאַניע מיט אונטערשריפטן פון אַ צאָל דאַמען אונטער דער ווירקונג פון דער קירכע אויף אַ פּעטיציע צום סענאַט, ענטפערט סאַרמיענטאָ: „איך נעם זיך אונטער צו דערווייזן, אַז אין שייכות צו די גרויסע ענינים פון דערציִונג צו וואָס איך האָב, שטודירנדיק און פּראַקטיש, אָפּגעגעבן זעכציק יאָר פון מיין לעבן, האָט דעם מינדסטן ווערט נישט די מיינונג פון די אַלע דאַמען, וואָס האָבן אונטערגעשריבן די פּעטיציע צום סענאַט, און וואָס איז נישט מער ווי אַ פּאַרס״.

עס האָט זיך געהאַנדלט פון אַ גענעראַל־אַטאַקע אויף דער וועלטלעכקייט פון שול־וועזן, וואָס איז געוואָרן געזעצלעך איינגעפירט און סאַרמיענטאָ האָט אָפּגעשלאָגן די אַטאַקע מיט אַלע זיינע גייסטיקע כוחות.

און די וועלטלעכקייט פון דער דערציִונג און פון דער מלוכה איז נישט געווען ביי סאַרמיענטאָן אַן ענין פאַר זיך, נאָר דורכגעדרונגען מיט זיין גאַנצן גרויסן פאַרנעם פון מלוכה־בויונג אויף דעם באָדן פון אַ קאָסמאָפּאָליטיש לאַנד, ווו עס דאַרפן צוזאַמענלעבן אַלע רעליגיעס, אַלע ראַסן, אַלע נאַציאָנאַ־

ליטעטן און עס דאַרף זיך מיט דער פאַרזיכערונג פון שטענדיקע איינוואַנדערונגס־שטראָמען אויספאַרמירן די אַרגענטינישע איינהייט אויף דעמאָקראַטישע יסודות און רעכטן, פרייהייט און טאָלעראַנץ. ער האָט געהאַלטן, אַז צום שפּאַניש־אינדיאַנישן אָרגאַניזם, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע און וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט פּאָליטישע אַנאַרכיע און איז געווען דער טאַטע פונעם „קאַודיזשיזם״, מוז באַקומען כסדרדיקע נייע בלוט־טראַנספוזיעס בעיקר דורך אייראָפּעישער איינוואַנדערונג. סאַרמיענטאָ האָט דעריבער אַרויסגעשטעלט דעם באַטייט פון דער איינוואַנדערונג גלייך צו דער פאָלקס־דערציונג, ווי אַן אומבאַדינגטן, פּראָדוקטיוון און פרוכטבאַרן ביי־טראָג צו דער כסדרדיקער און פאָרשריטלעכער פאָלקס־דערציונג, כדי צו קענען שאַפן דורך גרויסע אידעאַלן די צוקונפט.

**
*

איך האָב אַמאָל וויזיטירט דעם אומשטערבלעכן סאַרמיענטאָ. דאָס איז געווען אויף איינע פון די אומצאָליקע טיגרע־אינדזלען. איך בין אַריין אין אַ באַשיידענער הילצערנער הייזקע. דער ערשטער צימער איז אַ שרייב־ און ביבליאָטעק־צימער. עס שטייט אויף זיין אָרט פון שטענדיק אַן אַ פּראָסטער שרייבטיש און עס שטייט אויך אויף איר אָרט אַ פּראָסטע אַלטע שאַפע מיט ביכער. אַ טיר פירט אַריין אין עסצימער מיט אַ רוסטישן טיש און פון שטרוי געפלאָכטענע בענקלעך און קעגנאיבער איז דער שלאָפצימער מיט אַ פּראָסט אייזערן בעט — דאָ האָט אין אַ באַשטימטער צייט געוווינט סאַרמיענטאָ, בעת ער איז געווען פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

דער סאַרמיענטאָ־אינדזל אויפן ברעג פון קאַפּיטאַן־טייך איז באַוואַקסן מיט באַיאָרנטע, אָבער קרעפטיקע און פאַרצווייגטע ביימער, וואָס סאַרמיענטאָ האָט אַליין מיט זיינע אייגענע הענט פאַרפלאַנצט. דאָס איז געווען דער ערשטער כלאַנצונג־קולטיוו אויף די טיגרע־אינדזלען פונעם דעלטאַ. ווירקלעכע ביימער פאַר שיינקייט, פאַר פרוכטן און פאַר אינדוסטריע און סימבאָלישע אין דער זעלביקער צייט פון סאַרמיענטאָס אומרו און מי, מייסטערשאַפט און מוס־טערשאַפט פאַר פּראָדוקטיווער אַרבעט און פרוכטבאַרקייט; פאַר איניציאַטיוו און פּראָדוקטיוויטעט; פאַר שאַפונג און ציוויליזאַציע, אַ רייך מאָראַליש, גייס־טיק און קולטור־שעפעריש לעבן, אונטער עקאָנאָמישער אָרעמקייט און נויט און אונטער אומאויפהערלעכע פּאָליטישע אַטאַקעס, פון וועלכע סאַרמיענטאָ האָט זיך קיינמאָל נישט באַמיט צו באַפרייען, נאָר צייטנווייז זיך געשיצט אין

דער רו אָדער אין דער אומרו פון דער נאַטור, ווי דאָס איז אויך געווען דער פאַל מיט זיין ווירנונג אויף דעם אינדזל.

*
**

עס איז געפייערט געוואָרן סאַרמיענטאָס יאָרצייט פון דעם טאָג, ווען דער גייסטרייכער אַרגענטינער און באַפרייער פון זיין פאָטערלאַנד, וועמען עס האָט קיינמאָל נישט געפעלט קיין הערשערישע פרעטענדענטן, קיין טעותדיקע פירער, אויסנוצער און מיסברויכער, איז געשטאָרבן מיט זיין דערנער־קראַנץ אויפן קאָפּ ערגעץ אין זיין לעצטער ווירנונג, אויף עמיגראַציע, אין אַ גאַס פון דער פּאַראַגווייער שטאָט אַסונסיאָן.

נישט אויס לוקסוס פאַרלאָזט מען אין טיפן עלטער אַ פאָטערלאַנד, פאַר וועלכן מען האָט געקעמפט אַ לעבן־לאַנג קעגן זיינע אינערלעכע שונאים, פאַרכאַפּער און טיראַנען; אַ פאָטערלאַנד אין וועלכן מען איז געוואָרן פאַרפאָלגט און מאַרטירייזירט און אין וועלכן מען האָט דאָך מיטגעשאַפן און געווען איינער פון זיינע הויפּט־קאָנסטרוקטאָרן.

אין עלטער פון 77 יאָר איז סאַרמיענטאָ געשטאָרבן אין נויט און אין דער פרעמד, נאָכדעם ווי ער האָט 60 פון זיי אַזוי שעפעריש און אַזוי פרוכטבאַר אַריינגעטון אין דער אידעאַליזירונג, אין דער קריסטאַליזירונג, אין דער אָרגאַניזירונג, אין דער אויפקלערונג, אין דער דערציִונג, אין דער בילדונג, אין דער לאַנד־פּאָליטיק און אין דער לאַנד־פירונג, אַזוי ביי דער פּרעזידענץ פון דער אַרגענטינער רעפּובליק, ווי ביי דער מלוכהשער דערציִונג און פאָלקס־בילדונג, אַזוי אין דער רעגירונג אַלס גובערנאַטאָר פון זיין היים־פּראָווינץ סאַן כואַן, אַזוי אויך, אויב נישט נאָך מער, אין זיינע וועלטלעכע שול־איניציאַטיוועס צו לערנען אין זיין צייט די קינדער פון פאָלק לייענען און שרייבן, צו גרינדן און אַליין זיין דער אומבאַצאָלטער לערער פון דער ערשטער נאָרמאַל־שול פאַר מיידלעך אין לאַנד מיט באַגייסטערונג פון די לערערקעס, וואָס וועלן אַרויסקומען פון זיין שולעכל אין דעם פאַרוואָרפענעם זאָנדאַ טאָל אין די סאַן כואַנער פעלדן פון די אַנדן; דורך זיין קעמפערישער וואָכן־צייטונג „על זאָנדאַ", וואָס סאַרמיענטאָ האָט געגרינדעט אין 1839, אונטער דער פולער הערשאַפט פון דער ראָסיסטישער טיראַניי, ווען אַלץ וואָס איז ניט געווען ראָסיסטיש, וואָס האָט נישט געלויבט דעם „באַנייער" און דעם „פירער" פון דער „הייליקער" פעדעראַציע און פון אַלץ, וואָס איז געווען פאַרבאָטן און מער ווי פאַרבאָט איז אויף אַלץ

געלעגן און גערדריקט אַ מורא צו ווערן באַליידיקט, באַשמוצט, געשענדעט און דערמאָרדעט; אין די ראָסיסטישע טורמעס, אין וועלכע סאַרמיענטאָ איז פאַרשלאָסן געוואָרן און אין וועלכע ער האָט אויפגעשריבן, אַזוי ווי ער האָט דאָס אויך געטון אויף די שטיינער פון זיינע דעפּאָרטאַציע-וועגן, אויף וועלכע די „פעדעראַלע" פּאָליציי האָט אים אַרויסגעפירט פונעם פּאָטער־לאַנד:

באַרבאַרן, אידייען טויט מען ניט!

**
*

דאָס איז געווען דער וועג איבער די אַנדן, וואָס האָט געפירט קיין טשילע, וואָס איז אין ראָסאָס צייטן געווען אויף דער זייט פון פּאַסיפיק דאָס, וואָס אורוגוויי איז געווען אויף דער זייט פון אַטלאַנטיק — דאָס אויפ־נעם-לאַנד פון דער אַרגענטינער פּאָליטישער עמיגראַציע און דעפּאָרטאַציע. אַן עמיגראַציע און אַ דעפּאָרטאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון די עטשעווע־ריאַס, פון די אַלבערדיס און פון די סאַרמיענטאָס, וואָס האָבן רעפּרעזענ־טירט און פאַרקערפּערט די באַפרייערישע און דעמאָקראַטישע אידעאַלן פון דער אַרגענטינער היסטאָרישער מאַי־רעוואָלוציע און וואָס האָבן אַ דאַנק דער פרייהייט אין די שכנהשע לענדער פאַרגעזעצט אין זיי אַ גייסטיקע און אינטעלעקטועלע אַרבעט פאַר דער באַפרייונג, פאַר דער באַנייונג, פאַר דער אויסלייזונג, פאַר דער קולטיווירונג און פאַר דער ציוויליזירונג פון זייער אונטערדריקט און באַרבאַריש באַהערשט פּאָטערלאַנד.

און אַזוי שרייבט דאַן סאַרמיענטאָ פון טשילע: „מיין בריוו האָט מען געלייענט אויף דער פּלענאַרער סעסיע און מען האָט געפאָדערט אַ מוסטער־שטראָף קעגן מיר און מען איז געווען אַזוי נידערטרעכטיק זי איבערצוגעבן אין די הענט פון אָנגעגריפענעם, וועלכער איז נאָך נידערטרעכטיקער געווען צו זידלען מיין מאַמען און איר צוצוזאָגן מיך צו דערהאַרגענען ווו דאָס זאָל ניט זיין און ווען דאָס זאָל ניט זיין"...

ראָסאָס, דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס־איירעס, האָט דורך זיין פּובלי־קאַציע, קאָנטראָל און מאָנאָפּאָל פּובליקירט סאַרמיענטאָס בריוו און דעם טויש פון די נאָטעס צווישן אים און די טשילענער רעגירונג וועגן סאַר־מיענטאָן, אַזוי שרייבט סאַרמיענטאָ אין זיינע „פּראָווינץ־זכרונות": „די פּרעסע פון אַלע שכנהשע לענדער, דרוקט איבער די פּובליקאַציעס פון דער בוענאָס־איירעסער רעגירונג און אין יענע מער פון דרייסיק אָפיציעלע נאָ־

טעס, אין וועלכע דער געקרייצטער נאָמען פון ד. פ. סאַרמיענטאָ איז שטענ־דיק געגאַנגען אין באַגלייט מיט די עפּיטעטן פון: „אויסגעלאַסענער", „שמו־ציקער", „נידערטרעכטיקער", „ווילדער", מיט וואַריאַנטן פון דעם זידל־אוצר פונעם נאַציאָנאַלן פאַרמעגן, ווי אויך יענע, וועלכע די פּראָווינצער גובערנאַטאָרן האָבן באַוויזן צו געפינען, אַזוינע ווי „פּאַרעטער", „משוגע־נער" און אַזוי ווייטער".

געבוירן אין נײַנטן חודש פון דער מאַי־רעוואָלוציע, ביי אַ פאָטער, וועלכער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער רעוואָלוציע און אַ מוטער וואָס האָט געשטריקט און געוועבט און פאַרדינט אירע צוועלף פּעזעס אַ וואָך, איז סאַרמיענטאָ געווען דאָס נאַטור־קינד פון דער אַרגענטינער היס־טאָרישע מאַי־רעוואָלוציע.

„צו די זעכצן יאָר פון מיין לעבן — שרייבט ער — בין איך אויך אַריין אין טורמע און פון איר אַרויס מיט עפּנטלעכע מיינונגען".

עס איז קלאָר, אַז סאַרמיענטאָ, וועלכער איז אין די דערמאָנטע יאָרן געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ שפּייז־קראָם, ווו עס איז אויך געווען זיין שול און זיין אוניווערזיטעט, איז באַלד אַריין אין די טורמעס איבער זיין פּאָליטישן באַוווסטזיין, איבער זיין קולטור און איבער זיין קאַמף קעגן דער דיקטאַטור.

סאַרמיענטאָ האָט געלערנט זיך און אַנדערע אין דער זעלביקער צייט, פון זיין קינדהייט אָן, שטענדיק, אין לויף פון אַ גאַנץ שטורעמדיק, פאַרביק, רייך און העראָיש לעבן פאַר דער רעאַליזירונג פון די פרייהייטלעכע און דעמאָקראַטישע פּרינציפּן און אידעאַלן פון דער מאַי־רעוואָלוציע.



כואַן ב. אַלבערדי אין יאָר 1852

# כואַן ב. אַלבערדי

רעגירן הייסט באַפעלקערן

**אַלבערדי**

כואַן ב. אַלבערדי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע; ער איז געבוירן געוואָרן אין דער ווייטער אַרגענטינער פּראָווינץ, אין „גאָרטן פון דער רעפּובליק", אין דער שטאָט טוקומאַן, וואָס האָט צו דערציילן פון דער טופּאַק־אַמאַרוישע באַפרייונגס־באַוועגונג פון די קיטשוער־אינדיאַנער בעת דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער הערשאַפט און ווו עס געפינט זיך דאָס היסטאָרישע הויז, אין וועלכן דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט דעם 9טן יולי 1816 אָנגענומען די אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע און ווו אויף דער פּלאַסע אינדעפּענדענסיאַ עס איז געווען אַרויסגעשטעלט שפּעטער דער אַראָפּגעהאַקטער קאָפּ פון מאַרקאָס אַוועזשאַנעדאַ, ווי דאָס האָבן געטאָן ראָסאַס מענטשן מיט די קעפּ פון די רעוואָלוציאָנערע פירער, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט אין קאַמף קעגן דער טאָטאַליטאַרישער רעגירונג.

כואַן ב. אַלבערדי, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שטענדיקן לערנען, שטודירן, פאָרשן, האָט זיין יוגנטלעכקייט, ווי זיין צייט־חבר, עסטעבאַן עטשעווועריאַ, פאַרבראַכט אין דער „קאָלעכיאָ דע סיענסיאַס מאָראַלעס" פון בוענאָס־איירעס, פון וואַנען מען איז אַרויסגעקומען קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, אָדער מיט אַ באַגער צו סאָציאָלאָגיע. און אין זיין יוגנט, אין עלטער פון 27 יאָר, איז אַלבערדי געווען מיטאַרבעטער מיט עטשעוועריאַן אין דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, אָריענטאַציע און באַוועגונג פון דער היסטאָרישער „מאַי־אַסאָציאַציע", אין באַשטאַנד פון דער שטודירנדער יוגנט, חוץ אַנדערע אינטעלעקטועלע עלעמענטן — אַ

באַוועגונג, וועלכע האָט אויך געהייסן „יונג־אַרגענטינע“ און „נייער דור“. אַ באַוועגונג אַ דעמאָקראַטישע, אַ סאָציאַליסטישע, אין איר תוך דורכויס געווען אַנטיראָסיסטיש אויף וויפל ראָסאַס, אָדער ראָסיזם האָט באַדייט טאָ־טאַליטאַריזם שוין אין יענער צייט, דיקטאַטור, טיראַניי — האָט אָבער נישט געפירט קיין דירעקטן קאַמף מיט וואָפן אין די הענט קעגן ראָסאַס טעראָ־ריסטישע רעגירונג; זי האָט בכלל נישט געפירט קיין נעגאַטיווע צעשטע־רערישע אַקציע, נאָר אַ פּאָזיטיווע, אַ גייסטיקע, אַ קאָנסטרוקטיווע אַקציע בעת דעם ראָסאַס רעזשים — פאַר שאַפן די נאַנטע אַרגענטינער צוקונפט, די פרייהייטלעכע, דעמאָקראַטישע, סאָציאַל־רעכטלעכע און גערעכטלעכע אַרגענטינער רעפּובליק. פּראָגראַמען פון אידעען, פון אידעאַלן, פון סאָציאַלע פּרינציפּן, וואָס זענען געפּרעדיקט, באַלויכטן און פאַרשפּרייט געוואָרן אי־בער די שטעט און שטעטלעך פון די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ — האָבן אינספּירירט און געפינען אַן אָפּקלאַנג אין די וויטערע סאָציאַל־פּאָליטיש און עקאָנאָמיש־וויסנשאַפטלעכע ווערק פון אַלבערדי, איינשליס־לעך זיין געשיכטלעך־מאָנומענטאַל ווערק „באַזעס“, מיט וועלכן די נאַציאָ־נאַלע קאָנסטיטואַנטן פון 1853 אין סאַנטאַ פע האָבן זיך גוט באַנוצט פאַר שאַפן די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע.

דער גורל פון דער פּאָליטישער עמיגראַציע, געצוווּנגענע פון טאָטאַ־ליטאַרן רעזשים, אָדער אומדירעקט פאַרטריבענע פונעם פאָטערלאַנד, צי גאָר דירעקט דעפּאָרטירטע, האָט נישט אויסגעמידן אַלבערדין, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן קיין וואָפן אין זיינע הענט, און זיינע „שלאַכטן“ זענען נאָר געווען גערעדאַנקלעכע. אין 1839 איז אַלבערדי אויף זיין ערשטער פּאָליטישער עמיגראַציע אין מאָנטעווידעאָ, ווו ער שרייבט ביכער און שרייבט אין צייטונגען; שרייבט אויף אַלע ליטעראַרישע זשאַנרן, פּאָלעמי־זירט און געפינט זיין באַרוף אין פאַרשן און אין דער דעציזיע צו שרייבן סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמיש־וויסנשאַפטלעכע ווערק. ער שרייבט אומצאָליקע אַרטיקלען אין צייטונגען, זשורנאַלן; שרייבט פּאַמפלעטן. פון זיינע שריפטן זענען ביים לעבן דערשינען אַכט בענד און זעכצן בענד פון זיינע שריפטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָך זיין טויט. צווישן די ערשטע געפינט זיך: „באַזעס פאַר דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרגענ־טינער קאָנפעדעראַציע“, ווו עס האָט דעמאָלט געהייסן די מלוכה אין ווערן. און צווישן די צווייטע געפינט זיך אַלבערדיס כאַראַקטעריסטיש ווערק: „על קרימען דע לאַ געררא“ (דער פאַרברעכן פון מלחמה).

די ווערק מיט אַרגענטינע אין זייער אינהאַלט האָט אַלבערדי געשריבן אין אויסלאַנד, אויף פּאָליטישע עמיגראַציע, ווו ער האָט פאַרבראַכט זיינע רייפע און שעפערישע 25 יאָרן און שוין אויף דער עלטער, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין בוענאָס־איירעס, האָט ער זיך דאָ געפילט פרעמד און ער האָט אויסגעוואַנדערט.

---

„די וואָס האָבן געלייענט די שריפטן פון אַלבערדי — שרייבט כאָסע אינכעניעראָס — שריפטן וואָס קענען אויסגעשטעלט ווערן פון דעם צענטן סימבאָלישן וואָרט פון דער „סאָציאַליסטישער דאָגמאַ“ (עטשעווערי) ביז דער אַרגענטינער רעפּובליק, 37 יאָר נאָך דער מאַי־רעוואָלוציע, האָבן באַלד דערזען, ווי די באַזיסן זענען אַ סינאָפּסיס פון די דאָזיקע שריפטן. דעריבער איז אַזוי סובסטאַנציעל זיין אינהאַלט. דאָס דערמאָנטע „סימבאָלישע וואָרט“ אַנטהאַלט שוין זיין פּאָליטישן און קאָנסטיטוציאָנעלן געדאַנק; זיין „פּראָגראַם פון סאָציאַלע פילאָזאָפיע“ איז אַ סכעמע פון דער אַמעריקאַנער סאָציאָלאָגיע; זיינע „מעמואַרן וועגן אַן אַמעריקאַנישן קאָנגרעס“ איז אַ ווערק פון אַ רייפן עקאָנאָמיסט. און הינטער דעם אַלעם זעט זיך אַרויס די שול פון אָפּט לייענען די בענטהאַמיסטישע און סאַנסימאָניסטישע שריפטן.

די שפּורן פון דער סאָציאַלער, פּאָליטישער און מלוכהשער פילאָזאָפיע אין די שריפטלעכע ווערק פון אַלבערדי דערקלערן זיך מיט אַ מיסיע פון דער מאַי־אַסאָציאַציע אויפצוקלערן די „סימבאָלישע ווערטער“, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען די דערמאָנטע פילאָזאָפיע און פון וועלכע די „אַסאָציאַציע“ האָט אויסגעבויט איר מלוכה־ פּראָגראַם. ווי עס דערציילט עטשעווערי אין זיין „רעטראָספּעקטיוון בלעטערן“ (געשריבן אין 1846), האָט די אַסאָציאַציע באַשטימט אַ קאָמיסיע פון אירע פירנדיקע מיטגלידער פאַרן צוועק צו פירן אַן אויפקלערונג פון די „סימבאָלישע ווערטער“ און כואַן ב. אַלבערדי איז געווען איינער פון דער קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון אים, כואַן מאַריאַ גוטיערעז און עסטעבאַן עטשעווערי. אַלבערדי האָט אויסגעפירט אַ מיסיע און עס זענען פון דעם אַרויסגעקומען אַ גאַנצע ריי וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס זענען זייער צונויפגעקומען אין דער מלוכהשער קאָנסטרוקציע פון דער רעפּובליק.

„נישטאָ צווישן אונדז קיין פאַרגלייך מיט אַלבערדי אין זיין אַנאַליטישער זשעניאַליטעט — שרייבט עטשעווערי — ער באַזיצט אַ מעטאַ־

פיזישע פּאַטענץ, וואָס פּאַראַלגעמיינערט און נעמט אַלץ אַרום. עס פעלט אים נאָר דאָס וואָס פעלט אַ סך פון אונדזער פּאַרטריבענער יוגנט: רו פון געמיט און סטימול פון פּאַטערלאַנד. דאָך, אַן אומדערמידלעכער אַפּאָסטאָל פון פּראָגרעס האָט ער שטענדיק פאַר אים געקעמפט אין דער ערשטער ריי״.

---

די מענטשן פון דער מאַי־אַסאָציאַציע זענען אפשר ווייניקער פאַר־פאָלגט געוואָרן ווי די אוניטאַריער און די פעדעראַליסטן אויף וועמען עס איז געפאַלן אַ חשד פון אומטרייהייט צום דיקטאַטאָר, אָבער זייער גייסטיק סאָציאַליסטישע טעטיקייט, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן אין זייער פּאַטערלאַנד, האָבן זיי געקאָנט פאָרזעצן נאָר אין אויסלאַנד, ווו זיי זענען אַנטלאָפן און ווו מען האָט זיי דעפּאָרטירט; אַזוי האָט עסטעבאַן עטשעווערריאַ געשריבן די אַרגענטינישע סאָציאַליסטישע תורה אין מאָנטעווידעאָ, ווו אַהין ער האָט פּאָ־ליטיש עמיגרירט; אַזוי האָט סאַרמיענטאָ אין טשילע אויפגעשריבן „פאַקונדאָ״ מיט אַן אַנגעגליטער פען און מיטן בלוט פון ראָסאָס קרבנות און מאַרטירער, וועגן דער באַרבאַריע און ציוויליזאַציע״ אין אַרגענטינע און אַזוי האָט אויך אין אויסלאַנד כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי געשריבן זיינע ווערק, אינספּי־רירט פון דער סאָציאַליסטישער דאָגמע; פון די אידעען און די געדאַנקען סינטעטיזירט אינעם פּראָגראַם, פון דער מאַי־אַסאָציאַציע; אין די גרונט־געזעצן, פרייהייטלעכע קאָנסטיטוציעס פון די פּאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע און פון די מערב־איראָפּעישע לענדער — סאָציאַלע פּרינ־ציפּן, געדאַנקען און אידעען, וואָס האָבן זיך איבערגעטראָגן און טיף אַריינ־געדרונגען אין דער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע אין לעבן און אין סאָציאַלן שטרעבן.

אַלבערדי, איינער פון אַרגענטינער היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן, וועמענס אידייען עס האָבן געלעבט און באַלעבט די אונטערדריקטע קעמפער אין די צייטן פון ראָסאָסעס דיקטאַטור; וועמענס אינספּיראַציעס עס האָבן געשטאַרקט די הענט פון די קעמפער און זיי געפירט צום זיג איבער דער טיראַניע; פון וועמענס געדאַנקען עס זענען געמאַכט געוואָרן די ציגל צו בויען דעם אַרגענטינער געזעלשאַפטלעכן בנין; וועמענס סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּלענער עס האָבן געדינט צו דער אָרגאַניזאַציע פון דער רעפּובליק און וועמענס בוך „באַזעס״ (באַזיסן — יסודות) עס איז דער

היסטאָרישער דאָקומענט פון אַרגענטינער אינסטיטוציאָנעלן לעבן, דאָס דעמאָקראַטישע, אויסגעדריקט אין דער לאַנד־קאָנסטיטוציע, — לעבט אין געוויסן פונעם אַרגענטינישן פאָלקס־מענטש.

סאַרמיענטאָ האָט אין 1852 געשריבן צו אַלבערדין: „אייער קאָנסטי־טוציע איז אַ מאָנומענט. איר זענט אַ געזעצגעבער פון געפיל אונטער ווי־סנשאַפט־פאָרמען. עס איז אייער קאָנסטיטוציע אונדזער פאָן, אונדזער סימ־באָל, אַזוי נעמט עס היינט אָן די אַרגענטינער רעפּובליק. איך גלויב אַז אייער בוך „באַזעס" וועט האָבן אַ גוטע ווירקונג. עס איז מעגלעך, אַז אייער קאָנסטיטוציע וועט ווערן אָנגענומען".

אויף וואָס אַלבערדי האָט געענטפערט: „מיין בוך פון די באַזיסן איז אַ ווערק פון אַקציע. ניט געקוקט אויף דער באַטראַכטקייט, אָפּגערוט זיך און ווידער באַטראַכט, איז עס געשריבן געוואָרן מיט אימפּעט, כדי צו קומען אין צייט און עס זאָל דינען פאַרן צוועק, פאַר וועלכן עס איז געשריבן גע־וואָרן. מיט אַ ווערק פון מענטשלעכע געזעצן איז פּונקט אַזוי ווי מיט פּלאַנ־צונגען און דאָס אויסהאַמערן מעטאַלן. פאַרזייט אויסער דער געהעריקער צייט און איר וועט זען, ווי עס וועט ניט אַרויס קיין ווייץ; לאָזט דעם אָנ־געגליטן ווייכן מעטאַל אָפּקילן און האַרט ווערן, וועט דער האַמער מיט אים גאָרנישט קאָנען מאַכן. דאָס מענטשלעכע וואָרט באַקומט פּלייש אין דער געגעבענער שעה ווען עס קלינגט די שעה ווערט דאָס וואָרט פונעם רעדנער אָדער שרייבער אַ געזעץ".

און ווייטער שרייבט אַלבערדי:

„אַלע קאָנסטיטוציעס בייטן זיך אָדער גייען אונטער, ווען זיי זענען נאָר נאָכגעמאַכטע; די קאָנסטיטוציע וואָס גייט ניט אונטער און באַגלייט דאָס לאַנד אַזוי לאַנג ווי עס לעבט און צוליב וועמען עס לעבט, איז יענע קאָנסטיטוציע, וואָס דאָס לאַנד האָט באַקומען פון אירע היסטאָרישע גע־שעענישן, וואָס פאַרמירן די קייט פון איר עקזיסטענץ, זינט איר געבורטס־טאָג. די היסטאָרישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז דאָס ווערק פון די פאַקטן, איז דער לעבעדיקער פאַרבאַנד, איז די איינציקע ראַיעלע און שטענדיקע פון יעדן לאַנד, וואָס לעבט איבער אַלע פּרווון. ציוויליזאַציע פאַרשריטן קאָנען די קאָנסטיטוציע מאָדיפיצירן און אויסבעסערן אין זינען פון דער אַבסאָלוטער פּערפעקציאָנירונג פון דער פרייער רעגירונג, אָבער שטענדיק דאַרף דאָס זיין אין אָנקלאַנג מיט די היסטאָרישע פאַקטן און עלעמענטן, פון וועלכע קיין פאָלק קען זיך ניט אויסטון, פּונקט ווי דער מענטש קאָן

ניט אייגנוויליק אַרויס פון זיין קאָליר, זיין טעמפּעראַמענט, זיין פיגור און פון זיינע אָרגאַנישע זאַכן, וואָס ער האָט באַקומען ביים געבורט, אַלס ירושה פון זיינע עלטערן".

---

און עס לעבט עפּעס אין געוויסן פונעם מאַסן-מענטש, וואָס מאָנט צו דערמאָנען דעם מעכאַבער פון „רעגירן איז באַפעלקערן" — אַ געדאַנק, וועלכער האָט געלעבט אין די קעפּ פון דורות און לעבט נאָך און וועגן וואָס אַלבערדי האָט געשריבן, כדי אויסצומיידן מיספאַרשטייעניש, אַז זיין געדאַנק פון „רעגירן איז באַפעלקערן" איז געזאָגט אין דעם זין „אַז באַפעלקערן איז דערציִען, פאַרבעסערן, ציוויליזירן, באַרייכערן, פאַרגרעסערן".

עס מאָנט צו דערמאָנען אַלבערדין, וואָס האָט געשריבן אַז „דאָס רייכטום פון די פעלקער איז די זאַך פון די פעלקער אַליין און ניט פון זייערע רעגירונגען. ווען די פעלקער וואָלטן ניט געהאַט קיין אַנדערן פאַבריקאַנט פון זייערע רייכטימער, ווי נאָר זייערע רעגירונגען, וואָלטן אַלע פעלקער אָן אויסנאַם געלעבט אין נויט. די רעגירונג, ווי אַן אינסטיטוציע און איר פונקציע, שטעלט מיט זיך פאָר נאָר אַן אויסגאַבע, נאָר אַן עסערן פון נאַציאָנאַלן פאַרמעגן".

עס מאָנט צו דערמאָנען אַלבערדין, וואָס האָט געשריבן, אַז „די באַפרייונג פונעם פעבל, איז די באַפרייונג פון גאַנצן מענטשלעכן מין, ווייל דער פעבל איז די מענטשהייט, אַזוי ווי די מענטשהייט איז די נאַציע. די גאַנצע צוקונפט געהער דעם פעבל".

אַ צענטער פון טוקומאַנער, וועלכע וווינען אין בוענאָס-איירעס, האָט אין 1939 דורכגעפירט אַ שטילן אַקט אין אָנדענק פון אַלבערדין.

דאָס איז געווען איינער פון די געציילטע אַקטן אין לאַנד צום יאָרטאָג פונעם מחבר פון „באַזיסן" — דאָס בוך, וואָס האָט געדינט פאַר דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן עס איז אויסגעבויט געוואָרן די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע. דאָס געמיט איז נישט געווען פאַר פייערונגען. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען אַריינגעטאָן אין דער וועלט-סיטואַציע, באַם ראַנד פון מלחמה אָדער שלום.

עס איז אָבער ניט קיין אויסנאַם דאָס פאַרשוויגן אַלבערדיס יאָרטאָג. עס איז אַ געוויינלעכע דערשיינונג פון אַלע יאָר און דאָך איז אַלבערדי דער בויער פון פּאָליטישן און סאָציאַלן אַרגענטינע ניט נאָר אַ פּערזענלעכקייט

פאַר געשיכטע; אַלבערדי — זיינע געדאַנקען, זיינע אידייען, זיינע מלוכהשע פּראָגראַמען, זענען פּאָליטישע און סאָציאַלע אָנווייזונגען און פּרעדיקטן, איז שטענדיק אַקטועל. ער לעבט ניט נאָר אין דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך אין דער היינטיקער צייט; אָט דער אומשטערבלעכער אַלבערדי שטייט אויך היינט אין קאָנטאַקט מיט די פּראָבלעמען פון דער וועלט און באַזונדערס מיט די לאַנד־פּראָבלעמען, וואָס זענען אויך פאַרבונדן מיט די וועלט־פּראָבלעמען און ער נעמט גייסטיק אַן אַקטיוון אָנטייל אין די איצטיקע דעבאַטן.

און אַלבערדיס געדאַנקען אין די דעבאַטן פון דער אַרגענטינער ווירק־לעכקייט זענען פון גרויסער אַקטועלער באַדייט.

עס מיינט ניט, ווען עס רעדט זיך פון דער באַדערפעניש וואָס מער צו ברענגען צום אויסדרוק אַלבערדיס געדאַנקען, אַז זיי זענען ניט דיס־קוטירבאַר. אין משך פון אַ יאָרהונדערט האָט זיך דאָך אַ סך געענדערט די וועלט. אַ סך ענדערונגען זענען פאָרגעקומען אין אַלע לענדער און אויך אין אַרגענטינע און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז געדאַנקען, וועלכע זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון אַזאַ רעאַליסט ווי דאָס איז געווען אַלבערדי מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, זאָלן דורך די ענדערונגען אין דער וועלט און אין לאַנד דאַרפן רעוויזירט און אפשר קאָרעגירט ווערן פון יעדן שטאַנדפּונקט; נעמען אין באַטראַכט אַלבערדיס געדאַנקען אין פאַרבינדונג מיט דער היינטיקער ווירקלעכקייט, מיט היינטיקע דערשיינונגען, מיט היינ־טיקע פּראָבלעמען און היינטיקע באַדערפענישן מיינט אויך נישט, אַז מען דאַרף אָננעמען אָדער איינשטימיק זיין מיט אַלע זיינע געדאַנקען און מיט אַלע זיינע אָנווייזונגען. אייניקע קענען זיין אָננעמבאַר און אַנדערע ניט, אָדער פּאָר אייניקע קענען די אָדער יענע פון אַלבערדיס געדאַנקען זיין אָנ־נעמבאַר און פאַר אַנדערע נישט. עס איז געווענדט אין וועלכן אינטערעסן־קרייז מען געפינט זיך. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין זענען אַלבערדיס גע־דאַנקען געזעלשאַפטלעך אינטערעסאַנט, וויכטיק און אַקטועל.

---

עס האָט זיך דעבאַטירט אַ געשאַפענער פּליטים־פּראָבלעם, ביי אַזאַ פּליטים דערשיינונג, וואָס האָט נאָך קיין גלייכן נישט געהאַט צו זיך אין דער וועלט־געשיכטע און דער דאָזיקער פּראָבלעם איז ענג פאַרבונדן מיט אימיגראַציע, מיט איינוואַנדערונג.

די אַרגענטינער רעגירונג, וואָס איז דורכגעדרונגען געווען מיט הומאַ־ניטאַרישקייט און ליבעראַליזם לויט אירע דעקלאַראַציעס; הומאַניטאַרישקייט און ליבעראַליזם אין וואָס עס האָבן זיך זייער געניטיקט די הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען פּליטים, האָט דאָך געהאַלטן פאַר נויטיק, מער ווי שטענדיק, צו שליסן כמעט די איינוואַנדערונג. דאָס, זאָגט זי, האָט זי געטאָן, אָדער געמוזט טאָן צוליב די אינטערעסן פון לאַנד, דאָס הייסט, אַז צווישן דער הומאַניטאַרישקייט און די לאַנד־אינטערעסן האָט זי אויסגעקליבן דאָס צווייטע.

די עפנטלעכע מיינונג מיינט ניט אַזוי, זי שטעלט זיך גראָד ווינציקער אָפּ אויף דער הומאַניטאַרישקייט, כאָטש זי רעספּעקטירט און שעצט זייער הויך די דאָזיקע טוגנט, און זאָגט, אַז די איינוואַנדערונג איז אַ גליק פאַרן לאַנד און אַז עס ווערט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן די לאַנד אינטערעסן אויב מען שטערט די איינוואַנדערונג.

און אין דער דאָזיקער דעבאַטע צווישן דער רעגירונג און די עפנט־לעכע מיינונג, דאָס הייסט די מיינונג פון פאָלק אויסגעדריקט עפנטלעך דורך דער פּרעסע, אויף מיטינגען, דורך אינסטיטוציעס, דורך פּעטיציעס צום פאַרלאַמענט און דורך די לעגיסלאַטאָרן, נעמט אויך אָנטייל אַלבערדי דורך זיין געדאַנק, אַז „רעגירן הייסט באַפעלקערן".

אַלבערדי זאָגט אַז אַ רעגירונג, וועלכע באַווייזט ניט צו פאַרטאָפּלען די באַפעלקערונג פון איין פאָלקס־ציילונג ביז צו דער צווייטער, באַווייזט יאָ, אַז זי האָט אומזיסט און אומנישט געפּטרט איר צייט.

— אויב מיר ווילן גרויס מאַכן אונדזערע שטאַטן — זאָגט אַלבערדי — זאָלן מיר ברענגען פון דרויסן מענטשן.

„אָן אַ גרויסער באַפעלקערונג איז נישטאָ קיין קולטורעלע אַנטוויק־לונג; איז נישטאָ קיין באַדייטנדיקער פאָרשריט; איז אַלץ קליין און נישטיק. אַ נאַציע פון אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער איז ניט מער ווי אַ פּראָווינץ, ווי אַ דאָרף, און אַלע אירע זאַכן טראָגן שטענדיק דעם פּראָווינציעלן שטעמפּל".

„דאָס באַפעלקערן — זי רעפּרעזענטירט אַלע אַנדערע דרום־אַמערי־קאַנישע באַדערפענישן — איז די גענויע מאָס פון דער קאַפּאַציטעט פון אונדזערע רעגירונגען".

עס ווערט ניט אונטערגעשעצט דער אייגענער צוווּקס פון דער באַ־פעלקערונג, וואָס אין אַרגענטינע איז דאָס צום גרעסטן טייל אויך צו פאַר־

דאַנקען דער איינוואַנדערונג, אָבער דער צוּוואוּקס פון זיך אַליין קומט פאַר ביי אַ באַגרעניצטער באַפעלקערונג זייער לאַנגזאַם.

אויף אַ טעריטאָריע פון קנאַפּע דריי מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער פאַרמאָגט אַרגענטינע נאָך ניט קיין גרעסערע באַפעלקערונג אין 1958 ווי צוואַנציק מיליאָן איינוווינער, שוין מיט דער איינוואַנדערונג אין משך פון 148 יאָר און אויך פון פריִער.

און ווי זאָגט אַלבערדי, וועלכער מאַכט אין זיין צייט אַ דורכשניט פון אַ מיליאָן איינוווינער אין יעדן אַמעריקאַניש לאַנד: עס איז זייער קלעג־לעך די באַפעלקערונג. פון אַ מיליאָן איינוווינער אין אַ לאַנד, וואָס האָט גרוימקייט פאַר פופציק מיליאָן.

און אַלבערדי ווייזט אָן אויף דער איינוואַנדערונג ווי אויף דעם קוואַל פון וואַנען דאָס לאַנד קען שעפּן באַפעלקערונג. אַ גרויסע און ספּאָנטאַנע איינוואַנדערונג, וואָס אונדזערע רעגירונגען דאַרפן קענען אַרויסרופן.

אין אַלבערדי שטעלט די פראַגע: ווי אַזוי רופט מען אַרויס די נויטיקע, די ספּאָנטאַנע איינוואַנדערונג? און ער ענטפערט, אַזאַ אַזאַ איינוואַנ־דערונג גייט אין יענע לענדער, וועלכע האָבן די צוציִונגס־קראַפט דורך זייער ווילשטאַנד, דורך זייערע מעגלעכקייטן, דורך זייער זיכערקייט און דורך זייער פרייהייט — וואָס דאָס קען אַוודאי ניט דיסקוטירט ווערן.

אַלבערדי, שוין דעמאָלט אונטער די ברייטע אָפּקלאַנגען פון זיין גע־דאַנק, אַז „רעגירן הייסט באַפעלקערן“, זעט אַלזייטיק אויפצוקלערן און באַלויכטן זיין געדאַנק און נעמט אַרום מיט זיין ליכט פאַרשידענע געביטן, און אויף איינעם פון זיי דערקלערט ער, אַז „רעגירן הייסט באַפעלקערן אויך אין דעם זינען פון באַפעלקערן דורך דערציִען, פאַרבעסערן, ציוויליזירן, באַרייכערן, שנעל און ספּאָנטאַן פאַרגרעסערן, אַזוי ווי דאָס איז געשען אין די פאַראייניקטע שטאַטן“. אַלבערדי שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סעלעקציע פון דער איינוואַנדערונג, ניט אַ יחידישער סעלעקציע, ניט קיין רעליגיע־זער אָדער נאַציאָנאַלער, נאָר אויף אַ קאָנטינענטאַלער; ער דורשט נאָך דער אייראָפּעיִשער איינוואַנדערונג און וואָרנט קעגן דער אַזיאַטישער און אַפרי־קאַנישער, ניט צוליב אַ וועלכן עס איז ראַסיזם, נאָר צוליב דער ציוויליזאַ־ציע, די קולטור, די טעכנישע און אינדוסטריעלע דערגרייכונג, די פרייהייט און דאָס מענטשן־רעכט, וואָס האָט שוין געהאַט איר צענטער אין אייראָפּע, אָבער די אַלע אָפּצווייגן וועגן דער איינוואַנדערונג, וואָס קענען היינט זיין פראַגן פאַר דיסקוסיע, גייען אַרויס פון איין שטאַם־בוים: די איינוואַנדערונג,

וואָס אַלץ גאַנצע שטייט זי ביי אַלבערדין אויסער יעדער דיסקוסיע, זי איז די לעבנס־באַדערפעניש פון לאַנד. זי איז ווי אַ לייט־מאָטיוו פון אַלבערדיס ווערק, זי איז די מאַטעריע און די האָפענונג פון געדאַנק, אַז „רעגירן הייסט באַפעלקערן״.

---

עס ווילט זיך אַ נאָש־טאָן פון אַלבערדיס אַפּאָריזמען, מיט וואָס עס איז אָנגעפילט אַ בוך פון 400 זייטן, וואָס הייסט אין שפּאַניש „פּענסאַמיענ־טאָס דע אַלבערדי״.

„אַמעריקע וועט זיין פריי, ווען זי וועט פריי זיין פון באַפרייער״ — שרייבט אַלבערדי, שרייבנדיק וועגן פרייהייט, וואָס פאַרנעמט גאָר אַ ברייט אָרט אין זיינע שריפטלעכע ווערק.

דער דאָזיקער דעמאָקראַטישער און פרייהייטלעכער געדאַנק, וואָס האָט וועמען געטראָפן מיט אַ יאָרהונדערט צוריק טרעפט נאָך היינט אויך וועמען...

„די פרייהייט איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי די רעגירונג פון זיך אַליין״.

„אָן פרייהייט איז אָן אייגענער רעגירונג״.

„דערקלערן פרייהייט איז נאָך קיין פרייהייט נישט — מען דאַרף זי קאָנסטיטויִרן״.

„די נאָרדאַמעריקאַנער זינגען נישט צו דער פרייהייט; זיי פּראַקטי־קירן זי אין דער שטיל״.

„כדי דרום־אַמעריקע זאָל פריי זיין ווי צפון־אַמעריקע, דאַרף איר טעמפּעראַמענט אויך זיין אַ קאַלטער, אַ פרידלעכער, אַ באַזאַכטער — צו באַהאַנדלען די פאַרוויקלטע פּאָליטישע ענינים״.

„ווען אַרגענטינע זאָל באַשטיין נאָר פון אַזוינע מענטשן ווי איך, דאָס הייסט אַזוינע אַכט הונדערט טויזנט אַדוואָקאַטן, וואָס קענען מאַכן ביכער, וואָלט דאָס געווען די ערגסטע באַפעלקערונג. מיר, אַדוואָקאַטן טויגן נישט צו מאַכן אייזערנע וועגן; צו מאַכן נאַוועגירבאַר די טייכן; צו עקספּלואַטירן די מינען; צו באַאַרבעטן די פעלדער״.

„דערציִען זיך אַליין, דאָס איז דער וועג פאַר רעגירן זיך אַליין״.

„דערציִונג איז נישט קעגן בילדונג, דאָס זעלבע פאַרקערט; דערציִונג

איז נשמה־קולטור, אויסבעסערונג פון כאַראַקטער, האַרציקייט — געזעל־שאַפטלעכקייט״.

„בילדונג איז די קולטור פון דער אינטעליגענץ, באַרייכערונג, קענען״.

„די ציוויליזאַציע דעקרעטירט מען נישט״.

פון בוך „פענסאַמיענטאָס דע אַלבערדי״, פון וואַנען עס גייען אַרויס די ציטירטע געדאַנקען, גייען אויך אַרויס מיט באַטאָנונג זיינע געדאַנקען וועגן קריג און פרידן.

„מלחמה איז פאַרברעכן״ — שרייבט אַלבערדי אין זיין צייט דאָס וואָס די „פעלקער־ליגע״ האָט אָנערקענט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און וואָס די אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע פעלקער — די „יון״ — האָט אָנערקענט אין איר „קאַרטאַ מאַגנאַ״, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דאָס אַזוי־גערופענע „רעכט אויף מלחמה״ איז פונקט ווי „רעכט אויף זעלבסטמאָרד — שרייבט אַלבערדי — ווי רעכט אויף גנבה, אויף אונטער־צינדן, רויב, וואָס דאָס איז מלחמה״.

„מעג דער פאַרברעכן זיין באַגאַנגען פון איינעם אָדער פון טויזנט, קעגן איינעם אָדער קעגן טויזנט — דער אייגנטלעכער פאַרברעכן איז שטענדיק פאַרברעכן״.

„דער וואָס שיקט מאָרדן און נוצט זיך אויס פונעם מאָרד, איז אַ מערדער״.

„דער וואָס שיקט מאָרדן און נוצט זיך אויס פונעם מאָרד, איז אַ אַ גנב״.

„דער וואָס הייסט אונטערצינדן און איבערפאַלן, איז אַ באַנדיט, איז אַ פיראַט״.

„פאַר די אונטערצינדער, די גנבים און די באַנדיטן — איז די תפיסה, נישט קיין טראָן״.

„דאָס וואָס מען גיט אַוועק דער מלחמה, נעמט מען צו ביי דער דער־ציִונג, ביי דער אינדוסטריע, ביי דער ציוויליזאַציע, ביי דער פרייהייט. ווייל די מלחמה אין דרום־אַמעריקע ברענגט נישט עפּעס אַנדערש ווי די באַל־דיקע און שעדלעכע פאַראַליזאַציע פון די דאָזיקע אַלע זאַכן״.

„דער באַוואָפנטער פרידן איז אַ מלחמה אָן פולווער קעגן אייגענעם לאַנד״ .

„די פרייהייט ברענגט דעם פרידן״.

„עס וועט נישט זיין קיין פרידן און קיין אינטערנאַציאָנאַלע גערעכ־

טיקייט ביז וואַנען עס וועט נישט אָנגעווענדט זיין פון די נאַציעס די מענטשנרעכט".

„סוף כל סוף וועט דער פרידן זיגן און וועט נעמען די רעגירונג פון דער וועלט אין זיינע הענט, דאָס וועט געשען מיטן דערוואַכן פון די פעלקער, וואָס וועלן איבערנעמען זייער גורל און וועלן רעגירן זיך אַליין".

אין שייכות דער פרייהייט, לאָזט אונדז אַלבערדי הערן זיין פערזענלעכע באַציִונג, ווען ער שרייבט: „איך בין זיך מודה, אַז מיין ליבע צו דער פרייהייט איז נישט קיין פלאַטאָנישע. איך ליב זי פּאָזיטיוו און מאַטעריעל; איך ליב זי, ווייל איך וויל זי האָבן".

אַ פּערזענלעכע ליבע, וואָס אידענטיפיצירט זיך מיט יעדנס ליבע צו דער פרייהייט.

---

„אין זיין רייפקייט איז אַלבערדי דער וויסנשאַפטלער — שרייבט כאָסע אינכעניעראָס — זיינע קריטעריום און זיין מעטאָד זענען די אַנטיטעזע פונעם ליטעראַרישן מעטאָד און קריטעריום. ער האָט זיך מער ווי מיט אַלץ פאַרנומען מיט סאָציאַלן שטודיום אויף וואָס ער דרוקט אָפּ אַ שטעמפּל פון אַרגענטינישקייט; ער איז אויף אַ געוויסן אופן דער קולטאָר פון „היסטאָרישן עקאָנאָמיזם", ער איז אין דערווירקלעכקייט געווען אַ מיליטאַנטישער סאָציאָלאָג; אין זיינע שריפטן דערשיינט צום ערשטן מאָל דאָס וואָרט „סאָציאָלאָגיע" אין דער אַרגענטינער פּובליציסטיק און ער האָט באַנומען אין דער גאַנצער מאַגניטוד דעם באַדייט פון דער דאָזיקער וויסנשאַפט, קעגנאיבער דער געשיכטע און די פּאָליטיק".

„שטודירנדיק די אַרגענטינער פאַרגאַנגענהייט דאַכט זיך, אַז די געשיכטע איז מער אַ עוואָלוציע פון גרויסע אינטערעסן איידער אַ דעפילע פון גלענצנדע גענעראַלן. היינט זען מיר ווי די פאָרמאַציע פון דער אַרגענטינער נאַציאָנאַליטעט איז פאָרגעקומען אין הסכם מיט אַלבערדיס זעונגען. אויב אין זיין צייט איז געווען אַ וויסנשאַפטס־מענטש, איז ער דאָס געווען.

— אין דער געשיכטע פון דער נאַציאָנאַלער (לאַנד) אָרגאַניזאַציע זענען די פיגורן פון אַלבערדי און פון אורקיסאַ אומצעטיילבאַר, — שרייבט פראַנציסקאָ קרוס — אַלבערדי באַדייט געדאַנק; אורקיסאַ באַדייט אַקציע. אַלבערדי סימבאָליזירט דעם זשעניע, וועלכער האָט מיט אינטויִציע פון זיער צוקונפט געצייכנט די ליניעס פון דער קאָנסטיטוציע פאַרמולן פונעם אַמעריקאַנער פראָ־

גרעס מיט וואָס עס גרויסט זיך די אַרגענטינער ציוויליזאַציע; אורקיסאָ סימבאָליזירט דעם זשעניע וואָס האָט באַזייטיקט די שטערונגען, וועלכע די פּרעפּאָטענטע טיראַניע האָט קעגנגעשטעלט די אָרגאַניזאַציע פון דער אינערלעכער פרייהייט אונטער אַ קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים".

און צו פאַרענדיקן די דאָזיקע באַשרייבונג פון דער אַרגענטינער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט — כּוגאָן ב. אַלבערדי, — זאָל מיר דערלויבט זיין דאָס צו טאָן מיט די ווערטער, געשריבן פון אַלבערדי אַליין, ווען ער — אַ פאַרטריבענער פון זיין פאָטערלאַנד — האָט אַרומגעוואַנדערט אין דער וועלט און אויפגעקליבן ידיעות, אידעען, אידעאַלן; זיי איבערגעאַרבעט מיטן זאַפט פון זיינע הומאַנע געפילן און סאָציאַלע געדאַנקען, מיטן צוועק זיי צוצוטראָגן באַצייטנס דורך שריפטן צו דער קאָנסטרוקציע פון אַ פרייער, דעמאָקראַטישער און פּראָגרעסיווער רעפּובליק אין זיין ליב פאָטערלאַנד אַרגענטינע, וואָס ער האָט אין אויג און אין האַרצן שטענדיק און אומעטום.

אַלבערדי שרייבט, שרייבנדיק וועגן העלדן און רום:

„די פעלקער זענען די שידס־ריכטער פונעם רום: זיי באַשטימען אים און נישט דער קעניג. רום מאַכט מען נישט מיט קיין דעקרעט; אָפיציעלער רום איז לעכערלעך. דער אייגנטלעכער רום איז פאָלקס־רום. אַזוי, אַז די פעלקער האָבן אין זייערע הענט די רעגירונג פון זייער אייגענעם גורל. זיי דאַרפן נאָר אויסאיבן זייער באַרוף".

„נישט די באַרבאַרישע העלדן פון דער שווערד, נאָר די נאָבעלע העלדן פון דער וויסנשאַפט — מאַכן דאָס לעבן באַקוועמער, שענער, בעסער, ווירדיקער; נישט די וואָס צינדן אונטער, צעשטערן, מאָרדן, פאַראָרעמען, פאַרטרויערן — זענען העלדן, נאָר די, וואָס ברענגען פרייד, שפע און גליק".

---

אַלבערדיס נביאות איז מקוים געוואָרן. עס איז געקומען אַ סוף צו דער ערשטער, שוידערלעכער, טאָטאַליטאַרישער דיקטאַטור אין אַרגענטינע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן צוואַנציק יאָר און עס איז אָרגאַניזירט און קאָנסטיטוירט געוואָרן די רעפּובליק לויט דעם פּלאַן פון אַלבערדי; ער, דער מחבר פונעם בוך „באַזיס", וואָס איז גוט געברויכט געוואָרן פאַרן שאַפן די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, האָט זיך אַרומגעדרייט אין וויטן אויסלאַנד, ווען דאָס באַפרייטע אַרגענטינע האָט זיך קאָנסטיטוציאָנעל אָרגאַניזירט.

די אַרגענטינער קאָנפעדעראַציע, אָדער „קאָנפעדעראַסיאָן אַרכענטי־נאַ״, ווי דאָס לאַנד פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ האָט דעמאָלט אָפיציעל געהייסן, האָט געהאַט אַלבערדין אין אויג און האָט געזען ער זאָל איר רעפּרעזענטירן פאַר אַ ריי אייראָפּעיִשע רעגירונגען. שפּעטער, מיט אַ פערטל יאָרהונדערט, זינט דעם אָננעמען זיין קאָנסטיטוציע מצד דער קאָנסטיטוציאָנעלער פאַרזאַמ־לונג אין סאַנטאַ־פע, זעען מיר אים אין זיין געבורט־שטאָט טוקומאַן, וווּ ער ווערט אויסגעקליבן פאַר נאַציאָנאַלן דעפּוטאַט, דעמאָלט אין יאָר 1878. ער פאָרט קיין בוענאָס־איירעס צו דערפילן זיין מאַנדאַט. אָבער דער גורל פון זיינע חברים צו שטאַרבן אין אויסלאַנד — היט אויך אים אָפּ.

אַלבערדי איז אין 1884 געשטאָרבן אין פּאַריז, אין 74סטן יאָר פון זיין הערלעכן לעבן.

---

אַלבערדי האָט אַריינגעשריבן זיין לעבן אין די אומשטערבלעכע בלע־טער פון זיינע ביכער. אין זיי דערציילט ער ווי זיין טאַטע איז געווען אַן אויסלענדער, אַ וויסקאַיער, אָבער דער טוקומאַנער קאָנגרעס פון 1816, וועלכער האָט דערקלערט די אומאָפּהענגיקייט פון אַרגענטינע, האָט אים געגעבן אַ בירגער־קאַרטע, ווייל ער האָט געדינט דער אַמעריקאַנישער זאַך מיט זיין געלט, מיט זיין וויסן, מיט זיין אויפקלערן די יוגנט פון זיין צייט די פּרינציפּן און לאָזונגען פון דער רעפּובליקאַנישער רעגירונג. בעלגראַנאָ האָט געפונען אין זיין פאָטער זיין גוטן פריינט.

דאָס זאָגט אַלבערדי וועגן זיין פאָטער; וואָס זאָגט ער וועגן זיך?

— איך בין געבוירן מיט דער מאַי־רעוואָלוציע, מיט איר האָב איך זיך דערצויגן, אירע זיגן פאַרבינדן זיך מיט די זכרונות פון מיין קינד־הייט, אירע דאָגמען און פּרינציפּן — מיט די לערעס פון מיין יוגנט; אירע פּערספּעקטיוון — מיט די גאָלדענע חלומות פון מיין לעבן.

— פון מיינע איינדרוקן אין די קינדער־יאָרן געדענק איך דאָס גע־קלאַנג פון די גלעקער, וואָס האָבן אין מיטן דער נאַכט אויפגעוועקט טוקו־מאַן צוליב דעם טריאומף ביי מאַיפּו און טשאַקאַבוקאָ.

— נאָך הער איך דעם אָפּקלאַנג פון דער באַל־מוזיק, ווען דער קאָנגרעס פון 1816 האָט געפייערט זיין אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע דעם 9טן יולי.

— מיין גייסט האָט קאָנסערווירט דעם כאַראַקטער, וואָס איך האָב באַקומען פון דער טוקומאַנער געזעלשאַפט אין דעם באַגינען פון דער רע־

וואָלוציע און פון דער אומאָפּהענגיקייט מיט וואָס איך בין אויף דער וועלט געקומען.

— כ׳בין איינגעוויליק אַוועק פון פאָטערלאַנד איבער דעם ניט קענען פאַרטראָגן די טיראַניי און איך בין אַוועק פון מיין לאַנד אָן אַ אוניווער־זיטעט־טיטל, ווייל איך האָב ניט געשווירן טרייהייט צו ראָסאַסן.

— איך האָב אָנטייל גענומען אין לאַוואַזשעס קומען קיין מאָנטעווידעאָ. איך האָב רעדאַקטירט די קריגס־דעקלערונג פונעם „אָריענטאַלן שטאַט" (ווי עס האָט געהייסן אורוגוויי), קעגן דעם טיראַן פון בוענאָס איירעס.

— איך האָב מיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן צו לערנען די לערע פון פריי־הייט און צו דער אָרגאַניזאַציע פון דער פרייער רעגירונג פון מיין לאַנד; איך האָב געשריבן איר פרייהייט־קאָנסטיטוציע.



כוסטאָ כאָסע דע אורקיסאַ אין יאָר 1851

# כוסטאַ כאַסע דע אורקיסאַ

די שווערד פון אַ ווירקליכן מיליטער איז
דער אינסטרומענט פון אַ אידעע און די
שטיצע פון אַ פּרינציפּ. —

אורקיסאַ

כוסטאַ כאַסע דע אורקיסאַ, וועלכער איז געווען גובערנאַטאָר פון דער אַרגענטינער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, ווו ער איז געבוירן געוואָרן און ער איז געווען דער גענעראַל פון דער מזרח־צפון אַרמיי אין דער צייט פון מאַנועל ראָסאָס דיקטאַטאָרישער, טאָטאַליטאַרישער און טעראָריסטישער רעגירונג, וועלכע האָט מיט גוואַלד אָנגעהאַלטן צוואַנציק יאָר — איז פאַר־שטענדלעך נישט געווען קיין „אוניטאַריער", וואָס זענען געווען די פּאַרטיי פון דער בורזשואַזיע, לויט דער קאָנצעפּציע פון היסטאָריקער וויסענטע פ. לאָפּעס; אורקיסאַ איז אויך נישט געווען קיין מיליטאַנט „פעדעראַליסט", די פּאַרטיי פון די פעלדמענטשן, ערד־באַזיצער און „קאַודיזשאָס" (רעדל־פירער), מיט שווערדן און שליפעס, וואָס האָבן ראָסאָסן געבערענגט צו דער מאַכט. אָבער אורקיזאַ האָט זיך געפינען אין דער סביבה פון פעדעראַליזם, ווי דאָס זענען געווען די פּראָווינצן, בראש מיט דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס און ער האָט אויך מיטן פעדעראַליזם סימפּאַטיזירט, מחמת די אידעע פון אַ פעדעראַטיווער רעפּובליק איז געווען פרייער און דעמאָקראַ־טישער איידער אַ צענטראַליסטישער רעזשים פון די אוניטאַריער.

אורקיסאַ איז אָבער נישט געווען קנעכטיש צום דיקטאַטאָר ראָסאָס, נישט געקוקט וואָס ער האָט זיך באַוואָרנט מיט דער „סומע פון אַלע עפּנט־לעכע מאַכטן" און איז געווען דער הויפּט־שעף פון אַלע באַוואָפנטע קרעפטן פון לאַנד און ער האָט געפירט זיינע מיליטערישע אַקציעס מער אין גייסט

פון פעדעראַליזם, איידער פון דיקטאַטור, דאָס איז נישט געפעלן געווען דעם דיקטאַטאָר, וועלכער האָט זיך שוין געהאַט באַפרייט פון דער „פעדעראַליסטישער" דעמאָקראַטישקייט און האָט שוין אויך בלוטיק פאַרפאָלגט די פעדעראַליסטן, מחמת פעדעראַליסטן און נישט נאָר די „ווילדע און קעלהאַפטע אוניטאַריער", וועלכער ער האָט געזען פיזיש אויסצוראָטן.

אורקיסאַ איז געוואָרן געשטויסן פון דער דיקטאַטור צו אַ קאַמף מיטן גאַנצן מיליטערישן פאַרנעם קעגן דער דיקטאַטור, אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך שוין געהאַט פאַרדינט טויטשטראָף, נאָכדעם ווי די „סאַלאַ דע לאָס רעפּרעסענטאַנטעס" פון ראָסאַסן האָט אורקיסאָן דורך אַ געזעץ דערקלערט פאַר אַ „משוגענעם און פאַר אַ פאַרעטער"...

אורקיסאַ איז אין זיין הינטערבאַוווּסטזיין געווען אַ מאַי־אַסאָציאַנער, וואָס האָט די אידעען פון עטשעווערי און פון גוטיערעז, פון סאַרמיענטאָ און פון אַלבערדי געטראָפן אפשר מער אין זיין געפיל ווי אין געדאַנק און ביי אים האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין דעם פעדעראַציאָניזם, ווי אַ דעמאָקראַטישע באַוועגונג פון די אַרבעטער און די פאָלקסמאַסן פון אינערן פון לאַנד. נישט אַזוי ראַסיסטיש קעגן ביז פיזישן אויסראָטן די אוניטאַריער, ווי אורקיסיש אַנטקעגן דעם אוניטאַריזם ווי אַ צענטריסטישע מאַכט פון דער בורזשואַזיע פון דער פאַרטשטאָט, וואָס אַן רו, אַן פרידן און אין פאַרביטערטן קאַמף האָט זיך נאָר געקאָנט זען איר הערשזיכטיקע דיקטאַטור און איר טעראָר.

און ווען דער דאָזיקער אוניטאַריזם, ווי אורקיסאַ האָט אים געזען, איז מער נישט געווען, נישט ביי דער מאַכט און נישט אין קיין אָפּאָזיציאָנעלער באַוועגונג, האָט זיך דער ראָסיסטישער טעראָר־רעזשים אויך שוין באַוויזן קעגן די הויפּט־פיגורן, ווי פאַקונדאָ קיראָגאַ, אויף וועמענס כוחות מאַנועל ראָסאַס האָט זיך אַרויפגעקראָגן צו דער אַבסאָלוטיסטישער מלוכה־מאַכט. און אין אויסלאַנד ווו אַזאַ באַפרייערישע באַוועגונג איז יאָ געווען, איז זי געווען אַ מאַי־אַסאָציאַציאָנערע, אָדער מאַי־רעוואָלוציאָנערע, בעת דאָס ערגסטע פון די אוניטאַריער האָט איבערגענומען די פּערזענלעכע רעגירונג פון ראָסאַס, וואָס האָט דאָס ערגסטע מולטיפּליקירט ביז טאָטאַליטאַריזם פון יענער צייט, שענדנדיק דאָס אידעאַלע פון דער פעדעראַציע, אָדער דעם פעדעראַליזם, ווען די אורקיסאָס זענען טריי געבליבן, איז עס געווען נאַטירלעך, אַז דער גענעראַל אורקיסאַ, גובערנאַטאָר און גענעראַל־קאַפּיטאַן פון די באַוואָפנטע קרעפטן פון ענטרע ריאָס און דער מיליטערישער זיגער

פון קאָריענטעס און פון דער באַנדאַ אָריענטאַל (ווי עס האָט געהייסן אור־רוגווייַ) זאָל פאַרנעמען אַ באַפרייונגס־קאַמף קעגן דער רעגירונג פון זיין הויפּט־קאָמאַנדיר, קעגן דעם אַנטי־פעדעראַליסטישן רעזשים פון ראָסאַס.

---

דער אונטערשייד אין קאַמף פאַר באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד צווישן אורקיסאַ און עטשעווערריאַ, סאַרמיענטאַ, אַלבערדי, וואַרעלאַ, וויסענטע לאָפּעז (מחבר פונעם אַרגענטינער הימן) און נאָך פּאָליטישע עמיגראַנטן און דעפּאָרטירטע — איז דער, וואָס זיי, געניאַלע מענטשן, סאָציאַלע דענקער, דיכטער, האָבן געפירט דעם באַפרייונגס־קאַמף מיט דער פעדער, די פּען, און אורקיסאַ, אָדער די אורקיסאַס האָבן געפירט דעם קאַמף מיט דער שווערד. עס איז אייגנטלעך נישט געווען קיין אונטערשיד נאָר אַ קאָאָפּעראַציע; אַ נישט־אָפּגערעדטע, אַ נישט־פאַרשטענדיקטע, אָבער דאָך אַ קאָאָפּעראַציע אין קאַמף פאַר דער זעלביקער זאַך: פאַר באַפרייען דאָס לאַנד פון דער טאָטאַליטאַרישער קאָנטררעוואָלוציע; פאַרניכטן די שטערונג צו קאָנסטיטוירן די פרייהייטלעכע און דעמאָקראַטישע רעפּובליק.

רעוואָלוציאָנערן אין לאַנד מיט יאָרן פריִער פאַרן ענדגילטיקן זיג פון אורקיסאַ אין קאַסעראָס זענען געקעפּט געוואָרן פון ראָסאַסן.

דער אַראָפּגעהאַקטער קאָפּ פון מאַרקאָס מ. דע אַוועזשאַנעדאַ, אויפגעשטאָכן אויף אַ שפּיז און אַרויסגעשטעלט פאַר דער עפנטלעכקייט אויף דער פּלאַסאַ אינדעפּענדענסיאַ פון טוקומאַן, אַזוי ווי דער אַראָפּגעהאַקטער קאָפּ פון קאַסטעלי וואָס איז אויפן זעלביקן אופן אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויף דער פּלאַסע פון דאָלאָרעס, האָבן ראָסיסטיש באַוויזן דעם גורל פון דער אַקטיווער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון צפון און פון דרום אין די ערשטע יאָרן פון דער ראָסיסטישער דיקטאַטור, זיי האָבן אויך באַוויזן די עקזיסטענץ פון אַ באַפרייערישער באַוועגונג, טראָץ דעם טעראָר — אַ געדאַנקלעכע אָדער אידעיִשע באַוועגונג, וואָס מען קוילעט נישט; אַ באַוועגונג וואָס קרעפּטיקט זיך, שפּרייט זיך אויס און ווירקט דורך אירע מאַרטירער, אירע קאַסטעליס און אַוועזשאַנעדאַס.

און אויב אין די ערשטע טעג פון פעברואַר 1852, ווען אורקיסאַ איז אַרויס בראש פון אַן אַליאירטער אַרמיי (אַליאירט פון אַרגענטינער, אורוגווייער און בראַזיליענער) צו באַפרייען דאָס לאַנד פון דער דיקטאַטור און באַלד, ביי מאָנטע קאַסעראָס, פולשטענדיק באַזיגט די ראָסיסטישע מאַכט,

האָבן אין דעם זיג אַ סך מיטגעווירקט די אַראָפּגעהאַקטע קעפּ פון די אָווע־זשאַנעדאַס אין די קאַסטעליס, די אַרויסגעשטעלטע אויף די עפּנטלעכע פּלאַסעס פון טוקומאַן און פון דאָלאָרעס; עס האָבן אין דער באַפרייונג גייס־טיק מיטגעווירקט די פיזיש־דערשטיקטע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען פון צפון און פון דרום, אַזוי ווי עס האָט מיטגעווירקט די אידעאַליסטישע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג פון די מאַי־אַסאָציאַנערן, דורך דעם ראָ־סיסטישן רעזשים צעוואָרפן און צעשפּרייט איבערן לאַנד און אין די אַרו־מיקע שכנישע לענדער; אַ געדאַנקלעכע באַוועגונג אויסגעדריקט אין וואָרט און אין שריפט, אין פאָרשונג און אין פּרעדיקט; אין גייסט און אין פאָרעם פון עטעשעוועריאַס „סאָציאַליסטישע דאָגמע"; סאַרמיענטאָס „פאַקונדאָ"; אַלבערדיס „באַזעס" — סאָציאַלע יסודות, פּרינציפּן און אידעען מיט וואָס עס איז אויסגעבויט געוואָרן די רעפּובליק.

און ראָסאָס, וואָס האָט פאַרשוואַרצט, פאַרבלאָטיקט און פאַרבלוטיקט פינף און צוואַנציק יאָר פון די צוויי און פערציק, זינט דער מאַי־רעוואָלו־ציאָנערער באַפרייונג; טאָטאַליטאַריש געהערשט אין מוראדיקער סתירה צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישקייט פון זיין אייגענער פעדעראַציע אין איר אָנהייב, וואָס ער „מיט דער סומע פון אַלע מאַכטן" האָט פאַרגוואַלטיקט און אומגעברענגט און עס האָט אויסגעזען, אַז צו זיין אַליינהערשאַפט וועט קיינ־מאָל נישט קומען קיין סוף, — איז באַלד, ביים ענדגילטיקן זיג פון דער מאַי־רעוואָלוציאָנערער זאַך אין מאַנטע קאַסעראָס אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד.

און אורקיסאַ, וואָס האָט זיך דעם 1טן מאַי 1851 דערקלערט פריי און אומאָפּהענגיק פון ראָסאָס און וועלכער איז דערפאַר פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, נאָך דעם, ווי ראָסאָס „רעפּרעזענטאַנטן־סאַלע" האָט אורקיסאָן דער־קלערט פאַר אַ „פאַררעטער און משוגענעם", האָט, נישט אין גייסט פון אַ מיליטערישן טריומף, וואָס ער האָט דורכגעפירט, נאָך אין פרייהייטלעך־דעמאָקראַטישן גייסט פון דער מאַי־רעוואָלוציע און פון דער מאַי־אַסאָ־ציאַציִע, באַלד צוגעטרעטן צו דער אָרגאַניזירונג פון דער רעפּובליק אויף אַ פעדעראַטיווער באַזע.

דער מיטגליד פון דער מאַי־אַסאָציאַציע, כואַן ב. אַלבערדי, אויף פּאָ־ליטישער עמיגראַציע אין דער צייט פון מאַנועל ראָסאָס רעגירונג, שרייבט פון וואַלפּאַראַיסאָ, טשילע, דעם 30סטן מאַי 1852 צו דאָן כוסטאָ כאָסע דע אורקיסאַ, וואָס האָט נאָר וואָס געהאַט באַזיגט ראָסאָסן:

צו אייער עקסעלענץ הער גענעראַל דאָן כוסטאָ כאָסע דע אורקיסאָ

וואַלפּאַראַיסאָ, מאַי 30 פון 1852.

הער גענעראַל:

די אַרגענטינער פון אומעטום, אַפילו די באַשיידנסטע און אומבאַקאַנטע, זענען שולדיק אייער עקסעלענץ דעם טיפסטן אויסדרוק פון אונדזער אייביקער דאַנקבאַרקייט פאַר אייער העלדישקייט, אָן אַ ביישפּיל, מיט וואָס איר האָט געוואוסט צוריקצושטעלן די פרייהייט פונעם פאָטערלאַנד, וואָס איז אָפּגעשאַפט געווען אין משך פון אַזוי פיל יאָרן. אין קורצע חדשים האָט אייער עקסעלענץ רעאַליזירט דאָס, וואָס אין אַ סך יאָרן האָבן אונטערגענומען, אָבער אָן רעזולטאַט, די ערשטע מאַכטן פון אייראָפּע און אַ מעכטיקע פּאַרטיי אין דער אַרגענטינער רעפּובליק. דער וואָס האָט אַזאַ וווּנדער באַוויזן — פאַרוואָס זאָל ער נישט פעיִק זיין אונדז צו געבן נאָך אַ רעזולטאַט? אויך אַזאַ אויסערגעוויינלעכער, נאָך וואָס אונדזער לאַנד שטרעבט שוין פערציק יאָר? — די גרויסע גלאָריע וואָס האָט ביז אַהער צו קיינעם נישט געהערט און וואָס באַשטייט פון געבן אַ דויערהאַפטע קאָנסטיטוציע דער רעפּובליק; מיט דעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך זיך אָפּגעגעבן אין פאַרלויף פון אַ סך נעכט פאַר דער רעדאַקציע פונעם בוך „באַזעס״, וועגן דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון אונדזער לאַנד; אַ בוך וואָס איך האָב דעם כבוד איבערצוגעבן צום באַטראַכטן פון אייער עקסעלענץ; אין אים איז גאָרנישט מיינס, אויסער די אַרבעט שוואַך אויסצודריקן דאָס, וואָס געהער דעם אַלגעמיינעם גוטן געדאַנק פון דער איצטיקער צייט און צו דער דערפאַרונג פון אונדזער פאָטערלאַנד. איך ווינטש צו זען די גלאָריע פון אייער עקסעלענץ, פאַרבונדן מיטן ווערק פון דער לאַנד־קאָנסטיטוציע; חוץ דעם — אַזביידע זאָלן זיך קעגנזייטיק שטיצן, איז נויטיק, אַז די קאָנסטיטוציע זאָל שטיין אויף מעכטיקע באַזעס. ס'האַלטן זיך ביז אונדזערע טעג נאָך יענע גרויסע געביידעס פון אַמאָליקע צייטן, וואָס זענען צעמענטירט אויף גראַניט; און די געשיכטע, די פּרעצעדענטן פונעם לאַנד, די נאָרמאַלע פאַקטן — זענען די גראַניט־פעלדזן אויף וואָס עס רוען אָפּ די דויערהאַפטע קאָנסטיטוציעס. מיין גאַנצער בוך איז רעדוצירט דאָס צו באַווייזן מיט דער אַפּליקאַציע אין דער אַרגענטינער רעפּובליק. איך דערוואַרט צו געפינען אין דער גנעדיקייט פון אייער עקסעלענץ דאָס אויפנעמען פון דעם, וואָס

פאַרדינט זיך דאָס דורך גוטע כוונות און אַז מיט גלייכער גוטסקייט פון אייער עקסעלענץ וועט איר אָננעמען די זיכערקייט פון מיין דאַנקבאַר־קייט, אַלס אַן אַרגענטינער בירגער און פון טיפן רעספעקט מיט וואָס איך האָב דעם כבוד אונטערצושרייבן זיך ווי אַ וואַכזאַמער דינער פון אייער עקסעלענץ.

כואַן ב. אַלבערדי״.

**און אורקיסאַ האָט פון זיין רעזידענץ אין פּאַלערמאָ (בוענאָס איירעס), וואָס איז געווען די רעזידענץ פון באַזיגטן ראָסאַס — דאָס פּאַקטישע רע־גירונגס־הויז פון לאַנד — אַלבערדין געענטפערט:**

„דעם הער דאָקטער דאָן כואַן ב. אַלבערדי וואַלפּאַראַיסאָ.

פּאַלערמאָ (ב. איירעס), יולי 22 פון 1852.

געשעצטער מיטפּאַטריאָט:

דער בריוו מיטן דאַטום פון 30סטן מאַי וואָס איר האָט מיר גע־שיקט, צוזאַמען מיט אַן עקזעמפּליאַר פון אייער בוך „באַזעס״ און פאַר־צייכענישן פאַר דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרגענטינער רעפּובליק, האָט באַשטעטיקט ביי מיר די מיינונג, וואָס איך האָב פריער זיך שוין געהאַט געשאַפן וועגן אייער אויסגעצייכנטער קאַפּאַציטעט און גאָר באַזונדער וועגן אייער פּאַטריאָטיזם.

עס איז מיר זייער אָנגענעם צו געפינען אין דער אַלגעמיינהייט פון די אַרגענטינער דעם ווונטש און די דעציזיע בייצוטראָגן, אַז אין אונ־דזער ליב פּאַטערלאַנד זאָל זיך ענדלעך קאָנסטיטויִרן אַ סיסטעם פון ווערדיקע געזעצן אין איינקלאַנג מיטן פּאַטערלאַנדס אַנטשעדענטן און גלאָריע און מיט פעיִקייט צו פירן דאָס לאַנד צום גראַד פון פּראָספּע־ריטעט, וואָס געהערט אים.

גוט קענענדיק די דאָזיקע געפילן פון די אַרגענטינער, האָבנדיק זיי אין חשבון און זייערע דעצידירטע אָנשטרענגונגען, האָב איך זיך גע־שטעלט אין פראָנט פונעם גרויסן ווערק צו קאָנסטיטויִרן די רעפּובליק. איך גלויב, אַז דאָס דאָזיקע וועט אויסגעפירט ווערן.

אייער גוט באַדענקט בוך איז, לויט מיין מיינונג, אַ זייער וויכטי־קער בייטראָג פון קאָאָפּעראַציע. אין קיין מער פּאַסנדיקערער צייט האָט ער נישט געקענט געשריבן און פּובליקירט ווערן.

פון מיין זייט, נעם איך אים אָן ווי אַ דערהויבענע פייערונג פון פאָטערלאַנד און פון אַ גוטן אַרגענטינער.

די גלאָריע צו קאָנסטיטוירן די רעפובליק דאַרף זיין פון אַלע און פאַר אַלע. איך וועל שטענדיק זיין צופרידן פון דעם גוט האָבן פאַר־שטאַנען דעם געדאַנק פון מיינע מיטבירגער און פון האָבן בייגעטראָגן צו זיין רעאַליזאַציע.

פאַר אייער ליכטיקן קריטעריום וועט זיך נישט באַהאַלטן דאָס, וואָס די דאָזיקע אונטערנעמונג מוז זיך אָנטרעפן אויף גרויסע שטערונ־גען, אגב האָבן זיך שוין אייניקע טאַקע פּרעזענטירט; אָבער דער אינ־טערעס פונעם פאָטערלאַנד שטעלט זיך איבער אַלץ. נאָך דעם האָבן באַזיגט אַזאַ מעכטיקע טיראַניי, שיינט מיר אַלץ איבעריקע פאַר קליי־ניקייטן.

זאָל די אַרגענטינער רעפובליק זיין גרויס און גליקלעך און מיינע פייערדיקסטע באַגערן וועלן זיין באַפרידיקט!

איך וועט שטענדיק געפינען אין מיר אַן אָפּשאַצער פון אייער טאַ־לאַנט און פון אייער פּאַטריאָטיזם און אין דעם זין — מיינע אויפריכ־טיקע געפילן פון אַ פאַרליבטן קאָנפּאַטריאָט און פריינט

כוסטאַ כאָסע דע אורקיסאַ״.

**די ציטירטע בריוו זאָגן שוין עפּעס וועגן דעם אָפּשטאַם פון דער אַר־גענטינער קאָנסטיטוציע און פון איר אייביקייט.**

**כואַן ב. אַלבערדי, וואָס דערמאָנט אין דער אַרגענטינער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג פון דער מאַי־אַסאָציאַציע אין די דרייסיקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, האָט אין משך פון יאָרן וואַנדערונג, אויף פּאָליטישער עמיגראַציע געהאַט גוט אין זינען די קאָנסטיטוציע, וואָס דאַרף געשאַפן ווערן אין זיין פאָטערלאַנד, פון וואַנען ער איז פאַרטריבן און ער האָט שטודירט די קאָנסטיטוציעס פון דער פרייער אייראָפּע און פון אַלע לענדער פון דער באַפרייטער אַמעריקע אויפן גרונט פון די רעוואָלוציעס, פון וואַנען די קאָנסטיטוציעס האָבן זיך גענומען און אויף אַזאַ אופן האָט אַלבערדי געשאַפן די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, איר פּראָיעקטירט, איר באַגרינדעט, איר אויפגעקלערט און דאָס אַלץ איינגעפאַסט אין די ראַמען פון זיין בוך וואָס ער רופט אָן „באַזעס״.**

---

„אַלע אַרגענטינער, וואָס זענען איבער פּאָליטישע סיבות אַרויסגע־טריבן געוואָרן פון לאַנד, אָדער זענען אַנטלאָפן, מעגן זיך דרייסט אומקערן אין זייערע היימען און געניסן און אויסזבן זייערע בירגערלעכע רעכטן" — דערקלערט אורקיסאַ דורך אַ דעקרעט, בעת ער גייט אַרויס פון בוענאָס־איירעס, פון פּאַלערמאָ, ווו ער האָט אָפיציעל פאַרנומען די רעזידענץ פון ראָסאַסן — דער רעגירונגס־שעף — גייענדיק קיין סאַנטאַ־פע צו דער אָר־גאַניזירונג פונעם אַלגעמיינעם קאָנסטיטוציִרונגס־קאָנגרעס פון לאַנד.

עס איז דער אַלגעמיינער קאָנסטיטוציִרונגס־קאָנגרעס, גערופן, לויט אַ באַשלוס פון אַ גובערנאַטאָרן־פאַרזאַמלונג פּרעזידירט פון אורקיסאַ, אויפן 20סטן נאָוועמבער פון זעלביקן יאָר 1852, ווען די דיקטאַטור־רעגירונג פון מאַנועל ראָסאַס, וואָס האָט געדויערט אַ פערטל יאָרהונדערט איז באַזיגט געוואָרן; עס איז אין דעם יאָר פון מאָנטע קאַסעראָס. עס אָריענטירט די פרייהייט און די דעמאָקראַטיע.

פאַר דער קאָנסטיטוציִרנדיקע פאַרזאַמלונג. אין דעם קאַבילדאָ פון סאַנטאַ־פע איז פאַרגעלייענט געוואָרן פון אורקיסאַס מיניסטער לויִס כאָסע דע לאַ פּעניאַ אורקיסאָס דערעפענונגס־רעדע, וואָס זאָגט:

דער שכל און די פּראַקטיק פון די עפנטלעכע זאַכן האָבן מיר באַ־וויזן, אַז די שווערד פון אַ ווירדיקן מיליטאַר מוז נאָר זיין דער אינס־טרומענט פון אַ אידעע און די שטיצע פון אַ פּאָליטישן פּרינציפּ.

די דעקלאַראַציע פון 1טן מאַי, וואָס איך האָב געמאַכט אויף די ברעגן פונעם אורוגווײַ, איז אויסגעפאָלגט געוואָרן דעם 3טן פעברואַר ביי די ברעגן פונעם פּלאַטאַ.

„קאָנסטיטוציע פאַר דער רעפּובליק" איז געווען אויפגעשריבן אויף מיינע פענער און מיטן באַזיגן דעם גענעראַל דאָן כואַן מאַנועל דע ראָסאַס, איז באַזיגט געוואָרן די הויפּט־שטערונג צו רעאַליזירן די דאָ־זיקע לאָזונג — אַ דערשטיקטע, אָבער אַ לעבהאַפטיקע אין אונדזער גאַנצן לאַנד, פונעם ליטאָראַל ביז די קאָרדיליערן.

נאָך שטערונגען זענען געבליבן בייצוקומען. מאָראַלישע שטערונ־גען, קאָנסעקווענצן פון איזאָלאַציע, פון דער באַוואָפנטער דיוויזיע, פון מיינונגען, פון איגנאָראַנץ צו די אמתע אינטערעסן, פון לאָקאַלע אינס־טינקטן און פון אַ טיראַנישער און קאָרומפּירטער אַדמיניסטראַציע, וואָס דער קוואַל פון דעם אַלעם האָט געפּלייצט מיט גיפט אונטער דער האַנט פון ראָסאַס.

אַנטאַגאָניסטיש צו זײַן פּאָליטיק, האָב איך גענומען אַ קעגנזעצלעכע ריכ־טונג, כדי צו געבן איינהייטלעכקייט די געדאַנקען און די אינטערעסן.

די אומטאָלעראַנץ, די פאַרפאָלגונג, די אויסראָטונג — זענען געווען די באַזע פון זײַן פּאָליטיק; און איך האָב אָנגענומען אַ פּאָליטיק: פאַרגעסן דאָס פאַרגאַנגענע און דער צוזאַמענגוס פון די פּאַרטייען.

אַ פּרינציפּיעלער פעדעראַליסט, האָב איך געוואָלט אַנדערש זען ווי די ערשטע ראַט־מיטגלידער פון דער בוענאָס־אײַרעסער פּראָוויזאָ־רישער רעגירונג, כאָטש זיי זענען געקומען פון די רייען, וועלכע איך האָב געהאַט באַקעמפט.

פאַרוואָס? ווײַל אין מײַנעם אַ דעקרעט אַלס גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס האָב איך געהאַט געזאָגט, אַז „דער אוניטאַרישער סיסטעם קען באַטראַכט ווערן פאַר נישט צוגעפּאַסט צום לאַנד, אָבער נישט ווי אַ קרימינעלע זאַך, און אַז די יורשים פון דער גלאָריע פון דער זעלביקער רעוואָלוציע האָבן באַדאַרפט צודעקן מיט אַ דיקן צודעק די פאַרגאַנגענע טעותים". אַזוי האָט זיך רעאַליזירט דער אָנהייב פון צוזאַמענגיסן זיך און פון האַרמאָניזירן די געדאַכטע קעגנערשאַפטן וועגן דער מלוכה־אָרגאַניזאַציע.

ווײַל איך האָב געוואָלט און וויל, אַז מיר זאָלן פאַרמירן איין פאַ־מיליע, כדי אַלע ווי איינער זאָלן מיר דערהויבן דאָס פאָטערלאַנד צו דער הויך, גרויס און פּראָספּעריטעט צו וואָס עס איז באַרופן.

מען האָט מיך נישט פאַרשטאַנען. עס איז אַזוי איבערגעשראָקן און אָנגעשפּיצט געווען דער פּאַרטיי־גייסט, אַז עס האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן דער פעדעראַלער לאָזונג פון מײַנע וואָפן מיט דער בלוטיקער לאָזונג פונעם טיראַן.

איך האָב נישט באַשטראָפט ווי אַ דעספּאָט און מ׳האָט געגלויבט, אַז איך טאָלעריר דעם פאַרברעכן.

איך האָב זיך אויסשליסלעך אָפּגעגעבן צו שאַפן און העלפן שאַפן די רעפּובליק.

מײַן אויפריכטיקייט אין שייכות דעם פאָלק פון בוענאָס־אײַרעס איז באַוויזן מיט מײַן אויפפירן זיך. בײַם איבערנעמען די מאַכט דעם 28סטן יולי האָב איך באַזייטיקט פון דער אויטאָריטעט יענע אַלע פּריי־ווילעגיעס וועמענס מיסברויך עס האָט פאַראורזאַכט אַזוי פיל אומגליק. איך האָב דיקטירט אַ געזעץ פון פאַרגעסן לטובת אַלע אָפּוועזנדיקע

פונעם פאָטערלאַנד; כ׳האָב אָפּגעשאַפט קאָנפיסקאַציע און כ׳האָב אָפּגע־שאַפט טויטשטראָף פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס״.

**אורקיסאַ באַריכטעט װײַטער פון זײַן רעגירן אין דער פּראָװינץ און שטעלט זיך אָפּ מיט באַדויערן אויף דער סיטואַציע פון בוענאָס־אײַרעס, װאָס איז צום טיפסטן אַנגעגריפן געװאָרן פון ראָסאָס טאָטאַליטאַריזם און זײַן מענטשן פאַרעקט ער, זאָגנדיק:**

„איך רעד צו אײַך װי אַ בירגער און װי אַ מענטש, װאָס האָט דאָס רעכט צו דענקען פון די ערנסטע זאַכן פון זײַן פאָטערלאַנד; און נישט אַלס קריגער, נישט אַלס פונקציאָנאַר, נישט אַלס פּאָליטיקער װעל איך טאָן מער װי די געזעצן װעלן מיר דערלויבן.

איך פּראָטעסטיר נישט, אַז מײַנע מײנונגען צי מײַנע פּריװאַטע אַקטן זאָלן אײַך דינען פאַר אַ באַזע צו בויען אויף זיי דאָס װערק פון אײַער געװיסן און פון אײַער האַרץ. איך װעל זײַן דער ערשטער אויסצו־פאָלגן אײַערע סאָװערענע באַשטימונגען. מײַן פּערזענלעכער קרעדיט איז פאַרבונדן מיט דער פרײַהייט און מיט דער צוטרעפלעכקייט פון אײַערע דעליבעראַציעס. דאָס גליק פון דער רעפּובליק געפינט זיך אין אײַערע הענט״.

**װי קלאָר עס הערט זיך דער דעמאָקראַטישער טאָן אין דער נאָטע פון גענעראַל אורקיסאַ, דער העלד פון מאָנטע קאַסעראָס, דער באַזיגער פון מאַנועל ראָסאָס, װעמעס אָרט אורקיסאַ האָט פאַקטיש פאַרנומען, אָבער — מיט אָפּזאָגן זיך פון דער „סומע פון אַלע מאַכטן״ און מיט קורצן, צײַטװײַ־ליקן, לאָזן זיך דאָס נײַטיקסטע אויף אַ דעמאָקראַטישן און פרײַהייטלעכן אופן צו אָרגאַניזירן דאָס לאַנד.**

**נאָך זעקס חדשים סעסיע האָט דער „אַלגעמײנער קאָנסטיטוירנדיקער קאָנגרעס״, פאַרזאַמלט אין דעם קאַבילדאָ פון סאַנטאַ־פע, דעם 1טן מאַי 1853, אָנגענומען די קאָנסטיטוציע פון דער „אַרגענטינער פעדעראַציע״.**

**די דעפּוטאַטן, מיט מאַנדאַטן פון זײערע װײלער פון די פּראָװינצן, אין װאָס עס איז שוין פּאָליטיש אײַנגעטײלט געװען דאָס לאַנד, האָבן אויסגע־פירט זײער אויפגאַבע רעאַל, װי מענטשן־עקספּאָנענטן פון דער סאָציאַלער, פּאָליטישער, טעריטאָריאַלער, װירטשאַפטלעכער און דעמאָגראַפישער װירק־לעכקייט פון 1853 אין אַרגענטינע, אָבער אין דעם דאָזיקן רעאַלן װערק פון דער אָנגענומענער קאָנסטיטוציע זענען אַרײַן סאָציאַליסטישע אידעען פון אײראָפּע, פון דער צײַט פון דער פראַנצויזישער רעװאָלוציע און זײערע**

פרינציפּן פון מענטשן־רעכט אין פּראַקטישן מלוכה־פּראָגראַם; עס איז אַריין אין איר דער גייסט פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס איז דער אויסדרוק פון באַפרייונג, פון פרייהייט און די סאָציאַליסטישע מיסיע פון ניינצנטן יאָרהונדערט אויפן דרום פונעם מערב־העמיספער און לטובת אַר־געגטינע, וואָס איז ווי אַ נאַציע, ווי אַן אומאָפּהענגיק לאַנד, געבוירן געוואָרן פון דער מאַי־רעוואָלוציע; עס איז אַריין אין דער קאָנסטיטוציע דער סאָ־ציאַליזם פון דער אַרגענטינער מאַי־אַסאָציאַציע, דורך איר לערער און גייסטיקן פירער עסטעבאַן עטשעווערריאַ און פון זיינע געניאַלע נאָכפאָלגער, דאָמינגאָ פ. סאַרמיענטאָ און באַזונדערס אין שייכות צו דער אָנגענומענער קאָנסטיטוציע — אַלבערדי.

עס לעבט דער מאַי־גייסט אין דער אָנגענומענער און איינגעפירטער קאָנסטיטוציע אין 1853. עס לעבן אין איר די געדאַנקען, די סאָציאַלע פּרינציפּן, אידעאַלן און דאָס מלוכה־פּראָגראַם פון דער מאַי־אַסאָציאַציע; עס לאָזן זיך הערן די „סימבאָלישע ווערטער״ פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט און די סאָציאַלע, דעמאָקראַטישע און עטישע אידעען פון עסטעבאַן עטשעווערריאַ, צוזאַמענגענומען אין זיין „דאָגמאַ סאָסיאַליסטאַ״; עס פלאַטערן איבער די שורות פון דער אָנגענומענער קאָנסטיטוציע די נשמות פון די רעוואָלוציאָנערע מאַרטירער און עס שיינט אַרויס דער מוט און די גלאָריע פון די קעמפער פאַר אַ פרייער, שיינער און גערעכטער געזעלשאַפט, וואָס איז סאָציאַליזם, אַלציינס ווי אַזוי מען זאָל דאָס אָנרופן.

די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, איז דעריבער נאָך יונג אין אירע אי־בער הונדערט יאָר; איז אַקטועל אין 1958, ווען די שורות ווערן געשריבן און אַ סך נאָך נישט רעאַליזירטע סאָציאַלע שטרעבונגען געפינען זיך אין איר.

---

אורקיסאַ גייט ווייטער אויפן היסטאָרישן וועג פון דער מאַי־רעוואָלו־ציע. זעט איינצופירן אין לעבן די אָנגענומענע קאָנסטיטוציע און אָרגאַני־זירן די רעפּובליק. צוואַנציק יאָר טאָטאַליטאַרישע רעגירונג פון ראָסאַס, וואָס האָט זיך נאָר פאַרנומען מיט צעשטערונג און מאָרד, האָט פאַרגרעסערט די וויסטעניש, וועלכע איז געווען אין לאַנד ביז איר רעגירונג און כאָטש זי האָט אויפגעשריבן אויף אירע פענער: „אַ טויט די ווילדע און עקלהאַפטע אוניטאַריער״, איז די ווילדקייט אין לאַנד און ספּעציעל פון אירע מענטשן פון דער נידערטרעכטיקער הערשאַפט נישט קלענער געוואָרן און וואָס איז

שייך דעם טעראָר פון דער דיקטאַטאָרישער רעגירונג, וועלכן זי האָט אָנ־געווענדט אין משך פון צוואַנציק יאָר, האָט זי אין אים דערצויגן אַ גאַנצן דור, וואָס האָט דורך טעראָר פאַרשווערט און געשטערט די אינסטיטוציאָנעלע נאָרמאַליזאַציע פון דער רעפובליק; אַ טעראָר, וואָס מען האָט געשטעלט אונטער דעם שיינעם נאָמען פון „רעוואָלוציע", און וועלכער האָט אויך נישט אויסגעמיטן אורקיסאָן — דעם באַפרייער פון דער ערשטער דיקטאַטור אין אַרגענטינע.

כוסטאַ כואַן אורקיסאַ, וועלכער איז אין פּאָליטישן זין געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון דער פעדעראַליסטישער אידייע, איז דורך דעם אויך געוואָרן אַן אָריענטירנדיקע פיגור פון אַ פּאָליטישע באַוועגונג, וועלכע מען האָט גערופן: „פּראָווינציאַליסטישע", „פעדעראַליסטישע" אָדער גאָר „אורקיסטישע" און ווען עס זענען אין 1854 צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע דורכגעפירט געוואָרן קאָנסטיטוציאָנעלע וואַלן, איז אורקיסאַ געווילט גע־וואָרן פאַר פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. ערשטער קאָנסטיטוציאָנעלער פּרעזידענט, וועלכער איז געווען דער פּאָפּולערסטער מענטש אין לאַנד נאָך דעם באַפרייען זיך פון דער ראָסיסטישער דיקטאַטור.

אורקיסאַ האָט פּראָוויזאָריש איינגעשטעלט זיין נאַציאָנאַלע אָדער פע־דעראַלע רעגירונג אין פּאַראַנאַ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פאַר די הויפּט־שטאָט. די פּראָווינץ בוענאָס־איירעס מיט דער שטאָט בוענאָס־איירעס, ווי די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ, האָט זיך רעבעלירט קעגן דער נאַציאָנאַ־לער רעגירונג און מיט איר אַרמיי האָט זי זיך געגרייט צו מלחמה. איבער דער דאָזיקער סיטואַציע איז די פעדעראַלע רעגירונג איינגעשטעלט געוואָרן אין דער שטאָט פון דער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, אין וועלכער אורקיסאַ איז געבוירן געוואָרן, ווו ער איז געווען גובערנאַטאָר אין ראָסאָס צייטן און ווו אורקיסאַ איז ווייטער געווען גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ, נאָכדעם ווי זיין מלוכה־פּרעזידענץ האָט זיך געהאַט געענדיקט און אין דער צייט ווען סאַרמיענטאָ איז געווען קאָנסטיטוציאָנעלער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

דאָס איז געווען דעם 11טן אַפּריל 1870, ווען עס איז געמאַכט געוואָרן אַ טעראָריסטישער איבערפאַל אויף אורקיסאָן אין זיין גוט פון סאַן כאָסע און מען האָט אים דערמאָרדעט פאַר די אויגן פון זיין פאַמיליע.

אורקיסאַ איז אַזוי אַרום געווען דער ערשטער פון די אַרגענטינער היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן, וועלכער איז נישט געשטאָרבן אין אויסלאַנד. זיין טויט איז געווען נאָך טראַגישער.



כואַן ב. כוסטאָ אין יאָר 1908

# כואַן ב. כוסטאַ

מיר מאַרשירן אַן אַפּרו
אויף די וועגן פון דער געשיכטע.

כואַן ב. כוסטאַ

## I

כואַן ב. כוסטאַ איז געבוירן געוואָרן אין אַרגענטינע אין יאָר 1865. ער איז אַפילו געבוירן געוואָרן אין בוענאָס־איירעס, אָבער זיינע עלטערן האָבן געלעבט אין דאָרף. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט פעלדאַרבעט; מיטן רויען, ברייטן און וויסטן אַרגענטינער פעלד, מיט הונדערט יאָר צוריק. דאָס איז געווען וויט פון אַ ישוב, צווישן טאַפּאַלקע און לאָס פלאָרעס, וווּ די נאַטור איז נישט קיין צערטלעכע און וווּ איבערפאַלונגען פון פעלד־באַנדיטן זיינען נישט געווען קיין זעלטענע דערשיינונג.

אין אַזאַ סביבה פון פעלדישער פרייהייט און געפאַר; פון אַ שאַרפע נאַטור און שווערער פעלד־אַרבעט — האָט זיך דאָס קינד, וועמען די עלטערן האָבן אַוודאי גערופן כואַנסיטאַ, ווי געוויינלעך, דערצויגן און אויסגעלעבט זיינע קינדער־יאָרן.

און עס קאָן זיין אַז דאָס דאָזיקע לעבן אין דער קינדהייט פון כואַן ב. כוסטאַ, וועלכער איז אויסגעוואַקסן צו איינער פון אַרגענטינעס היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, האָט געהאַרטעוועט און אויסגעהאַמערט די פעסטקייט פון כוסטאַס כאַראַקטער און אים געמאַכט פאַר אַ דענקער און אַ קעמפער וועלכער קוקט די געפאַר אין פנים אַריין.

און אַ פנים אַז כוסטאַס פעלדישע קינדער־יאָרן אויף דער פעלדישער לופט, אינמיטן פון ברייטע האָריזאָנטן, אונטער אַ פרייען הימל, ביי שעפערישער און פּרוכט־טראָגנדיקער אַרבעט; אין פאַרליבט זיין אין דער נאַטור,

וואָס איז דאָך שיין און צויבערהאַפט, אַפילו אין איר ווילדזיין און וואָס וויל דעם מענטשן און וויל פון אים שטענדיק זיין באַפרוכפּערט — האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף כוסטאַס גאַנצן וווּנדערבאַרן לעבן; זיי האָבן אַריינגעלעבט אין זיין קערפּער און אין זיין גייסט; אין זיין פילן און אין זיין דענקען. אַזוי אַז כוסטאַ, אַלס יוגנטלעכער, וועלכער איז מיט זיין אייפערדיקן באַגער צו לערנען אַוועק אין שטאָט, ווו ער איז געבוירן געוואָרן און ווו ער איז אין פאַרלויף פון לעבן געווען דורכויס אַ שטאָטישער, האָט ער כואַן ב. כוסטאַ, דאָס פעלד, דעם דאָרף, די לאַנדווירטשאַפט און די פעלדישע סביבה — קיינמאָל נישט פאַרלאָזט; ער האָט געלעבט איינצייטיק אין שטאָט און אויפן פעלד, אין דאָרף און אין אַ דאָפּלטער היים — אין דער דאָרפישער היים און אין דער שטאָטישער אין דער זעלבער צייט.

אויף כואַן ב. כוסטאַס גייסטיק בליענדיקע יוגנטלעכקייט און גייסט־רייכע יוגנט מיט אַ שאַרפער עמפּינדלעכקייט און אַ לעבהאַפטיקער אינטויִ־ציע — האָט אַוודאי אויך געהאַט אַ גרויסן איינפלוס און אַ שטאַרקע אינס־פּיראַציע דער גאַנג פון די היסטאָרישע געשעענישן אין אַרגענטינע, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזוינע געשעענישן אין אַלע אַמעריקעס און אויף דער וועלט; היסטאָרישע געשעענישן, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך געווען דאָס ניינצנטע יאָרהונדערט; געשעענישן ווי די אַרגענטינער באַפרייִערישע מאַי־רעוואָלוציע, וואָס האָט קודם־כל באַפרייט דאָס לאַנד פון קאָלאָניאַליזם און עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן שקלאַפעריי, דורך דער איינפירונג פון מענטשן־רעכט; היסטאָרישע שריט פאָר און נאָך היסטאָרישע געשעענישן, אידעיִש אינספּירירטע און סטימולירטע פון דער געדאַנקלעכער, הומאַנישער און גע־זעלשאַפטלעכער פרייהייטס־באַוועגונג אין דער אַלטער וועלט, ווו עס זענען אויפגעגאַנגען די אידעען און די אידעאַלן פון באַפרייונג און באַנייונג פאַר אַ בעסער, אַ שענער, אַ גערעכטער מענטשלעך לעבן; אידעען און אידעאַלן, דערהויבן ביז אוטאָפּישן סאָציאַליזם פון דער העכסטער מענטשלעכער עטיק — יחידישע און קאָלעקטיווע, אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלעכע — וואָס האָט געוועקט דעם געוויסן און דעם באַגער צו וויסן; וואָס האָט באַמו־טיקט און באַגייסטערט, באַצויבערט און געפירט צו היסטאָרישע אַקציעס און געשעענישן ווי די פראַנצויזישע רעוואָלוציע אין סוף פון 18טן יאָר־הונדערט; ווי די אַרגענטינישע רעוואָלוציע אין אָנהייב פון 19טן יאָר־הונדערט; אַ כאַציאַליזם, וואָס די בעסערע מענטשן פון גייסט האָבן אָנגע־נומען און אינספּירירט און געפירט אין גייסט פון זיינע סאָציאַלע פּרינ־

ציפן, געדאַנקען און וויזיעס — רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, ווי די פון דער מאַי־אַסאָציאַציע אין אַרגענטינע, די באַוועגונג פונעם נייעם דור, פון דער שטודירנדיקער יוגנט אין דער צייט פון דער ערשטער, שרעקלעך דזיערנדער און טעראָריסטישער דיקטאַטור פון מאַנועל ראָסאַס, ווען עטשע־ווערִיאַ — דער גייסטרייכער פירער פון דער באַוועגונג פון נייעם דור — האָט שוין דער באַוועגונג, איר געדאַנק און איר היסטאָרישן גאַנג אָנגערופן סאָציאַליסטישע און ווען איר יעדער ריר איז געווען לעבנס־געפערלעך און הערױיש; אָט דער עטישער סאָציאַליזם אין באַשאַף און אין דער עקזיס־טענץ פון דער היסטאָרישער מאַי־אַסאָציאַציע, האָט אויך אינספּירירט און מיטגעשאַפן די קאָנסטיטוציע פון דער אַרגענטינער רעפּובליק נאָך דעם באַפרייען זיך פון דער ראָסיסטישער דיקטאַטור און די קאָנסטיטוציע, וואָס איז אויף אַ פרייהייטלעכן און דעמאָקראַטישן אופן געשאַפן געוואָרן פון דער קאָנסטיטוּירנדער פאַרזאַמלונג אין סאַנטאַ פע אין 1853 — צוועלף יאָר פאַר כואַן ב. כוסטאַס געבורט — איז נאָך אַקטועל און אין קראַפט אין 1958, ווען די שורות ווערן געשריבן. די סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין איר, וואָס זענען געקומען פון דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, גייען מיט ווירקונג אין אונדזער צייט די היינטיקע מיטן פּנים צו דער סאָציאַליסטי־שער צוקונפט.

צי האָט דער האַרץ־און־קאָפּ־מענטש, דער געפילפולער און דענקע־רישער כואַן ב. כוסטאַ זיך גאָר געקענט פאַרשליסן נישט אויפצונעמען און זיך אָנצונעמען מיט דעם עטישן סאָציאַליזם, וואָס האָט געקוואָלט פון די טיפענישן פון היסטאָרישע געשעענישן? געשעענישן, וואָס זענען אַרויסגע־קומען איינע נאָך די אַנדערע; איינע פון די אַנדערע אין דעם היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס האָט זיך געפירט געננג דראַמאַטיש אין אַ ים פון סאָציאַל־פילאָזאָפישע שטימונגען, וואָס שטייגן און שפּרייטן זיך אויס אויף שטח, אויף משך און אויף מענטש און די כוסטאַס זענען פון די אומפאַרמיידלעכע, וועלכע ווערן אַרומגענומען פון זייערע כוואַליעס.

כואַן ב. כוסטאַ, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַזאַ רעוואָלוציאָנערער צייט און אויסגעלעבט זיינע קינדער־יאָרן, זיין יוגנטלעכקייט און זיין יוגנט אין שטייגנדע שטימונגען פון עטישן סאָציאַליזם, פון וועלכע ער האָט גע־נאָסן, האָט דערהערט זיין אייגענע שטימע, וואָס האָט אים גערופן צו זיין דער פאָרזיסגייער אָדער אַ פאָרויסגייער פון אַ נייעם מאָדערנעם, וויסנ־שאַפטלעכן און פּראַקטישן סאָציאַליזם, וואָס איז אפשר אַביסל ווייניקער

ראָמאַנטיש, אָבער נישט ווייניקער היסטאָריש פונעם רייך־עטישן סאָציאַ־ליזם, מיט וועלכן מען בלייבט פאַרליבט, אידעניפיצירט און פאַרייניקט.

עס איז די איינהייט פונעם גייסטיקן סאָציאַליזם און דעם מאַטעריאַ־ליסטישן; פון דעם עטישן סאָציאַליזם און דעם וויסנשאַפטלעכן — אין דער קריסטאַליזירטער און דעפינירטער געזעלשאַפט פון סאָציאַל־דיפערענצירטע קלאַסן מיט קעגנזייטיקע אינטערעסן, אידעען און שטרעבונגען.

## II

דער ווילן צו שטודירן האָט כוסטאַ צוריקגעפירט קיין בוענאָס־איירעס און דאָ הייבן זיך אָן זיינע טריומפן אויף אַלע געביטן צו וועלכע ער נעמט זיך.

כוסטאַ זוכט נישט די לאָרבער־קרענץ. ער וואַרפט זיך נישט אין קיין אַוואַנטוריסטיש לעבן. ער גייט מיט שווערע טריט און האָט ליב צו פילן די פעסטקייט פון באָדן אונטער די פיס. אָבער מיט זיין אינטעליגענץ, מיט זיין פשוטקייט, מיט זיין כאַראַקטער־פעסטקייט, מיט זיין אַנטשידנקייט און אויסגעהאַלטנקייט איז ער געגאַנגען פון טריומף צו טריומף, אויסהאַלטנדיק אָפטמאָל די דערנער־קרענץ מיט וועלכע די רעאַקציע האָט אים באַצירט, זייענדיק אויך גרייט זיי אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך ביי יעדער מעגלעכקייט, ווייל כוסטאַ האָט נישט געהאַלטן פון קרענץ, מעגן זיי אַפילו זיין פון דערנער.

און אַזוי איז כוסטאַ אַריין אין 1882 אין מעדיצינישן פאַקולטעט, פון וועלכן ער האָט אַרויסגענומען אַלע פּרעמיעס, וואָס דער דאָזיקער פאַקול־טעט האָט פאַרמאָגט פאַר די בעסטע אויסצייכענונגען.

צי זיינע עלטערן האָבן נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט שטיצן אים בשעת זיין לערנען, צי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער שטיצע, וועלנדיק אַלץ דערגרייכן מיט אייגענע אָנשטרענגונגען — די ביאָגראַפישע ידיעות וועגן כוסטאַן דערציילן, אַז בשעת זיין לערנען האָט ער געזען זיך אַליין צו פאַרדינען אויף לעבנס־מיטלען און אַזוי האָט ער דעמאָלט שוין געאַרבעט אַלס רעפּאָרטער אין דער צייטונג „לאַ פּרענסאַ״ — וואַרשיינלעך זיין ערשטע זשורנאַליסטישע אַרבעט.

שוין האָבנדיק דעם מעדיצינישן דיפּלאָם אין טאַש, מיטן גאָלדענעם

מעדאַל פון פאַקולטעט. איז כוסטאַ אַוועק אין אייראָפּע צו פאַרטיפן און אויסברייטערן זיין מעדיצינישע וויסנשאַפט.

און די רייזע איז געווען אַ נייער טריומף וואָס איז, ווי אַלע זיינע ווייטערע טריומפן נישט געווען נאָר זיינע, יחידישע, פּערזענלעכע, נאָר קאָלעקטיווע, געזעלשאַפטלעכע. כוסטאַ האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ נייע דערגרייכונג פאַר דער מעדיצין־וויסנשאַפט פון אַרגענטינע, אַ דערגרייכונג פאַרן אַרגענטינער פאָלק, פאַר אַלע איינוווינער פון לאַנד. ער האָט אַריינגעפירט דעם מאָדערנסטן סיסטעם אין דער כירורגיע, דעם אַנטיסעפּטישן, וואָס האָט באַזייטיקט די געפאַר פון פאַרגיפטונגען. כוסטאַ האָט אויך צוגעטראָגן צו דער מעדיצינישער וויסנשאַפט וועגן קאָפּ־שאַרבן, אַן אַנטדעקונג וואָס האָט איינגעפירט אַ נייע, בעסערע מעטאָדע אין דער אָפּעראַציע פון קאָפּ־קראַנקייט. ער האָט דערפאַר באַקומען די געהעריקע פּרעמיע, אָבער ניט וויכטיק זענען פאַר כוסטאַן געווען די פּרעמיעס. וויכטיק זענען געווען די וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען לטובת דער מענטשהייט.

כוסטאַ גייט אַוועק אַרבעטן אַלס כירורג אין אַ שפּיטאָל. אין דער זעלביקער צייט ווערט ער באַשטימט אַלס פּראָפעסאָר פון כירורגיע אין מעדיצינישן פאַקולטעט, פון וואַנען ער ווערט אין 1905טן יאָר אויסגעשלאָסן איבער זיינע פאָרגעשריטענע אידעען.

און די דאָזיקע פאָרגעשריטענע אידעען, די סאָציאַליסטישע, זענען צו כוסטאַן נישט געקומען נאָר פון די ביכער, נאָר פון דער טעאָריע, נאָר אויך, און דער עיקר, פון לעבן, ביי דער אַרבעט.

## III

געשען איז דאָס אין שפּיטאָל, ווו כוסטאַ האָט געאַרבעט אַלס כירורג, צווישן די קראַנקע, די אינוואַלידן, די קרבנות פון נויט, פון אויסצערונג, פון עקספּלואַטאַציע, פון אומוויסן דאָרט, אין דעם קליינעם וועלטל האָט כוסטאַ דערזען די גרויסע נויט, די גרויסע אומרעכטן, דעם גאַנצן וועלטשמערץ און ער האָט זיך געפרעגט: וואָלט נישט געווען בעסער, הומאַניטאַרישער, איבערצוגעבן זיך צו אַזאַ אַרבעט, וואָס זאָל אויסמיידן אַזוי פיל אומגליק, אַזוי פיל נויט, אַזוי פיל ליידן און אַזוי פיל דערשלאָגנקייט? וואָלט נישט געווען בעסער צו מאַכן אַזוי, אַז יעדער מענטש זאָל קאָנען לעבן אַ

לעבן וואָס האָט די ווערט געלעבט צו זיין? און ער האָט באַשלאָסן צו שטעלן זיך אויף דער זייט פון אַרבעטער־קלאַס.

עס איז נישט געווען דער ערשטער פּאָליטישער שריט כוסטאָס. ווען אין דער צייט פון סעלמאַנס רעגירונג, אין די 1890ער, שאַפט זיך אַ בירגער־פּאַרבאַנד („אוניאָן סיוויקאַ"), אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפן יענע רעגירונג און איינפירן אַ בעסערן רעזשים, איז כוסטאָ צווישן זיינע אַקטיווסטע מיטגלידער. און אויב כוסטאָ פיגורירט נישט צווישן די אָנפירער פונעם אויפשטאַנד, איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ געזונטן פּאָליטיש־דעמאָקראַטישן קוק, וועלכער האָט ניט דערלויבט, אַז די אויבערהאַנט פון אויפשטאַנד זאָלן נעמען מיליטאַרן. ער האָט געזען אין דעם די געפאַר פון אַ דיקטאַטור, אין פאַל דער אוויפשטאַנד וועט זיגן, און דערצו נאָך פון אַ מיליטערישער דיקטאַטור. ער האָט אויפן קאַמפס־פּלאַץ נישט געפעלט, אָבער ער האָט אין לאַגער פון דער רעוואָלוציע נאָר אַקטוירט אַלס מעדיצינער צו היילן די פאַרווונדעטע רעוואָלוציאָנערן און נאָכדעם איז כוסטאָ אַוועק פון דעם בירגער־פּאַרבאַנד, פון וועמען עס איז אַרויסגעקומען די ראַדיקאַלע פּאַרטיי.

און שטעלנדיק זיך אויף דער זייט פון אַרבעטער־קלאַס, ווייל ער איז דער שטאַרקסטער קלאַס פון דער געזעלשאַפט און ווייל ער טראָגט אין זיינע באַדערפענישן דעם גייסט און די מאַטעריע פאַר סאָציאַלע ענדערונגען, פאַר אַ „לעבן" וואָס איז כדאי געלעבט צו זיין", האָט כוסטאָ זיך גענומען שאַפן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַרגענטינע מיט די גרויסע אינטעלעקטועלע כוחות, פון וועלכע ער איז געווען דער אייגנטימער, מיט זיין רעאַלן קוק אויפן לעבן, מיט זיין פעסטן כאַראַקטער, מיט זיין אָפּטימיזם, מיט זיין קעמפערישקייט, מיט זיין טיף דורכגעטראַכט, קלאָר און זאַכלעך וואָרט, אָן פליטערלעך; מיט זיין שניידנדיקער איראָניע קעגן די פאַזירונגען פונעם קעגנער; מיט זיין צעשמעטערנדיקן געלעכטער; מיט זיינע גרויסע, קיינמאָל נישט דורכגעפאַלענע איניציאַטיוועס און מיט זיין אויסדויער.

## IV

כואַן ב. כוסטאָ האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער אַרבעט צו פאַרפלאַנצן און פאַרוואָרצלען אין מאָראַלישן און פּאָליטישן באָדן פון לאַנד די סאָציאַלע גערעכטיקייט.

אַלעכּאַנדראָ קאָרן, — דער אַרגענטינער פילאָזאָפישער דענקער — שטעלט זיך אָפּ אין זיין געדאַנקענגאַנג ביי דער סאָציאַל־פּאָליטישער אַר־בעט פון כואַן ב. כוסטאַ און דענקט אויפן קול, אַז „די אָרגאַניזאַציע פון דער רעפּובליק איז געווען דאָס ווערק פון גייסטיקע פירער, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אין היסטאָרישן פּראָצעס זייער אידעאָלאָגיע און זייערע נאָר־מען, אָבער די נאָכפאָלגנדיקע דורות האָבן גענומען די ירושה און זי נישט באַרייכערט. פּערציק יאָר נאָך קאַסעראָס (ווו אורקיסאַ האָט ענדגילטיק באַ־קעמפט ראָסאַסן — דעם טיראַנישן דיקטאַטאָר), איז נאָך נישט געווען אַרויסגעקומען קיין נייע אידעע פונעם אַרגענטינער מוח. די שטרעבונג צו אַ גייסטיקער באַנייונג ווערט געבוירן אין סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונ־דערט און איז ערשט נישט געווען מיט איר קאָנקרעטער פּאָרעם, צייט־מעסיק. ביי אַזוינע באַדינגונגען נעמט זיך אונטער כוסטאָ צו פאַריינהייט־לעכן די אָנהייב־ טענדענצן פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן פאַר שאַפן אַ גע־איינִיקטע אָרגאַניזאַציע מיט נייע מעטאָדן, מיט אַ נייער טעכניק; מיט נייע צילן. ער האָט געטאָן נאָך מער: ער האָט רעאַליזירט דאָס, וואָס ער האָט געהאַט פאַרטראַכט.

אין פּראָנט פון אַ קליינטשיקער מינדערהייט האָט ער אָנגעהויבן אַ דעמאָקראַטישע דערציִונג פון פאָלק מיט אַ ווידערווילן צו די אַלטע גע־וווינהייטן פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און גייט מיט פעסטע טריט און מיט עקשנות אויף דערנערדיקע וועגן.

פאַר די מיטמענטשן האָט זיין אונטערנעמונג אויסגעזען לעכערלעך. אָבער היינט ווייסן מיר, אַז ער האָט רעאַליזירט דאָס דעצידירנדיקסטע, פּרוכבאַרסטע און דויערהאַפטסטע ווערק פון דער עפּאָכע.

עס איז אין אָנהייב פון די 1890ער. כ. ב. כוסטאָ איז סאָציאַליסטיש אַקטיוו אויף אַלע פראָנטן. קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז נאָך נישט דאָ. עס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין „לאַ וואַנגואַרדיאַ״, וואָס ווערט געשריבן און רעדאַקטירט פון כוסטאַן, וועלכער שרייבט זיך נישט אונטער. ער שרייבט נישט בלויז די „לאַ וואַנגואַרדיאַ״.

— אין אַ טאָג פון 1893, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסער אַרבע־טער־מיטינג — שרייבט אַנכעל מ. כימענעז — אפשר דער באַדייטנדיקס־טער, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן אונדז, ער איז געווען צוליב אַ פּראָיעקט פאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג פונעם ראַדיקאַלן ראַטמאַן ד״ר עדואַרדאָ פּיטאַלוגאַ; קיינער האָט נישט געוווסט, אַז דער סוגעראַטאָר,

שרייבער און רעדאַקטאָר פון דעם פּראָיעקט און פון זיין באַגרינדונג איז געווען כואַן ב. כוסטאַ.

כוסטאַ איז געגאַנגען אויף דער מאַניפעסטאַציע מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט דער פּראָלעטאַרישער מיטינג פאַר אַ לעגאַלן 8־שעהדיקן אַרבעטסטאָג. ער איז געגאַנגען אין דער לעצטער ריי פון דער לאַנגער קאָלאָנע.

צווישן די מענטשן פון גייסט איז כ. ב. כ. שוין געווען אַ פּערזענ־לעכקייט מיט אַ באַרוף פון פּאָליטישער פירערשאַפט, אָבער ער איז געווען באַשיידן, זיין באַשיידנקייט איז אויך געווען אַ דערהויבענע, אַ ווירקנדיקע.

— אַ קרעפטיקער, קלאָרער און דענקערישער מוח; אַ האַרץ פון אַ קינד, וואָס ווערט גערירט און ליידט מיט יענעמס לייד; אַ מענטש פון הוי־כער דאָקטרין און פון אינטענסיווער אַקציע, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן געווידמעט צו דערהייבן פיזיש און גייסטיק דעם לעבנס־ניוואָ פון פאָלק וואָס אַרבעט און ליידט; אַ מענטש אָן קליינלעכע אַמביציעס און אָן פּוסטע גרויסהאַלטעריי; אַ וויסנשאַפטלער אין שטודיום, אַ פּאָעט אין לעבן און אומ־דערמידלעך אין דער אַקציע — איז כואַן ב. כוסטאַ דער סינטעז און דער סימבאָל פון דער גרויסער און נייער אַרגענטינער סאָציאַלער און פּאָליטי־שער באַוועגונג, וואָס איז פון אים געגרינדעט און פּראָפּולסירט געוואָרן מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנהייט, אָן אַ פּאַרגלייך — שרייבט ענריקע דיקמאַן וועגן דעם „מייסטער״, ווי עס רופן כוסטאַן אַלע פירער פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אין אַלע אירע צייטן. דער מייס־טער פון אַרגענטינער סאָציאַליזם, נישט געקוקט וואָס כוסטאַ אַליין האָט נישט געהאַלטן פון דעם און ער האָט אַפילו ערגעץ אין זיינע שריפטן באַטאָנט, אַז „די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אַנערקענט נישט קיין שעף״.

## V

אַזוי זעען מיר, בלעטערנדיק די געשיכטע, ווי אַזוי כוסטאַ גייט צו צו דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט. ער נעמט צוזאַמען אַ גרופּע אַרבעטער, סטודענטן, אינטעלעקטואַלן, מיט וועמען ער פאַרזאַמלט זיך אין יאָר 1893, ערגעץ אין אַ קאַפע און עס ווערט באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע נישט סתם פאַר אַן אַבסטראַקטע אידעע, נאָר גלייכצייטיק מיט דעם פאַרנעמען זיך צו שטודירן און אויפקלערן דעם ווייטגייענדיקסטן

געדאַנק פון סאָציאַליזם, קאָנקרעטיזירט מען זיך באַלד פון אָנהייב אָן אויף דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט, אויף דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, אויף דער קולטור־טעטיקייט, אויף דער קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזאַציע, אויף דער קעגנזייטיקער הילפס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע ווערן געבויט איינע נאָך דער אַנדערער מיט דער פעסטער און מייסטערהאַפטער האַנט פון כוסטאָן, אָנהייבנדיק מיט דער גרינדונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועמענס פּרינציפּן־דערקלערונג, סטאַטוטן און פּאָליטישן מינימום־פּראָגראַם עס ווערט געשריבן פון כוסטאָן און וועמענס פונדאַמענטן עס זענען אַזוינע טיפע און ווייט־אויסגערעכנטע, אַז נישט געקוקט אויף דעם וואָס די מאַטעריאַלן צו די פונדאַמענטן זענען גענומען געוואָרן פון די אָרטיקע לעבנס־באַדערפענישן, אין פאַרגאַנגענע צייטן, האָבן זיי נאָך היינט נישט פאַרלוירן זייער קראַפט און וועלן זייער קראַפט קיינמאָל נישט פאַרלירן אין איצטיקן סאָציאַלן רעזשים.

אַזוינע פעסטע פונדאַמענטן זענען אויך געשאַפן געוואָרן פאַר אַלע צווייגן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי דאָס זענען די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, די קולטור־באַוועגונג און אַזוי ווייטער, געבנדיק זיי די נויטיקע אויטאָנאָמיעס פאַר אַנטוויקלונגס־פעיקייט.

אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט איז כוסטאָ געווען דער הויפּט־איניציאַטאָר, גרינדער, באַגרינדער און פירער אין משך פון אַלע יאָרן ביז דער לעצטער שעה פון זיין לעבן, ער איז געווען דער בויער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון דער אינסטיטוציע פאַר קעגנזייטיקער אַרבעטער־הילף, פון דער קאָאָפּעראַטיווע „אַרבעטער־היים״, פון דער „אַרבעטער־ביבליאָטעק״, פון פאַריין „ליכט״, פון דער פּאַרטיי־צייטונג „לאַ וואַנגואַרדיאַ״, פון די סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־קולטור צענטערן, פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט — אַלץ אויסגעוואַקסענע צו גרויסע פאַקטאָרן מיט זייערע ווירקונגען אויפן גאַנצן ברייטן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד.

אויפן געביט פון זשורנאַליסטיק, האָט כוסטאָ אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין „לאַ פּרענסאַ״, איבערגייענדיק שפּעטער אין „לאַ נאַסיאָן״, ווו ער האָט פאַרנומען דאָס אָנגעזעענסטע אָרט אַלס פּאָליטישער רעדאַקטאָר.

חוץ אין דער „לאַ וואַנגואַרדיאַ״, ווו ער האָט געשריבן אין משך פון איבער דרייסיק יאָר, איז זיין זשורנאַליסטישע אַרבעט אויך צעוואָרפן אין

אומצייליקע זשורנאַלן. און כוסטאַס יעדער אַרטיקל איז דאָך פול מיט טיפ־זיניקע געדאַנקען, קלאָרע און פול מיט זאַכלעכע און פראַקטישע אָנווייזונגען, חוץ דעם האָט כוסטאַ איבערגעלאָזט אַ גאַנצע רייע גרעסערע ווערק און וואָגיקע בראָשורן, וואָס האָבן געדינט פאַר קוואַלן פון וויסן באַלד פון ערשטן טאָג פון זייער דערשיינען און וועלן שטענדיק דינען פאַרן זעלביקן צוועק.

חוץ דער איבערזעצונג פון מאַרקס „קאַפּיטאַל", האָט כואַן ב. כוסטאַ געשריבן פאַרן מאָדערנעם, עטיש־וויסנשאַפטלעכן, טעאָרעטיש און פראַקטישן אַרגענטינער סאָציאַליזם אַזוינע ווערק ווי: „דער וויסנשאַפטלעכער מעטאָד", „פאַרייניקטע שטאַטן", „די וויסנשאַפטס־טעאָריע פון געשיכטע און די אַרגענטימער פּאָליטיק", „אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע", „סאָציאַליסטישער אַגראַר פּראָגראַם", „דער סאָציאַליזם", „טעאָריע און פּראַקטיק פון געשיכטע", „אַרגענטינער סאָציאַליזם", „לוין און פּרייזן", „פּריווילעגיע־שטייער", „רעאַליזם", „די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און דאָס אַגראַר־פּראָבלעם", „דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל", „געלט", „אינטערנאַציאָנאַליזם און פּאַטערלאַנד", און אַזוי ווייטער.

כוסטאַ האָט אויך געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דער טראַדיציאָנעלער אָראַטאָריע, וועלכע איז געווען אַ רעטאָרישע, עס איז אָפּגעהיטן געוואָרן די פאָרעם און ניט דעם אינהאַלט. כוסטאַ האָט צעוואָרפן די פאָרמען פון צוזאַמענגעקליבענע שיינע און פּוסטע פראַזן, וואָס זענען אויסגעדעקלאַמירט געוואָרן מיט אַ קינסטלעכער צוגרייטונג פון מימיק און זשעסטיקולאַציע. ער האָט אינעם רעדן געגעבן אינהאַלט, לערע, געדאַנקען, באַגרינדונגען, ידיעות, דאַטעס, ציפערן, אַנאַליזן, אָנווייזונגען, וואָס האָבן זיך ווי איינגעקריצט אין מוח און באַהערשט. זיין יעדע רעדע איז געווען אַ ווערק פון דויערהאַפטן ווערט.

איז כוסטאַ אַריין אינעם פּאַרלאַמענט אין 1912טן יאָר, צוערשט אַלס דעפּוטאַט, זייענדיק יעדעס מאָל, ווען עס האָט זיך געענדיקט זיין טערמין, איבערגעוויילט, אַזוי ביז דעם יאָר 1924, ווען ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סענאַטאָר, וווּ ער איז געווען ביזן טויט, האָט ער דעם פּאַרלאַמענט באַהערשט מיט זיין מייסטערשאַפט אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבעט, מיט זיין אַרויסשטעלן די שווערסטע פּראָבלעמען און זיין דערקלערן ווי אַזוי זיי צו לייזן; מיט זיין באַהאַוונטקייט אין די פאַרוויקלטסטע ענינים: פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, אַגראַרישע, פינאַנציעלע, נאַציאָנאַלע, אינטערנאַציאָ־

נאָלע און זיי פֿאַנאַנדערגלידערן, אויסוויקלען און אַנטפּלעקן זייערע באַ־דייטונגען; מיט זיין דורכדרינגלעכער, קלאָרער אָביעקטיווער קריטיק, זיין ראַפֿינירטער סאַטירע און פֿאָלעמישן כּח.

כוסטאַ האָט אינעם פּאַרלאַמענט צעשלאָגן דעם קאָוואַליערנטום, וואָס ער האָט אויף זיין גאוניאַלן אופֿן אויסגעלאַכט, אויסלאַכנדיק זיך אויך פֿון די דועלן, צו וועלכע ער איז איבער דעם אַרויסגערופֿן געוואָרן. ער האָט אימפּאָנירט דעם פּאַרלאַמענט די פֿאַרשטענדעניש פֿון דעמאָקראַטישער פּאַרטרעטערשאַפֿט, פֿון פּאַרטיי־פּאַרטרעטער, פֿון אינטערעסן־פּאַרטרעטער, פֿון פּאָליטישן, ווירטשאַפֿטלעכן און סאָציאַלן קאַמף.

אַלס פּאָליטיקער האָט קיינער נישט אַזוי געקענט ווי כוסטאַ דאָס ווילדע געוויקס, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן אויפֿן היגן פּאָליטישן פֿעלד, אָט די ביטערע, פֿאַלשע, הינטנאַרומיקע, קליינלעכע, דעמאַגאָגישע און פּערזענ־לעך־אייגננוציקע פּאָליטיק, ווע מען כוסטאַ האָט אַ נאָמען געגעבן „קריאָזשאַ־פּאָליטיק״ (קריאָזשאַ מיינט דאָ דערצויגענער) און דער נאָמען איז געוואָרן אַזוי קלאַסיש, ווי כוסטאַס „געזעץ פֿון געזעצן״ (בידזשעט) און אַנדערע נע־מען און באַגריפֿן. אָבער ביי כוסטאַן גייט עס נישט אין קענען די פֿאַקטן, אין אָנרופֿן זיי מיט נעמען, וואָס בלייבן פֿאַרייביקט, אין אויסאַרבעטן טיפֿע און ברייטע באַגריפֿן — ביי כוסטאַן האָט דאָס אַלץ אַ באַדייטונג, אַ ווערט און אַ נויטווענדיקייט, ווען עס איז צוליב עפּעס, צוליב אַ באַשטימטן קלאָרן צוועק, אַ מעגלעכן צו פֿאַרווירקלעכן, אַ פּראַקטישן און נוצלעכן. דעריבער איז כוסטאַ נישט געווען בלויז דער אידעאָלאָג, דער טעאָרעטיקער, נאָר אויך דער פּראָגראַמען־ און סטאַטוטן־שרייבער, דער אָרגאַניזאַטאָר, דער קעמפֿער, דער פּראַקטישער טוער אין קאָמיטעטן, אין קאָמיסיעס און אין סוב־קאָמיסיעס און עס איז געווען זיין אויג אויף יעדער קלייניקייט.

— איך מוז וויסן די געשיכטע פֿון דער אַוויסע, — איז כוסטאַ אַריינ־געקומען אַן אויפֿגערעגטער אין דער אַדמיניסטראַציע פֿון „לאַ וואַנגואַרדיאַ״.

איך געדענק נישט וועגן וואָס פֿאַר אַן אַוויסע עס האָט זיך געהאַנדלט, צי וועגן אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, צי וועגן טרעפֿערקעס, צי וועגן די מע־דיצינען וואָס טויגן צו אַלע קראַנקייטן, באַשווינדלענדיק דעם נאַיוון קוי־פֿער. יעדנפֿאַלס איז די אַדמיניסטראַציע געשטרויכלט געוואָרן מיט אַזאַ מין אַוויסע, וועלכע „לאַ וואַנגוראַדיאַ״ נעמט נישט אָן. די אַוויסע איז געווען

אַזוי אויסגעשטעלט און פאַרשטעלט, אַז מען האָט געדאַרפט זייער אַ וואַך און דורכדרינגלעך אויג צו דערזען וואָס אונטער איר שלייער איז באַהאַלטן.

כוסטאַ, וועלכער איז געווען נאָך אַלבערדי, נאָך סאַרמיענטאַ, די גרעס־טע אַרגענטינישע פערזענלעכקייט, האָט מיט זיין כירורגישן מעסער אין דער פּאָליטיק אויסגעשניטן דאָס ווילדפלייש פון דער קריאָזשע־פּאָליטיק, אָננעמענדיק ביי די דאָזיקע אומאויפהערלעכע אָפּעראַציעס זיינע אַריינגע־פירטע אַנטיסעפּטישע מיטלען, דאָס האָט כוסטאַן אין 1916טן יאָר שיער געקאָסט זיין לעבן. עס איז געווען באַלד נאָכדעם ווי די קריאָזשע־פּאָליטיק האָט פאַרנומען די מאַכט פון דער רעפּובליק, דעמאָלט איז אונטער איינעמס אַן אויסרוף: „סאַי אַרכענטינאָ״, דורכגעפירט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויף כוסטאַן אויף דער גאַס רעקאָנקיסטאַ, בעת ער איז געגאַנגען אין רעדאַקציע פון „לאַ וואַנגואַרדיאַ״.

מיט אַ דורכגעשאָסענעם פּוס, אַנגעשפּאַרט אויף אַ קוליע איז כוסטאַ געקומען פינקטלעך, ווי זיין שטייגער איז געווען, צו די זיצונגען אין פּאַר־לאַמענט און כסדר געפּייניקט דאָס געוויסן פון די קריאָזשע־פּאָליטיקער מיטן אַטענטאַט, וואָס ער האָט זיי געשטעלט פאַר די אויגן, ווייזנדיק זיי ווי פּחדניש, ווי פאַרברעכעריש, ווי נידערטרעכטיק און קליינלעך עס זענען זייערע מיטלען אין קאַמף קעגן זיינע וויסנשאַפטלעכע, געוויסנהאַפטע און סאַניטאַרישע אַטאַקעס.

און די זעלביקע סאַניטאַרישע אַרבעט האָט כוסטאַ אויך אָפּגעהיטן אין דער אייגענער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס מיט איר פונאַנדערוואַקסן זיך האָט אָנגעהויבן מיטוואַקסן אָט די ווילדע געוויקסן פון דער קריאָזשע־פּאָ־ליטיק, פון דעם פּערסאָנאַליזם, דעם קאַריעריזם און גייציקייט פאַר אייגנ־נוציקע פּאָזיציעס, וואָס דאָס האָבן באַדראָעט מיט פאַרדאַרבונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַרגענטינע און ער האָט אימפּאָנירט אַ מאָ־ראַליזירנדיקן קרייץ־צוג אין דער פּאַרטיי — דאָס האָט מאָמענטנווייז דורך אָפּשפּאַלטונגען, אָפּגעשוואַכט דעם פּאַרטיי־אָרגאַניזם, ווי דאָס איז אומ־פאַרמיידלעך ביי יעדער כירורגישער אָפּעראַציע, אָבער דאָס זענען געווען פאַרבייגייענדיקע אָפּשוואַכונגען.

## VI

אויף אַזעלכע פעלדזן־מענטשן ווי כוסטאַ, וואָס טראָגן אין זיך אַן אייזערנעם כאַראַקטער, גייען באַוואָפנט מיט אויסגעהאַמערטע וואָפן פון וויסן,

פון פּאָליטיק און שטייען אין קאַמף אויף אַלע פראָנטן, קוקט מען געוויינלעך ווי אויף מענטשן אָן סענטימענטן, אָן געפיל פאַרן יחיד, אָן געפיל צו שיינ־קייט — דאָס איז אַ גרויסער טעות. ביי אַזוינע מענטשן איז נאָר נישטאָ דער אויבנאויפיקער, דער פלאַכער סענטימענטאַליזם, די צוקראָכנקייט. אָבער עס לעבט אין זיי אַן אינערלעכער, אַ קרעפטיקער סענטימענט, אַ טיפער און ברייטער געפיל פון סאָלידאַריטעט, פון גערעכטיקייט, פון ליבע, אַ געפיל צו אַלעס, וואָס איז ווירקלעך שיין, דערהויבן, פייערלעך.

דערציילט אַדאָלפאָ דיקמאַן: מען האָט אים געבראַכט פון דאָרף אַהער אין שטאָט לערנען. די אָרעמקייט איז געווען גרויס, דערצו איז ער אַריינגע־פאַלן אין אַ קראַנקהייט און עס זענען נישט געווען קיין מיטלען צו רופן אַ דאָקטער, צו באַצאָלן פאַר רעצעפּטן און מען האָט געהונגערט. זיין עלטערער ברודער ענריקע (נאָך נישט קיין מעדיצינער) האָט זיך שוין געהאַט באַקענט מיט כוסטאַן. זייער באַקענונג איז געמאַכט געוואָרן אין דער אַרעסט־קאַמער פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, ווו ביידע זענען פאַרשלאָסן געוואָרן פאַר זייערע „בונטאַרישע" אידעען. ענריקע האָט כוסטאַן דערציילט דעם פאַל פון זיין ברודער אַדאָלפאָ. אין אַ פאָר שעה אַרום האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון די דיקמאַנס אָרעם און אין נויט פאַרזונקענעם צימער. עס איז געווען דער גרויסער כירורג און אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר כוסטאָ. ער האָט דעם קראַנקן באַטראַכט, אָנגעוויזן וואָס צו טון, פאַרשריבן אַ רעצעפּט און אַוועק־געלייגט, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן, אונטערן רעצעפּט־פּאַפּירל אַ סומע געלט.

כוסטאָ האָט ליב געהאַט שטימונג, דעריבער האָט ער ליב געהאַט קונסט, אמתדיקע, וואָס רופט אַרויס שטימונגען, פאַרטיפט זיי, דערהויבט זיי. ער האָט דעריבער אַפילו איין מאָל אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג אין פּאַרלאַמענט עס זאָל אַריינגעשטעלט ווערן אַן אָרגל, וועלכער זאָל שפּילן פאַרן אָנהייב פון יעדער זיצונג, כדי עס זאָל שאַפן דערהויבענע שטימונג פאַר די דעבאַטעס.

כוסטאָ האָט ליב געהאַט די נאַטור, דאָס שטילע אידילישע לעבן אין דאָרף, דעם מורמל פון די ביימער, דעם ריח פון פעלד, דעם אַראָמאַט און די פאַרביקייט פון בלומען, נישט אינעם לאַץ נאָר אינעם גאָרטן; דעם זון־אויפגאַנג און דעם זון־אונטערגאַנג, און דעריבער האָט ער כמעט שטענדיק געוווינט אין דאָרף, אין פעלד, אין אַ ווילע, אויפן שויס פון דער נאַטור.

כוסטאַ, וואָס האָט אַ סך ליב געהאַט, האָט אויך נישט ליב געהאַט; ער האָט נישט געליבט קיין לויב און נאָך ווייניקער צו לויבן זיך אַליין.

כוסטאַ האָט אַמאָל געמאַכט אַ שפּאָס און אויפגעשריבן אַן אויטאָביאָגראַפיע — נישט חלילה אין עטלעכע דיקע ביכער, נאָר אין געציילטע שורות. און אין זיי האָט ער געשריבן וועגן זיך, אַז ער איז דער וולגאַרסטער מענטש...

כוסטאַ האָט זיך דערוווסט, אַז אַ ביבליאָטעק האָט באַשטימט אים צו באַערן און זיך אָנרופן אויף זיין נאָמען. ער האָט באַלד רעאַגירט קעגן דעם: פאַרבאָטן אים צו שטעלן אַ „מצבה" ביים לעבן, געפאָדערט עפנטלעך פון דער ביבליאָטעק צו ענדערן איר רעזאָלוציע און געוואָרנט, אַז ווילאַנג ער וועט לעבן, זאָל מען אים נישט שטעלן קיין מצבה אין דער געשטאַלט פון זיין נאָמען.

כוסטאַ האָט אויך נישט ליב געהאַט קיין ליגנט. ער האָט געקענט אַ זאַג טאָן אויף אַ פּלענום אין פּאַרלאַמענט: „סעניאָרעס, דאָ רויבט מען די געלטער פונעם פאָלק, דאָ האָט מען אָנגענומען קלאַנדעסטינישע געזעצן".

מען האָט אים גערופן אויף דועל, ער האָט דאָס אויסגעלאַכט. ער האָט אַראָפּגעריסן די שיינע מאַסקע פונעם מיאוסן ליגן נישט געקוקט אויף דער געפאַר צו ווערן אַטענטירט מיטן אויסרוף: „סאַי אַרכענטינאָ".

איך דערמאָן זיך אין אַ מאָמענט, זייער אַ געשפּאַנטער צווישן יידן אויף דער גאַנצער וועלט און נישט נאָר צווישן יידן. עס איז געווען דער מאָמענט פונעם ביילים-פּראָצעס אין צאַרישן רוסלאַנד, וואָס האָט אויפגערודערט די וועלט. ביילים איז באַשולדיקט געוואָרן אין דערהרגענען אַ קריסטלעך קינד צוליב באַנוצן דאָס בלוט אויף פּסח.

אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק איז געזעסן נישט ביילים פּערזענלעך, נאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, וואָס לויט דער עפנטלעכער מיינונג איז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איין רעליגיעזע גרופּע און לויט דעם בלוט-בילבול איז עס אַ רעליגיעזער דין ביי יידן צו הרגענען קריסטלעכע קינדער פאַר באַנוצן זייער בלוט אויף פּסח.

די יידן אין אַרגענטינע זענען אויך נישט געווען גלייכגילטיק צו דעם ביילים-פּראָצעס. איינע פון די שריט אויף דער יידישער גאַס איז געווען אַן אַנקעטע, אָדער אינטערוויו ביי די גרויסע אַרגענטינער פּערזענלעכקייטן צו הערן זייער מיינונג, דער עיקר וועגן דעם באַנוצן פון יידן קריסטלעך בלוט אויף פּסח.

דער אינטערוויו איז געמאַכט געוואָרן פונעם יידיש־שפּאַנישן זשורנאַל „ווידאַ נועסטראַ", וואָס איז רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן געוואָרן פון לעאָן קיבריק.

מען איז דאָס ערשטע געגאַנגען צו כואַן ב. כוסטאַ (ער האָט געלעבט מיט דער יידישער פרוי מאַריאַנאַ טשערטקאָף). מען איז אַריינגעגאַנגען מיט אָפּטימיסטישער שטימונג אין דעם גינסטיקן ענטפער פון דעם סאָציאַליסטישן דענקער און דענקער פון אמת, אָבער מען איז צוריקגעגאַנגען אַנטוישט.

כוסטאַ האָט געזאָגט, אַז יעדער בלוט־ריטואַל איז מעגלעך ביי אַ רעליגיעזער גרופּע, וואָס פּראַקטיצירט אַזאַ ריטואַל, ווי דאָס איז מילה.

פון דעם ריינעם געדאַנק ביז דעם שמוציקן בילבול איז אַ וויטער מהלך. כוסטאַ האָט נישט געוואָלט עמיצן וויי־טאָן און ער האָט אַוודאי נישט געוואָלט וויי־טאָן דעם געליטענעם, אָבער כוסטאַ האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט זאָגן קיין ליגנט. ער האָט געזאָגט דאָס וואָס ער האָט געדענקט.

## VII

מיר האַלטן פאַר וויכטיק איבערצוגעבן עפּעס פון כוסטאַס געדאַנקענגאַנג:

— די וויסנשאַפטלעכע טעאָריע פון דער געשיכטע זעט אין דעם אופן פון דער פּראָדוקציע די באַזע פון דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע און איבער דעם געפינט זיך אין דער טראַנספאָרמאַציע פונעם פּראָדוקציאָנס אופן דער אַרויסגאַנגס־פּונקט פון יעדער נייער פאַזע פון דער סאָציאַלער עוואָלוציע. אָבער די קראַפט, וואָס רעאַליזירט באַלד די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז רעפּרעזענטירט פון מענטשן און נישט פון זאַכן. די טראַנספאָרמאַציע פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט ברענגט מיט זיך די גרופּירונג פון יחידים אין נייע סאָציאַלע קלאַסן. פון זייער אַנטאַגאָניזם קומט אַרויס דער פּאָליטישער פּראָגרעס.

***

— מיר מאַרשירן אָן אָפּרו אויף די וועגן פון דער געשיכטע. די מענטשהייט געפינט זיך שטענדיק אין איר וואַקסן און אין טראַנספאָרמירן זיך.

אַ פאָלק קען אַריינפאַלן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף אין זיין סאָציאַלן לעבן, אָבער אין אים אַליין אָדער אַנדערשוו אַקומולירן זיך שוין שפּירעוודיק די קרעפטן, וואָס וועלן אים אויפוועקן און אים אימפּולסירן.

***

## פ. וואַלד

— די פעלקער האָבן שטענדיק געמאַכט זייער געשיכטע, אָדער זיי האָבן מאַרשירט באַוווּסטלאָז, אויספאָלגנדיק בלינדע אימפּולסן, אויף וועגן פול מיט צופאַלן און געפאַרן.

אָבער, מיטן קענען די געזעצן פון דער געשיכטע, פאַרלירט זי איר רוטינערן און קאַטאַסטראָפישן כאַראַקטער, כדי צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַן אָרדענירטע אַנטוויקלונג און אין אַן אויסגערעכנטע, מעטאָדישע פּראַקטיק.

**
*

— ווי צו די אילוזירטע, וואָס שטעלן זיך פאָר אַ רויִקע וועלט, ווייל זיי האָבן נישט קיין חשק צו גיין. פאַמעלעך אָדער מיט אימפּעט, פאַרשטעלט אָדער אומזעבאַר — דער היסטאָרישער פּראָצעס גייט.

**
*

— די דערהייבונג פון די פאָלקסמאַסן קומט דורך אייגענער, קאָלעקטיווער און באַוווּסטזיניקער אָנשטרענגונג.

דער סאָציאַליזם האָט אין זיך אַלדאָס נייטיקע צו דערגיין ביז זיין היסטאָרישן אמת.

**
*

— מיר ווילן אַז דער אַרבעטערקלאַס זאָל אויפשטיין נישט מיט אויסערלעכער הילף נאָר מיט אייגענער, דורך זעלבסטהילף.

און די דאָזיקע אייגענע הילף דאַרף קומען דורך זיין אינטעליגענטער, רעגולערער, מעטאָדישער און אַקטיווער אָרגאַניזאַציע.

**
*

— עס איז גרויס די היסטאָרישע באַדייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון פּראָלעטאַריאַט, זי דערהייבט אים מאַטעריעל און אינטעלעקטועל צו אַ מאָדערנעם אַרבעטערקלאַס און זי נעמט אים אַרויס פון דער פּאַסיווקייט און פון דעם אומבאַוווּסטזיין, כדי צו מאַכן אים פאַר אַ מעכטיקן פּראָפּולסאָר פון דער סאָציאַלער עוואָלוציע. פונדעסטוועגן וואָלט געווען זייער באַגרעניצט, די רעוואָלוציאָנערע אַקציע פון פּראָלעטאַריאַט, ווען ער וואָלט זיך פאַרשלאָסן אין די נאָרמען פון אַ בלויזן סינדיקאַלן קאַמף.

**
*

— עס קען נישט זיין קיין ווּיסנשאַפטלעכע פּאָליטיק אָן אַן אויפגעוועקטן קריטישן גייסט, וואָס שטעלט אונטער אַ משפּט אַלע אינסטיטוציעס.

קעגן די קורצזיכטיקע, וואָס זעען אין דער היפּאָקריטסטווא אַ מיטל פון סאָציאַלער קאָנסערוואַציע, זאָל מען אָן מורא אויך אָנווענדן די דאָזיקע קריטיק מיט דער זיכערקייט, אַז ווי לאַנג זי וועט זיין פריי און אין ווידערשפּרוך וועט זי נישט טאָן קיין שלעכטס. און פון איר וועלן געבוירן נייע אידעען, היפּאָטעזן פון סאָציאַלער און אידעאַלער רעקאָנסטרוקציע פון פרידן און גערעכטיקייט, וואָס וועלן באַזייטיקן די אַלטע רעליגיעזע, נישט קאַלט נישט וואַרעמע און פוסטע אידעאַלן.

***

— אייביק וועט זיין אין דער וועלט דער קאַמף פאַר פרייהייט און פאַר גערעכטיקייט; פאַר אָרדענונג און פאַר פּראָגרעס.

***

— מיר דאַרפן קוקן דעם אמת אין פּנים אַריין, אים אָנערקענען און אים אָקצעפּטירן, מעג ער קומען פונוואַנען ער קומט.

## VIII

עס איז אין יאָר 1896, אין בוענאָס איירעס ווערט דעפיניטיוו געגרינדעט די מאָדערנע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַרגענטינע, וואָס איז אויפגעקומען ביי געענדערטע סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען, ביי אַן איבערגרופּירן זיך פון דער אַרגענטינער געזעלשאַפט; ביי אַ צעטיילן זיך און אויסקריסטאַליזירן זיך אין סאָציאַלע קלאַסן מיט פאַרשידענע קלאַסן פּסיכאָלאָגיעס, אַרויסגעקומען פון די קלאַסנקעגנזאַצן און קלאַסנאינטערעסן און עס האָט זיך געשאַפן אַן אַנדערער פּאָליטישער קלימאַט אין לאַנד.

כואַן ב. כוסטאָ דער פאָרגייער פון נייעם סאָציאַליזם אין אַרגענטינע מיט זיין פילאָזאָפיע און מיט זיין אַקציע; זיין טעאָריע און זיין פּראַקטיק, האָט זיך אַריינגעטאָן אין דער אָרגאַניזירונג פון אַ פאַרצווייגטן סאָציאַליזם מיטן אַרבעטער קלאַס פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער באַזע אין צוזאַמענגוס מיט דער סאָציאַלער עטיק, וואָס האָט אַפּעלירט צו דער אינטעליגענץ און צו די מענטשן פון מיטלקלאַס און ער האָט געגרינדעט און באַגרינדעט די אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון די אַרבע־

טער, די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, די קולטור באַוועגונג און דעמאָלט אַלס דער סעקרעטאַר פון דער „אַרגענטינער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי" האָט ער איינגעלאַדן די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס צום קאָנסטיטואי־רונגס־קאָנגרעס פון דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פונעם סאָציאַליזם אין אַרגענטינע.

„בוענאָס איירעס, 1896.

אין די טעג פון 28סטן און 29סטן יוני, פון לויפנדיקן יאָר, וועט זיך פאַרזאַמלען אין בוענאָס איירעס דער קאָנגרעס פון דעלעגאַטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, כדי צו פאַרנעמען זיך מיט דער אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי און מיט עקאָנאָמישע ענינים, וועמענס דיסקוסיע עס וועט זיין פון אַלגעמיינעם אינטערעס און צום נאָענטסטן פאַרן אַרבע־טערקלאַס. די פאָרם פון אָנשליסן זיך אין דעם קאָנגרעס איז די זעלבע, וואָס איז אָנגענומען פון די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער קאָנגרעסן, וואָס ווערן דורכגעפירט אין אייראָפּע: אויפן געביט פון קלאַסן־קאַמף, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטן פון פּראָלעטאַריאַט, כדי צו קומען צו זיין עמאַנ־ציפּאַציע, אָנערקענען די באַדערפעניש פון פּאָליטישער אַקציע און פון דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע.

עס זענען קלאָר די שאַנסן פון דערציונג און וויסן פונעם קאָנגרעס, וואָס קענען אַרויסקומען פון אייער אָנטייל אין אים מיט וואָס איר וועט בישט טאָן עפּעס אַנדערש, ווי נאָר נאָכפאָלגן די ליניע, וואָס איז איינ־געפירט פון די מעכטיקסטע און גוט־אָרגאַניזירטע פּראָפעסיאָנעלע פאַ־ריינען פון דער וועלט.

דאָס אָנשליסן זיך אין דעם קאָנגרעס מיינט בישט אָנשליסן זיך אין דער פּאַרטיי. אייער פאַריין וועט זיין באַטראַכט ווי אַן איינהייט, וואָס פאָרמירט בישט קיין טייל פון דער פּאַרטיי און אייערע דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס וועלן נאָר האָבן באַראַטונגס־ און שטים־רעכט ביים באַהאַנדלען די עקאָנאָמישע ענינים, סיידן אַז איר וועט מאַכן אַן אויסדריקלעכע אָנשלוס־דעקלאַראַציע אין אונדזער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע.

אויב איר וועט באַשליסן צו זיין רעפּרעזענטירט אויפן נאָענטן קאָנגרעס, ווי מיר דערוואַרטן דאָס לטובת דער אַרבעטער זאַך, קאָנט איר שיקן צו איין דעלעגאַט אויף יעדע הונדערט מיטגלידער, זיי דאַרפן זיך פּרעזענטירן מיט זייערע קרעדענציאַלן. איר קאָנט צושיקן צום קאָ־מיטעט אייערע פּראָפּאָזיציעס, וואָס וועלן אין אייער נאָמען פּרעזענטירט ווערן פאַרן קאָנגרעס.

כואַן ב. כוסטאָ".

דער קאָנסטיטוירונגס־קאָנגרעס איז פאַרגעקומען. כואַן ב. כוסטאָ איז געווען זיין אינספּיראַטאָר, אָריענטאַטאָר, פירער, אָרגאַניזירער; זיין פאַר־קערפּערונג און זיין נשמה; זיין אינפאָרמאַנט און דער שרייבער פון זיין אָנ־גענומענער פּרינציפּן־דעקלאַראַציע.

אין זיין אינפאָרמע פאַרן קאָנגרעס האָט כוסטאָ געזאָגט:

„מיר הייבן אָן שפּעטער מיט דרייסיק יאָר ווי די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אייראָפּע און טאַקע איבער דעם וואָס מיר הייבן אָן שפּע־טער, דאַרפן מיר אָנהייבן בעסער, באַנוצנדיק זיך מיט דער אָנגעזאַמל־טער דערפאַרונג פון דער אוניווערסאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר וואָלטן גאָר ווייניק אויפגעטאָן, אויב מיר וואָלטן אַרויסגעגאַנגען פון זעלביקן שטאַנדפּונקט פון וואַנען עס זענען אַרויס די סאָציאַליסטישע אידעען פון אייראָפּע. כדי צו זען ווי אַזוי עס האָט עוואָלוציאָנירט די אַרבעטער־באַוועגונג, וועט דאָס בעסטע זיין צו פאַרגלייכן די דאָזיקע באַוועגונג פון ענגלאַנד, דייטשלאַנד און בעלגיע. אין ענגלאַנד האָט זי זיך אָנגע־הויבן ווי אַ פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און אַזוי קאָנסערווירט זי זיך און דאָס איז איינע פון די סיבות פון איר סטאַגנאַציע און פון איר הינטערשטעליקייט. אין דייטשלאַנד האָט פּרעדאָמינירט דער פּאָליטישער כאַראַקטער פון דער באַוועגונג און אַזוי האָט זי זיך שטאַרק אַנטוויקלט; אין בעלגיע, וווּ די באַוועגונג האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן איז באַלד איר כאַראַקטער געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער און אַ פּאָליטישער מיט אַ קאָאָפּעראַטיוון עלעמענט אַלס צוגאָב און אויף אַזאַ אופן איז די בעלגי־שע אַרבעטער־באַוועגונג פאַרהעלטנישמעסיק אַ סך באַדייטנדיקער ווי אַנדערשוווּ. מיר דאַרפן זוכן אונדזער מאָדעל צווישן די גאָר לעצטע אַדאַפּטירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, און די סאָציאַליסטישע אי־דעען אין דעם לאַנד, וואָס איז יונגפרוילעך אויפן געביט פון אידעען, וועלן זיי אָננעמען אַ פּרינציפּיעלע וויכטיקייט, אויב נישט קיין דעצי־דירנדיקע. באַמערקט גאָר ווי אומבאַדייטנדיק עס איז אונדזער פּאַרטיי, איז זי דאָך די איינציקע וואָס רעפּרעזענטירט אין לאַנד פּאָזיטיווע אי־דעען פון פּאָליטיק און פון רעגירונג".

און אָט איז כוסטאָס אויפגעשריבענע פּרינציפּן־דעקלאַראַציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן פון סאָציאַליסטישן קאָנסטיטוּירונגס־קאָנגרעס פון 1896. זי איז געווען אין קראַפט אין משך פון 62 יאָר און איז היינט נאָך אַקטועל; היינט אין 1958, ווען די שורות ווערן געשריבן.

„די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, רעפּרעזענטירט דורך אירע דעלעגאַטן, פאַרזאַמלטע אויף אַ קאָנגרעס, דערקלערט:

אַז דער אַרבעטער־קלאַס איז אונטערדריקט און עקספּלואַטירט פון הערשנדיקן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס.

אַז דער קלאַס, אַלס דער באַלעבאָס פון דער פּראָדוקציע און האָבנ־דיק צו זיין דיספּאָזיציע אַלע מלוכה־קרעפטן צו פאַרטיידיקן זיינע פּרי־ווילעגיעס, נעמט צו פאַר זיך די גרעסטע טייל פון דעם וואָס עס פּראָ־דוצירן די אַרבעטער און לאָזט זיי גאָר דאָס נייטיקע צו קאָנען ווייטער אָנהאַלטן אין דינסט פון דער פּראָדוקציע.

> אַז איבער דעם, ווי לאַנג אַ מינדערהייט פון פּאַראַזיטן וועט לעבן אין לוקסוס און הולטאַיסטווע, וועלן די וואָס אַרבעטן שטענדיק לעבן אין אומזיכערקייט, אין ענגשאַפט און געווייגלעך אין נויט.
>
> אַז אין דער אַרגענטינער רעפּובליק, נישט געקוקט אויף דער גרויסער עקסטענסיע פון אומעקספּלואַטירטער ערד, האָט די אינדיווידואַלע אַפּראָפּיאַציע פון דער ערד איינגעשטעלט באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.
>
> אַז די דאָזיקע באַדינגונגען ווערן נאָך ערגער ווי זיי זענען דורך דער אומפעיקייט און רויבערישקייט פונעם רייכן קלאַס און דורך דער איגנאָראַנץ פונעם פאָלק.
>
> אַז דער רייכער קלאַס, בעת ער היט אָפּ זיין אַקציע־פרייהייט טוט נישט מער ווי נאָר ער עקספּלואַטירט וואָס אַ טאָג אַלץ מער די אַרבעטער, אין וואָס עס העלפט אים די אַפּליקאַציע פון די מאַשינען און די קאָנצענטראַציע פון רייכטום.
>
> אַז, נאָך דעם — אָדער דער אַרבעטער־קלאַס בלייבט אָפּגעלאָזן און ווערט וואָס אַ טאָג אַלץ מער פאַרשקלאַפט, אָדער ער שטייט אויף צו פאַרטיידיקן זיינע באַלדיקע אינטערעסן און גרייטן זיין באַפרייאונג פון קאַפּיטאַליסטישן יאָך.
>
> אַז נישט נאָר די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פונעם אַרבעטער־קלאַס פאָדערט זיין אַקטיוויטעט, נאָר דאָס פאָדערן אויך די הויכע פּרינציפּן פון רעכט און גערעכטיקייט, וואָס שטימען נישט מיט דער אַקטועלער אָרדענונג.
>
> אַז די עקאָנאָמישע עוואָלוציע דעטערמינירט די פאָרמאַציע פון פּראָדוקציאָנס־אָרגאַניזמען יעדעס מאָל אַלץ גרעסער, אין וועלכע גרויסע מאַסן אַרבעטער געווינען זיך איין צו דער איינטיילונג פון דער אַרבעט און צו קאָאָפּעראַציע.
>
> אַז אַזוי, אין דער זעלביקער צייט ווען עס דערווייטערט זיך פאַר די אַרבעטער יעדע מעגלעכקייט אויף פּריוואַט־אייגנטום פון די פּראָדוקציע און טויש־מיטלען, פאָרמירן זיך די מאַטעריעלע עלעמענטן און די נייטיקע אידעען צו פאַרבייטן דעם איצטיקן קאַפּיטאַליסטישן רעזשים אויף אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער דאָס אייגנטום פון דער פּראָדוקציע זאָל זיין אַ קאָלעקטיווער אָדער סאָציאַלער, אין וועלכער יעדער איינער זאָל זיין דער באַלעבאָס פונעם פּראָדוקט פון זיין אַרבעט און אויפן אָרט פון דער עקאָנאָמישער אַנאַרכיע און פונעם נידעריקן עגאָאיזם איצטער, זאָל קומען אַ ווויסנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציע און אַ דערהויבענע סאָציאַלע מאָראַל.
>
> אַז די דאָזיקע רעוואָלוציע קאָן ווערן דורכגעפירט דורך די קרעפטן פון אָרגאַניזירטן אַרבעטער־קלאַס".

כוסטאָ האָט נישט געהאַלטן פון דער אומבאַרירלעכקייט פון אַ טעאָריע, פון אַ דאָקטרין. די לעבנספעיִקייט פון אַ טעאָריע באַשטייט אין אָנערקענען די נייע פאַקטאָרן, וואָס קומען אונטער, אין צופּאַסן זיך און אין אויפנעמען

די אַלע ענדערונגען און וואַריאַנטן, וואָס ווערן אימפּאָנירט פון לעבן, פון די באַדערפעניש, פון די טעכנישע אַנטוויקלונגען, פון די נייע מאָראַלישע און וויסנשאַפטלעכע דערשיינונגען, און כוסטאָ האָט געלערנט:

„לאָמיר אונדזער אידעאַל שטענדיק געבן אַ ניי לעבן, באַרייכערן אים שטענדיק מיט נייע פאַקטאָרן, אַריינגעמען אין זיין מיט אַלע נייעווירקלעכ־קייטן און נישט לאָזן אים פאַרוואַנדלען זיך אין אַ נייער עוואַנגעליע. מיט דער אויסברייטערונג פון אונדזער באַוועגונג, צובאַקומען אַלץ נייע מאָדיפי־רונגען ווערט אַלץ לעבנספולער און רייכער אונדזער דאָקטרין, וואָס וואַקסט אומאויפהערלעך אין קעגנזאַץ צו די רעליגיעזע גלויבנס, וואָס ווערן מומי־פיצירט באַלד ווי זיי ווערן געבוירן. און אַזוי וועט אונדזער פּאַרטיי ווערן אַלץ גרעסער, אַלץ קרעפטיקער, אַלץ סאָציאַליסטישער“.

# IX

עס זענען אין מערצאָל די עלעמענטן, וואָס שאַפן סאָציאַליזם. מיר שעצן נישט אונטער קיין עלעמענט, וואָס אַרבעט מיט אין דעם באַשאַף פונעם סאָ־ציאַליזם איז אַרגענטינע — אין דער נייער סאָציאַלער אָרדענונג, אַ שטענ־דיק בעסערע פּאַר די עקזיסטירנדיקע און וועמענס באַשאַף עס האָט זיך אָנ־געהויבן אין דער פאַרגאַנגענהייט ביי אַנדערע געשיכטלעכע, מאַטעריעלע, גייסטיקע און סאָציאַלע פאַקטאָרן און גייט אָן אָפּהאַלט אויף די היסטאָרישע וועגן, דורך מפּלות און זיגן, מיט אַלץ נייע דערגרייכונגען, וואָס ענדיקן זיך נישט, ביז אין דער סופּלאָזער צוקונפט, אָבער אין דעם בוך ווערט באַשריבן נאָר דער מענטשלעכער עלעמענט אין זיינע טואונגען פאַרן סאָציאַליזם; מענטשן — יחידים, פּערזענלעכקייטן, וואָס רעפּרעזענטירן און פאַרקערפּערן דעם סאָציאַליזם אין זייער צייט מיט זייער פּראָגרעסירנדיקן סאָציאַליסטישן געדאַנק און פאַרטיפטן סאָציאַליסטישן געפיל; מיט זייער וועגווייזערישן סאָ־ציאַליסטישן וויסן און געוויסן, מיט זייערע אָנפירערישע סאָציאַליסטישע טריט און שריט מיט זייער סאָציאַליסטישן וואָרט און טאַט, אַרבעטנדיק פאַרן סאָציאַליזם אין זיין נאָמען אָדער אָן זיין נאָמען און דירעקט אָדער אומדי־רעקט אין ביידע פאַלן.

אין דעם גייסט איז אַוודאי געווען אַ אונטערשייד צווישן דעם סאָציאַ־ליזם פון מאַריאַנאָ מאָרענאָ — מאַנועל בעלגראַנאָ, סאַן מאַרטין, עסטעבאַן עטשעווועריאַ, דאָמינגאָ סאַרמיענטאָ, כואַן אַלבערדי און כואַן ב. כוסטאָ. אַלע

זענען אָבער געווען סאָציאַליסטיש אינספּירירט און עס האָט זיך געפונען מער אָדער ווייניקער סאָציאַליזם אין זייער פאַרשידענער עפנטלעכער טעטיקייט מיט וואָס עס האָט זיך אידענטיפיצירט זייער לעבן.

כואַן ב. כוסטאַ — אַ מענטש פון פאָלק, וועלכער איז געגאַנגען קולטורעל און וויסנשאַפטלעך באַרג־אַרויף מיט אייגענער פעיִקייט און אָנשטרענגונג און דערגרייכט די שפּיצן פון דער אינטעלעקטואַליטעט, האָט דערפילט די סאָציאַליסטישע מיסיע, וואָס האָט זיך אין אים געשטאַלטיקט און נישט אויסשליסנדיק, נישט מינדערשעצנדיק דעם אוטאָפּישן, ראָמאַנטישן און עטישן סאָציאַליזם, מיט וועלכן עס זענען געווען אינספּירירט די אַרגענטינער פאָרויסגייער („פּראָסערס״) און די מאַי־רעוואָלוציע, די מאַי־אַסאָציאַציע, די קאָנסטיטוציע פון 1853 און דאָס לעבן, דאָס קעמפן און דאָס שטרעבן פון פאָלק און זייענדיק אויך אינספּירירט פון עטישן סאָציאַליזם, וואָס איז אייביק און דאָרט ווו ער איז נישט דאָ, איז קיין סאָציאַליזם נישט דאָ — האָט ער, כוסטאַ, פאַרייניקט דעם עטישן סאָציאַליזם מיטן וויסנשאַפטלעכן, וועלכער איז עפנטלעך דערקלערט געוואָרן פון קאַרל מאַרקס און וועלכער האָט זיך געצייטיקט אויך אין אַרגענטינע דורך דעם געזעלשאַפטלעכן פאָרשריט, דורך די נייע טעכנישע און מעכאַנישע מיטלען פון דער פעלדישער פּראָדוקציע און פון דער שטעטישער; פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע און דורך דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל און אַרבעט; דורך דער קריסטאַליזאַציע פון קעגנזייטלעכע סאָציאַלע קלאַסן; אינטערעסן און שטרעבונגען.

און פאַרייניקט דעם עטישן סאָציאַליזם מיטן וויסנשאַפטלעכן איז פון דעם אַרויסגעקומען די באַדערפעניש פון אַ געפּלאַנטן סאָציאַליזם און אַ אָרגאַניזירטן, נישט קעגן דעם פאַרייניקטן, אויך נישט אויסער אים, נאָר טאַקע אָרגאַניש פאַרבונדן און דאָס איז אונטער דער פירערשאַפט פון דעם סאָציאַליסטישן פאָרויסגייער כואַן ב. כוסטאַ רעאַליזירט געוואָרן אין דעם באַשאַף פון דער אויסדריקלעכער סאָציאַליסטישער באַוועגונג מיט אירע אָפּצווייגן און פאַרצווייגונגען און עס איז געשאַפן געוואָרן די פּראָפעסיאָנעלע, פּאָליטישע, קולטורעלע, קאָאָפּעראַטיווע, מוטואַליסטישע און סאָציאַלע באַוועגונג פון אַרבעטער קלאַס.

סוף 1908 און אָנהייב 1909, ווען כוסטאַ איז געווען מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין דער אויפקומענדער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער באַוועג־

גונג, וועלכע האָט זיך נאָך געפונען אין אירע קינדער־יאָרן און איז קוים אַלט געווען 12 יאָר, איז כוסטאַן צום ערשטן מאָל אין לעבן אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַרגענטינע קעגן — אַ אי־דעישן אַנגריף...

עס איז דעמאָלט געקומען אין לאַנד, קאָנטראַקטירט ווי אַ סאָציאָלאָג און קרימינאַלאָג צו האַלטן דאָ אין אַרגענטינע לעקציעס, דער איטאַליעני־שער פּראָפעסאָר פערי — אַ פירער פון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי.

די קאַפּיטאַליסטן, די רייכע פּריוואַט־אייגנטימער פון שטאָט און פון פעלד, האָבן פאַרמירט דעם הערשנדן קלאַס, וואָס איז אין זיין אַלץ רייכער ווערן פון עקספּלואַטאַציע און רויב, באַשיצט און פאַרטיידיקט געוואָרן פון דער רעגירונג, פון דער באַוואָפנטער מאַכט, פון דער רייכער פּרעסע און פונעם אוניווערזיטארישן עלעמענט — דער אויבערשטער שיכט פון דער געזעלשאַפט — פאַר וועלכן פּראָפעסאָר פערי האָט געהאַלטן זיינע וויסנ־שאַפטלעכע לעקציעס און ווו מען האָט זיך מיט אינטערעס צוגעהערט צו זיינע דערקלערונגען אויסער די לעקציעס — דער פּראָפ׳ פערי האָט דער־קלערט, אַז אין אַרגענטינע איז נישטאָ קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, מחמת זי האָט נישט קיין באָדן און קיין באַדערפעניש צו זיין. סאָציאַליזם דאַרף קומען פון אַ הויך אַנטוויקלטער אינדוסטריע, טעכניק און מעכאַניק, וואָס קאָנצענטרירט דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל אין דער געשטאַלט פון די פּראָ־דוקציאָנס מיטלען און דאָס רופט אַרויס די אָרגאַניזאַציע פונעם אינדוסט־ריעלן פּראָלעטאַריאַט פאַר אַן אַנדערער סאָציאַלער אָרדענונג.

פעריס דעקלאַראַציע האָט גוט צוגעשפּילט דעם וויטאַלן אינטערעס פון הערשנדן קלאַס, וואָס האָט גאָר נישט גוט געקוקט אויף דעם אויפקומען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד.

פעריס דעקלאַראַציע האָט אויפגעברויזט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט דורכגעפירט אַן עפנטלעכע דעבאַטע. זי איז פאָרגעקומען אין טעאַטער „וויקטאָריאַ״ מיט פערי אַלס רעפערענט און כוסטאָ אָפּאָנענט. די דעבאַטע אָדער ריכטיקער: דער ענטפער פונעם אַרגענ־טינער סאָציאַליזם עקספּאָנירט און פאָלעמיזירט פון כואַן ב. כוסטאָ האָט זיך דורך דער פּרעסע אַרויסגעטראָגן און פאַרשפּרייט מיט אַ דערהויבענער רע־זאָנאַנס.

פעריס דעקלאַראַציע, וואָס איז געווען אַ טעאָרעטישע אָן פּראַקטיק און וואָס האָט געהאַט אַלע פאַקטן קעגן זיך, האָט זיך אַרויסגעוויזן אומבאַ־האָלפן קעגנאיבער דעם ריז פון סאָציאַליזם ווי דאָס איז געווען כּוֹאָן ב. כּוס־טאָ. ער האָט גערעדט מיט וויסן, מיט געוויסן און געהאַט אַלע פאַקטן וואָס האָבן גוט באַשטעטיקט כּוסטאָס וואָרט וועגן דער עקזיסטענץ פון סאָציאַליזם אין דער געשטאַלט פון פרייהייט, דעמאָקראַטישקייט, מענטשנרעכט, הומאַ־נישקייט, סאָציאַלע גערעכטיקייט, גלייכהייט, ווירדיקייט און אַז די פּרוכטן פון דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט ציילן זיך נישט לויט דער צאָל אָנהענ־גער פון סאָציאַליזם, נאָר לויט דער הויך פון די מאַטעריעלע, מאָראַלע און אינטעלעקטועלע דערגרייכונגען פון פאָלק, אין וועלכן עס ווערט געפירט אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג און אַ טעטיקייט אין הסכם מיטן היסטאָרישן פּראָ־צעס אין דער רעאַליזירונג פונעם סאָציאַליזם״.

X

אין יאָר 1909 נאָך דעם בלוטיקן פאַרמעסט פון דער קאַפּיטאַליסטישער רעאַקציע אויף דער אַלגעמיין סאָציאַליסטישער און אַרבעטער באַוועגונג איז דערשינען כּוסטאָס ווערק: „טעאָריע און פּראַקטיק פון דער געשיכטע״. עס איז דאָס „קאַפּיטאַל״ פונעם אַרגענטינער מאַרקס. דער מחבר — כ. ב. כּוסטאָ האָט געשריבן אַ קורצן אַריינפיר אין זיין בוך: „טעאָריע און פּראַקטיק פון דער געשיכטע״. ער שרייבט:

„איך נעם זיך די אויפגאַבע אין דעם בוך צו ווייזן דעם פאָלק די היס־טאָרישע קרעפטן און אים אָנווייזן ווי אַזוי מיט זיי אומצוגיין. איך ווידמע עס דער אַרבעטזאַמער און פרוכטבאַרער מאַסע, וואָס איז אויפריכטיק, אַפילו אין איר טעות, ביז אין דער הייליקער רעבעלדיע. זי האָט אין אירע הענט איר אייגענע צוקונפט, און אויב זי פורעמט זי נישט מיט געוויסן, וועט זי מיט ווייען אַריין אין אַ פורעם, וואָס די בלינדע פאַטאַליטעט וועט איר געבן.

דער טיטל איז אַן אויסדרוק פון דער שטימונג פון אַ מענטש, וואָס זעט דאָס לעבן, נישט ווי אַ קייט, נישט ווי אַ לאָטעריע, נאָר ווי אַן אַקציע, וועלכע האָט צו זיין שכלדיק, כדי צו זיין ווירקזאַם און צום געניוס.

אויב אין אַן אָרט פון דער עקספּאָזע וועט די דאָגמע פאַרטונקלען דעם אמת, וועט דאָס זיין קעגן מיין ווילן און מחמת אין דעם מאָמענט וועט מיין קאָפּ האָבן פאַראַטן מיין האַרץ. איך האַלט נאָר פאַר עכט די טעאָריע, וואָס

קומט אַרויס ספּאָנטאַן פון די פאַקטן, אַרויסגעשטעלט איניינעם אין אַ לאָ־
גישער און היסטאָרישער אָרדענונג.

צי וועלן די דאָזיקע בלעטלעך דינען פאַר דער כוונהדיקער אויסאַרבעט
פון אונדזער קאָלעקטיווער זאַך? די אויפגאַבע איז אַזוי גרויס, אַז בלויז דער
בייטראַג פאַר רעאַליזירן איר וואָלט געווען אַ גענוגנדע פּרעמיע פאַר אַ הע־
כערע קראַפט פון מיינער.

כואַן ב. כוסטאַ״.

---

אין 1912 איז כוסטאַ אַריין אין אַרגענטינער (פעדעראַלן) פּאַרלאַמענט
אַלס דעפּוטאַט פון בוענאָס איירעס. עס איז צום ערשטן מאָל דורכגעפירט
געוואָרן ריינע וואַלן (נישט קיין שווינדלערישע און טעראָריזירטע); די ער־
שטע וואַלן לויט אַ נייעם וואַלגעזעץ — דער סאַענס פּעניעשער און מיטן
אַריינקומען פון כוסטאַן איז אין פּאַרלאַמענט געוואָרן אַן איבערקערעניש. עס
איז געקומען אַ סוף צו די דעבאַטנלאָזע זיצונגען, ווי אַלץ איז געגאַנגען ווי
געשמירט, גלאַטיק און גלייכגעשאַלטעט און די דעפּוטאַטן ווי די סענאַטאָרן
האָבן זיך געוויגט אויף די בענק און טאָמער האָט אַ „לעגיסלאַטאָר״ געבעטן
דאָס וואָרט, איז עס געווען צו זאָגן מען זאָל פאַרמאַכן די פענצטער מ׳זאָל
זיך נישט פאַרקילן, אָדער מ׳זאָל עפענען די פענצטער, כדי אויסצולופטערן
דעם זאַל, וווּ מען זיצט.

כוסטאַ, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער העכסטער הויך פון פּאָ־
ליטישן, עקאָנאָמישן און סאָציאַלן געדאַנק אין לאַנד, איז גלייכצייטיק געווען
רעוואָלוציאָנער, רעבעלדיש און ער האָט צערודערט, אויפגעוועקט און אויפ־
געהויבן דעם אַרגענטינער פּאַרלאַמענט, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין
אַ לאַנד־טריבונע, אין אַ פּלאַץ, וווּ עס ווערן עקספּאָנירט און פאַרטיידיקט
אידעען; וווּ מען איז געצווונגען צו קומען „באַוואָפנט״ מיט וויסן, מיט גע־
דאַנקען, מיט פאָרשונג און מיט דאָקומענטירטע באַווייזן צו קענען זיך באַ־
טייליקן אין די אומפאַרמיידלעכע און וואָס אַמאָל אַלץ גרעסערע דעבאַטן.
דער פּאַרלאַמענט איז געוואָרן אַ סאָציאַל־פּאָליטישער „שלאַכטפעלד״, וווּ
„לעגיסלאַטאָרן״ האָבן זיך געכאַפּט צו ברוטאַלע מיטלען, ווען ס׳האָט זיי גע־
פעלט מענטאַלע מיטלען, אָדער האָבן ריטערלעך אַרויסגערופן צו דועל, דאָס
וואָס כוסטאַ האָט אָפּגעוואָרפן אויסלאַכנדיק זיך פון דעם.

און וואָס איז שייך דער אינערלעכקייט פון דער סאָציאַליסטישער באַ־

וועגונג, טאַקע אין דער אייגענער פּאַרטיי, וואָס איז אַ לעבעדיקער אָרגאַ־
ניזם פון מענטשן, וואָס דענקען און פילן פאַרשידן אין שייכות סאָציאַליזם,
וואָס איז נישט קיין איזאָלירטע זאַך פון אַ ווייטער צוקונפט, נאָר איז ענג
פאַרבונדן מיטן מענטשלעכן לעבן פון היינט און פון דאַ. דאָס שטייט צווישן
דער פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט, גייט נישט שטענדיק ווי געוווּנטשן,
אַפילו נישט אונטער דער מייסטערשאַפט פון אַ כוסטאַ און אַזוי איז אויס־
געקומען דעם אָרגאַניזאַטאָר און גייסטיקן פירער פונעם סאָציאַליזם אין אַר־
גענטינע מיט שטילן אָבער טיפן ווײ צו זען אין 1915 די ערשטע אָפּשפּאַל־
טונג, וועלכע איז אַוועק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פאַרמירט
מיט אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס בראש אַ באַזונדערע פּאַרטיי, וואָס האָט גע־
הייסן „אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי". און באַלד אין אַ יאָר אַרום
אין 1916 אַ צווייטע אָפּשפּאַלטונג, פון וועלכער עס האָט זיך פאַרמירט מיט
כאָסע פּענעלאָן בראש אַ דריטע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אָנגערופן „אינטער־
נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי". זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן, אין עט־
לעכע יאָר אַרום, אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווי אַן אַרגענטינער סעק־
ציע פון מאָסקווער דריטן אינטערנאַציאָנאַל. און כואַן ב. כוסטאָ דער גרינ־
דער און באַגרינדער פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, איר
אָרגאַניזירער און איר פירער; דער מייסטער (פון סאָציאַליסטישן ווערק אין
לאַנד), ווי כוסטאָ ווערט מיט ליבשאַפט און רעספּעקט אָנגערופן פון די סאָ־
ציאַליסטן פון אַלע שאַטירונגען, האָט אין 1921 געזען אַ דריטע אָפּשפּאַל־
טונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס איז געשען נאָך אַ ספּעציעלן
לאַנד־קאָנגרעס פון דער פּאַרטיי, וועלכער איז פאַרגעקומען אין באַהיאַ
בלאַנקאַ צו באַהאַנדלען די מאָסקווער 21 פּונקטן, וועלכע מען האָט געמוזט
אָננעמען, כדי אָנגעשלאָסן צו ווערן אין „3טן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָ־
נאַל" (וועלכער האָט זיך שפּעטער אָנגערופן „קאָמוניסטישער אינטערנאַ־
ציאָנאַל") און לויט וועלכע כוסטאָ האָט געמוזט אויסגעשלאָסן ווערן פון דער
אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי... דער קאָנגרעס האָט דורך זיין מער־
הייט אָפּגעוואָרפן די 21 מאָסקווער פּונקטן און די פּאַרטיי איז געבליבן
אידעאָלאָגיש, טעאָרעטיש און פּראַקטיש אַ סאָציאַליסטישע. אָבער די מינ־
דערהייט (און אַ גרויסע) האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער פּאַרטיי. קיין פערטע
פּאַרטיי איז פון דער דריטער אָפּשפּאַלטונג נישט אַרויסגעקומען. אַ טייל
איז אַוועק צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און די אַנדערע זענען געבליבן
פּאַרטייל־אָז.

און דאָס איז געווען די דריטע אָפּשפּאַלטונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אָבער נישט די לעצטע. אין 1926 איז דורכגעפירט געוואָרן די פערטע אָפּשפּאַלטונג, אויב זי איז נישט געווען אַזאַ קוואַנטיטאַטיווע ווי די דריטע, איז זי געווען די קוואַליטאַטיווסטע: עס איז מיט איר אַוועק אַ גרופּע פון 10 דעפּוטאַטן, אינטעלעקטואַלן, אַקטיוויסטן און פירער, ווי אַנטאָניאָ דע טאָמאַסאָ, פעדעריקאָ פּינעדאָ, אַגוסטאָ בונכע, זשוסטי. פון דער פערטער אָפּשפּאַלטונג איז באַלד אַרויסגעקומען אַ פּאַרטיי מיט אַ פּאָליטישן פּאַרנעם. זי האָט זיך גערופן „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי". זי האָט פּאַר־מירט אַ קאָנקאָרדאַנץ מיט דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי און איז אַריין מיט אירע מיניסטאָרן אין די רעגירונגען פון די גענעראַלן אוריבורו און אוגוסטאָ כוסטאָ.

מיר האָבן נאָר דערמאָנט די שפּאַלטונגען, אָדער אָפּשפּאַלטונגען פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי — אַקצידענטן אויף די וועגן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס פאַרווונדן, טאָן־ווייי און לאָזן זיך שפּירן אין דעם לעבן פון דעם מענטשן ווי כוסטאָ, וועמענס לעבן עס איז דאָס לעבן פון סאָציאַליזם אין לאַנד און אין אַמעריקע.

---

אויפן צווייטן יאָר נאָך דער פערטער שפּאַלטונג פון דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי, דעם 8טן יאַנואַר 1928, איז כוסטאָ געשטאָרבן. דאָס איז געשען אין לאָס קאָרדאַלעס — אין אַ פעלדישן גוט, נישט פּונקט אויף דעם אָרט ווו ער איז געבוירן, אָבער אויך אין פעלד, אין אַ קליינער, נאָר בליִענ־דער און צעוואַקסענע פעלדווירטשאַפט, ווו כוסטאָ האָט ליב געהאַט צו לעבן.

דעם 9טן יאַנואַר איז געווען די לוויה, אין קרעמאַטאָריום פון טשאַקאַ־ריטאַ. איידער די פלאַמען פונעם פייער האָבן אַרומגענומען דעם טויטן קער־פּער פון אומשטערבלעכן כואַן ב. כוסטאָ, האָט זיין יוגנט חבר דער וועטע־ראַן ניקאָלאַס רעפּעטאָ גערעדט אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און ער האָט געזאָגט:

— איך דערפיל די ווייטיקלעכע אויפגאַבע צו געזעגענען זיך מיט אונדזער געליבטן מייסטער איידער זיין לייכע ווערט איבערגעגעבן צו די פלאַמען פון פייער.

די דאָזיקע עקזיסטענץ, צו וועלכער עס איז געקומען אַ סוף אין איר

מאַטעריעלן אַספּעקט, האָט נישט געקענט זיין קיין בעסערע. זי איז געווען
ווי איינע פון יענע פליִענדע פיגורן, וואָס פליט הויך נישט צו דערוויטערן
זיך פון די מאַסן, נאָר אויפצוהייבן זיי מיט זיך צו דער הייך פון שעפעריש־
קייט. כוסטאָ איז געווען שטענדיק און אומעטום אַ באַנייער און אַ שאַפער.



ענריקע דיקמאַן אין יאָר 1949

# ענריקע דיקמאַן

איידער איך בין געוואָרן אַ פּאַרזייער פון אידעען,
בין איך געווען אַ פּאַרזייער פון קאַרטאָפל, פון ווייץ
און פון קאָקורוזע.

ענריקע דיקמאַן

ענריקע דיקמאַן איז געבוירן געוואָרן אין אַ „פאַרלוירענעם דאָרף" — ווי ער אַליין שרייבט אין זיין בוך „זכרונות פון אַ סאָציאַליסטישן מיליטאַנט" צו זיין ווערן 75 יאָר אַלט — אויפן צפון פון צאַרישן רוסלאַנד, צווישן לעט־לאַנד, ליטע און ווייסרוסלאַנד, אין דער געגנט פון באַלטישן ים, נישט ווייט פון דער שטאָט ריגע, ווו אפנים, ייִדן איז דערלויבט געווען צו וווינען.

דאָס איז געשען אין דעצעמבער 1874. עלף יאָר נאָך דער באַפרייאונג פון דער שקלאַפעריי פונעם רוסישן פויער.

זיי זענען געווען צוועלף קינדער. אַכט געשטאָרבן און 4 האָבן געלעבט. ענריקע, וועלכער האָט דאָרט ביי דער ייִדיש־רעליגיעזער פאַמיליע אפשר געהייסן הירשל, איז געווען איינער פון די פיר, וועלכער האָט שפּעטער אינעם אַרגענטינער פאַרלאַמענט, זייענדיק אַרויסגערופן פון די פאַלשע פאַטריאָטן, זיך דערקלערט פאַר אַ „בן ישראל", וועלכער גיט נישט קיין באַדייט דאָס לאַנד פון איינעמס געבורט, מחמת דער געבורט פון אַ קינד איז נישט מער ווי אַ באַטירלעכע זאַך, וואָס געשעט אָן דעם ווילן פונעם קינד, אָבער אין קעגנזאַץ האָט אַ באַדייט די אַדאַפּטאַציע פון אַ לאַנד, די וואָלונטאַרישע איינ־וואַנדערונג, דער פרייער ווילן פון איינעם, וועלכער קומט צו באַזעצן זיך, צו לעבן, זייענדיק פון ערשטן טאָג אָן פאַראינטערעסירט דאָס לעבן זאָל זיין וואָס בעסער און שענער.

ווי דיקמאַן דערציילט אַליין שטאַמט ער פון אַ משפחה פון רבנים,

גרויס־רבנים, למדנים, תלמידי־חכמים, גמרא־קעפּ. זיין טאַטע איז שוין קיין רב נישט געווען, אָבער אַ פרומער און תורה־ייִד איז ער אויך געווען און אין דעם גייסט האָט ער געלערנט און דערצויגן זיינע קינדער. קנאַפּ פּרנסה איז געווען פון אַ סך אַרבעט, פעלד־אַרבעט. קולטיווירט אַ קליינעם גוט, אָבער אַזוי ווי די פּרוכט פון דער דאָזיקער אַרבעט איז נישט גענוג געווען מאַטעריעל און גייסטיק צו באַשפּייזן און באַקליידן אַ ייִדישע משפּחה, האָט מען זיך אויך פאַרנומען מיט מסחר: צוגעהאַנדלט מיט תבואה און מיט האָלץ.

די דערציִונג האָט מען זיך אַליין געגעבן, נאָר די בילדונג האָט מען באַקומען פון אַ מלמד. קיין שול איז אין דאָרף נישט געווען, קיין „חדר" אויך נישט. דער מלמד איז געווען מיט עסן און מיט שלאָפן און פאַר אַ געהאַלט פון 5 ביז 6 רובל אַ חודש. אַזוינע זאַכן ווי די לאַנדשפּראַך, געאָגראַ־פיע, געשיכטע, מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסנשאַפט האָט מען נישט געדאַרפט לערנען. (פרומע האָבן דאָס נישט געטאָרט לערנען), אָבער דעם מלמד האָט נישט געפעלט וואָס צו לערנען מיטן תלמיד; ער האָט אים געהאַט צו לער־נען „ייִדישקייט" — „זיין אַ ייִד" האָט עס געהייסן און אין דעם איז אַריינ־געגאַנגען דער לימוד פון אַלף־בית ביז גמרא.

דיקמאַן האָט אָנגעהויבן די דאָזיקע לערע אין זיין 4־יאָריקן עלטער. ווען ער איז אַלט געוואָרן 7 יאָר האָט ער געזאָגט די תורה אויסנווייניק. די הערלעכקייטן פון אירע דערציילונגען, זייער פּאָעזיע און זייער וויזיע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דעם 7 יאָריקן ייִדעלע. אָבער קיינער האָט אים נישט אַזוי אינספּירירט און באַגייסטערט ווי די נביאים, זיי האָט ער געלערנט אויך אין זיינע עלטערע יאָרן, ווען ער איז שוין אַלט געווען 12 יאָר און ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה; ער האָט זיי בעסער פאַרשטאַנען ווי די רבנים. מיט זיי האָט ער קיינמאָל נישט סימפּאַטיזירט. קיין שרעקעוו־דיקער איז ער בטבע נישט געווען, האָט ער געהאַט אַ ווידערווילן צו די רבנים, נישט געקוקט וואָס ער שטאַמט אויך פון זיי, אָבער די נביאים, וואָס מער ער האָט זיי געלייענט און געלערנט אַלץ מער האָבן זיי אים צוגעצויגן און באַצויבערט.

עס איז געווען די רעוואָלוציאָנערישקייט פון די נביאים און פון אַנ־דערע, וואָס זענען אויך געווען רעוואָלוציאָנער; זייער פריי־גייסטיקייט, זייער אמתדיקע קריטיק, זייער פּראָטעסט, זייער איינשטעלן זיך פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, זייער קאַמף פאַר אמת און פאַר אַ שענער און בעסער לעבן.

ענריקע דיקמאַן דערציילט אין זיינע „זכרונות״, אַז אין 1895 האָט ער זיך געלאָזט איינשרייבן פאַר אַ מיטגליד אין אַ סאָציאַליסטישן אַרבעטער צענטער אין בוענאָס איירעס, דאָס איז געווען אַ יאָר פאַר דער גרינדונג פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

איז דאָס אַ דאַטע ווען ענריקע דיקמאַן שוין אין עלטער פון 21 יאָר, אין אַרגענטינע, אַ סטודענט אויף מעדיצין האָט זיך פאַרשריבן פאַר אַ מיט־גליד אין אַ סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, אָבער דיקמאַן איז שוין געווען אַ סאָציאַליסט, בעת ער האָט זיך פאַרשריבן; ער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט נאָך מיט צען יאָר פריִער, אַליין נישט ווויסנדיק, אַז ער איז געוואָרן אַ סאָ־ציאַליסט; דאָס איז געשען אין זיין געבורטס־דאָרף פון צאַרישן רוסלאַנד, ווען ער איז געווען עלף יאָר אַלט און ער איז געוואָרן סאָציאַליסטיש אינספּירירט און באַגייסטערט פון די נביאים, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן און זיי ציטירט אין אַרגענטינער פּאַרלאַמענט, ווו ער איז געווען דעפּוטאַט, זיי דערמאָנט אין זיינע שריפטן און זיי ציטירט אַלס רעדנער אויף דער עפנטלעכער טריבונע אונטערן פרייען הימל. און ער האָט פאַרלענגערט די רייע פון די נביאים און די אַנדערע גייסטיקע פאָרויסגייער און פירער פון די אוראַלטע צייטן מיט די פון מיטלאַלטער און פון די מאָדערנע צייטן ביז מאַרקסן איבער דער גאַנצער וועלט און ביז כוסטאָן אין אַרגענטינע.

חוץ אַ סאָציאַליסט (אין דער שטימונג) איז ענריקע דיקמאַן, אין זיינע קינדער־יאָרן, אין דאָרף צווישן לעטלאַנד, ליטע און ווייסרוסלאַנד, שוין אויך געוואָרן וועלטלעך. דאָס איז געשען ווען ער האָט זיך געדאַנקלעך פאַרבונדן מיט דער ווויסנשאַפט, אָנהייבנדיק מיט דער לעקטור פון אַסטראָנאָמיע, וואָס האָט אים נישט געזאָגט ער זאָל אויפהערן גלייבן אין גאָט און אין בלינדן גלויבן בכלל, נאָר האָט אים געעפנט דעם מוח און די אויגן און ער האָט זיך דעצידירט אויף אַ וועלטלעכע ריכטונג אין זיין ווייטערן לעבן. ער איז איבערגעגאַנגען אויף וועלטלעכער בילדונג, וואָס ער האָט געמוזט טאָן אין געהיים, די פרומע ייִדיש־רעליגיעזע עלטערן האָבן פון דעם נישט געדאַרפט וויסן. און ער האָט אָנגעהויבן מיט לערנען זיך אַליין און צוגרייטן זיך צו דער מלוכה־שול, צו דער גימנאַזיע.

די גימנאַזיע איז געווען אין דער שטאָט צען קילאָמעטער פון דאָרף. צוגעגרייט איז דיקמאַן אַליין אָן דעם וויסן פון די עלטערן געגאַנגען צופוס

אין גימנאַזיע, געגעבן איינטריט עקזאַמען. אויפגענומען געוואָרן און געווען דער בעסטער שילער.

ערשט צום סוף פון דער גימנאַזיע האָבן זיך די עלטערן דערוווּסט פון דער פאַרשווערונג און — עס האָט זיך געטאָן חושך.

ענריקע, וועלכער איז שוין אַלט געווען 12 יאָר האָט איבערגעריסן מיט זיינע עלטערן.

***

אַרום דער צאַרישער מאַכט איז אָנגעגאַנגען אין יענע סוף ניינציקער יאָרן אַ סיסטעמאַטישע טעראָריסטישע באַוועגונג, אָנגעפירט פון דער רעוואָ־לוציאָנערער פאַרטיי „נאַראָדנאַ וואָליאַ". עס איז געווען דער צוועק דורכצו־פירן אַטענטאַטן אויף די שפּיצן פון דער מאַכט אַזוי — ביז דעם צאַר אַליין.

דער באַשטימטער טעראָר איז געווען אַן אויסדרוק פון שוואַכקייט און פאַרצווייפלונג. דאָס איינציקע וואָס מען איז אויסן געווען צו דערגרייכן, איינשטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן, איז געווען אַן אויפרודערונג פון פאָלק און אַ צערודערונג פון דער מאַכט.

דאָס וואָס איז געווען צו דערוואַרטן איז באַלד געקומען. אַ סך מער ווי מ׳האָט דערוואַרט. עס האָט זיך צעכוואַליעט אַ בלוטיקע טעראָריסטישע רעאַקציע מיט מער פאַרפאָלגונגען אויף ייִדן אַלס ייִדן מיט דער רעגירונגס־פּאָליטיק אָפּצוצי׳ען אויף עמיצן דעם צאָרן.

עס האָט זיך דעמאָלט שוין אָנגעהויבן אַ ציוניסטישע באַוועגונג. דער 12 יאָריקער דיקמאַן האָט זיך שוין דעמאָלט געטראָגן מיטן געדאַנק צו אַנט־לויפן פון רוסלאַנד. דער ציוניזם, אויף וויפל ער האָט געהאַט צו טאָן מיט אויסוואַנדערונג און איינוואַנדערונג אין אַ אייגן לאַנד, האָט ער ענריקע דיק־מאַנען פאַראינטערעסירט. אָבער קודם־כּל איז ער אַוועק פון זיין דאָרף און פון דער שטאָט צען קילאָמעטער פון דאָרף און ער האָט גענומען שפּאַנען איבער דער גרויסער רוסישער אימפּעריע, פאַרדינענדיק זיך אויפן וועג דאָס שטיקל ברויט אַלס אַ שיקייִנגל. אַזוי איז ער געקומען קיין אָדעס. בענטער צום ציל: ארץ ישראל.

דער 13 יאָריקער וואַנדערער ענריקע דיקמאַן האָט עפּעס געוווּסט פון זיינעם אַ פעטער אין פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע: יעקב אָדער דזשייקאָב דיקמאַן דעם טאַטנס אַ ברודער. ער האָט געוווּסט, אַז דער פעטער

איז אין אַמעריקע אַן אַרויפגעאַרבעטער און עס איז אים גוט. זיינער אַ זון האָט געמאַכט אַ מיליטערישע קאַריערע און דערגרייכט צו גענעראַל (ער איז אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין ניו־יאָרק איז דאָ אַ גאַס אויף זיין נאָמען), אָבער ענריקע איז שוין געווען אַ ציוניסטישער ייִד און ער האָט זיך דעצידירט אויף ארץ ישראל.

פון אָדעס ביז יאַפע איז נישט אַזוי ווייט און ער האָט זיך אַריינגעקראָגן אין אַ שיף און געפאָרן אין „הייליקן לאַנד" ווי אַ „בלינדער פּאַסאַזשיר".

אָבער דאָס „הייליקע לאַנד" (דיקמאַן האָט שוין אָנגעהויבן ריידן מיט דער שפּראַך פון דער עוואַנגעליע) איז געווען ביים טערק אין די הענט און פּונקט אין יענעם מאָמענט ווען דיקמאַן האָט זיך דעצידירט אויסצוואַנדערן פון צאַרן־לאַנד און איינצוּוואַנדערן אין „ארץ־ישראל", אין דעם — „לשנה הבאה בירושלים" — וועגן וואָס ער האָט זיך אַזוי פיל אָנגעלייענט, אָנגעלערנט און אָנגעדאַוונט, האָט די טערקישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס פאַרבאָט ייִדן איינצוּוואַנדערן אין פּאַלעסטינע. און אין יאַפע, וואָס איז געווען אַ טערקישער פּאָרט פון פּאַלעסטינע, ווי די טערקן האָבן גערופן ארץ־ישראל, האָט מען דיקמאַנען נישט אַראָפּגעלאָזט און מ'האָט אים צוזאַמען מיט אַלע ייִדן, וועלכע זענען געקומען מיט דער זעלבער שיף, איבערגעזעצט אויף אַן אַנדערער שיף, וואָס איז געגאַנגען קיין אַלעקסאַנדריע, עגיפּטן, אָדער — מצרים.

דיקמאַן איז דעמאָלט אַלט געוואָרן 14 יאָר ווען ער האָט זיך דערזען אין דעם לאַנד פון די פּיראַמידן מיט אַ צעשלאָגענער פאַנטאַזיע, אַן אַ פּשוטער היים, אַן אַ גראָשן ביי דער נשמה און דאָס געזונט איז אויך נישט מיט אַלעמען. וואָס טוט מען? וווּ־אַהין גייט מען? ער האָט געזוכט ביי וואָס עס איז עפּעס צו פאַרדינען און ער האָט געפונען אַרבעט ביי רייניקן און גראָבן קאַנאַלן ביים נילוס, ביי ענגלענדער נאָנט פון אַלעקסאַנדריע.

לאַנג האָט ער נישט באַוויזן צו אַרבעטן. ער איז קראַנק געוואָרן און זייענדיק אין שפּיטאָל, אַנטוישט און האָפענונגסלאָז, אַפילו נישט געווען קעגן וועמען צו קעמפן, האָט דיקמאַן באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד. ער איז אַרויס פון שפּיטאָל און איז אַרויף אויף אַ לאַסטשיף, וואָס איז געגאַנגען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל די הויפּטשטאָט פון טערקיי. אויף דער שיף, וואָס איז געגאַנגען 20 טעג פון אַלעקסאַנדריע ביז קאָנסטאַנטינאָפּאָל (מער געשטאַנען

אין די פּאָרטן ווי געגאַנגען) איז דאָס יינגל דיקמאַן אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ געהילף פונעם קעסל־הייצער. פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל ביז אָדעס גייט שוין אַ דירעקטער וועג איבערן שוואַרצן ים, אָבער דיקמאַן איז געבליבן אין טערקיי. ער האָט נישט געהאַט קיין דאָקומענט צו קאָנען פאָרן קיין רוסלאַנד.

**
*

עס איז געווען אָנהייב 1890. אין דער טערקישער הויפּטשטאָט האָט מען אין אַ ייִקאַ־ביוראָ איינגעשריבן יידישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד צו שיקן זיי קיין אַרגענטינע אויף קאָלאָניזאַציע. עס האָבן זיך פאַרשריבן פינף טויזנט רוסישע יידן. דיקמאַן צווישן זיי. נישט אַלע, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן האָט מען באַלד געשיקט. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ סעלעקציע. דיקמאַן איז גע־ווען פון די מזלדיקע: מ׳האָט אויסגערופן זיין נאָמען. ער האָט זיך פּרעזענ־טירט. אַז מ׳האָט דערזען דעם „פּאַרשוין", וואָס גייט פאָרן אין עק וועלט צו קולטיווירן ווילדע פעלדער; אַ יינגל פון 14 יאָר, אַליין, וואָס גייט נישט אַריין אין די באַדינגונגען קאָלאָניזירט צו ווערן, איז געווען אַ פראַגע: שיקן אים קיין אַרגענטינע אָדער אים נישט שיקן. דער ראַט וועגן דעם איז געפירט געוואָרן אין דייטש, אָבער וועלכער יידישער ייד האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען קיין דייטש? האָט ער מיט האַרצקלאַפּעניש און פרייד געהערט ווי ער ווערט דאָך אָנגענומען און ער איז געווען איינער פון די 750 יידן, וועלכע די ייִקאַ־ביוראָ אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט געשיקט אויף אירע קאָסטן קיין אַרגענ־טינע פאַר דער ייִקאַ־קאָלאָניזאַציע, וועלכע האָט זיך ערשט געדאַרפט אָנהייבן.

אַ לאַסטשיף האָט זיי געפירט איבערן מיטללענדישן ים קיין מאַרסעל. אין דער פראַנצויזישער פּאָרט־שטאָט זענען די 750 יידן — מענער און פרויען, קינדער און זקנים — אַלע צוזאַמען מיט די וואַנדער־פּעקלעך אויף די פּלייצעס — געגאַנגען און געקרייצט די שטאָט פון פּאָרט ביז דער באַנ־סטאַנציע. עס איז געווען דער סימבאָל פון אַן עקזאָדוס פון פאַרפאָלגטע אין דעם צאַרן־לאַנד פון דער אַלטער וועלט אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד פון דער נייער וועלט. אַ פראַנצויזישע באַן האָט זיי געפירט קיין באָרדאָ, וואָס איז אַ פּאָרט צום אַטלאַנטיק, ווו עס האָט זיי אויפגענומען די פראַנצויזישע שיף „פּאַמפּאַ".

נישט נאָר יידן זענען געפאָרן אויף דער „פּאַמפּאַ" זוכן אַ בעסער לעבן אין דער נייער וועלט, אין אַמעריקע! עס זענען אויך געפאָרן אין די מאַסן,

מער נאָך ווי ייִדן, שפּאַניער און איטאַליענער. עס זענען אויך געפאָרן מענטשן פון פאַרשידענע אַנדער'ע לענדער און פעלקער. מער פון דריי טויזנט מענטשן פון דער אַלטער וועלט האָט די „פּאַמפּאַ" איבערגעטראָגן אין דער נייער וועלט. עס זענען נישט געווען קיין טוריסטן. אַלע, אויסער די אין די כמעט ליידיקע ערשטע און צווייטע קלאַסן, זענען געווען עמיגראַנטן, אומפאַרמעג־לעכע פאָלקס־מענטשן, פּראָלעטאַריער.

עטלעכע און צוואַנציק טעג איז די „פּאַמפּאַ" געגאַנגען און זיך געוויגט און געוואָרפן אויף די כוואַליעס פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.

דיקמאַן האָט זיך איינגעלעבט אין דעם געמיינזאַמען לעבן פון דער שיף, טאָג איין טאָג־אויס צווישן הימל און וואַסער, מיט ברייטע ימישע האָ־ריזאָנטן, מיט צויבער דעמערונגען ביי זונאויפגיין און זונפאַרגייַן. און ער האָט זיך געפילט פריי און עס האָט אים געפרייט דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און ראַסן אין דער נייער וועלט, וואָס אין מיניאַטור האָט זיך עס שוין געזען אויף דער שיף.

סוף נאָוועמבער 1890 איז די „פּאַמפּאַ" אַריין אין די וואַסערן פונעם ברייטן ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און אַראָפּגעלאָזט די אַנקערס אין פּאָרט פון בוע־נאָס איירעס.

דיקמאַן מיט זיינע 15 יאָר לעבן און איבערלעבונגען פון 50 איז אַראָפּ מיט שטימונג אויף דער אַרגענטינער ערד, ווו ווי ער שרייבט: „האָט מיך קיינער נישט געפרעגט ווער איך בין, פון וואַנען איך קום. עס איז גענוג געווען דאָס זיין אַ מענטש, כדי צו ווערן האַרציק און ווירדיק אויפגענומען. כ'בין אַלט געווען 15 יאָר און כ'האָב געפילט אין יענעם מאָמענט אַ אינטי־מע און טיפע אינטויציע צו דעם נייעם פאָטערלאַנד, אין וועלכן איך האָב זיך אייגנווילליק און פריי איינקאָרפּאָרירט און ווען איך בין געווען גרייט צו דינען גייסטיק און מאַטעריעל. און אין מיינע אויערן האָט געקלינגען דאָס קול פון דער אומענדלעכער פּאַמפּאַ: געבענטשט זאָל זיין דיין קומען!"

**
*

די „פּאַמפּער" ייִדן האָט מען, ווי אַלע אימיגראַנטן, קודם־כל אַריינגע־נומען אין מלוכהשן אימיגראַנטן־האָטעל. די ייִקאַ האָט נאָך נישט געהאַט צוגעגרייט דאָס קאָלאָניזירן די געקומענע. אין אימיגראַנטן־האָטעל האָט זיך פאַרשפּרייט אַן אויסגעטראַכטע נישט געשטויגענע נישט געפלויגענע מעשה,

אַז די ייִדן וועט מען אַוועקפירן אין די אורוועלדער פון טשאַקאָ און דאָרט זיי פאַרקויפן ווי שקלאַפן. ווי אומגלויבלעך די מעשה זאָל נישט האָבן געווען, האָט זי זיך דאָך מיט שרעק געלייגט אויפן געמיט פון די „פּאַמפּער“ ייִדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ באַוווסטלאָזער סיטואַציע.

פאַרדרוס, געשרייען, אַנטוישונג און פּראָטעסטן האָבן אין כאַאָס געשאַפן דעם אָנהייב פון אַ אויפברויז, וואָס האָט אויך אַריינגעצויגן דעם 15 יאָריקן דיקמאַן און אים געשטעלט בראש פון דער באַוועגונג.

די „פּאַמפּער“ זענען אַרויסגענומען געוואָרן פונעם אימיגראַנטן־האָטעל און זענען פון דער אַרגענטינער ייִקאַ־אַדמיניסטראַציע אַוועקגעפירט געוואָרן אויף דער פּלאַזש פון אַטלאַנטישן אָקעאַן, ווייטער פון מאַר דעל פּלאַטאַ, נאָענט פון מיראַמאַר, אויף אַן אָרט, וואָס הייסט מאַר דעל סוד און ווו עס איז געווען אַ פאַרלאָזטער האָטעל, וואָס האָט געהייסן אויף פראַנצויזיש „בולוואַר אַטלאַנטיק“.

דאָ זענען זיי געווען דריי חדשים. ענריקע דיקמאַן מיט זיי. עס זענען געווען די דריי אַרגענטינער זומער חדשים, פון דעצעמבער ביז מערץ. ייִקאַ האָט געגעבן עסן; דער ים, די זון און דער הימל האָבן געגעבן בעדער און געשלאָפן האָבן אין פּאַלאַטקעס די בחורים, וועלכע האָבן דאָס בעסער געוואָלט איידער אין דער ענגשאַפט פון האָטעל.

דיקמאַן האָט נישט געקאָנט גאָרנישט טאָן. ער האָט געכאַפּט פיש אין ים, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטילט, איז ער געגאַנגען זוכן אַרבעט אין די נאָענטע לאַנדווירטשאַפטן און אין שטעטל מיראַמאַר און ער האָט אומעטום געפונען וואָס צו טאָן אויף אייניקע טעג. ער האָט נישט איבערגעקליבן. אַלץ וואָס מ'האָט אים געגעבן צו טאָן, איז געווען אָנגענומען און דעם לוין וואָס מען האָט אים געצאָלט (ביז אַ פּעזאָ מיט פופציק סענט אַ טאָג מיט עסן) האָט אים אויסגעוויזן צופיל. אָט האָט ער 15 טעג (אַ „קינסענאַ“) געקאָפּעט קאַרטאָפל אויף אַ פעלד ביי מיראַמאַר, ווו ער האָט „נאַר“ געאַרבעט פון זונאויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג. חוץ עסן און שלאָפן האָט ער פאַרדינט מער פון 20 פּעזאָס. פאַר דעם געלט האָט ער זיך באַקליידט. אין אַ טאָג איז ער אַוועק אין שטעטל מיט די עטלעכע און צוואַנציק פּעזאָס אין קעשענע. ער איז אַריין אין אַ „פּאַנדאַ“, אָפּגעגעסן, צוגעטרונקען וויין און צוגעגעסן קעז מיט „דולסע“ (מאַרמעלאַד). נאָכדעם איז ער אַריין אין אַ געוועלב „דע ראַמאָס כענעראַלעס“ (פון אַלערליי זאַכן) און זיך געקויפט: אַ פּאָר „אַלפּאַרגאַטן“

(לייוונטענע שיך מיט שטריקענע פּאָדעשוועס); אַ פּאָר „באָמבאַטשעס" (אַזוי־נע ברייטע הויזן מיט מאַנקעטן צו פאַרקנעפּלען אונטן אויף די פיס); אַ גרויס טיכל צו טראָגן אויפן האַלדז ווי די גאַוטשעס (פעלד־מענטש) און אַ „טשאַמ־בערגאַ" (אַזאַ ווייכער טוכענער קאַפּעלוש) און עס איז אים נאָך געבליבן געלט אין קעשענע.

דאָס גיין אַרבעטן אין די לאַנדווירטשאַפטן („טשאַקראַס") האָט דיק־מאַנען געטויגט צו פאַרדינען אַ ביסל געלט און צו באַקענען זיך מיט דעם שטייגער לעבן אין דעם נייעם לאַנד און טאַקע אַליין דאָס אַנהייבן מיט־צומאַכן.

סוף מערץ 1891 האָט יִיקאַ אַרויסגעפירט די „פּאַמפּער" ייִדן פון מאַר דעל סוד און זיי אַוועקגעפירט קיין ענטרע ריאָס. פון דער שיף, וואָס האָט זיי געפירט אויפן טייך אורוגוויי, זענען זיי אַראָפּ אין דער פּאָרט־שטאָט קאָנ־סעפּסיאָן דעל אורוגוויי און דאָ געבליבן וווינען אין אַפּגעניצטע באַן־וואַגאָ־נען ביז מ׳וועט זיי איינטיילן ערד צו קאָלאָניזירן זיך. נאָכן אָפּזיין דאָ צוויי חדשים, בעת וועלכע דער 15 יאָריקער דיקמאַן האָט געקראָגן אַרבעט ביי די באַן־וועגן, פאַרדינענדיק אַ פּעזע מיט צוואַנציק סענט אַ טאָג פאַר אַר־בעטן פון זונאויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג, האָט מען זיי איבערגעפירט קיין באַסאַווילבאַסאָ, ווו עס איז גאָרנישט געווען אויסער עטלעכע צעוואָרפענע „ראַנטשאָס" (פעלדישע כאַטעס) און אַ „גאַלפּאָן" (שייער). דאָ האָט מען צו־געוואָרט נאָך עטלעכע חדשים און באַקומען דעם איינדרוק פון געפינען זיך אין אַ גרויסן אומענדלעכן וואַרטזאַל. די ענטרע ריאָסער באַן האָט דערוויַיל פאַרלענגערט אירע ליניעס ביז וויזשאַגוויי און געמאַכט די סטאַנציע דאָמינ־געז, ווו יִיקאַ האָט שוין געהאַט געקויפט פאַר ייִדישער קאָלאָניזאַציע דריי־סיק טויזנט העקטאַר לאַנד און וואַהין מען האָט איבערגעפירט די „פּאַמפּער" ייִדן פון באַסאַווילבאַסאָ — ווידער צו וואַרטן עטלעכע חדשים קאָלאָניזירט צו ווערן.

ענדלעך איז עס געשען. אָנהייב 1892 איז דאָס געווען, ווען מען האָט יעדן פון די „פּאַמפּער" ייִדן געגעבן צו 25 העקטאַר לאַנד מיט אַ פערד, צוויי פּאָרלעך מאַנסירטע אָקסן, אַן אַקעראייזן, אַ גראַבליע, אַנדערע אַרבעט־געצייג — אַליין זיך אויפצושטעלן אַ וווינונג און אַ שטאַל פאַר די אַרבעט־זאַמע און פּראָדוקטיווע בהמות.

ענריקע דיקמאַן האָט געקראָגן די ערד אויף דעם אָרט ווו עס איז

געוואָרן די קאָלאָניע קלאַראַ. ער האָט זיך פּאַרייניקט מיט נאָך דריי בחורים, וועלכע האָבן באַקומען צו 25 העקטאַר און האָבן געמיינזאַם אין אַ פאָרם פון קעגנזייטיקער הילף באַאַרבעט די הונדערט יונגפרוילעכע פרוכטבאַרע ערד אין דעם אַרגענטינער מעסאָפּאָטאַמיע.

***

די פעלד־אַרבעט און דאָס דאָרפישע לעבן איז פאַר דיקמאַנען נישט געווען פרעמד, נאָר אַנדערש; אַן אַנדערשקייט וואָס אינטערעסירט און עמאָ־ציאָנירט, אַן אַנדערער קלימאַט — אַ וואַרעמער; פרייהייט; גלייכהייט צווישן מענטשן און צווישן פעלקער; ליכטיקע האָריזאָנטן; ברייטע אומענדלעכע פעלדער; 25 העקטאַר פאַר יעדן מענטש!

און דיקמאַן מיט זיינע חברים האָבן זיך מיט געטוס איבערגעגעבן צו דער פעלדישער אַרבעט, זי האָט נאָר פאַרנומען אַ טייל פון דער אַרבעט־צייט אין יאָר. עס בלייבט צייט צווישן דעם פאַרזיי און דעם שניט און צווישן דעם שניט און דעם נייעם פאַרזיי. עס בלייבט צייט, אין דער גרעסטער טייל פון יאָר, פאַר ליידיקגיין, אָדער פאַר אַנדערע אַרבעט, לאַנדווירטשאַפטלעכע און שטעטלדיקע. דיקמאַן האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער אַנדערער אַרבעט — אַ נייטיקע, אַ נוצליכע און אַ קאָנסטרוקטיווע.

דער פאַרדינסט פון דער אַנדערער אַרבעט: אויפשטעלן וווינונגען, האַקן סלופּעס און פאַרדראָטעווען די פעלדער; גראָבן ברונעמער און אַזוי ווייטער, איז קיינמאָל נישט איבריק ביי אַ יונגער קאָלאָניזאַציע אין דעם לאַנד, וואָס האָט געליטן פון היישעריק אָדער פון טרוקעניש, וואָס גרייפן אָן די פּראָ־דוקציע אין איר בליצייט און צושטערן טיילווייז, אָדער אינגאַנצן די פרוכט פון אַגריקולטור־יאָר.

דיקמאַן אַליין האָט צו דערציילן און דערציילט טאַקע קאָמיש־טראַגישע עפּיזאָדן ביי דער קאָלאָניזאַציע, וואָס ער האָט אויך מיטגעמאַכט און אי־בערגעלעבט.

---

עס זענען אַוועק 5 יאָר זינט דאָס יידישע דאָרפס־יינגל איז אַוועק פון דער היים פון זיינע עלטערן, וואָס איז ביז צען יאָר אויך געווען זיין היים. ער האָט יאָ געשריבן אַ בריוו ווען ניט ווען, אָבער ער האָט קיינמאָל קיין בריוו

ניט באַקומען. ערשט סוף 1892 האָט ענריקע דיקמאַן באַקומען אַ בריוו פון זיין משפחה אין רוסלאַנד. מער ווי אַ געוויינלעכער פאַמיליאַרער בריוו איז דאָס געווען אַ דערקלערונג פון אַ ווילן אויסצוואַנדערן קיין אַרגענטינע, ווייל אין רוסלאַנד איז די סיטואַציע אַלץ שווערער.

דיקמאַן האָט געטאָן וואָס ער האָט געקאָנט אַהערצונעמען זיין משפחה און אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט ער געשיקט שיפסקאַרטן און אין 1894 זענען אָנגעקומען אין אַרגענטינע זיינע עלטערן, משה און יוכבד דיקמאַן און זיינע ייִנגערע ברידער מאַקסים, אַלעקסאַנדער און אַדאָלף.

צוזאַמען מיט דער פאַמיליע דיקמאַן איז געקומען די ייִדישע פאַמיליע טשערטקאָף פון אָדעס.

עס איז פון דער דאָזיקער פאַמיליע, וואָס איין טאָכטער, מאַריאַנאַ, האָט געלעבט מיטן אַרגענטינער סאָציאַליסטישן פירער כואַן ב. כוסטאַ; די צווייטע טאָכטער פאַני האָט געלעבט מיטן סאָציאַליסטישן פירער ד״ר ניקאָלאַס רעפּעטאָ און די דריטע טאָכטער האָט געלעבט מיטן אַרגענטינער סאָציאַליסטישן פירער אַדאָלפאָ דיקמאַן.

ביידע פאַמיליעס, די דיקמאַנס און די טשערטקאָפס, באַפריינדעט און אין קרובהשאַפט זענען קאָלאָניזירט געוואָרן אין דער זעלבער קאָלאָניע קלאַראַ פון ענטרע ריאָס.

ענריקע דיקמאַן, וועלכער האָט באַנומען און זיך אויסגעטויגט צו אַלע פעלדישע אַרבעטן און טאַקע געאַרבעט אויף אַלע כלים איינצואָרדענען זיין פאַמיליע אין דער קאָלאָניע, האָט זיך שוין געמאַכט אַ פּלאַן אַוועקצופאָרן קיין בוענאָס איירעס — לערנען, וואָס דאָס איז געווען זיין גאָלדענער חלום פון קינדהייט אָן; לערנען צוליב קענען און לערנען, פון דער עלעמענטאַר שול ביז דער אוניווערזיטאַרישער צוליב אַ אוניווערזיטאַרישער קאַריערע. ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי ער וועט דאָס מאַכן, אָבער ער איז שוין געווען דעצידירט אויף דעם.

דיקמאַן איז געווען פלינק און געוואַגט צו דעצידירן און ער איז געווען אָפּטימיסטיש און עקשנותדיק צו דערגרייכן די רעאַליזאַציע פון זיינע דעציזיעס.

און אין אַפּריל פון 1895 איז ענריקע דיקמאַן אַוועקגעפאָרן פון דער ייִדישער קאָלאָניע קלאַראַ אין ענטרע ריאָס קיין בוענאָס איירעס. ער איז דעמאָלט אַלט געווען צוואַנציק יאָר.

***

פּ. וואַלד

אין יאָר 1949 ווען די אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט גע־פייערט (אָן אַ באַנקעט, דיקמאַן האָט עס נישט געוואָלט) דיקמאַנס 75 יאָר לעבן, האָב איך געשריבן:

דיקמאַן איז אַ נאָמען פונעם אַרגענטינער סאָציאַליזם, דער נאָמען קלינגט מיט דיקמאַנישע, האַרציקע, סאָציאַליסטישע רעפעראַטן און רעדעס דורכגענומענע מיט הומאָר און סאַטירע, מיט אויפריכטיקייט און געוואַגט־קייט אַרויסצוקומען — אַלץ אויף זיין אייגנאַרטיקן און אינטערעסאַנטן אופן — מיטן אמת, וואָס ער האַלט באמת, אַז עס איז דער אמת, נישט געקוקט אויף זיין פּנים, צי ער איז שיין אָדער מיאוס, אָדער אויף זיין טעם, צי ער איז ביטער אָדער זיס; רעפעראַטן און רעדעס, וועלכע ער, אַלס סטודענט, האָט אָנגעהויבן צו האַלטן, נישט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווייל די פּאַרטיי איז נאָך נישט געווען, נאָר אין יידישן אַרבעטער־פאַריין, אין בוע־נאָס איירעס, וואָס האָט אויפגעשריבן אויף זיין פאָן, אַז „די באַפרייאונג פון די אַרבעטער איז די זאַך פון די אַרבעטער אַליין" און עס איז געווען אויף סאָציאַליסטישע טעמעס, אויף וועלכע דיקמאַן האָט אָנגעהויבן עפנטלעך צו ריידן, נאָך פאַר דער אָרגאַניזאַציע פונעם סאָציאַליזם אין אַרגענטינע; נאָך פאַר דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, פון וועלכער ער איז געווען אַ מיטגרינדער, אַ פאַרגייער, אַ טריבון, אַ שרייבער, אַ דעפּוטאַט — אַ גע־זעצגעבער אין אַרגענטינער לאַנד־פּאַרלאַמענט, שטענדיקער מיטגליד, דורך פרייע מוסטערהאַפטע דעמאָקראַטישע וואַלן, אין די צענטראַלע אָרגאַניזמען פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע באַוועגונג, איינשליסלעך דירעקטאָר פון דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג „לאַ וואַנגואַרדיאַ" (וואָס האָט אין משך פון פופציק יאָר נישט געביטן איר נאָמען, ווי דאָס ווערט יאָ געטון די לעצ־טע פאַר יאָר). ענריקע דיקמאַן איז דער סאָציאַליסט אין דעם גאַנצן סאָציאַ־ליסטישן — וואָס איז געווען, און ער איז דער סאָציאַליסט אין דעם גאַנצן סאָציאַליסטישן — וואָס איז דאָ.

דאָס רייכע לעבן פון ענריקע דיקמאַן איז שטענדיק דאָס גייסטיקע דאָס אינטעלעקטואַלע, דאָס געזעלשאַפטלעכע, דאָס סאָציאַליסטישע; שטענ־דיק עמאָציאָנעל, פייערלעך, יום־טובדיק און דאָס איז דאָס לעבן פון ענריקע דיקמאַן, אין וואָס עס ווערט אויך פאַרוואַנדלט זיין אָרעם מאַטעריעל לעבן און דאָס פּריוואַטע. און דאָס סאָציאַליסטישע איז פאַר אַלץ און איבער אַלץ.

אין 1920 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די צווייטע אויפלאַגע פון ענריקע

דיקמאַנס בוך: „אידעאַס ע אידעאַלעס״, נאָך דעם ווי עס איז אויסגעשעפּט געוואָרן די ערשטע אויפלאַגע פון דעם בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין שפּאַניע אין 1914 און וואָס באַשטייט אין אַ אָפּקלייב פון שריפטן, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן צווישן 1906 און 1910. „אידעאַס ע אידעאַלעס״ — שרייבט דיקמאַן אַליין — איז אַ קאָלעקציע פון זשורנאַליסטישע אַרטיקלען און שטודיעס וועגן פאַרשידענע זאַכן, געשריבן ביים שמיד־פייער פון סאָציאַלן קאַמף, אונטערן שטאַרקן איינדרוק פון דער טאָג געשעעניש, פון דער סאָציאַלער, לאָקאַלער אָדער אוניווערסאַלער, גליקלעכער אָדער אומגליקלעכער״. שרייבן אונטערן איינדרוק מיינט נישט דווקא שרייבן פון דער געשעעניש, ווי דאָס איז אויך נישט דער פאַל פון אַזאַ נישט מאָמענטאַלע דעקלאַראַציע, ווי דאָס איז דיקמאַנס אַרטיקל אין דערמאָנטן בוך און וואָס הייסט: „ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט״ און וואָס איך בין דאָ אויסן געווען מיט די דאַטן און די ציטאַטן, וואָס זאָגן אַליין אויך שוין עפּעס. דיקמאַן שרייבט:

„איך בין געווען אַ פעלד־פּעאָן אין 1892, אין דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, געזייט קאַרטאָפל אין מאַר דעל פּלאַטאַ און אין באַלקאַרסע. איך בין געווען מויערער־פּעאָן אין מיראַמאַר . האָב געאַרבעט ביי דער רעקאָלעקציע פון קאָקורוזע (מאַיס). איך בין געווען אַ מאַנסירער פון „פּאָטראָס״ און פון „באָוויזשאָס״ (יונגע פערד און אָקסן) אין ענטרע ריאָס אין 1893. כ׳האָב געהאַקט סלופּעס אין מאָנטיעל. כ׳האָב געאַרבעט ווי אַ קוואַדריזשעד (עקיפּ, גרופּע) פּעאָן אויף דער ענטרעריאַנער צענטראַל באַן. איך בין געווען אַ טשאַקאַרעראָ (אַ לאַנדווירטשאַפטלער) אין 1894. כ׳האָב אַמאַנסירט (געלאָסן געמאַכט) אָקסן פאַרן אַקער און פאַרן וואָגן. געווען אַ קאָנסטרוקטאָר פון ראַנטשאָס, אַלאַמבראַדאָס (פעלדישע פּלויטן פון דראָט), קאַלערא, האַרקיזשעראָ און עמבאָקאַדאָר ביים טרעשן; כ׳האָב געאַרבעט פון זונאויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג פאַר 12 רעאַלעס ($ 1.20) אַ טאָג. כ׳האָב געקרייצט צופוס — מיט דעם לינזשערא (פעקל) אויפן אַקסל — איבער היפּשע טיילן פון די פּראָווינצן בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע און ענטרע ריאָס, כ׳האָב געריטן אויף ווילדע פערד און כ׳האָב געכאַפּט קאַרפּינטשאָס אויף די ברעגן פונעם גוואַלעגוויי; כ׳האָב געגעסן געבראָטנס מיט די פעל און געטרונקען פּאַראַגווייער קאַניאַ (בראָנפן).

איך האָב געקענט פּנים על פּנים די נויט, די מאַטערניש, דעם הונגער

און די קעלט. און ביי דער דאָזיקער שווערער און נאָבעלער אַרבעט האָב איך ליב געקראָגן דאָס שאַפן און איך האָב דערפילט אַ שטאַרקע סימפּאַטיע און אַ טיפע ליבע צום אַרבעטזאַמען און שאַפנדיקן פאָלק און... שוין דאַן בין איך געווען אַ סאָציאַליסט און נישט געוווּסט, אַז איך בין".

אָט דאָס דאָזיקע גאַנצע לעבן, מיט אַזוינע טיף איינגעשניטענע וואַריאַציעס, וואָס האָט, דאַכט זיך, געדויערט לאַנג־לאַנג, האָט דאָך נאָר געדויערט פון דריי ביז פיר יאָר. דעם 1טן מאַי פון יאָר 1895 קומט דיקמאַן קיין בועַ־נאָס איירעס אַ דעצידירטער אַריינצוגיין אין אוניווערזיטעט.

אפשר איז דיקמאַן באַלד געקומען פון דער יידישער ליטע אָדער ווייס־רוסלאַנד אַן אידעאַליזירטער צו פיזישער פּראָדוקטיווער אַרבעט און באַזונ־דערס צו פעלד־אַרבעט, מיט וואָס עס לאָזט זיך דערקלערן זיין אימפּעט באַלד פון דער שיף אַראָפּ אַוועקצוגיין אין פעלד, אין אַרגענטינער פעלד, ווו דאָס לעבן איז דאָך נישט אַזוי אידיליש ווי מען זעט עס אין חלום, אָבער כאָטש ער האָט נישט קיין חרטה נאָר לויב צו דער פּרוכפּערער און פּראָדוקטיווער אַרבעט, איז ער דאָך ווי אין אַ געיעג איבערגעלאָפן פון איין מין אַרבעט צו דער צווייטער, פון איין פאַך צו אַן אַנדערן; פון נאַטור־אַרבעט צו אינדוס־טריע; פון דאָמינירן פערד צו קאָנסטרוקציע; פון דאָרף אין שטעטל און גאָר־גיך אין שטאָט. אַליין מיט לייב און נשמה מיטגעמאַכט אין די דריי־פיר פליִענדיקע יאָרן דאָס לעבן פון אַן אַרגענטינער פעלד־פעאָן, אַ גאַוטשאָ, אַ טשאַקרערא, אַ שוואַרץ־אַרבעטער, אַ לינזשערא, ווי עפּעס אַ מעכטיקער אומ־רו אין אים וואָלט אים געטריבן צו אַ ציל, צו וועלכן עס ציט מיט אַלע קרעפטן. עס האָט אים געצויגן צום סאָציאַליזם.

„איך האָב זיך געפילט — שרייבט דיקמאַן — רעוואָלוציאָנער און עס האָט מיך באַהערשט אַ געוואַלדיקעליידנשאַפט צו וויסן. אין מיינע פעקלעך אַלס אַמבולאַנטישער פעאָן איז שטענדיק געווען אַ בוך און קוים וואָס איך האָב געקענט לייענען, האָב איך געלייענט ספּענסערן, דאַרווינען און מאַרקסן".

דער סאָציאַליזם ווי אַ שטרעבונג צו אַ בעסער לעבן דורך אַן אַנדערער סאָציאַלער אָרדענונג, וואָס קומט אַרויס פונעם שלעכטן לעבן אין דער פאַ־ראַנענער אָרדענונג, קומט צוזאַמען מיט אַן אינטערעס צו וויסן. עס איז דער אינטערעס צו קענען דאָס לעבן אין וועלכן מען לעבט און זיך באַקענען מיט די סאָציאַליסטישע אידעען פאַרן שאַפן די אַנדערע סאָציאַלע אָרדענונג און דער סאָציאַליסטישער וויסן איז זייער פאַרבונדן מיט אַלוויסן.

דיקמאַן דערציילט, אַז פון קינדוויַיז אָן האָט אים באַהערשט אַ שטאַרקע לייַדנשאַפט צו לערנען און צו וויסן. אַ לייַדנשאַפט, וואָס איז נישט באַפרידיקט, נאָר צערייצט געוואָרן אין פאַרלויף פון די בעסטע יוגנטלעכע און יוגנט יאָרן ביזן 20סטן לעבנס יאָר און ער דערמאָנט זיך, ווי ער האָט „גע־פילט אַ טויט־קינא צו די גליקלעכע, וועלכע זענען געגאַנגען אין שול, אין גימנאַזיעס און אין אוניווערזיטעטן. אַך, די אוניווערזיטעט! זי איז געווען דאָס דערהויבנסטע פון מיינע חלומות, די פייערדיקסטע אַספּיראַציע פון מיין לעבן". סאָציאַליזם נעמט אויך אָן אַזאַ אַספּיראַציע און ס'איז מער סאָציאַליסטיש ווי קאַריערעריסטיש דאָס לערנען צוליב וויסן און קענען, ווי דאָס איז דער פאַל ביי דיקמאַנען, אָבער זיין דראַנג צו וויסן איז אין זיין אונטערבאַוווסטזיין שוין פאַרבונדן מיט דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, וואָס האָט אים אַריינגעלייגט מאַרקסן אין זיין לינזשעראַ אויף די אַרגענטינער פעלדער. דאָן אין די סאָציאַליסטישע אָנפאַנג־יאָרן פון 1892־94, ווען „אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, אונטערן פליגל ביים רויכערנדיקן פייערטאָפּ, אָדער אין דער פאַמיליאַרער ראַנטשאַ, באַלויכטן פון אַ בלייך טרויעריק ליכט פון אַ אייל־לעמפּל, האָב איך גערעדט צו די טשאַקאַרעראָס און צו די פעאָנעס וועגן אָפּשטאַם פון דער וועלט און וועגן דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט..."

---

שוין אין דער גרויסע שטאָט פון דער... צוקונפטיקער געזעלשאַפט און אויפן וועג צום אוניווערזיטעט, געפינט זיך אונדזער ליבער דיקמאַן אין אַזאַ עקאָנאָמישע סיטואַציע, וואָס האָט אים נאָך שטאַרקער פאַרבונדן מיטן סאָציאַליזם. „איך האָב פאַרמאָגט — שילדערט ער אַליין זיין סיטואַציע — אַן אומצעברעכלעכן ווילן, אַ פיזישן געזונט אויף יעדן פּרוּוו, 25 פעזעס נאַציאָנאַלע מטבע אין קעשענע, אַ פעלדישן הוט מיט ברייטע פליגל און אַזוי באַקליידט... נישט אויף צו גלענצן אין קיין סאַלאָן" — דאָס איז געווען דער טאָג פון אָנקומען אין בוענאָס איירעס, דערנאָך דערציילט ער ווי: „איך האָב זיך אוביקירט אין אַן אויבערשט צימערל אויף דער גאַס סאַן מאַרטין אין די דריי הונדערטער. און צוליב עקאָנאָמיע בין איך געוואָרן אַ וועגעטעריאַנער. יעדן מאָנטיק געגאַנגען אין מאַרק „צענטראַל דע אַבאַסטאָ און זיך געקויפט הונדערט פּאָמעראַנצן און יעדן טאָג אַ שוואַרץ קלאַיען ברויט". מיט דעם האָט ער זיך געשפּייזט און געלערנט דעם פּראָגראַם פון דער אָנפאַנג־שול

און פון דער מיטלשול אַכצן שאָ אין טאָג. „און כדי איינשפּאָרן ליכט בין איך אַלע אויפדערנאַכט געגאַנגען לערנען אויף דער פּלאַסע, אויסנוצנדיק די עפּנטלעכע באַלייכטונג. איך האָב שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז פּאָר עפּעס צאָלן מיר דאָך שטייערן... דאָך ווייס איך נישט פונוואַנען איך האָב גענומען צו צאָלן צו צאָלן דירה־געלט, צו צאָלן פאַר עסן, קליידונג, ביכער. איך געדענק נאָר, אַז איך האָב געגעבן אַ לעקציע איינעם אַ הער אויף פראַנצויזיש אַליין נישט קענענדיק קיין אות פון מאַליערס שפּראַך, ער האָט מיר געצאָלט פּופצן פּעזעס אַ חודש און איך געדענק, אַז איינעם אַ הער, אַ זייער רייכער פאַבריקאַנט, האָב איך געלערנט אונטערשרייבן זיך, וואָס איך האָב נישט באַוויזן צו אויסצולערנען אים אין אַ יאָר צייט. אויך ער האָט מיר געצאָלט פּופצן פּעזעס אַ חודש. כ׳האָב אַמאָל פאַרטשוועקעוועט אַ באַלעבאָס פון אַ הויז און פון אַ ביליקן רעסטאָראַן... זיגד אין לעבן פון אַן אָרעמען סטודענט! אָבער שטענדיק בין איך געווען עקאָנאָמיש. פּאָר פינף פּעזעס האָב איך באַוויזן צו באַקליידן זיך: כ׳האָב געקראָגן פאַר זיי אין קאָמבאַלאַטש (אַלטוואַרג־געשעפט): אַ זשאַקעט, אַ שטרויענעם הוט (ער האָט געקאָסט זייער ביליק, עס איז געווען ווינטער), אַ פּאָר הויזן און שיך פון צוויי פאַרשידענע פּאָר פּיס און אַזוי האָב איך צום יאָר אָפּגעגעבן אַלגעמיינעם עקזאַמען אין „קאָלעכיאָ צענטראַל דע בוענאָס איירעס" מיט צען פּונקטן אין דורכשניט": (10 איז די העכסטע באַצייכענונג. ד"ה, „סאָברעסאַליענטע" — איבערגעגאַנגען).

***

דיקמאַנס חלום איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט: ער האָט אין איין יאָר אויסגעלערנט מיט דער העכסטער אויסצייכענונג דאָס, וואָס ווערט נאָרמאַל געלערנט אין עלף יאָר צייט, זעלטן גרייכנדיק צו צען פּונקטן. ער איז אַריין אין מעדיציניש פאַקולטעט פון בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט און אין דער זעלבער צייט, אָדער פריִער, איז ער אַריין אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי — ווען זי האָט זיך געהאַלטן אין גרינדן.

וואָס און ווער האָט דיקמאַנען אַריינגעפירט אין דער אַרגענטינער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג? אַ בעסער מאַטעריאַליסטיש לעבן? אַ גוט באַלוינטע שטעלע? אַ האָנאָראַר? אַ באַקוועמער און געזיכערטער לעבן?

די אַרגענטינער סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין דער געשטאַלט פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אין ווערן, האָט פאַרמאָגט נשמה און חוץ אַלערליי

אומבאַקוועמלעכקייטן און באַלדיקע געפאַרן, האָט זי דערווייל נישט געהאַט וואָס צו געבן.

דיקמאַן שרייבט: „אינמיטן יאָר 1895 בין איך אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — נאָכדעם ווי איך בין בייגעווען אַן עפנטלעכע מאַניפעסטאַציע, ווו מען האָט גערעדט רעדעס, געוואָרפן שטיינער, געטריבן מיט שווערדן, עס איז געווען אַ געיעג און אַרעסטן ,איך האָב דאַן צום ערשטן מאָל געכאַפּט מיט אַ שווערד... דער איינציקער סאָציאַליסטישער צענטער אין שטאָט איז געווען אין קעלער פון טעאַטער „אנרוביא". עס איז געווען אין דער עפּאָכע פון די טשאַקאָנס, די אינכעניעראָס און פון די לוגאָנעס. אין דעם סאָציאַליסטישן צענטער איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ. דער ענגלישער אינזשיניער הולוועי האָט גערעדט וועגן דער פּאַריזער קאָמונע. פּאָליציי־אַגענטן האָבן פּראָוואָצירט אַן אומאָרדענונג און אַרעסטירט די גאַנצע פאַר־זאַמלונג, 88 זענען מיר געווען. מיך האָט מען געפירט אין תפיסה אַריין דורך דער מיט גאָס צווישן פינף פּאָליציאַנטן מיט אַנטבלויזטע האַקמעסערס... מען האָט אונדז געהאַלטן שטרענג אומקאָמוניקירט צוויי טעג און צוויי נעכט — אין תפיסה האָב איך זיך באַקענט מיטן דאָקטער כואַן ב. כוסטאָ. מיר האָבן לאַנג געשמועסט, דיסקוטירט, איך האָב געהאַלטן אַז איך בין געוואָרן אַ סאָ־ציאַליסט, ווייל איך האָב געוואָלט פאַרטיידיקן די שוואַכע, און דער דאָקטער כוסטאָ האָט געהאַלטן, אַז ער איז אַ סאָציאַליסט, ווייל ער וויל פאַרטיידיקן די שטאַרקע". (זיי האָבן ביידע געמיינט די אַרבעטער).

דיקמאַן האָט שפּעטער אָנערקענט, אַז כוסטאָס טעזע איז די ריכטיקע, אָבער מיר ווען זיך דאָ מיט דער דאָזיקער פילאָזאָפיע נישט פאַרנעמען. דער דיספּוט פון די צוויי סאָציאַליסטישע פאַרגייער אין תפיסה ווייזט אויך אָן אויף דיקמאַנס עטישן צוגאַנג צום סאָציאַליזם, אויס טיפע, פּאַרוואָרצלטע און צעוואַקסענע שטימונגען פאַר גערעכטיקייט. „איך ווינטש אייער פּרינציפּיעלן און אידעאישן טויט דורך דער הערשנדער גערעכטיקייט און דורך דער פריי־הייט, אָבער אין קיין פאַל נישט דורך דער מאַכט און דורך געוואַלד — האָט דיקמאַן אַמאָל, מיט פופציק יאָר צוריק, געזאָגט ביי מיין אָנוועזנהייט אין אַ רעדל פון אַנאַרכיסטן אין דעם קלאַסישן „סאַלאָן" אויף מעכיקאָ 2070, נאָך אַ סאָציאַליסטישן רעפעראַט, צו וועלכן די אַנאַרכיסטן (זיי האָבן דאַן באַ־הערשט די אַרבעטער־גאַס) פלעגן געוויינלעך קומען אַראָפּצורייסן אים. דער עטישער סאָציאַליזם, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן מאַטעריאַליסטישן און

וועלכער האָט זיך ביי דיקמאַנען צעוואַקסן אין לויף פון די יאָרן, האָט אים אַריינגעפירט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. עס האָט אַוודאי אונטערגעטריבן צו דעם די פּערמאַנענץ פון דער מאַטעריעלער סיטואַציע וואָס האָט אים, אין די דויערנדיקע סטודענטישע וואַקאַציעס געטריבן „אין פעלד צו אַרבעטן ווי אַ פּעאָן ביים שניט און ביים דרעשן איבערצומאַכן מיינע פינאַנצן"... גראַדויִרט אַלס מעדיקער אין 1904 אין בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל אין פּרינציפּ, האָט דיקמאַן, איבער זיין סאָציאַליסטישער טעטיקייט, דאָס שטיק גאָלד נישט באַקומען און די פּאָליציי מיט אירע פאַרפאָלגונגען האָט אויך נישט ווייניק מיטגעהאָלפן דעם אַריינגאַנג פון די דיקמאַנס אין די פּיאָנערישע רייען פון סאָציאַליסטישן אַוואַנגאַרד „אין די ערשטע צייטן, ווען דער געזעץ פון אַרבעט־צעטיילונג איז ביי אונדז נישט געווען אין קראַפט, זענען מיר געווען די רעדנער, די זשורנאַליסטן, די אָרגאַניזירער, די מיטגלידער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און מיר האָבן ווונדערבאַר געפירט דעם פענדזל און די פּאַפּ אויף די ווענט צו קלעפּן פּלאַקאַטן... פאַרן דאָזיקן פאַרברעכן פון „עסטעטישער פאַרלעצונג האָב איך אין 1898, געהאַט פערצן איינטריטן אין די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן פון שטאָט".

דיקמאַן אַליין שרייבט: „מיין סאָציאַליזם איז אין זיין אָנפאַנג געווען אַ סענטימענטאַלער און אַ ראָמאַנטישער. אויב אין דעם אָנפאַנג גייען אַריין, נישט נאָר די סוף־יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, נאָר אויך די אָנפאַנג־יאָרן פון לויפנדיקן יאָרהונדערט, איז דיקמאַנס סאָציאַליזם שוין אויך געווען אַ פילאָזאָפישער אין יענע „העראָישע צייטן" פון ראָמאַנטישן אָנפאַנג; אַ באַדענקטער, אַ שכלדיקער, אַ געשיכטלעכער און מעדיטירטער. דיקמאַנס שריפטן דאָקומענטירן דאָס. עס זענען דאָקומענטן געשריבן אין אַ דערהויבענער, שיינער, האַרציקער דיקמאַנישער פאָרם און עס ווילט זיך זיי ציטירן. בלעטער איך די אַרגענטינער סאָציאַליסטישע בלעטער און אָט איז דיקמאַנס אַן אַרטיקל געשריבן אין יאָר 1907 און געדרוקט אין דעם „אַלמאַנאַקע סאָסיאַליסטאַ" פאַרן יאָר 1908, אַרויסגעגעבן פון דער „לאַ וואַנגוואַרדיאַ" דאַן שוין די צענטראַלע טעגלעכע צייטונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דער אַרטיקל הייסט „דער סאָציאַליזם און דאָס לעבן". ער הייבט זיך אָן אַזוי: „מענטשן קענען פאָרמולירן היפּאָטעזעס, אַנטדעקן טעאָריעס, אויסגעפינען נייע סיסטעמען, רעליגיעס, רעגירונגס־פאָרמען; זיי קענען פאַרדאַמען היינט דאָס, וואָס זיי האָבן נעכטן פאַרגעטערט; זיי קענען פאַלן אין אָפּגרונט פון

דעקאַדענץ און קאָרופּציע; זיי קענען זיין מאָדעלן פון טוגנט, פון ריינקייט, פון פיזישן און מאָראַלישן כוח; זיי קענען בייטן זייערע מיינונגען און דאָקטרי־נען, ווי דער קלאַסישער כאַמעליאָן פון דער לעגענדע בייט זיינע קאָלירן — דאָס לעבן איז שטענדיק דאָס לעבן, אומאָפּהענגיק און איבערן מענטשנס ווילן; און אַזוי ווי די גראַוויטאַציע, די וואַרעמקייט, דאָס ליכט און דער קלאַנג, פאָלגט דאָס לעבן אויך נאָך דעם אוניווערסאַלן קורס פון אומבויגזאַ־מע און אומפאַרענדערלעכע געזעצן, פאַרלירנדיק זיך אין אומבאַקאַנטע ווייט־קייטן פונעם רוים און פון דער צייט, שאַפנדיק איינס און אַ גאַנץ מיט דער אומענדלעכקייט און מיט דער אייביקייט".

און ווייטער: „געפאַלן זענען אַטען, קאַרטאַג און רוים. עס רוט אין דער טיף פון דער פאַרגעסנקייט די אַמאָליקע ציוויליזאַציע פון די כאַלדעער, עגיפּטער און פיניצער. דער אָקעאַן האָט איינגעשלונגען די מיסטעריעזע אַטלאַנטידאַ. דער וועזוביאַ האָט פאַרשאָטן פּאָמפּעי. ערדציטערניש, הוראַ־קאַנען און שטורעמס האָבן מיטגעריסן שטעט און שטעטלעך. מגיפות און מלחמות האָבן געשניטן די מענטשהייט, אָבער קיינמאָל איז דער מענטש נישט געווען אַזוי שטאַרק און מעכטיק, ווי ער איז דאָס אין דעם איצטיקן היס־טאָרישן מאָמענט.

און נאָך ווייטער: „דאָס לעבן איז אַלמעכטיק: איז דער צוועק און דער ציל פון דער שאַפונג; דער טויט אַליין איז אויך נאָר אַ פאַזע פון לעבן; אויף די קברים וואַקסן שיינע און שמעקנדיקע בלומען; דאָס לעבן פּילט אויס דעם אוניווערס".

דיקמאַן מאַכט נישט אַוועק מיט דער האַנט דעם עקאָנאָמישן קאָנצעפּט, אָבער ער האַלט, אַז „דער ביאָלאָגישער קאָנצעפּט פון סאָציאַליזם איז אומ־ענדלעך העכער פון אַלטן עקאָנאָמישן קאָנצעפּט און ער שרייבט, אַז „דער הונגער און די ליבע, די קאָנסערווירונג פון אינדיוויד און פונעם מין, זענען פאַר די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס פון מענטשלעכע קאָ־לעקטיוויטעטן און העכער פאַר זיי".

און פאָלגלעך: „אינספּירירט אין לעבן, איז דער סאָציאַליזם די ברייט־סטע און אוניווערסאַלסטע דאָקטרין, וואָס די געשיכטע האָט פאַרצייכנט. אין זיין מיט גייען אַריין אַ סך היפּאָטעזעס, טעאָריעס, שולעס. ער איז דורך דעם נישט וויניקער וויסנשאַפטלעך און אמתדיק. און די מענטשן, וואָס גייען אין זיינע רייען, קעמפן פאַר און צוליב דעם לעבן.

און צום סוף: „דאָס לעבן פּאַסט זיך נישט אַריין אין מאַטעמאַטישע פאָרמולעס. עס איז אַן אָקעאַן, וועמענס כוואַליעס עס וואַשן קאָנטינענטן. די וויסנשאַפט איז אַן אינסטרומענט. פאַרבעסערן דאָס לעבן, אינטענסיפיקירן עס, גלאָריפיקירן עס און דערהויבן עס — איז דער פּרינציפּיעלער און פונ־דאַמענטאַלער צוועק פון סאָציאַליזם".

סאָציאַליזם איז לעבן און לעבן איז אַלץ — אַזאַ דעפיניציע קומט אַרויס פון דיקמאַנס ביאָלאָגישן קאָנצעפּט פון סאָציאַליזם. עס איז אפשר אויך דאָ אַ לעבן, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט קיין סאָציאַליזם, עס האָט אָבער אַלץ צו טאָן מיט אים דיקמאַנס לעבן, אַ לעבן פון לעבנס, וואָס איז אַ קייט פון סיטואַציעס, דראַמאַטישע, קאָמישע, טראַגישע, מיט פּילפּאַך פּילבאַרע איבערלעבונגען, מיט איבערפלוסן פון געדאַנקען און געפילן אין וועלכע עס באַוועגן זיך אויך קאָנטראַסטן — ווי איך זע זיי און ווי אַנדערע קענען זיי אויך זען, — אָבער זיי גייען אויך אַריין אין דיקמאַנס לעבן אויף וויפל ער מיינט, אַז זיי זענען נישט קיין קאָנטראַסטן צום סאָציאַליזם, וואָס איז ביי אים אַ שטאַרק סענטימענטאַלער.

מיין סאָציאַליזם — שרייבט דיקמאַן אויפן לעצטן זייטל פון זיין בוך „אידעאַס ע אידעאַלעס", וואָס איז דערשינען אין 1920, איז געוואָרן וויסנ־שאַפטלעך און שכלדיק. אָבער דער סענטימענט איז געווען איז און וועט זיין דער געהיימער מאָטאָר פון מיין סאָציאַלער אַקציע.

***

עס איז געווען אין סוף יאָר 1906 אָדער אין אָנהייב 1907. די ערשטע נאָר־וואָס געשאַפענע „ביבליאָטעקאַ רוסאַ" פון די נאָר־וואָס איינגעוואַנדערטע יידישע אַרבעטער און פּראָלעטאַריזירטע אינטעליגענץ האָט דורכגעפירט, אין אַרבעטער־הויז אויף מעכיקאָ 2070, אַ טעאַטער־ספּעקטאַקל און רעפעראַט. דעם רעפעראַט האָט דיקמאַן געהאַלטן. ער האָט גערעדט אין שפּאַניש וועגן סאָציאַליזם און ציוניזם; וועגן סאָציאַליזם איז פאַרשטענדלעך, אָבער וועגן ציוניזם? דער ענין איז גאָר נישט געווען אַקטועל; די הערשנדיקע שטימונג איז געווען אַן אַנטינאַציאָנאַליסטישע, אַ קאָסמאָפּאָליטישע; זייער אַקטועל איז געווען צו רעדן וועגן אַנאַרכיזם, וועגן אַסימילאַציע, וועגן „שמעלצטאָפּ פון די ראַסן", און דאָ האָט דיקמאַן גאָר גערעדט וועגן ציוניזם... מיט יאָרן שפּע־טער אין אַן אינטימען שמועס אין זיין מעדיצינישן קאַבינעט, האָט מיט מיר

דיקמאַן גערעדט וועגן זיינע ציוניסטישע סענטימענטן, געדאַנקלעך פאַרבונדן מיט אַ משיחן; מיטן „ובא לציון גואל"; מיט דער תורה און מיט די נביאים פון איין זייט און מיטן אַנטיסעמיטיזם, אויסנאַם־געזעצן קעגן ייִדן און פּאָגראָמען — פון דער צווייטער זייט; סענטימענטן, מיט וועלכע ער איז אַוועק פון צאַרישן רוסלאַנד קיין „ארץ ישראל". די רעגירונג פון טערקיי, צו וועמען עס האָט געהערט פּאַלעסטינע, האָט נישט דערלויבט קיין איינוואַנדערונג אין „ארץ ישראל". און דעריבער איז ער אויך פאַרהאַלטן געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אָדער סטאַמבול פון וואַנען ער איז געקומען אַהער אין אַרגענטינע מיט זיינע ציוניסטישע סענטימענטן אין דערמאָנטן ביבלישן באַפרייערישן גייסט. אָדער ביבלישן סאָציאַליזם. דער טערק האָט געקאָנט שטערן צו קומען קיין ציון, אָבער מיט שטערן טויט מען נישט קיין סענטימענט, נאָר מען פאַרשטאַרקט אים. האָט אפשר דיקמאַן געוואָלט פאַר אַ ייִדישן אוידיטאָריום אויסדריקן זיין ציוניסטישן סענטימענט אין פאַרבינדונג מיט זיין סאָציאַליסטישן. אפשר, ווייל ווער האָט דען דעמאָלט אויף יענער אונטערנעמונג מיט אַן אוידיטאָריום פון נאָר־וואָס איינגעוואַנדערטע, פאַרשטאַנען אַ רעפעראַט אויף שפּאַניש? מען האָט געוווסט וועגן וואָס דיקמאַן האָט גערעדט. אָבער מען האָט נישט געוווסט וואָס.

און דיקמאַן האָט שוין דאַן פּרינציפּיעל און אידעיִש נישט גערעדט אויף ייִדיש. אין זעלביקן יאָר, געדענקט זיך, אַ גרויסער מיטינג אינעם צירק „אַנסעלמאַ" וועלכער איז געשטאַנען אויף לאַוואַזשע און לאַרעאַ, גרויס און אָנגעפּאַקט מיט אַ מאַסע ייִדישע פאָלקס־מענטשן און אַרבעטער, ווער איז דאָס נישט געגאַנגען אויף אַ מיטינג, ווו דיקמאַן האָט גערעדט! אָבער דיקמאַן האָט דאָ ווידער אויף אַ פּילבאַרן אופן מאַניפעסטירט זיין נעגאַציע צו ייִדיש. די פאַרזאַמלטע מאַסע, 95 פּראָצענט פון איר ייִדן, וועלכע האָבן נאָך גאָרנישט פאַרשטאַנען קיין שפּאַניש, האָבן אין איין קול געשריען: ייִדיש! ייִדיש! נאָר באַלד ווי דער עולם האָט זיך איינגעשטילט, האָט דיקמאַן פאָרגעזעצט זיין רעדע אין שפּאַניש. דיקמאַן האָט אַוודאי געוואָלט אַז אַלע זאָלן אים הערן און פאַרשטיין און נישט נאָר פינף פּראָצענט, אָבער דיקמאַן איז שטאָל און אייזן פאַר זיינעם אַ אָנגענומענעם פּרינציפּ; פאַר זיינער אַ געשאַפענער אָדער אָנגענומענער אידעע.

אין דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאַנואַר פון יאָר 1907, אין

בוענאָס איירעס, האָט זיך געשאַפן אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן דער בונדיס־טישער אידעאָלאָגיע און אָריענטאַציע, דאָס זענען געווען ייִדן, וואָס האָבן גערעדט רוסיש און וועלכע האָבן דאָ געזען אָנצוהאַלטן די שטעלונג פון דער גרופּע „איסקראַ" פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין* רוסלאַנד, איז געקומען צו אַ פּרינציפּיעלן און אידעאָלאָגישן קאָנפליקט, אין וועלכן עס האָט אינטערווענירט, אויפן פּאַרלאַנג פון „אַוואַנגאַרד", די אַר־געַנטינער סאָציאַליסטישע לאַנד־פּאַרטיי, דורך איר עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. מיט זעלטענע אויסנאַמען האָבן די מיטגלידער פוןביידע פראַקציעס נישט גערעדט קיין שפּאַניש, נאָר נאַטירלעך און פּרינציפּיעל ייִדיש און רוסיש. האָט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פאַר־שטענדלעך, דעליגירט דעם ד"ר ענריקע דיקמאַן. ער איז געווען דער איינ־ציקער ייִד אין עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און מחמת ער האָט געקענט ייִדיש און רוסיש. דיקמאַן האָט אין דעם פאַל גאָרנישט געהאַט צו רעדן, נאָר צו הערן און ער איז געקומען אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס, דעבאַטן און ער האָט געהערט זייער גוט, פּונקט אַזוי האָט ער געלייענט אונדזערע פּראָ־טאָקאָלן און אַנדערע שריפטן צו אינפאָרמירן דעם קאָמיטעט גענוי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און זיך שאַפן אַ מיינונג און פאָרשלאָגן אַ רעזאָלוציע, די דאָזיקע רעזאָלוציע איז פון די בונדיסטן, אָדער פון „ייִדישן אַוואַנגאַרד" נישט אָנגענומען געוואָרן, איבער איר אַסימילאַטאָרישער טענדענץ.

אויף וויפל די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַסימילאַטאָריש (נישט נאָר פאַר ייִדן), האָט זי אין דעם דער עיקר דיקמאַנען צו פאַרדאַנקען, ער איז איר אידעאָלאָג, איר פּרעדיקער, איר פירער און איר פאַרווירקלעכער.

---

* פאַר ייִדן איז דיקמאַן נישט קיין ייִד. נישט קיין רעליגיעזער און נישט קיין וועלטלעכער. נישט קיין פאַנאַטישער און נישט קיין פרייער; נישט קיין רעאַקציאָנערער און נישט קיין רעוואָלוציאָנערער, נאָר פאַר גויים איז ער יאָ אַ ייִד; ער איז דאָס פאַר די גויים אַנטיסעמיטן, יודאָפאָבן, קסענאָפאָבן, וועלכע אידענטיפיצירן דעם ייִד מיט דעם אויסלענדער און לאַנדלאָזער, אָדער פאָטערלאַנד־לאָזער; ער איז אַ ייִד ווען מען פייניקט ייִדן, פיזיש און מאָראַ־ליש; ער איז גרייט זיך עפנטלעך צו דערקלערן אַלס ייִד און ער האָט עס מער ווי איינמאָל געטון ספּאָנטאַן, אויסשרייענדיק, אין אַרגענטינער לאַנד־

פּאַרלאַמענט, ווי ער איז אין לויף פון אַ סך יאָרן געווען איינער פון די אַר־בעטזאַמסטע און דערהויבנסטע דעפּוטאַטן; ער האָט עס געטון אויף דער טריבונע, אין סאַלאָן און אויף דער גאַס און ער האָט עס געטון אין שריפט אין דער שפּאַנישער שפּראַך — צו פאַרטיידיקן יידן, אָפּצושלאָגן אַטאַקעס, אַרויסשטעלנדיק פאַרן שיין פון דער וועלט דאָס טוגנטלעכע פון יידן אין לויף פון דער יידישער פאָלקס־געשיכטע, דאָס עטישע ביי יידן און די אַלע מעלות, וואָס זענען אינטערנאַציאָנאַלע, אַלמענטשלעכע, סאָציאַלע, דעמאָקראַטישע, פרייהייטלעכע, גערעכטלעכע — דיקמאַן האָט עס געטון נישט אַלס ייד, נאָר אַלס סאָציאַליסט.

די אַסימילאַציע, וואָס איז נישט און וואָס קען נישט זיין קיין געצווונ־גענע, נאָר אַ פרייע, אַן אייגנוויליקע, ווי דאָס איז די דיקמאַן־אַסימילאַציע, זעט זיך נישט געשטערט פונעם ציוניזם, פאַרקערט, ער העלפט איר מיט זיין גלות־פילאָזאָפיע און מיט זיין מינדערשעצונג און נעגאַציע צו יידיש — צו דער יידישער שפּראַך און צו דער גאַנצער מאָדערנער יידיש־וועלטלע־כער קולטור און אויב עס קען גאָר געמאָלט זיין אַ ציוניזם פון און צוליב יידיש, איז עס זיכער נישט דער פאַל מיט דיקמאַנס ציוניזם, וואָס איז אַ גויאישער און וועלכער מוז נישט זיין נאָר פון גוים.

אין 1918 איז שוין געווען אַ באַלפור־דעקלאַראַציע, אַ ציוניסטישער לעגיאָן אין פּאַלעסטינע און נאָך אַזוינע רעאַלע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך צוגעשטעלט צו די ציוניסטישע סענטימענטן פון פריער. אָבער דיקמאַן רעכנט נאָך אַלץ נישט צו פאַרלאָזן אַרגענטינע און אַוועק רעאַליזירן ציוניזם; ער האַלט אויך נישט פון דעם, אַז די יידן זאָלן פאַרלאָזן אַרגענטינע; ער האַלט נאָך מער ווי ביז אַהער, אַז די יידן דאַרפן זיך אַסימילירן און ער פּרעדיקט פאַר דעם אין דער זעלבער צייט, ווען ער לאָזט זיך אויסנוצן פאַר דער ציוני־סטישער זאַך.

אין דעם זשורנאַל „ווידאַ נועסטראַ" איז געוואָרן פּובליקירט דיקמאַנס אַן אַרטיקל פאַר ציוניזם, אויף וועלכן איך האָב געענטפערט אין זשורנאַל „דער אַוואַנגאַרד" פון 15טן נאָוועמבער 1918. („דער אַוואַנגאַרד" איז דער־שינען אַלע צוויי וואָכן). מיטן סענטימענט איבער אַלץ, שרייבט דאָרט דיק־מאַן, אַז „עס איז אויסגעפאַלן אויף ענגלאַנד, דאָס עכט ביבלישע פאָלק, צו פאַרווירקלעכן דעם מיסטישן טרוים פון די יידן"; ער זאָגט זיך פּאָזיטיוו אַרויס פאַר אַ מדינה, זאָל זיין אין פּאַלעסטינע, פונעם פאָלק ישראל, כדי

דאס זאל „אפשוואכן דעם דעסטרוקטיוון אינטערנאציאנאליזם, וואס ייִדן זע־נען געווען און זענען נאך זיינע שטארקסטע פארקעמפער; ווייל אזוי ווי ייִדן ווערן באטראכט פאר די קלאסישע פאטערלאנדסלאזע, האבן זיי בכלל גע־נומען לייקענען אין פאטערלאנד“, אבער נאך אלעמען שטעלט דיקמאן די פראגע פון קענען: „צי וועט פאלעסטינע קענען זיין א לאנד פאר א מאדערנע פאלק? צי וועלן ייִדן קענען בויען א פראגרעסיווע מלוכה, טראץ זייער קרי־טישן, כמעט אנארכישן און איבערטריבענעם אנאליטישן גייסט?“

דיקמאן איז מיט לייב און לעבן ארגענטינער. ער האלט, און ער האט עס געזאגט געגנוג הויך, אויף דער פארלאמענט טריבונע, אז מער ארגענטי־נער איז דער, וועלכער האט באוווסטזיניק און פריי אדאפטירט דאס לאנד, איידער דער, וועלכער איז צופעליק און אן זיין וויסן און ווילן אין לאנד געבוירן געווארן. פאר דיקמאנען איז נישטא קיין ייִדן־פראגע אין ארגענטינע און אין קיין פרייער און דעמאקראטישער מלוכה. אויך זיין ציוניזם איז גע־מיינט סאציאליסטיש: עס זאל באלד רעאליזירט ווערן סאציאליזם אין נאך א ווינקל פון דער וועלט. דער היטלעריסטישער נאציזם מיט זיין נידער־טרעכטיקער און בעסטיאלישער נעגאציע פון דער ייִדישער אסימילאציע — פיזישע, רעליגיעזע און קולטורעלע — האט אויך נישט געקענט אפשוואכן די אידעאליזירטע אסימילאציע פון דיקמאנען, ווייל זיינע איז אן ארגענטי־נישע אידעיש און אידעאליסטיש צונויפגעגאסן אין דעם ארגענטינער „שמעלצטאפ פון די ראסן“, כדי צו שאפן א געזונט, גרויס, פריי און גע־רעכטלעך־סאציאליסטיש ארגענטינער פאלק.

ענריקע דיקמאן האט חתונה געהאט מיט א גויע (הארציק פריינטלעך געזאגט), א טאכטער פון איטאליענישע אימיגראנטן; ער האט מיט איר חתונה געהאט — ווי ער שרייבט אליין — ווייל „זי האט מיך קאנקיסטירט מיט איר שיינקייט, פשוטקייט און גוטסקייט) — קלאר. דאך, קענענדיק בכלל דיקמאנס אידעישע עקשנות און אויסגעהאלטנקייט און באזונדערס זיין אידע־אליזירטע אסימילאציע, וואס ער אליין האט געזען צו רעאליזירן אינטעגראל, מיט לייב און לעבן, גרייט זיך ארייַנצוטאן אינעם „שמעלצטאפ פון ראסן“ — „כדי צו שאפן א געזונט, גרויס, פריי און גערעכטלעך־סאציאליסטיש אר־גענטינער פאלק“, האט מען געקענט מיינען, אז דיקמאן האט ספעציעל חתונה געהאט מיט א גויע, כדי מקים־זיין די אסימילאטארישע מצווה פון געמישטע חתונות...

„קריסאָל דע ראַסאַס" — הייסט דאָס לעצטע קאַפּיטל פֿון דיקמאַנס בוך „פּאַכינאַס סאָסיאַליסטאַס" (סאָציאַליסטישע בלעטלעך) דערשינען אין בוענאָס אײַרעס אין יאָר 1928. פֿון דאָ האָט זיך גענומען דער „שמעלצטאָפּ פֿון ראַסן", וואָס איז אין דער דאָזיקער לעבנסגעשיכטע שוין אַ פּאָר מאָל דערמאָנט געוואָרן. אין געציילטע ווערטער לאָזט זיך דאָס דערקלערן אַזוי: אַרגענטינע, ווי אַ גרויס אַמעריקאַניש אײַנוואַנדערונגס־לאַנד איז ווי אַ שמעלצטאָפּ, אין וועלכן עס שמעלצן זיך צוזאַמען די ראַסן, וואָס קומען דורך דער אײַנוואַנדערונג פֿון די קאָנטינענטן און עס שמעלצט זיך פֿיזיש, גייסטיק און מאָראַליש אויס דאָס אַרגענטינער פֿאָלק. קרעפֿטיקע עלעמענטן האָבן דיקמאַנען מיטגעהאָלפֿן שאַפֿן זײַן טעזיס: דער היסטאָרישער אינטערעס פֿון אַרגענטינע פֿאַר דער אײַנוואַנדערונג, אויסגעדריקט אין דעקלאַראַציעס, אין דער קאָנסטיטוציע, אין געזעצן, אין דעקרעטן און אין היסטאָרישע שריפֿטן פֿון עטשעווערריאַ און פֿון מיטרע, פֿון אַלבערדי און פֿון סאַרמיענטאָ. און די ווירקלעכע אײַנוואַנדערונגען פֿון מענטשן פֿון אַלע פֿעלקער און אַלע ראַסן אויף דער וועלט, זינט די היסטאָרישע אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע האָט געעפֿנט די טירן פֿון דער געוועזענער, אויף זיבן שלעסער פֿאַרשלאָסענער, שפּאַנישער קאָלאָניע „פֿאַר אַלע פֿרײַע מענטשן פֿון דער וועלט, וואָס ווילן באַוווינען דעם אַרגענטינער באָדן".

דיקמאַן שרײַבט: „די צען מיליאָן אײַנוווינער (הײַנט ציילט זיך העכער נײַנצן מיליאָן), וואָס באַפֿעלקערן דאָס לאַנג אַרגענטינע, זענען דער פּראָדוקט פֿון דער צוזאַמענשמעלצונג פֿון די בעסטע און די קרעפֿטיקסטע ווײַסע ראַסן פֿון דער וועלט. עס פֿליסט אין זייערע אָדערן גענוג לאַטייניש בלוט, אויסגעמישט מיט אַ הויכן דאָזיס אַנגלאָזאַקסיש בלוט, באַשפּריצט און באַטעמט מיט אַ קלײנער דאָזיס סעמיטיש און סלאַוויש בלוט". ווײַטער שרײַבט דיקמאַן, אַז „עס איז נישט דער פּראָדוקט פֿון אַ פּשוטער פֿיזישער אויסמישונג, וועלכע קאָן זיך צענעמען אין אירע קאָנסטיטוטיווע פֿאַקטאָרן, נאָר אַ ביאָלאָגישע קאָמבינאַציע, וואָס שאַפֿט אַ נײַעם מענטשלעכן טיפּ".

עס ווערט דאָ דערמאָנט און ציטירט דיקמאַנס טעאָריע — וואָס לאָזט זיך דוסקוטירן — כּדי צו זען ווי טיף און ווי אַרגענטיניש דיקמאַן איז געגאַנגען צום באַרעכטיקן און באַפֿעסטיקן זײַן אידעאַליזירטע אַסימילאַציע־טענדענץ, וואָס וויל, אַז אַלע זאָלן זיך אַסימילירן, נישט נאָר ייִדן, און וויל נישט, אַז איינער זאָל אײַנגעשלינגען ווערן פֿון אַנדערן, ווי דאָס איז דער

פאַל פון אַסימילאַציע אין אַלגעמיין, נאָר אַז אַלע איניינעם זאָלן זיך אַסי־מילירן און פון דער געמיינזאַמער אַסימילאַציע זאָל אַרויסקומען דער אַר־גענטינער מענטש.

„דער ווירקונגס־כוח פון דער אַרגענטינער אַסימילאַציע — שרייבט דיקמאַן — אויף דער גרויסער איינוואַנדערונגס־מאַסע איז אומבאַשטרייט־באַר; דער אימיגראַנט מעטאַמאָרפאָזירט זיך, ער טראַנספאָרמירט זיך און אינקאָרפּאָר׳רט זיך דעפיניטיוו אין דער אַרגענטינישער קאָלעקטיוויטעט״. לויט דיקמאַנען איז די לאַנד־שפּראַך — שפּאַניש — אין אַרגענטינע אַ מאָ־דיפיקירטע און באַרייכערטע „דורך דעם ביישטייער פון איינגעבוירענע און פון אויסלענדישע מאַדיזמען און וואָקאַבלען, וואָס מאַכן איר בויגזאַמער, לייכטער און פלאַסטישער: זי איז פּראַקטיש די שפּראַך פון צען מיליאָן איינוווינער (דעמאָלט האָט זיך געציילט נאָר צען מיליאָן) אין דער רעפּובליק״. און ער האַלט, אַז עס איז אַזוי, ווי ער וויל, אַז „די אַסימילאַציע רעאַליזירט זיך אין אַ טאָטאַלער און דעפיניטיווער פאָרם״.

---

דיקמאַנס אַסימילאַציע איז אייגנטלעך אַרגענטיניזאַציע; עס איז טיפע ליבע און אמתדיקער אינטערעס פאַרן לאַנד אין וועלכן מען לעבט און מען וויל עס זאָל זיין פאַר אַלעמען גוט. דאָס איז אויך די אַסימילאַציע פון דער גאַנצער פירערשאַפט פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס דיקמאַן פאַרקערפּערט. איז דיקמאַן קעגן יידיש? קעגן דער יידישער שפּראַך? קעגן דער יידישער, מאָדערנער וועלטלעכער קולטור? ניין. ער האָט דאָס קיינמאָל נישט געזאָגט, קיינמאָל נישט געשריבן, קיינמאָל נישט אַקטוו׳רט קעגן יידיש. ער איז נישט קעגן יידיש, נאָר ער איז פאַר אַרגענטיניש. ער איז אַזוי אַריינגעטון אין דעם פּראָ־אַרגענטינישן, אַז עס קומט־אויס ביי אים זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט נאָר אַליין צו ריידן פאַר די יידן שפּאַניש, נאָר אויך רעקאָמענדירן און אַפּעלירן צו די יידן, זיי זאָלן לערנען און ריידן שפּאַניש, ווייל זי איז די לאַנד־שפּראַך — אַרגענטיניש. (אַזאַ פאַל איז גע־ווען אויף דער „אַקאַדעמיע״, צום פערציק־יאָריקן יובילעאום פון „בונד״, גע־פייערט פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אין אַרגענטינע, און דאָס איז געווען איין פאַל פון אַ סך).

אין דיקמאַנס אַרגענטיניזם גראַמט זיך מיט אינטערנאַציאָנאַליזם און

מיט סאָציאַליזם: „ווייל איך ליב דאָס לאַנד אין וועלכן איך לעב — שרייבט דיקמאַן אין זיין שריפט פאַר וואָס ער איז אַ סאָציאַליסט — און וויל עס זען באַפעלקערט פון אַ פיזיש- און מענטאַל-קרעפטיקער און שטאַרקער ראַסע; ווייל אין סאָציאַליזם זע איך די גרויסע דינאַמישע קראַפט פון דער ציוויליזאַציע און דעם פּראָגרעס אין דעם איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט פון דער מענטשהייט; ווייל אין אים זע איך אַ נייעם און גרויסן אידעאַל, וואָס קומט צו פאַרטרעטן די אַלטע און אויסגעגאַנגענע רעליגיעזע אידעאַלן, ווייל מיטן קומען פון סאָציאַליזם זע איך די באַנייאונג פון אַ נייער ערע פאַר די מענטשלעכע קאָלעקטיווּיטעטן — אַ שענערע, אַ גערעכטערע און אַ אמתדיקערע".

עס איז סאָציאַליסטישער אַרגענטיניזם און אַרגענטינישער סאָציאַליזם.

צום גרויסן טייל איז נאָך נאַציאָנאַליזם — פּאַטריאָטיזם פאַלש און געצוווּנגען. ביז אַ באַשטימטן טייל איז דאָס היינט שוין אויך סאָציאַליזם אָדער די דיקטאַטור, וואָס ווערט אויסגעאיבט אין זיין נאָמען. אָבער דאָס איז נישט דער פאַל ביי דיקמאַנען; דאָס איז נישט דער פאַל מיט זיין אַרגענטינער פּאַטריאָטיזם-סאָציאַליזם, וואָס איז דורכויס אַ דעמאָקראַטישער אַ פרייער און אַ פּריווילעקער, נישט נאָר צוליב דעם ציל, נאָר אויך ווי צילן פאַר זיך, וועלכע האַרמאָנירן מיט סאָציאַליזם און וועלכע זענען זייער וויכטיקע באַשטאַנדטיילן פון סאָציאַליזם.

***

עס איז געווען אין 1932, ווען די אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געפייערט איר 36-יעריקע עקזיסטענץ. די טריבונע אויף אַ פייערלעכן עפנטלעכן אַקט אין פאָלקס-הויז האָבן פאַרנומען די סאָציאַליסטישע דענקער און וועטעראַנער: ענריקע דיקמאַן, מאַריאָ בראַוואָ, ניקאָלאָס רעפּעטאָ און אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס. דיקמאַן האָט דאַן פון דער טריבונע דערקלערט: „אויב דער סאָציאַליזם וואָלט מיר אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן דורך דער שווערד פון אַ געוואַגטן און גוואַלדזאַמען מיליטאַר, וואָלט איך זיך אָפּגעזאָגט פון אים צו מיינע 36 יאָר פון וויסנשאַפטלעכער דאָקטרין, דעמאָקראַטישער אַקציע, פרייער און געוויסנהאַפטער טאַקטיק, וואָס דערוואַרט גאָרנישט פון קיין משיחישע און קאַטאַסטראָפישע נסים, און דערוואַרט אַלץ פון דער דורכגעטראַכטער אַקציע, די אויסגערעכנטע און די אינטעליגענטע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן צו דערגרייכן זייער עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע באַפרייונג און ביישטראָגן צו באַפעסטיקן דעם אַלגעמיינעם פּראָגרעס".

און עס איז נישט קיין הימלישער און נישט קיין טרוימערישער דיקמאַנס סאָציאַליזם, נאָר אַן ערדישער און אַ רעאַליסטישער, אַ טעאָרעטישער און אַ פּראַקטישער — מער פּראַקטיש ווי טעאָרעטיש.

דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דיקמאַנס בוך: „אידעאַס ע אידעאַלעס" הייסט פּשוט אָבער זייער טרעפלעך און טיפזיניק: „האָי אי אַקי". אויף ייִדיש: הייַנט און דאָ. זאָגט זיך דאָרט: „כדי די פילפאַכיקע און קאָמפּליצירטע אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע אַרבעט אויף אַלע פעלדער פון דער מענטשלעכער אַקטיוויטעט, זאָל זיין נוצלעך און פּרוכטבאַר, דאַרף זי שטענדיק אינספּירירט זיין אין די אַקטועלע און לאָקאַלע באַדערפענישן". ווייטער „הייַנט איז דער סינטעז פון דער צייט, אַזוי ווי דאָ איז דער רעזומען פונעם רוים. אויב מיר אַרבעטן הייַנט מיט ליבע און אינטעליגענץ, קענען מיר זיכער זיין, אַז אונדזער ווערק וועט אייביק לעבן; און ווי לאָקאַל און דאָיִק עס זאָל זיין אונדזער טעטיקייט, אויב זי אַנטשפּרעכט קאָלעקטיווע פונדאַמענטאַלע באַדערפענישן און איז פון לעבן און פּראָגרעסיוו, וועט זי אָן ספק זיין אוניווערסאַל" און ווייטער: „איר מענטשן, וואָס ווילן דינען אייער פאָלק און אייער צייט, דענקט הייַנט און טוט דאָ און אַזוי וועט איר האָבן געדינט אַלע פעלקער און אַלע צייטן!"

און ענריקע דיקמאַן דער פרייער מענטש, דער דעמאָקראַט, דער עוואָלוציאָנער, דער לאַיאַליסט, דער פּאַציפיסט — איז פון שטענדיק אָן און דורך אַלעם רעוואָלוציאָנער און קעמפער אין אייגנטלעכן און העכסטן זין פון די צוויי ווערטער דיקמאַנס גאַנץ און העראָיש לעבן דאָ אין אַרגענטינע באַווייזט עס. איך וועל נאָך דערמאָנען צוויי מאָמענטן: איינער איז פון 1טן מאַי פון 1909:

אַווענידאַ דע מאַזשאָ איז באַגאָסן מיט אַרבעטער בלוט. די באַוואָפנטע כוחות פון דער מלוכה האָבן דורכגעפירט אַ שחיטה אויף מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אונטער דער פאָן פון דער אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישער פאָראַ. די לופט איז טעראָריזירט, די שטימונג איז אַ שווידערלעכע. די סאָציאַליסטישע קאָלאָנע, מיט דיקמאַנען אין דער פאָדערשטער ריי, גייט אָן אָפּהאַלט פון קאָנסטיטוסיאָן צו פּלאַסע קאָלאָן, אין פראָנט פון רעגירונגס־הויז; אויף די רויטע פענער ווערט אָנגעטון שוואַרצע קרעפּע; דיקמאַן אויף דער טריבונע, קעגנאיבער דעם רעגירונגס־הויז, פּראָקלאַמירט אַ גענעראַל־שטרייק איבערן גאַנצן לאַנד.

דער צווייטער מאָמענט איז נישט אַזאַ טראַגיש־דראַמאַטישער, אָבער אויך כאַראַקטעריסטיש. עס איז געווען נאָך אַ טיפער שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. טאָמאַסאָ, בונכע, פינעדא, זשוסטי און נאָך אַ צאָל פירער, און דאַן דעפּוטאַטן זענען אַוועק און געגרינדעט די „סאָציאַליסטיש־אומאָפּהענגיקע", וועלכע האָט געשאַפן און געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער „קאָנקאָרדאַנץ", וואָס האָט צוערשט דורך וואַלן באַזייטיקט די צאָלרייכע און קרעפטיקע גרופּע סאָציאַליסטן פון פּאַרלאַמענט און נאָכדעם דורכגעפירט דעם מיליטעריש־אוריבוריסטישן מאַרש אויף בוענאָס איירעס און דורך טעראָר און דיקטאַטור, אונטער באַלאַגערונגס־צושטאַנד, געבראַכט די רעאַקציע צו דער מאַכט. דאַן האָט דיקמאַן אויף דער טריבונע אונטערן פרייען הימל, אויף דער אָפענער און ברייטער גאַס ריוואַדאַוויאַ, איבער די קעפּ פון אַ גראַנדיעזער מאַסע דערקלערט דעם סאָציאַליסטישן קאַמף קעגן פאַשיזם אין אַרגענטינע און פאַרענדיקט מיט די ווערטער, וועלכע סאַרמיענטאָ האָט אויפגעשריבן אויף אַ שטיין אין אַ שטורעמדיקן טאָל פון די אַנדן, בעת ראָסאַס פּאָליציי האָט אים אַרויסגעפירט פון לאַנד:

„באַרבאַרן, אידעען טויט מען נישט!"

---

ענריקע דיקמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פייערלעכע אַקטן לכבוד זיין 75־יאָריקן געבורטסטאָג. ער האָט דאָס עפנטלעך געטאָן אין דער סאָציאַליסטישער צייטשריפט „לאַ לוטשאַ" (דער קאַמף פון 13טן דעצעמבער 1949, ווען און ווו ער שרייבט, אַז די נאַציאָנאַלע סיטואַציע און די אינטערנאַציאָנאַלע; די איצטיקע אומשטענדן, אין וועלכע עס לעבט די וועלט און דאָס לאַנד, זענען נישט פייערלעך. עס ווייזן זיך אויך נישט פריידיק די נאָענטע טעג; ער נעמט דעריבער נישט אָן קיין יום־טוב, אָבער מיט אָפענע, ליכטיקע אויגן אויף דער פינצטערער רעאַליטעט און מיט אומבאַרירטן אָפּטימיזם, דערקלערט דיקמאַן אין „קאַמף":

„מיר לעבן אין שווערע איבערגאַנגס־צייטן. איך האָף אין דעם קומען פון אַ בעסערער וועלט, אַ שענערער, אַ פאַרשטענדלעכער, אַ גערעכטער. ס'איז געווענדט אין דעם איינפאַרשטיין פון די מענטשן און פון די פעלקער, אַז דאָס וואָס מיר שטרעבן — און פאַר וואָס מיר סאָציאַליסטן האָבן געקעמפט און קעמפן אין דער ערשטער ריי — זאָל רעאַליזירט ווערן אין און

דורך פרידן און נישט ערשט נאָך שוידערלעכע און בלוטיקע מלחמות און רעוואָלוציעס.

„אַזאַ איז, ליבע חברים, מיין גייסטיקער צושטאַנד צום פאַרענדיקן מיינע 75 יאָר!״

***

דאָס איז געווען אין יאָר 1949. פיר יאָר נאָך דער צווייטער און שוידערלעכסטער וועלט־מלחמה, וועלכע מ׳האָט געווונען; די מלחמה האָט מען געווונען, אָבער נישט קיין פרידן. איבער דער וועלט האָבן זיך שוין אָנגעהויבן טראָגן שטימונגען פון אַ דריטער וועלט־מלחמה.

אין לאַנד האָט געהערשט מיט דער גאַנצער קראַפט די מיליטערישע און טאָטאַליטאַרישע דיקטאַטור פון גענעראַל פּעראָן. פינף יאָר ווי מ׳האָט זיך געפונען אונטערן דרוק פון דער דיקטאַטור אין איר פּעראָניסטישער אויפלאַגע. זינט 1930 האָט זיך אַרגענטינע געפונען אונטערן דרוק פון מער אָדער ווייניקער, אָבער אַלץ דיקטאַטאָרישע רעגירונגען.

און עס האָט זיך נישט געזען קיין סוף צום הערשנדן רעזשים. אויפן בירגערלעכן דעמאָקראַטישן פעלד האָט אָנגעהאַלטן אַ טויטע שטילקייט. קיין אָנצוהערעניש פון פּראָטעסט, קריטיק, אָפּאָזיציע. אויפן אָרט פון דעם — רעזיגנאַציע, אַפּאַטיע, מורא און חניפה.

פון דער צווייטער זייט, די פון דער רעגירונג — אַ דעמאַגאָגיע וואָס איז נישט געהערט געוואָרן.

מען מאַכט, הייסט עס, די „סאָציאַלע רעוואָלוציע...״ עס גייען אין די רייען שקר און ציניזם; חוזק און קאָרופּציע; אָנפאַלן און דערנידערונג; מיסברויך און שענדונג; זעלבסטפאַרגעטערונג און פאַרבלענדונג און די סעכעטע איז אויפגעבלאָזן און פאַרוואַנדלט אין דעם קעגנזאַץ פון אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע און דינט געהאָרכזאַם דער דיקטאַטאָרישער רעגירונג. די פּרעסע איז צום גרויסן טייל אָפּגעקויפט און מאָנאָפּאָליזירט, בעת די אַנדערע טייל איז טעראָריזירט. די ראַדיאָ און דער קינאָ זענען אונטערגעוואָרפן דער דיקטאַטור.

כּוואַן דאָמינגאָ פּעראָן האָט מיט דער הילף פון זיין פרוי עוואַ און מענטשן, וועלכע ער האָט אַרויסגעקראָגן פון די פּראָלעטאַרישע און סאָציאַליסטישע רייען באַוויזן צו היפּנאָטיזירן אַ פאָלק, שאַפן אַ גלויבן צו זיך.

אין דערווירקלעכקייט האָט ער זיין פּעראָניסטישע פּאָליטיק געשטיצט אויף די פאָדערונגען פון דער אַרבעטערשאַפט און אויף דעם סאָציאַליסטישן מינימום־פּראָגראַם, וואָס אַ טייל פון דעם איז פּאָליטיש שוין געווען דער־גרייכט און האָט זיך געפונען אין אַ גאַנץ שיינער צאָל אַרגענטינער אַרבעטער געזעצן. זיי זענען אָבער נישט אַריין אין קראַפט, נישט אַריין אין דער פּראַק־טיק. די פּעראָן־רעגירונג האָט זיי אַריינגעפירט אין לעבן, זיי רעאַליזירט און זיי פּראָקלאַמירט מיט גוטן אָדער מיט בייזן; מיט גוטן און מיט בייזן און פּעראָן, וואָס האָט זיך אויך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ „געניאַלן" מאַסן־רעדנער האָט באַוויזן צו ריידן ווי אַ באַנדיט, נישט געקוקט אויף זיינע טיטלען פון גענעראַל און מלוכה־פּרעזידענט (דאָס האָט זיין אוידיטאָריע זייער צעוואַ־רעמט און גרייט געווען אונטערצינדן געזעלשאַפטלעכע הייזער און קומען מיט שטריק אויפצוהענגען מענטשן), אין דער זעלבער צייט און אויף דער זעלבער טריבונע מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג פון לאַנד אַלס אוידיטאָ־ריע האָט ער גערעדט ווי אַ פּראָפעט, ווי אַ „פירער" פון די אַרבעטער, ווי אַ קעמפער פאַר דער פּראָלעטאַרישער זאַך און אַפילו פאַרן סאָציאַליזם...

סאָציאַליסטן און נישט נאָר סאָציאַליסטן האָבן זיך געקענט טראַכטן ווי די גאַנצע וועלט איז שוין אַריין אין דער עראַ פון סאָציאַליזם, ער איז שוין אַזוי אויסגעשפּרייט אויף אַלץ און אויף אַלעמען, אַז אַפילו זיינע אַבסאָ־לוטע קאָנטראַסטן — די דיקטאַטורן פון אַלע מינים, ווי די דיקטאַטאָרן מו־סאָליני און סטאַלין; היטלער און פּעראָן, ווי פאַרשידן זיי זאָלן נישט זיין צווישן זיך, פאַרכאַפּן דעם סאָציאַליזם ווי אַ מאַכט צו שטיצן זיך אויף אים און צו שיצן זיך אונטער אים.

אָבער טאַקע אין דעם וואָס די דיקטאַטורן פאַרכאַפּן דעם סאָציאַליזם און דערקלערן זיך פאַר זיינע רעאַליזירער און פאַר זיינע גיכע און טאָטאַלי־טאַרע רעאַליזירער — געפינט זיך די צרה. זיי מיסברויכן מיטן „סאָציאַליזם" ווען זיי פאַרגוואַלדיקן, שענדן, באַשמוציקן, קאָרומפּירן און דאָס טוט מער שאָדן דער אַרבעטער־באַוועגונג, די סאָציאַליסטישע באַוועגונג און דער מענטשהייט בכלל, איידער די דירעקטע, פאַרשייטע און נידערטרעכטיקע גוואַלדזאַמקייט פון דער דיקטאַטור, מחמת דיקטאַטור.

און די סאָציאַליסטישע באַוועגונג רעפּרעזענטירט פון דער היסטאָרי־שער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, איז פון דעם פּעראָניסטישן קאַ־מופלאַזש „סאָציאַליזם" טאַקע מער באַרירט און פּאַראַליזירט געוואָרן איידער אַנדערע פּאָליטישע באַוועגונגען.

דאָ האָט מען נישט געוווסט פון קיין אונטערערדישע באַוועגונגען, אַליין נישט מיטגעמאַכט אַזאַ באַוועגונג, און טאָמער זענען יאָ געווען איזאָלירטע פּרוּוון, זענען זיי געווען אומבאַהאָלפן און מען האָט זיי נישט געשפּירט.

אויב מען האָט זיך זעלטן עפּעס באַוועגט עפנטלעך, איז דאָס געווען מיט דער גענעדיקייט פון דער דיקטאַטור. געוויינטלעך איז קיין סאָציאַליס־טישע אַקטיוויטעט כמעט נישט געווען.

ווער פון די סאָציאַליסטישע מיטלמעסיקע פירער, ווי באַרלענגי, בראַ־מוגליאַ זענען באַלד אַריין אין פעראָנס רעגירונג, בעת אַנדערע האָבן פּאַר־מירט פּאָזיציעס אויפן צווישן וועג, צווישן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון וועלכער זיי זענען בשלום אַרויס און די רעגירונג אָדער איר פעראָניסטישער פּאַרטיי, אין וועלכער זיי זענען נישט אַריין; ווער פון די סאָציאַליסטישע פי־רער האָבן זיך בעסער אויסגעקליבן אַוועקצופאָרן פון לאַנד און זיצן פריי אין אויסלאַנד, איידער דאָ גיין זיצן אין דער פעראָניסטישער תפיסה; ווער פון די סאָציאַליסטישע פירער אונטער פּאַראָרדענונג אַרעסטירט צו ווערן, האָט זיך געקאָנט אין לאַנד אַליין אויסבאַהאַלטן און ווער, אָדער וויפל עס זענען אַרעסטירט און פאַרשלאָסן געוואָרן אין די תפיסות.

די פּאַרטיי־פּרעסע „לאַ וואַנגואַרדיאַ“ איז פּאָליצייאיש אָפּגעשטעלט געוואָרן. דאָס פאָלקס הויז, די פעסטונג פון דער סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז פאַרשלאָסן און פּאָליצייאיש באַוואַכט פון דער דיקטאַטאָרישער מאַכט.

„מען איז אַריין אין אַ געסל אָן אַן אויסגאַנג“ — ווי דיקמאַן האָט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער באַצייכנט די סיטואַציע.

דאָס איז געווען אין 54סטן יאָר פון דיקמאַנס זיין אינגאַנצן איבערגע־געבן דער אויסגעוואקסענער און פאַרצווייגטער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַרגענטינע, רעפּרעזענטירט און אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרקערפּערט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, מיט וועלכער ענריקע דיקמאַן איז אידענטיפיצירט; פון וועלכער ער איז אַ פּאָרויסגייער, אַ פּיאָנער און וועטעראַן.

עס דערמאָנט זיך פון אַ כמעט אימפּראָוויזירטן מיטינג אין פאָלקס־הויז פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ס'איז געווען אין אַ טאָג אין די ערשטע פּאָר יאָר פון דער דיקטאַטור. דער גענעראַל פּאַרעל איז געווען מלוכה־פּרעזידענט, אָבער דער דיקטאַטאָר איז געווען פעראָן, וועמען מען האָט ספּעקטאַקולאַריש באַזייטיקט פון דער מאַכט אויף אייניקע טעג. דער ספּעקטאַקל איז געווען אַ פּאָליטישער פאַר די וויטערע טאָטאַליטאַרישע

צוועקן פון פּעראָנען. דערווייל איז צוליב דעם געווען אייניקע טעג אַ מין הפקר פרייהייט. זענען אַ טייל פון די פּאָליטישע עמיגראַנטן געקומען צו פאָרן פון מאָנטעווידעאָ, די סאָציאַליסטישע פּאָליטישע עמיגראַנטן ווי די קאַטעדראַ־טיקער אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס און אַמעריקאָ גיאָלדי — צווישן זיי. האָט מען די געקומענע געמאַכט אַזאַ אויפנאַמע אין דער געשטאַלט פון דעם פּאָלי־טישן מיטינג, מיט אַ טעמאַטיק וועגן דער סיטואַציע אין לאַנד, וואָס יעדער רעדנער האָט פריי עקספּאָנירט זיינע טעזן און אויף זיין אופן. די טריבונע איז געווען אויף די באַלקאָנען אויפן ערשטן שטאָק פונעם פּאָלקסהויז. די מאַסן אוידיטאָריע איז געווען אויף דער גאַס. איינער פון די רעדנער איז געווען ענריקע דיקמאַן. אַליין אַ מעדיצין דאָקטער האָט דאָס אים נישט באַ־פרייט פון אַ אינגעווייד קראַנקהייט און פון אַ סעריע אָפּעראַציעס. (פאַר דער רעדע האָט מיר דיקמאַן געענטפערט אויף אַ פראַגע, אַז מ׳האָט אים 7 מאָל אָפּערירט. 6 מאָל האָט מען געדאַרפט און דאָס זיבעטע איז געווען אַ „לעזשאַ־פע״ — אימזיסטיקער צוגאָב). די לעצטע אָפּעראַציע איז נאָר־וואָס געמאַכט געוואָרן. ער קומט כמעט פון דער סאַנאַטאָריע צום מיטינג.

דאָס איז געווען רעאַל און סימבאָליש. אין משך פון העכער אַ האַלבן יאָרהונ־דערט איז נישט געווען קיין צענטראַלער אַקט פון דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי אָן דיקמאַנען. אין פאַרלויף פון די יאָרן האָט דיקמאַן געהאַלטן טויזנטער סאָציאַליסטישע רעדעס אין סאַלאָנען, אונטערן פרייען הימל, אין די גאַסן פאַר די מאַסן, וואָס האָבן אים אַזוי ליב געהאַט צו הערן אין זיין סטיל־האַרציק, פּאָלקסטימלעך, הומאָריסטיש און חכמהדיק.

טיף דעמאָקראַטיש ווי עס איז דאָס לעבן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (אויך אָן אַ פּערמאַנענטן פּאָרזיצער) ווערט יעדער מיטגליד פאַר יעדן אַמט געוויילט און נאָר אויף אַ סטאַטוטאַרישן און רעגלאַמענטירטן טערמין. עס ווערט אָבער נישט פאַרווערט קיין ווידערדערוויילונג. איז דיקמאַן פון די געציילטע, וואָס ווערן כסדר ווידערדערוויילט אין די אָנפירנדע און אויס־פירנדע אָרגאַנען; אַכט מאָל געוויילט געוואָרן פאַר דירעקטאָר פון דער פּאַר־טיי צייטונג „לאַ וואַנגואַרדיאַ״, ווען זי איז דערשינען טעגלעך; ער איז דאָ אויף אַלע קאָנגרעסן פון דער פּאַרטיי, זינט זי עקזיסטירט. דאָס געשעט אויך מיט דער בירגערשאַפט פון בוענאָס איירעס, וואָס ווילט דיקמאַנען פאַר דעפּוטאַט אין לאַנד־קאָנגרעס און טוט אים כסדר ווידערדערווילן, אַזוי אַרום איז דיקמאַן געווען סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט אין נאַציאָנאַלן פּאַרלאַמענט 24 יאָר כסדר.

די אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס איז מיט אירע מיטגלי־דער ווי אַ אינסטיטוציע פון קעגנזייטיקער הילף אין דינאַמישן, אידעאַליס־טישן, גייסטיקן און הומאַניסטישן העכערן זיך, האָט די אַלע מענטשלעכע און געזעלשאַפטלעכע ווערטן געגומען מיט דער פולער האַנט ביי דיקמאַנען, וועלכער האָט דאָס איר מיט ליבשאַפט געגעבן יעדן טאָג, אַזוי אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט.

אין לעבן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווי דער עקספּאָנענט און די פאַראַנטוואָרטלעכע אָנפירערן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד, איז געווען דיקמאַנס לעבן, פונקט ווי אין זיין לעבן איז געווען דאָס לעבן פון דער פּאַרטיי.

אין איינהייטלעך לעבן איז דאָס געווען, וואָס איז טיף אָנגעגריפן גע־וואָרן פון דער הערשנדער טאָטאַליטאַרישער מלוכה־דיקטאַטור; אָנגעגריפן געוואָרן אויף אַלע אופנים און ליידער, ליידער מיט דערפאָלג — אויסגע־דריקט אין אַ שטאַרקער שעדיקונג און אין אַ פּאַראַליז, וואָס איז הערא:יש איבערגעליטן און איבערגעלעבט געוואָרן ביז אַ קריזיס, ווען מען נעמט אָן אַלץ וואָס עס ווייזט זיך, כדי צו ענדערן זיך די סיטואַציע און כדי כאָטש נישט צו ווערן געפּייניקט מיטן אייגענעם געוויסן.

*****

דעם 1טן פעברואַר 1952 האָט דער דיקטאַטאָר פּעראָן, פאָרמעל און אָפיציעל אַלס פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק, איינגעלאַדן ענ־ריקע דיקמאַנען צו זיך אין רעגירונגס־הויז.

דאָס איז געווען אויפן 9טן יאָר פון דער פּעראָניסטישער דיקטאַטור. עס איז שוין רעפאָרמירט געוואָרן די לאַנד־קאָנסטיטוציע (דאָס איז געווען אין 1949). עס איז געענדערט געוואָרן דער פּאַראַגראַף, וואָס האָט פאַרווערט די ווידערדערוויילונג פונעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק בעת ער איז אין אַמט, אָדער איידער עס איז אַוועק אַ פּרעזידענטישער פּעריאָד (6 יאָר) נאָך דעם זיין פּרעזידענט. די רעפאָרם האָט אָפּגעשאַפט די פאַרווערונג און עס איז שוין געווען פאַרזיכערט, אַז פּעראָן, זייענדיק אין אַמט אַלס פּרעזי־דענט וועט דערוויילט ווערן אויף אַ נייעם פּעריאָד פון 6 יאָר.

מ׳האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז די איינלאַדונג איז אַ פּאָליטישע און אַז דער דיקטאַטאָר גייט עקספּערימענטירן אַ נייעם פּלאַן, זיכער נישט

צוליב דער אָפּאָזיציע. נאָר צוליב זיך. ענריקע דיקמאַן האָט זיך דאָס אַוודאי פאַרגעשטעלט. אָבער — ער האָט זיך דעצידירט צו גיין.

און געגאַנגען איז ענריקע דיקמאַן נישט אין נאָמען פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי נאָר פּערזענלעך, כדי צו באַפרייען דער פּאַרטיי פון יע־דער קאָמפּראָמעטאַציע. עס קאָן אפשר אויסקומען צו ברענגען עפּעס פאַר אַ קרבן; אפשר איז דאָס גיין אַליין אויפן רוף פונעם דיקטאַטאָר שוין אַ מאָ־ראַלישער קרבן, זאָל דאָס זיין זיינער אַ פּערזענלעכער און נישט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ווידער — ווייסט דאָך די געשיכטע פון אַזוינע קרבנות, וואָס אין דעראמתן זענען זיי נישט קיין קרבנות, נאָר הערא:שקייטן. דיקמאַן האָט אָבער געוואָלט און ער האָט דאָס געפּועלט — אַז די זעונג זאָל נישט זיין קיין געהיימע און זי זאָל באַלד אינפאָרמירט ווערן עפנטלעך.

עס איז געווען אַ שמועס וועגן אַ „דעמאָקראַטישן צוזאַמענלעבן״. דאָס לאָזט זיך שווער קאָנקרעטיזירן. עס זאָל הייסן: קעגנזייטיקע אָנערקענונג פון לעגאַלער עקזיסטענץ. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג זאָל זיין אַ ריין אידעאָ־לאָגישע, טעאָרעטישע און פּרינציפּיעלע און קאָן אויך זיין אָפּאָזיציאָנעל צו דער עקזיסטירנדער רעגירונג, אָבער — מעסיק. די קריטיק זאָל זיין אַ קאָנסטרוקטיווע.

אין דעם גייסט וועט די סאָציאַליסטישע טעטיקייט מצד דער רעגירונג נישט געשטערט זיין.

דיקמאַן האָט דערמאָנט די סאָציאַליסטן, וואָס זענען פאַרשפּאַרט אין תפיסה, טייל — שוין מער פון אַ יאָר, צווישן זיי געפינען זיך פירער און וועטעראַנער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי כאַסינטאָ אָדאָנע; דיק־מאַן האָט אויך דערמאָנט ווי די צייטונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געשלאָסן שוין יאָרן־לאַנג און עס איז פון דער מאַכט פאַרמאַכט די סאָ־ציאַליסטישע דרוקעריי; האָט אויך דערמאָנט דעם מאָראַלישן אָנגריף אויף דער פּאַרטיי און אויף דער סאָציאַליסטיש־געשטימטער איינוווינערשאַפט אין דער געשטאַלט פון אַראָפּרייסן פון אַ בוענאָס איירעסער גאַס דעם נאָמען פון כואַן ב. כוסטאָ און אַרויפשטעלן דעם „17טן אָקטאָבער״, וואָס איז אַ טאָג פון דער דיקטאַטור.

פּעראָן האָט באַלד אַרויסגעגעבן דעקרעטן, דורך וועלכע עס זענען באַ־פרייט געוואָרן פון די תפיסות די סאָציאַליסטן; עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער שלאָס פון דער סאָציאַליסטישער צייטונג, פון דער דרוקעריי און עס

איז צוריקגעצויגן געוואָרן די פּאָליציי־וואַך פון סאָציאַליסטישן „פאָלקסהויז״. פעראַן האָט אויך צוגעזאָגט דיקמאַנען צו ענדערן דעם נאָמען פון דער גאַס 17 דע אָקטובערע אויף „כואַן ב. כוסטאַ״ (דאָס האָט געטאָן די רעגירונג פון דער באַפרייער׳שער רעוואָלוציע).

די זעונג איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער קייט פון די ראַדיאָ־טראַנסמיסאָרן פאַר דער באַפעלקערונג פון גאַנצן לאַנד און זי איז אויך פּובּ־ליקירט געוואָרן אין דער נישט פעראָניסטישער צייטונג „לאַ נאַסיאָן״ פון 2טן פעברואַר 1952.

דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין יענעם מאָמענט האָט אויפגעפאָדערט דיקמאַנען צו דערקלערן זיין שריט. דיקמאַן האָט געענטפערט דעם 3טן פעברואַר 1952 פון וואַזשע הערמאָסאַ אין די קאָרדאָווער בערג, ווו ער איז געווען אויף זומער־וווינונג:

„איך האָב דערהאַלטן אייער נאָטע פון 1טן פעברואַר 1952. עס שאָקירט מיך אייער אימפּעראַטיווער און דיקטאַטאָרישער טאָן צו פאָדערן פון מיר אַ באַריכט פון דער זעונג, וואָס איך האָב געהאַט מיטן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

איך האָב עס נישט געמאַכט ווי אַן אויפגאַבע פונעם אויספיר־קאָמיטעט און אויך נישט אין זיין נאָמען. עס איז געווען מיינער אַן אַקט און אַן אויס־שליסלעך פּערזענלעכער. דער אויספיר־קאָמיטעט ווייסט גאַנץ גוט מיין מיי־נונג וועגן דעם ענין. און איך בין נישט שולדיק דעם קאָמיטעט קיין באַריכט, דעם סעקרעטאַר אַוודאי נישט און אויך נישט דעם דירעקטיוון טיש. ווי אַ מיטגליד פונעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט דאַרף איך אָפּגעבן אַ ברייטן באַריכט דעם נאָענטן קאָנגרעס. ער איז די סוווערענע פאַרזאַמלונג, וואָס וועט מישפּטן דאָס אויפירן זיך פונעם קאָמיטעט און מיין אויפפירן זיך אין דער עמער־גענץ. מיר דאַרפן אין דעם פאַל, ווי אין אַנדערע פאַלן האַנדלען דעמאָקראַ־טיש און לויט די סטאַטוטן. דער אויספיר־קאָמיטעט איז נישט קיין ריכטער איבער זיינע מיטגלידער, וועלכע זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן לאַנד־קאָנג־רעס אינדיווידועל און קאָלעקטיוו״.

און אין „לאַ נאַסיאָן״ פון 8טן פעברואַר איז פּובּליקירט דיקמאַנס אַ בריוו צו אַל. ל. פּאַלאַסיאָס.

דיקמאַן שרייבט:

„ליבער חבר און פריינט: כ׳האָב געלייענט אין „לאַ וואָס דעל אינטער־

יאָר" אייער דעקלאַראַציע וועגן מיין זעונג. איר זאָגט, אַז איידער אַ שמועס מיט מיר וועגן דעם, קענט איר נישט אַרויסזאָגן קיין מיינונג. עס איז אַן ענטפער פון אַ פאַרזיכטיקן און וויסנשאַפטמאַן. איך באַדויער זייער, וואָס איך בין נישט אין בוענאָס איירעס צו קענען פערזענלעך שמועסן מיט אייך. מיין געזונט־צושטאַנד צווינגט מיך צו זיין אין די קאָרדאָווער בערג.

אָבער אייך, ליבער פריינט, וואָס האָט אַ שאַרפן פּאָליטישן געפיל, וועל איך דערקלערן די מאָטיוון פון מיין האַנדלונג אין דער דאָזיקער עמערגענץ.

איר ווייסט, אַז קיין שום פריינטשאַפט און קיין פערזענלעכע באַציונג, אויך נישט קיין געפאַר, וועט מיך נישט אָפּהאַלטן פון אַ שריט, וואָס איך האַלט פאַר פּאָליטיש און סאָציאַל אמתדיק און פאַר אַ דרינגענדע באַדערפע־ניש עפנטלעך דאָס אויסצודריקן.

„איך בין טיף איבערצייגט, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַריין אין אַ געסל אָן אַרויסגאַנג און אַז דאָס לאַנד און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס דינט דעם לאַנדס־שטענדיקע און פונדאַמענטאַלע אינטערעסן, קאָנען אַזוי נישט אָנהאַלטן. עמיצער האָט געדאַרפט איבערברעכן דעם פאַרכישפטן קרייז, וואָס די אומגליקלעכע געשעענישן האָבן געשאַפן פאַרן לאַנד און פאַר דער פּאַרטיי.

איך האָב די דאָזיקע שווערע טרחה גענומען אויף מיינע פּלייצעס, וויסנ־דיק אַז זי וועט מיר פאַרשאַפן עגמת־נפש און קאָפּווייטיק. איך האָב געמאַכט דעם שריט ריין פּערזענלעך. איך בין געווען דער פאַסנדסטער פאַר דעם. מחמת פון 4טן יוני 1943 אָן (ווען ס'איז געמאַכט געוואָרן די פּראָגניסטישע מיליטערישע רעוואָלוציע) האָב איך געזען די פּאָליטיק פון אַ סך אַנדערע סאָציאַליסטן פון דער פּאַרטיי און פון אויספיר־קאָמיטעט. די פרייהייט פון די אַרעסטירטע און די ווידערדערעפענונג פון „לאַ וואַנגואַרדיאַ" אַליין האָבן ווערט דעם שריט, וואָס איך האָב געמאַכט און איך בין גרייט צו ליידן די קאָנסעקווענצן.

איך האַלט, ליבער פריינט, אַז איך האָב געדינט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דעם לאַנד דערהויבן און פּרוקטבאַר — צום לעצטן מאָל שוין אפשר געדינט — דער פרייהייט, דער דעמאָקראַטיע און דעם סאָציאַליזם".

דער דאָקטער ענריקע דיקמאַן איז פאַר דער זעונג מיטן דיקטאַטאָר, וועלכער איז געווען דער מלוכה־פּרעזידענט פּעראָן — אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

דאָס איז געווען אַ טראַגישער מאָמענט אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם אין אַרגענטינע.

דער אויסגעשלאָסענער שאַפער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט אים אויסגעשלאָסן; איר פּיאָנער, בויער און וועטעראַן; איר אָרגאַניזירער, פירער און גייסטרייכער טוער אין משך פון אַ גאַנצן אידעאַלן לעבן — ענריקע דיקמאַן, וועלכער האָט אַזוי פיל בייגעטראָגן פאַרן סאָציאַליזם, אין וועלכן ער האָט זיך פּערזענלעך אויסגעלעבט, האָט אין דעם טראַגישן מאָמענט (ער איז דעמאָלט אַלט געווען 77 יאָר) דערקלערט:

„מען קאָן ביי מיר צונעמען מיין מיטגלידס־קאַרטע (פון 1טן יוני 1895), וואָס דאָקומענטירט מיך אַלס מיטגליד נומער 1 פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אָבער קיינער קאָן נישט צונעמען מיין האַרץ און מיין מוח, מיין ליבע צו דער פרייהייט, מיין איבערגעגעבנקייט צו דער דעמאָקראַטיע און מיין טיפע איבערצייגונג אין סאָציאַליזם".

און וואָס האָט געזאָגט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכער האָט אַזוי אַקטיוו געאַרבעט פאַר דער אויסשליסונג?

„מיר אָנערקענען דאָס גרויסע ווערק געשאַפן פון ד"ר ענריקע דיקמאַן אין די רייען פון אונדזער פּאַרטיי אין משך פון זיינע עטלעכע פופציק יאָר אַקטיוויטעט און עס טוט אונדז וויי צו הייסן אויסשליסן אַ מיטגליד מיט אַזאַ רייכער פאַרגאַנגענקייט".

ווען די פּרוי פונעם דיקטאַטאָר — עווא פּעראָן — איז געשטאָרבן, איז אין די פּעראָניסטישע ציטונגען פּובליקירט געוואָרן אַ קאָנדאָלענץ פון דיקמאַנען „צום פּרעזידענט פון דער נאַציאָן גענעראַל כואַן ד. פּעראָן, אויסדריקנדיק זיין טיפסטן מיטגעפיל פאַרן פאַרלוסט פון זיין חברטע און מיטאַרבעטערן, פרוי עוואַ פּעראָן, די אויטאָרן פון דער קאָנקיסטאַ פון די פּאָליטישע רעכטן פון דער פרוי אין אַרגענטינע און די ווירקנדע פּראָפּולסירערן פון דער סאָציאַלער גערעכטיקייט לטובת דעם אַרבעטער קלאַס"...

און אין 1955, פאַר דער באַפרייערישער רעוואָלוציע פון סעפּטעמבער, ווען עס האָבן זיך געוויזן מיליטערישע און קלעריקאַלע פאַרשווערונגען, וואָס האָבן געשמעקט מיט רעאַקציע קעגן די סאָציאַלע דערגרייכונגען — האָט זיך אויף די ראַדיאָ־כוואַליעס געטראָגן ענריקע דיקמאַנס קול קעגן דער רעאַקציע. עס איז געווען דאָס זייער פּאָפּולערע, דיקמאַנשע, עמאָציאָנעל און ווירקנדיקע קול, געטראָגן אויף די כוואַליעס פון דער פּעראָניסטישער קייט

פון ראַדיאָ סטאַציע. דיקמאַן האָט גערעדט מיט זיין טאָן פון שטענדיק; מיט זיין סטיל און מיט זיינע געדאַנקען און גערופן צו פאַרטיידיקן די סאָציאַליס־טישע דערגרייכונגען...

אין ביידע פאַלן האָט געקלונגען מיט שוידער די זעלביקע שטימע און עס האָט אויסגעזען טראַגיש דער הערא:יקער פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט אויף דער טריבונע פון דער טאָטאַליטאַרישער רעגירונג מיט אַ לויב־געזאַנג צום דיקטאַטאָרס פרוי!

סאַן מאַרטין — דער באַפרייער — וועלכער האָט זיך געפונען אין פראַנקרייך, ווען אין אַרגענטינע האָט געהערשט דער בלוטיקער דיקטאַטאָר מאַנועל ראָסאַס — האָט געשיקט דעם דיקטאַטאָר אַ מתנה זיין גלאָריעזע שווערד — פאַרוואָס ? דיקטאַטאָריש געשטימט? ניין. סאַן מאַרטין האָט גע־שיקט ראָסאַסן די מתנה אין צייכן פון אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פון דעם וואָס האָט הערא:יש פאַרטיידיקט דאָס פאָטערלאַנד קעגן דעם אָנגרייך פון אַן אויסערלעכער מאַכט.

מען מיינט, אַז אין דערווירקלעכקייט איז אַזאַ פאַרטיידיקונג גאָרנישט געווען. סאַן מאַרטין, וועלכער איז אַוועק פון אַרגענטינע איבער אַ פיינלעכער סיטואַציע ,אין וועלכער ער האָט זיך דערזען, האָט געהאַלטן אַז אַרגענטינע דאַרף פאַרטיידיקט ווערן פון אַן אָנגריף פון יעדער אויסלענדישער מאַכט — און ער האָט אָנגעבאָטן זיין הילף אַלס מיליטערישער געניע — און ער האָט געשיקט זיין מתנה אַפילו אַ דיקטאַטאָר, מיינענדיק אַז ער האָט פאַר־טיידיקט, אויב נישט — זאָל ער פאַרטיידיקן.

עפּעס ענלעכעס איז אין תוך געקומען געשען מיט דיקמאַנען. צי האָט ער זיך גייסטיק, אידעיש פאַרענדערט נאָכדעם ווי דאָס אויסשליסן אים פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, מיט וועלכער ער איז געווען אידענטיפיקירט, האָט געשאַפן פאַר אים אַ שוידערהאַפטע סיטואַציע? צי האָט די סיטואַציע דעם סאָציאַליסטישן געניע אַ בויג געטאָן צו דער דיקטאַ־טור פון פּעראָן, וועלכער האָט גראָד געשמייכלט דיקמאַנען אין זיין פאַר־צווייפלטער לאַגע: ער האָט דיקמאַנען געגעבן דעם גאָלדענעם מעדאַל, וואָס איז אים געקומען פאַרן בעסטן אוניווערזיטעטאַריער פון מעדיצין סוף אַכצטן יאָרהונדערט, ווען דיקמאַן האָט געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט; דער דיקטאַטאָר אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק האָט דיקמאַנען געגעבן די פּענסיע פאַר לעגיסלאַטאָר, וואָס איז

אים געקומען פאַר 24 יאָר זיין נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט פון אַרגענטינער פאַר־לאַמענט און ער וואָלט אַוודאי באַקומען אַ מיניסטעריום, ווען ער, דיקמאַן, זאָל דאָס נאָר וועלן. ניין. הערט זיך איין אין דעם וואָס דיקמאַן האָט געזאָגט אין טראַגישן מאָמענט פון זיין העראָישן לעבן און אין די הענט פון דער טאָטאַליטאַרישער רעגירונג:

פאַר די דערגרייכונגען פון פּאָליטישע גלייכע רעכטן פון דער אַרגענ־טינער פרוי;

פּראָפּולסירן סאָציאַלע גערעכטיקייט לטובת דעם אַרבעטער־קלאַס;

פאַרטיידיקן און באַשיצן די סאָציאַליסטישע דערגרייכונגען, וואָס זע־נען אין אַרגענטינע אַ סך און באַדייטנדיק, געשאַפן געוואָרן זינט דער היס־טאָרישער מאַי־רעוואָלוציע מיטן בייטראָג פון אַרגענטינעס היסטאָרישע פּער־זענלעכקייטן, זינט מאַריאַנאָ מאָרענאָ.

ענריקע דיקמאַן, וועלכער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט אין זיינע יידישע קינדער־יאָרן, אין זיין געבורטס־דאָרף אין רוסלאַנד אין דער נאַטור־שיינער געגנט צווישן לעטלאַנד, ליטע און ווייסרוסלאַנד, נאָכדעם ווי ער האָט גע־ליינט און געלערנט די נביאים, ביז ער איז אין פאַרלויף פון זיינע אידעאַלע און גייסטרייכע זיבעציק־יאָרן אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סאָציאַליס־טישן נביא — האָט אין בוענאָס איירעס פון זיין פיינלעכסטער סיטואַציע אַרויס דערקלערט:

„מיינע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע איבערצייגונגען זענען נישט געשטעלט געוואָרן אונטער קיין ספק און אונטער קיין שום ספק וועלן זיי נישט זיין אין דער צוקונפט".

פּשוטע און נביאישע ווערטער, וואָס זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף די ווינטן, איידער זייער אויטאָר ענריקע דיקמאַן, וועלכער האָט אַ סך גע־שריבן (אפשר וועט ווער צונויפשטעלן אַ ביבליאָגראַפיע פון זיינע סאָציאַ־ליסטישע שריפטן), איז אַוועק אין דער אומשטערבלעכקייט.

דיקמאַן איז געשטאָרבן אין עלטער פון 83 יאָר. אין וואַזשע הערמאָסאָ.



מאַריאָ בראַוואָ אין יאָר 1944

# מאַריאָ בראַוואָ

מאַריאָ בראַוואָ איז געבוירן געוואָרן אין גאָרטן פון דער רעפּובליק, ווי עס ווערט גערופן די קלענסטע און אפשר די שענסטע פּראָווינץ פון לאַנד — טוקומאַן.

אַ האַלב־טראָפּיקאַלישער קלימאַט איבער אַ כוואַליעדיקע ערד פון גרינע בערג מיט טאָלן — באַבלומטע און פאַרפומירטע מיט לאַנג־לעבעדיקע, דור־דורותדיקעביימער, ווי די טוקומאַנער איינוווינער ,פון אַלע מינים, אַלע ראַסן און אַלע קלאַסן — האָט מאַריאָ בראַוואָ, ווען מ׳האָט מיט ליבשאַפט און גוט־ברודעריש, אין די סאָציאַליסטישע קרייזן גערופן אינדיאַנער, צוערשט אויסגעזונגען, אַלס דיכטער, די שטימונגען פון זיין לאַנד — דאָס טוקומאַנער און פון זיין שטאַם — די קיטשוער, איידער ער איז אַריבער צום ליד אין פּראָזע אין דער בוענאָס איירעסער מעטראָפּאָליע, זינגענדיק־זאָגנדיק — פון מאָדערנעם קלאַסנקאַמף אין דער דעפינירטער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט, האַלטנדיק, אַז נישט געקוקט אויף דער גרויסער און גוואַלדזאַמער רעאַקציע, וואָס גרייכט ביז רעוואָלוציע — „זייער רעוואָלוציע״... גייט מען דאָך כסדר פאָרויס, ווערט דאָך דער פּראָגרעס רעאַליזירט.

און טוקומאַן — „דער גאָרטן פון דער רעפּובליק״ — איז נישט נאָר דיכטעריש פון דער נאַטור, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק דורך איר דיכ־טער מאַריאָ בראַוואָ. עס טראָגט זיך אַ געזאַנג פון דער אַרבעט אין טוקו־מאַן און פון איר פּראָדוקטיוויטעט און פון איר פּרוכטיקייט. זענען דאָך די טוקומאַנער צעאַקערטע פעלדער ווי אומענדלעכע גערטענער מיט דער שלאַנ־קער און פּרוכטיקער צוקער־רער, וואָס טראָגט אין זיך די זאַפטיקע זיסע פליסיקייט און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די וועטעראַנער־אינדוסטריע פון

טוקומאַן; אַן אייגענע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג אין לאַנד און אַ קאָנצענט־ראַציע פון אַרבעט און קאַפּיטאַל; עקספּלואַטאַציע און קאַמף.

טוקומאַן — די שטאָט און די פּראָווינץ, וואָס טראָגט דעם אינדיאַניש־קיטשואישן נאָמען האָט צו דערציילן פון אַ היסטאָרישן קאַמף פון די קיטשו־ער שקלאַפן־אַרבעטער אין דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער עפּאָכע.

עס איז שוין אין יענער עפּאָכע געווען אַן אַנטוויקלטע מינען־אינדוס־טריע אין די בערג פון טוקומאַן.

די אַרבעט אין די מינען האָבן געטאָן קיטשואישע פאַרשקלאַפטע אַר־בעטער.

פאַר דער מינען־אַרבעט איז געווען איינגעפירט אַ „מיטא״־סיסטעם. אַ סיסטעם, וואָס איז באַשטאַנען אין כאַפּן אין דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען אַ אינדיאַנישע יונגע און קרעפטיקע מענטשן, וועלכע זענען ווי שקלאַפן צוטיילט געוואָרן צווישן די פּריוואַטע באַלעבאַטים פון די מינען — שפּאַניער. די געכאַפּטע זענען איינגעשפּאַנט געוואָרן צו דער צוואַנגס־אַרבעט אין די מינען, ווו זיי זענען עקספּלואַטירט געוואָרן און נאָכ־דעם ווי זיי זענען אויסגעשעפּט געוואָרן, האָט מען זיי — אינוואַלידן אָדער טויטע פון די מינען אַרויסגעוואָרפן.

די אַזוי פאַרשקלאַפטע אינדיאַנישע אַרבעטער האָבן נישט שלום־גע־מאַכט מיט אַזאַ לעבן. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן זיי.

מיט דער דאָזיקער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו אַ רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען צענדליקער טויזנטער פון די דאָזיקע טוקומאַנער אַרבעטער, איז געשיכטלעך פאַרבונדן טופּאַק־אַמאַרו — אַ קיטשוער פּסעוודאָנים פון כאָסע גאַבריעל קאָנדאָר־קאַנקי — אַן אָפּשטאַ־מיקער פון דער אומגעקומענער אינקאַיִשער דינאַסטיע, האָט זיך געשטעלט צו דינסט דער דאָזיקער באַוועגונג און איז העראָיִש געשטאַנען אין דער אָנ־פירערשאַפט פון דער דאָזיקער טוקומאַנער רעוואָלוציאָנער אַרבעטער־באַווע־גונג ביז ער איז אומגעקומען אין אַ שוידערהאַפטן מאַרטירער טויט פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער מאַכט.

מאַריאָ בראַוואָ איז אַ קינד פון דעם פּראָגרעסיוון, געליטענעם, קעמפּע־רישן און הערויִשן קיטשוער; איז דער יורש פון זיין בלוט, פון זיין הויט, פון זיין מוח און פון זיין האַרץ און עס איז צו אים איבערגעגאַנגען בירושה דער הומאַניזם, די הערויִשקייט און נאָך סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון די טופּאַק־אַמאַרוס.

און טוקומאַן — אין גייסטיקער און אין אינספּיראַציע פאַרבינדונג, אָדער אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע געשעענישן — איז אויך די שטאָט פונעם היסטאָרישן קאָנגרעס, וואָס האָט דעם 9טן יולי 1816 אָנגענומען און פּראָקלאַמירט די דעקלאַראַציע פון דער אומאָפּהענגיקייט פון דעם באַפרייטן אַרגענטינע;

באַפרייט פון קאָלאָניאַליזם און אומאָפּהענגיק פון יעדער אויסלענדישער מלוכה, דערקלערט מען „פייערלעך פאַרן געשטאַלט פון דער וועלט", אַז אַרגענטינע וועט זיין אַ לאַנד פון דעמאָקראַטיע, פון פרייהייט און פון מענטשנרעכט.

מאַריאַ בראַוואָ דער יוגנטלעכער סטודענט ווערט אינספּירירט און לערנט פון דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש אין זיין געבורטשטאָט; אַ טיף דעמאָקראַטישע און פרייהייטלעכע געשעעניש, וועלכע דער שטימונגס־פולער סטודענט פון רעכט־וויסנשאַפט קען נישט אויסלערנען איבערפלעכלעך אפשר געגנוג פאַר עקזאַמען; בראַוואָס לערנען אַזאַ היסטאָרישע געשעעניש, גייט אַריין אין זיין גייסטיקן און פּאָליטישן לעבן, וואָס ווערט געשטאַרקט און פאַראייביקט, פון דער מאַרטיראָלאָגיע פון די צפון רעוואָלוציאָנערן אין העראָישן און אידעאַליסטישן קאַמף פאַר דער פרייהייט, פאַר דער דעמאָקראַטישקייט און פאַר מענטשלעכער ווירדע בעת דער טיראַניי און דיקטאַטור פון מאַנועל ראָסאַס, וואָס האָט זיך מיט דער „סומע פון אַלע עפנטלעכע מאַכטן" געשטעלט אויף די היסטאָרישע וועגן פון דעם מאַי־רעוואָלוציאָנערן אַרגענטינע; מאַרטירער ווי מאַרקאָס מ. אַוועזשאַנעדאַ, וועלכער איז געוואָרן געקעפּט אין טוקומאַן און וועמענס קאָפּ עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויף דער פּלאַסע אינדעפּענדענסיאַ — די צענטראַלע פּלאַסע פון שטאָט אויפן נאָמען פון אומאָפּהענגיקייט.

און טוקומאַן איז אויך די געבורט־שטאָט פון אַלבערדי, וועלכער האָט מיט זיין רעוואָלוציאָנערער אַקציע, מיט זיין פּען, אויף זיין אופן, אין אויסלאַנד, אויף פּאָליטישער עמיגראַציע, בייגעטראָגן צו דער באַפרייאונג פון דער ערשטער און לאַנג אָנהאַלטנדער דיקטאַטור אין אַרגענטינע און בייגעטראָגן מיט זיין בוך „באַזעס" און אַנדערע שריפטן צו דער דעמאָקראַטישער און פרייהייטלעכער אָרגאַניזאַציע און אויפבוי פון דער רעפּובליק.

עמאָציאָנעלע אַקציעס אויף די וועגן פון דער אַרגענטינער געשיכטע,

וואָס האָבן געהאַט זייער איינפלוס אויפן לעבן פון מאַריאָ בראַוואָ — דער טופּאַק־אַמאַרו פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

***

מאַריאָ בראַוואָ איז געווען איינער, אויב נישט דער איינציקער, וועלכער האָט מיט זיך און דורך זיך אַזוי ווירדיק פּרעזענטירט אין די העכסטע ספערן פון דער לאַנד־קולטור, פון וויסן, פון קונסט, פון סאָציאַלע שטרעבונגען — זיין ראַסע, די אינדיאַנישע פונעם אַרגענטינער צפון־מערב און דערמאָנט אין דער אינדיאַנישער פרייהייטס־באַוועגונג פון טופּאַק־אַמאַרו סוף אַכצטן יאָר־הונדערט.

אָבער בראַוואָ האָט נישט געפירט קיין אינדיאַנישע פרייהייטס־באַוועגונג. אויף וויפל די אינדיאַנער קיטשואַס פון אַרגענטינישן צפון־מערב, אַזוי ווי די אינדיאַנער גוואַראַניער פון אַרגענטינישן צפון־מזרח, זענען נישט פון די שפּאַניער ביז דער מאַי־רעוואָלוציע פיזיש און קולטורעל אויסגעראָטן געוואָרן, זענען זיי אַריין און זיך אויסגעמישט מיט דער אַלגעמיינער באַפעל־קערונג, וואָס איז געקומען פון אַלע ראַסן, פון אַלע נאַציאָנען און פון אַלע עקן וועלט אויף דער איינלאַדונג פון דער פרייהייט, וואָס די מאַי־רעוואָלו־ציע האָט איינגעפירט און פאַר וועמען די טירן פון אַרגענטינע זענען ברייט געעפנט געוואָרן. די פרייהייטס־באַוועגונג, וואָס בראַוואָ האָט געפירט, איז געווען און איז די באַוועגונג פון אַלע ראַסן און פון אַלע נאַציאָנען און איז אויך אַן אַרגענטינישע, מחמת דאָס אַרגענטינע פון דער מאַי־רעוואָלוציאָנערער צייטרעכענונג האָט זיך אידענטיפיצירט אין גייסט, אין כאַראַקטער און אין נאָך אַספּעקטן מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער פרייהייט־באַוועגונג. בראַוואָ איז געווען אַ פירער פון דער דאָזיקער אַרגענטינער פרייהייט־באַוועגונג מיט איר מאָדערנעם צוזאַמענשטעל, מיט איר מאָדערנעם געשטאַלט און מיט אירע מאָדערנע שטאַנדפּונקטן און גענג און זייענדיק דורך און דורך דער עכ־טער אַרגענטינער, אַזוי עכט און אויסדריקלעך, אַז עס איז איבעריק דאָס צו באַטאָנען, אָדער אונטערשטרייכן, איז ער געווען די אַפּלייקענונג פון דער פּאָליטישער באַהויפּטונג, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אַן אויסלענ־דישע און קיינער האָט נישט אַזוי ווי בראַוואָ באַקעמפט דער קסענאָפאָביע און בראַוואָ איז אויך אויף דעם געביט געווען דאָס אַרגענטינער וויסן און געוויסן, וואָס איז מער ווי איין מאָל פאַרלעצט געוואָרן.

און אויב עס קאָן זיין אַ פערזענלעכקייט אויך אויפן געביט פון אויפ־ריכטיקייט, איז מאַריאָ בראַוואָ אויך אויף דעם געביט דאָס געווען.

און מיט דער דאָזיקער אויפריכטיקייט, וואָס איז נישט שטענדיק ריכ־טיק פאַרשטאַנען געוואָרן און איז אָפט טעותדיק אינטערפּרעטירט געוואָרן, איז ער געקומען מיט שטודירנדיקער יוגנט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַר־טיי, ווען זי איז לויט אירע יאָרן אַליין נאָך געווען אַ יוגנטלעכע. ער איז געקומען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון לאַנד, נישט אַזוי צוליב זיינע אָדער אַלגעמיינע מאַטעריעלע אינטערעסן, אָדער נאָך אַ מאַרקסיסטישן אַנאַ־ליז איבער דער סאָציאַלער געשיכטע, ווי צוליב דער פרייהייט און צוליב דער סאָציאַלער גערעכטיקייט. „איך בין געווען — דערציילט בראַוואָ אין זיינע „פּאַרלאַמענטאַרישע זכרונות" — אַן אומבאַדייטנדיקער און נאַטירלעך אַן אַנאָנימער מיטאַרבעטער אין קאָנגרעס. איך האָב געוווסט צו לאַכן, איך האָב געוווסט אַרויסצומורמלען מיין אומצופרידנקייט, איך האָב געוווסט צו אַפּלאַדירן און לייענענדיק דעם „דיאַריאָ דע סעסיאָנעס" (צייטונג פון די זי־צונגען) האָב איך געזען, ווי מיין ערשטע פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען... ער האָט געלייענט די סטענאָגראַפיעס מיט די באַמערקונגען, ווי „געלעכטער", „אַ געמורמל", „אַפּלויזן", „לאַנגע אַפּלויזן" און ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז זיין אַרבעט געווען. „און אויף דער גאַס האָב איך — דערמאָנט ער זיך — מער ווי איין מאָל געפּאָכעט מיט מיין הוט פאַר די געליבטע פיגורן פון זיצונגסזאַל".

שפּעטער האָט בראַוואָ ווירדיק פאַרנומען זיין פּלאַץ אַלס סאָציאַליס־טישער דעפּוטאַט און סענאַטאָר פון אַרגענטינער פּאַרלאַמענט, ווו אין גייסט פון פרייהייט און פון סאָציאַלער גערעכטיקייט האָט ער זיך דערהויבן צו אַ גרויסער אַרגענטינער פּאַרלאַמענטאַרישער פערזענלעכקייט, אַזוי ווי ער איז דאָס געווען אויפן געביט פון דער אַרגענטינער דיכטונג, זשורנאַליסטיק, טרי־בון, און ביי דער אָנפירערישער און אויספירערישער אַרבעט פון דער אַר־גענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

***

— איך בין געדאַנקלעך איבערגעגאַנגען די פערזן פון איינעם פון די אַר־גענטינער פּאָעטן, וואָס האָבן בייגעטראָגן צו מיין גייסטיקער געשטאַלטונג — שרייבט לעאָנידאַס באַרלעטאַ — דער דאָזיקער פּאָעט איז מאַריאָ בראַוואָ, וועלכער האָט מיט לוגאָנעס, דאַריאָ און אַנדערע אויסגעפילט יענע לאַנגע

נעכט פון חלומות און יוגנטלעכער בענקשאַפט. נאָר פּלוצלינג איז בראַוואָ אונדז אַוועק אין די לאַבערינטן פון דער פּאָליטיק.

דער שרייבער באַרלעטאַ שרייבט, אַז צו זיין געהער זענען געקומען די אָפּקלאַנגען פון בראַוואָס פייערדיקע רעדעס און ער האָט אים נאָכדעם געזען אַ באַגייסטערטן מיט דערהויבענע זשעסטן, דראַמאַטיש פין אידעען אַלס רעדנער אויף דער עפנטלעכער טריבונע איבער די קעפּ פון אַ באַגייסטערטער־טער מענטשן־מאַסע.

דאָס שטימט נישט מיט די פּאָעטישע חלומות פונעם טרוימער. עס שטימט אָבער מיט דער אַרבעט; מיט דער דערהויבנקייט און העראָיזם פאַר אַ בעסערע וועלט; עס איז פּאָעזיע אין פּראָזע אין איינקלאַנג מיטן געוויסן צו זיין מער נוצלעך פאַר דער גרזעלשאַפט אויפן וועג צום סאָציאַליזם.

מען האָט געמיינט, אַז בראַוואָ איז געווען דיכטער איידער ער איז אַריין אין סאָציאַליזם. די „פּאָעמען פונעם פעלד און פונעם באַרג" מיט וואָס בראַוואָ האָט זיך פּרעזענטירט אין דער ליטעראַרישער וועלט האָבן שוין געטראָגן דעם אַראָמאַט פון אַרבעט און פון קאַמף און דאָס ליד פון וועבן אַ ניי לעבן און פון שטרעבן צו אַ בעסערער וועלט.

בראַוואָ איז געווען דיכטער און סאָציאַליסט אין דער זעלבער צייט. ער איז געווען אַ דיכטערישער סאָציאַליסט און אַ סאָציאַליסטישער דיכטער.

„נאָך אין זיין יוגנט איז בראַוואָ אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּאָלי־טישער אַקטיוויטעט — שרייבט „לאַ פּרענסאַ" — מען דאַרף זאָגן דעם אמת: ער איז דער פּאָעט אינעם פּאָליטיקער".

מען דאַרף נאָר זאָגן סאָציאַליזם אין די אַלע פאַלן, וועלכע מען רופט פּאָליטיק. וועט דאָס זיין אמתדיקער.

פּאָליטיק ווי אַ זאַך פאַר זיך עקזיסטירט נישט. און ווען פּאָליטיק צוליב פּאָליטיק וואָלט יאָ עקזיסטירט, וואָלט בראַוואָ צו דעם קיין שום שייכות נישט געהאַט.

בראַוואָ איז געווען אַ סאָציאַליסט און נישט קיין פּאָליטיקער. אַפילו נישט קיין סאָציאַליסטישער פּאָליטיקער.

מאַריאָ בראַוואָ אַ פירער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון איר פּאַרטיי אין משך פון אַ סך יאָרן, האָט ערגעץ אַליין דערקלערט, אַז זיין דערנענטערן זיך צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געווען אַ סענטי־מענטאַלע.

אין לעבן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט וועלכער עס האָט זיך אידענטיפיקירט דאָס פּערזענלעכע לעבן פון מאַריאָ בראַוואָ, זענען ווי אומפאַרמיידלעך מאָמענטן, וואָס זענען אין סתירה צו דער סובלימער עטיק, וועלכע מען קען געפינען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און וועלכע איז אפשר געווען די הויפּט־צוציִונג פאַר בראַוואָן; אַזוינע מאָמענטן קומען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אויף וויפל זי באַשטייט פון לעבעדיקע מענטשן און אויף וויפל זי איז נישט איזאָלירט פון היינטיקן און פון דאָיקן לעבן און איז פאַרבונדן מיט דער רעאַליטעט — דאָס איז אמת, אָבער דער דאָזיקער אמת לאָזט זיך פילן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דאָס צו־ריקציִען זיך פון רעפּרעזענטאַטיווער אַקטיוויטעט מצד אַקטיוויסטן, אַפילו פירער, ביי וועמען די עטיק פאַרנעמט גאָר אַ ברייטן אָרט אין זייער סאָציאַ־ליזם, איז פון די מילדערע קאָנסעקווענצן, פון וועלכע עס ליידט די סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג. אַזוינע מאָמענטן קענען אויך פירן צו קריזיסן און אַפילו צו שפּאַלטונגען.

איך דערמאָן זיך אין אַזאַ מאָמענט, ווען מאַריאָ בראַוואָ האָט זיך אָפּ־געזאָגט פון זיין פּרעקאַנדידאַטור פאַר לעגיסלאַטאָר און האָט זיך אויך אָפּגע־זאָגט אַלס מיטגליד פונעם אַללענדישן עקזעקוטיור־קאָמיטעט פון דער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי.

בראַוואָ האָט זיך אין יענעם מאָמענט געפונען אין שפּיץ פון דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג, זייענדיק דער באַליבטסטער מענטש ביי די סאָציאַ־ליסטישע מאַסן און די סימפּאַטיזירטסטע סאָציאַל־פּאָליטישע פּערזענלעכקייט אין אַלע פּאָליטישע סעקטאָרן פון לאַנד. זיין צוריקציִען זיך פון דער „פּאָלי־טיק" — ווי דאָס האָט אין דער וווּלגאַריטעט געהייסן — איז זייער באַדויערט געוואָרן צווישן דער מיטגלידערשאַפט און אין די פּאַרטיי־צענטערן זענען אָנגענומען געוואָרן שריט אויס מורא פאַר עקסטרעמען.

ווי איינער פון אַ דעלעגאַציע, וואָס דער עלפטער צענטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט געשיקט צו בראַוואָן, האָב איך, אין שמועס מיטן „אינדיאַנער" אין זיין סטודיע אין דער גאַס פּאַראַנאַ, געזאָגט אַזוי זיך:

— מיר וואָלטן אַוודאי געוואָלט איר זאָלט צוריקציִען אייערע דעמי־סיעס, ווייל עס גייט נישט נאָר אין דעם, וואָס עס פעלט דער חבר בראַוואָ ביי דער אָנפירונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעט, וואָס איז נישט נאָר די זאַך פון דער פּאַרטיי, נאָר נאָך מער ווי אין דעם גייט עס אין דעם וועלן

וויסן וווהין גייט די דעמיסיע? צי איז זי נישט דער ערשטער שריט פון נאָך ווייטער?...

— עס איז פאַרשטענדלעך און פילבאַר אייער פראַגע, וואַלד — האָט זיך בראַוואָ אָפּגערופן. איך פיל און שעץ דעם אומרו פון די חברים. מיין האַנדלונג איז אַ ספּאָנטאַנע און איך האָב נישט קיין חרטה. עס איז דער גע־וויסן, וואָס האָט רעאַגירט. ער מאַכט נישט קיין חשבונות. איך מיין אַז די פּאַרטיי וועט מאָראַליש געווינען. מען דאַרף דאָס נאָר נישט פאַלש אויס־טייטשן. זייט זיכער, חברים, אַז קיינער וועט פון מיין האַנדלונג קיין קאַפּי־טאַל נישט שלאָגן. איך בין אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ס׳איז נאָר־וואָס דאָ געוועזן סאָלאַרי. איך שטיי אין קאָנטאַקט. די באַציִונגען זענען גאַנץ און אומבאַרירט...

די דעלעגאַציע פון עלפטן סאָציאַליסטישן צענטער, מיט וועמען בראַוואָ האָט געפירט אַן אינטימען שמועס, איז אַוועק פונעם „אינדיאַנער״ אַן אויפ־געהייטערטע און צופרידענע מיט אַ געפיל, אַז מאַריאָ בראַוואָ איז און בלייבט מיט אונדז אין די סאָציאַליסטישע רייען.

לעאָנידאַס באַרלעטאַ האָט געשריבן:

„זיי האָבן אונדז אָפּיציעל אומגעקערט דעם פּאָעט״ — דאָס האָט ער געמיינט בראַוואָס דעמיסיעס פון דער „פּאָליטיק״ און זיין ליד אין פּראָזע צו דער „מוזע״, ווען ער האָט געשריבן:

„ווייל איך בין אַ גלויביקער אין די מאָראַלישע כוחות פונעם מענטש און אין דעם אייביקן באַנייען זיך פון דער וועלט און ווייל איך בין אַ מענטש, וואָס גלייבט אין דער פּאָעטניק פונעם געדאַנק און פונעם גייסט און אינעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל פונעם פאָלקס שאַפונג — בין איך אַ פּאָעט, איך וויל דאָס זיין, איך שטרעב דאָס צו זיין.״

מאַריאָ בראַוואָ דער פּאָעטישער סאָציאַליסט און סאָציאַליסטישער פּאָעט איז געבליבן ווי און ווו ער איז געווען און אַז מען בלייבט ווו און ווי געוועזן קערט מען זיך נישט אום — באַרלעטאַ.

***

— מיין ערשטער קאָנטאַקט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — שרייבט בראַוואָ פּראָזאַיִש — איז באַשטאַנען אין אַ באַזוך, וואָס איך האָב

געמאַכט אין הויז אויף דער גאַס מעקסיקע 2070, וווּ עס איז געווען „לאַ וואַנגוואַרדיאַ" (סאָציאַליסטישע צייטונג) און דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

— מיינע פריינט — אַרבעטער פון טוקומאַן — האָבן פאַרלאַנגט איך זאָל פאַר זיי קריגן סאָציאַליסטישע בראָשורן.

— „סאָציאַליזם" האָט געקלונגען שלעכט אין מיינע אויערן לויט די רייד פון אַ פּראָפעסאָר פון מיין פאַקולטעט און צווישן די סטודענטן האָט מען קאָמענטירט, ווי אַן עקזאַמינירן־קאָמיסיע האָט אָפּגעוואָרפן דעם טעזיס פונעם יונגן אַדוואָקאַט פּאַלאַסיאָס וועגן „די נויט", ווייל ער איז געווען אויפהעצעריש קעגן דער עקזיסטירנדער סאָציאַלער אָרדענונג...

— אויף דער אָנווייזונג פון אַ סטודענט בין איך געגאַנגען אויף מעקסיקע פרעגן אויף די פאַרלאַנגטע בראָשורן. ביי דער אַרבעט פון דער צייטונג האָב איך געטראָפן צוויי מענטשן. איינער פון זיי איז געווען דאָמינגאָ דע אַרמאַס — אַ זעצער פון דער צייטונג (דערשינען וועכנטלעך פון 1894 ביז 1905, ווען אָנגעהויבן צו דערשיינען טעגלעך), דער קאַסירער פון דער פּאַרטיי און דער אַדמיניסטראַטאָר פון „לאַ וואַנגוואַרדיאַ".

— די סאָציאַליסטישע בראָשורן האָב איך געקראָגן, זיי אָוועקגעשיקט, אין זיי אַפילו נישט אַריינגעקוקט.

— שפּעטער האָב איך געלייענט אַן אַרבעט פון דאָקטאָר כוסטאָ. עס האָט מיך סוגעסטירט דאָס וואָס ער שרייבט:

„אין אַ שיינעם טאָג האָט דער באַלעבאָס פון דער „עסטאַנסיאַ" (גוט) געזען ווי זיינע „פּעאָנען" (שוואַרץ־אַרבעטער) האָבן מיט אַ קויל אויפגעשריבן אויף דער וואַנט פון דער קיך:

„מיר ווילן מער גאַליעטן".

פון דעם מאָמענט אָן זענען די פּעאָנען — „אַנאַרכיסטן".

— עס האָט מיך געררופן צו דער רעאַליטעט אַ סאָציאַלע געשעעניש מיט אַ פאַרנעם אין מיין פּראָווינץ טוקומאַן: אַ שטרייק אין די צוקער־פאַבריקן. דער ערשטער שטרייק. די פּעאָנען פון די אינכעניעס האָבן, דורך דעם שטרייק, געפאָדערט אַ לוינהעכערונג, אַ רעדוקציע פונעם אַרבעטסטאָג, אָפּשאַפן דעם צוואַנג צו קויפן די לעבנסמיטלען אין דער פאַבריק, וווּ מען אַרבעט און דעם לוין זאָל מען צאָלן מיט געלט.

דער שטרייק האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג איבערן לאַנד. די צייטונגען פון

בוענאָס איירעס האָבן געשריבן פון „פּראָפעסיאָנעלע אַגיטאַטערס“ און פון „עקזאָטישע דאָקטרינען“...

— איך בין דעמאָלט אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עס איז געווען באַלד נאָכדעם, ווי דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און די ציימונג האָט זיך איבערגעצויגן אויף דער גאַס דעפּענסאַ 888 — דריי אַכטן; דאָס הויז פון די קונפטיקע 3 סאָציאַלע דערגרייכונגען: 8 שעה אַרבעט, 8 שעה לערנען און 8 שעה רוען.

מאַריאָ בראַוואָ, דער האַרציקער; „דער האַרציקער סאָציאַליסט, דער האַרציקער פּאָעט, דער האַרציקער פּראָפעט“ — ווי עס האָט געשריבן וועגן אים דאַרדאָ קונעאָ אין „אַנטינאַצי“ פון 1946, איז געווען געוואָרן פּאַר אַ „לינקן“ פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; פּאַר אַן עקסטרעמען רע־וואָלוציאָנער; פּאַר אַ אומגעדולדיקן; פּאַר אַ אימפּולסיוון — ווי דאָס איז אייגנשאַפטלעך אינדיאַניש, אָבער — אַ סך, ביי דער באַשיידענער, קליינער, אַנאָנימער אַרבעט — נישט זעענדיק די אַרבעט צוזאַמענגענומען אין לאַנד און אין דער וועלט — זענען אומגעדולדיק. מיר וואָלטן געוואָלט עס זאָלן זיך שוין רעאַליזירן אונדזערע געוואַגטסטע אימאַזשינאַטיווע קאָנצעפּטן; אַז מען זאָל שוין דאָ מאַכן דאָס, וואָס מיר זעען, אַז עס מאַכט זיך אַנדערשווו; אַז מען זאָל צוויילן דעם ריטם פון אונדזער מאַרש; אַז מען זאָל פּאַרגיכערן דעם גאַנג פון אונדזער פּראָגרעס. עס איז גוט עס זאָל אַזוי זיין. דאָס זענען סטימוליר־קרעפטן, זיי מוטיקן, זיי רופן אַרויס. אָבער אָבסערווירנדיק אייגנט־לעך דאָס רעאַליזירטע גרויסע און קאָמפּליצירטע ווערק, מוז מען זאָגן, אַז אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן איז געטאָן געוואָרן גוט און אין צייט.

איך בין נישט זיכער צי די זאַכן וואָלטן געמאַכט געוואָרן בעסער, ווען זיי וואָלטן געמאַכט געוואָרן גיכער.

**
*

איך האָב זיך פּערזענלעך באַקענט מיט מאַריאָ בראַוואָ, ווען ער איז שוין געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס איז געווען אין די יאָרן זיבן, אַכט, ניין, צען. דאָס צענטראַל־אָרט פון דער פּאַרטיי און די ציימונג „לאַ וואַנגואַרדיאַ“ שוין אַ טעגלעכע מיט לינאָטיפּן און אַ דרוקמאַשין — איז געווען אויף דער גאַס דעפּענסאַ 888 — די סימבאָלישע דריי אַכטן.

אונדזער באַקענען זיך און זיין אין קאָנטאַקט איז געווען אַ צוועקמע־

סיקע, אַן אָביעקטיווע. איך אַלס סעקרעטאַר פון דער נאָר־וואָס געגרינדע־טער, נאָך „גרינער" ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער אָרגאַני־זאַציע אין אַרגענטינע „אַוואַנגאַרד" און ער — דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע איז אויך נאָך נישט אַזוי אַלט געווען. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1896 — איין יאָר פאַר דער גרינ־דונג פון „בונד" — אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד — מיט וועמען די אַרגענ־טינער אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד", אינגאַנצן אַ זעלבסטשטענדיקע, האָט דאָך געהאַט אַ נאָענטן שייכות — אַ ייִדיש־סאָציאַליסטישן און אַ — בונדיסטישן, מחמת דער אידעישער געמיינזאַמקייט פונעם דאָיִקייט־פּרינציפּ.

מאַריאָ בראַוואָ אַלס דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי (דאָס איז דער הויפּטאַמט. אין דער פּאַרטיי איז נישטאָ קיין פּערמאַנענטער פּאָרזיצער), איז געווען אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער סאָציאַליסטישער אַקציע, וואָס איז געווען אין יענע אָנהייב־יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, דאָס צוואַנציקסטע, געשפּאַנטער קאַמף מיט דראַמאַ־טישע איבערלעבונגען.

עס האָבן זיך דעפינירט די סאָציאַלע קלאַסן און עס האָבן זיך פאַר־שאַרפט זייערע קעגנזאַצן. עס איז נישט געווען קיין דיקטאַטור פון אַ פּער־זאָן, אָבער עס איז יאָ געווען דיקטאַטור פון אַ קלאַס — דעם קאַפּיטאַליס־טישן פאַרשטייט זיך.

סאָציאַל־דעמאָקראַטישע איינשטעלונגען אין גייסט פון די אַרגענטינער היסטאָרישע געשעענישן זענען דירעקט, קאָנסטיטוציאָנעל, פאָרמעל, אָפּי־ציעל — נישט באַרירט געוואָרן, אָבער אומדירעקט, נישט פאָרמעל און די ערשטע צייט אויך נישט אָפיציעל — האָט מען פאַרלעצט, עובר געווען און קאָרומפּירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע איינשטעלונגען, באַנוצנדיק זיך מיט דער הינטערשטעליקייט און דעם פּאָליטישן אַנאַלפאַבעטיזם פון די פאָלקס־מאַסן און באַנוצנדיק זיך מיט פּאָליטישן שווינדל, דער עיקר ביי וואַלן און אָנווענדנדיק טעראָר און פּראָוואָקאַציע — דאָס אַלץ אונטערן שוץ פון די באַוואָפנטע קרעפטן, פון דער געזעצגעבונג, פון געריכט און פון דער רעגי־רונג — אין דער „סאָציאַלער שלאַכט" קעגן דער יונגער אַרבעטער און סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד, מיינענדיק אַז אַלע מיטלען קעגן איר זענען כשר.

און אין דער זעלבער צייט ווען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער און די סאָ־

ציאַליסטן זענען פּאָליציייִש און באַנדיטיש בלוטיק אַטאַקירט און אָנגעגריפן געוואָרן, האָט דער פּאַרלאַמענט גוטגעהייסן אַנטיפּראָלעטאַרישע און אַנטי־סאָציאַליסטישע געזעצן צו לעגאַליזירן די מאַסן־איבערפאַלונגען אויף די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס; אויף די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און אויף די „פּראָגרעסיווע אידעען", וואָס געפינען זיך אין די ביכער, אין די ביבליאָטעקן, אין די קולטור־צענטערן, אויף דער פרייער טריבונע, אין דער פרייער פּרעסע.

דער רעזידענץ־געזעץ 4144, וואָס האָט געדאַרפט הייסן דעפּאָרטאַציע־געזעץ איז אַרויס פון יענער רעפּרעסיווער געזעצגעבונג אין דער קאַפּיטאַ־ליסטיש־רעאַקציאָנערער צייט; דער פּאַרבלוטיקטער ערשטער מאַי פון 1909; די פּאָגראָמען פון מאַי 1910, ווען ס'איז צעבראָכן געוואָרן די דרוקעריי פון „לאַ וואַנגוואַרדיאַ" אויף דעפענסאַ מיט די דריי אַכטן און ווען ס'איז פּאָגראָ־מירט געוואָרן די היסטאָרישע „ביבליאָטעקאַ רוסאַ" — די ייִדישע און רו־סישע ביבליאָטעק פון לאַ פּאַס־געסל און ווען פון די ביכער איז געמאַכט געוואָרן אַ שייטער־הויפן אויף פּלאַסע קאָנגרעסאַ, אין פראָנט פון פּאַרלאַ־מענט, וועלכער האָט אין דעם יאָר — דער ערשטער יאָרהונדערט פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע — אונטערגעטראָגן דעם יובילייִ אַ מתנה אין דער געשטאַלט פון אַ רעפּרעסיוון געזעץ, דער אַזוי גערופענער „לעי דע סע־גורידאַד סאָסיאַל".

די אַלגעמיינע סיסטעמאַטישע און פּערמאַנענטע מאָביליזאַציע פון דער הערשנדער רעאַקציע קעגן די אויפקומנדע נייע און שעפערישע פאַקטאָרן פון סאָציאַליזם, איז געגאַנגען אין באַגלייט מיט אַ כאַראַקטעריסטישן אַנטי־פּראָלעטאַרישן און אַנטיסאָציאַליסטישן באַלאַגערונגס־צושטאַנד, דורך וועלכן עס זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס, פאַר פרייהייט, פאַר דעמאָקראַטישקייט און פאַר מענטשנרעכט בכלל און מען האָט געשלאָסן די סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־פּרעסע און מען האָט אָנ־געהאַנגען שלעסער, אָדער אַנידערגעשטעלט פּאָליציי ביי די פאַרשלאָסענע טירן פון די סאָציאַליסטישע־ און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, איינשליסלעך די אַנאַרכיסטישע; און מען האָט פאַרבאָטן פאַרזאַמלונגען און מ'האָט אָנגע־האַנגען שלעסער אויף די מיילער פונעם גערעדטן וואָרט און מען האָט אַרעס־טירט מאַסן און מען האָט איבערגעפּאַקט די תפיסות און מען האָט דעפּאָר־טירט מענטשן און זיי ווי אַרעסטאַנטן צוגעשטעלט צו די גרענעצן פון זייי־ערע פאָטערלענדער, פון וועלכע זיי זענען אַנטלאָפן — יענער באַלאַגערונגס־

צושטאַנד איז געווען אַ פילבאַרער פאַקטאָר פון דער פולשטענדיקער סאָ־ציאַלער מלחמה, וואָס איז דאָ געפירט געוואָרן.

אַוודאי האָט די יונגע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער באַוועגונג מאָ־טעריעל און פיזיש אַ סך געליטן. מער נאָך ווי די באַוועגונג אַלס געמיינ־שאַפט האָט געליטן דער מענטש פון דער באַוועגונג, דער יחיד, וואָס איז געוואָרן פאַרפאָלגט, געפייניקט.

אָבער מאָראַליש האָט די אַזוי אָנגעגריפענע באַוועגונג געוווּנען און גאָר פילבאַר איז געווען דער מאָראַלישער זיג פונעם יחיד, וואָס האָט נישט פאַרלאָזט זיין קאַמפּספּלאַץ, ווילאַנג דאָס איז געווען אָנבאַלאַנגט אין זיין ווילן, דאָס האָט אים דערהויבן צו העראָישקייט.

אין יענעם מאָמענט פון דער צעשטורעמטער רעאַקציע קעגן דעם אויפ־קום פון די עקספּלואַטירטע — די מאַסן־אַספּיראַנטן פאַר אַ בעסערער און אַ שענערער סאָציאַלער אָרדענונג, איז מאַריאָ בראַוואָ געשטאַנען אויף זיין דערהויבענעם קאַמפּספּלאַץ, אויפן סאָציאַליסטישן פראָנט, וועלכער האָט נישט געקאָנט פאַרניכטעט ווערן, נישט אומקומען, נאָר אַ דאַנק זיין מאָ־ראַלישן כוח.

דער אוטאָפּישער סאָציאַליזם פון פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט שוין אין זיין צייט — און נאָר דורך זיינע מאָראַלישע קרעפטן, די איינ־ציקע וועלכע ער האָט געהאַט — אינספּירירט היסטאָרישע באַוועגונגען און עס געפינט זיך זיין איינפלוס אויף אַזוי היסטאָרישע געשעענישן ווי די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע.

אין גאַנג פון צייטן האָט זיך דער סאָציאַליזם באַקרעפטיקט מיט וויסנ־שאַפטלעכע ווערטן, מיט היסטאָרישע ווערטן, מיט קולטור ווערטן און מיט אַ פאַרמעגן פון געוווּנענע פּאָזיציעס אין לאַנד — אין יעדן לאַנד — אין דער קאָנסטיטוציע און אין דער געזעצגעבונג; אין דער נאַציאָנאַלער אַדמי־ניסטראַציע און אין דער רעגולאַציע פון מענטשלעכן לעבן און צוזאַמענ־לעבן; אין דער נאַציאָנאַליזאַציע, אָדער סאָציאַליזאַציע פון גרונטזאַכן און עפנטלעכער באַדינונג, ווי אין דער לייזונג פון אַלע נאַציאָנאַלע און אינטער־נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

אָנהאַלטנדיק פּראָגרעסיוו זיין אידעאַליזם, זיין צוקונפטיקייט, גייט דער סאָציאַליזם פאַרייניקט מיט דער רעאַליטעט, מיטן פּראַקטישן לעבן.

מען ווייסט, אַז נאָך דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט קומט די סאָ־

ציאַליסטישע, אָבער דאָס הייסט נישט זיין פּאַסיוו אין לעבן און וואַרטן מיט די מענטשלעכע באַדערפעענישן און שטרעבונגען ביז דער סאָציאַליזם וועט קומען.

אין דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט איז דער סאָציאַליזם שוין דאָ. נישט דער גאַנצער סאָציאַליזם איז שוין דאָ, אָבער זינט דער ווייטער פאַר־גאַנגענהייט איז דאָ סאָציאַליזם. נישט אומעטום איז ער גלייך. ווו ער איז מער דאָ, ווו ווייניקער. אין אָנהייב איז ער געווען פּרימיטיוו. נאָכדעם האָט ער זיך אַנטוויקלט נישט ווי אַ זאַך פאַר זיך, נאָר מיט דער אַנטוויקלונג פון אַלע מענטשלעך־געזעלשאַפטלעכע זאַכן אויף וויפל זיי האָבן געקענט סאָ־ציאַליסטיש זיך אַנטוויקלען. פרייהייט איז אַ סאָציאַליסטישע זאַך און עס איז סאָציאַליסטיש די אַלע אָן אַ צאָל אָנווענדונגען פון דער פרייהייט און אירע מאַניפעסטאַציעס. דעמאָקראַטיע איז אויך אַ סאָציאַליסטישע זאַך, ווי עס איז סאָציאַליסטיש די אומצאָליקע דעמאָקראַטישע אָנווענדונג און אירע מאַניפעסטאַציעס.

אויף וויפל מען אַרבעט היינט ווייניקער, לייכטער און מען פאַרדינט מער — פאַר וואָס מען קען פירן אַ שענער און בעסער יחידיש און פאַמי־ליאַר לעבן — איז דאָס סאָציאַליזם, אָדער סאָציאַליסטישע דערגרייכונג, פּונקט אַזוי איז אויך סאָציאַליזם דאָס מענטשנרעכט, די פאַרטיידיקונג פון די מענטשלעכע רעכטן און ווירדע און זייער באַשיצונג; עס איז סאָציאַליזם אַלע מענטשלעכע פאַרבעסערונגען צוליב אַ שיין לעבן פון אַלע און פון יעדן; עס איז סאָציאַליזם די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג, די טעכנישע און מעכאַנישע דערפינדונגען — אויף וויפל זיי פאַרגרינגערן די אַרבעט פונעם מענטשן און העלפן פאַרקלענערן דעם אַרבעטסטאָג —

און עס איז סאָציאַליזם דער סאָציאַליזם, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן אין פאַרלויף פון די צייטן ביז אונדזער צייט; דער וואָס ווערט רעאַליזירט אין אונדזער צייט און די שטרעבונגען און די באַוועגונגען פאַר אַלץ מער סאָציאַליסטישע דערגרייכונגען אויף די היסטאָרישע וועגן וואָס פירן צו דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט אַן אמתדיק סאָציאַליסטישע.

די אַרגענטינער קאַפּיטאַליסטישע רעאַקציע האָט נישט געוואָלט, עס האָט זיך איר נישט געלוינט און ס'איז איר נישט אָנגעשטאַנען קיין סאָציאַ־ליזם — נישט דער פון היינט און אויך נישט דער פון מאָרגן; נישט דער פון באַלדיקע דערגרייכונגען און נישט דער פון שפּעטערע דערגרייכונגען און פון פולשטענדיקן, וואָס קומט אויפן אָרט פונעם קאַפּיטאַליזם.

און ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט די רעאַקציע מאָביליזירט אירע כּוחות אין אַ פאַרשייטן קאַמף צו פאַרטיליקן די אויפקומענדיקע סאָציאַליסטישע־ און אַרבעטער־באַוועגונג, וואַרפנדיק זיך אין דעם קאַמף מיט אירע אַלע מיטלען, נישט אויסגעשלאָסן די נידערטרעכטיקסטע און נישט געקוקט וואָס זיי האָבן אויך אָנגעגריפן די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע אין גייסט פון איר פרייהייט און דעמאָקראַטישקייט; אָנגעגריפן די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע; מיסברויכט מיט די מלוכה אינסטיטוציעס און מיט דער געזעצגעבונג.

מאַריאָ בראַוואָ איז אויסגעקומען צו שטיין אין פראָנט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע, ווען זי איז אַזוי אָנגעגריפן געוואָרן און די באַוועגונג, וואָס איז אַזוי ווירדיק און העראָיש פאַרטיידיקט געוואָרן איז אין דער זעלבער צייט געווען שעפעריש און רעקאָנסטרוקטיוו: באַלד ווידער אויפגעבויט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי נאָך יעדע צעשטערונג, דאָס זעלביקע די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־באַוועגונג; די קולטור־באַוועגונג אין סאָציאַליסטישן גייסט; די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג און די אָרגאַניזאַציע פאַר קעגנזייטיקער הילף.

מאַריאָ בראַוואָ — אויב ער איז נישט נאָך געווען סטודענט פון רעכט און סאָציאַלער וויסנשאַפט פונעם בוענאָס אײַרעסער אוניווערזיטעט, האָט ער נאָר־וואָס געהאַט פאַרענדיקט דאָקטאָראַט. זיין געלערנטקייט האָט זיך צוגעשטעלט צו זיין אויסער אוניווערזיטאַרישער אינטעלעקטואַליטעט און ביידע פאַרייניקט מיט זיין דיכטערישקייט האָט בראַוואָ פאַרקערפּערט די אידעאַלע דרייאייניקייט מיט אַ וווּנדערבאַרער קראַפט פאַר דער סאָציאַליסטישער זאַך.

אַ בוך: „מאָווימיענטאָ סאָסיאַליסטאַ אי אָברעראָ“ (סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג), וואָס בראַוואָ, זייענדיק גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, האָט געשריבן ווי אַ באַריכט צום 9טן קאָנגרעס פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און וואָס איז אַ גרינטלעכער מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון דער אַרבעטער באַוועגונג — איז דערשינען אין בוענאָס אײַרעס אין 1910 צום ערשטן הונדערט־יאָריקן יובילײַ פון דער מאַי־רעוואָלוציע.

אין דעם בוך איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע דערמאָנט, אין דעם קאַפּיטל „סאָציאַליסטישע פּרעסע“, דער ייִדישער סאָציאַליסטישער

חודש־זשורנאַל „דער אַוואַנגאַרד״, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין בוענאָס איירעס 1908, ווי אַ פּרעסע־אָרגאַן פון דער אומאָפּהענגיקער יידישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך שוין געהאַט, דורך איר אַקציע און דורך דעם אָנגריף פון דער רעאַקציע, איינגעגלידערט אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער באַוועגונג און אין סאָציאַ־ליזם אין לאַנד.

ס׳איז געווען אַ צייט פון קומען אין קאָנטאַקט מיט דער פּאָליציי אויף די פאַרשידנסטע אופנים.

שרייבן נאָטעס צום פּאָליציי־שעף איז געווען איינע פון די אופנים, די קולטורעלסטע.

עס איז בעת באַלאַגערונגס־צושטאַנד אין דעצעמבער 1909, נאָכדעם ווי סימאָן ראַדאָוויצקי האָט געמאַכט אַ באָמבע אַטענטאַט אויפן פּאָליציי־שעף פאַלקאָן, נעמענדיק נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט דעם 1טן מאַי פון זעלבן יאָר.

אין לאַנד האָט געהערשט רעפּרעסיעס. די סאָציאַליסטישע צענטערן זענען געווען פּאָליצייאיש געשלאָסן. „לאַ וואַנגואַרדיאַ״ איז געווען פאַרמאַכט — שרייבט בראַוואָ אַלס סעקרעטאַר אין נאָמען פון עקזעקוטיוו פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צום פּאָליציי־שעף:

„די באַרבאַרישסטע פאַרפאָלגונג האָט נישט באַוויזן און וועט נישט באַוויזן אין קיין לאַנד נישט צו פאַרלעשן די דאָזיקע באַוועגונג, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון די פונדאַמענטאַלע קרעפטן פון דער געשיכטע״.

די נאָטע רעדט מענטשלעך, נישט געקוקט, וואָס זי איז געווענדעט צום פּאָליציי־שעף אין דינסט פון דער רעאַקציע:

„מיטן דערהייבן די אַספּיראַציעס און די געדאַנקען פונעם פאָלקס־מענטש דערוייטערט אים די אַרבעטער־באַוועגונג פון גייציקייט און פון פאַרברעכן און איז אַ פאַקטאָר פון אָרדען און פון סאָציאַלן פּראָגרעס״.

מיט צען יאָר שפּעטער, אין 1919, באַלד נאָך דער „טראַגישער וואָך״ מיט מיר אַלס איר העלד. איך בין נאָר־וואָס געהאַט באַפרייט געוואָרן פון אַ שווערן אַרעסט און פון אַ עקזעקוציע. איך בין געגאַנגען אין צ״ק פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס איז געווען אויף ריוואַדאַוויאַ (נאָך נישט געווען דאָס פאָלקסהויז). דאָ איז אויך געווען די דירעקציע פון

„לאַ וואַנגואַרדיאַ" מיט מאַריאָ בראַוואָ אַלס דירעקטאָר. איך האָב אים גע־טראָפן אַ פאַרנאָמענעם ביי זיין שרייבטיש.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס האָט איר געוואָלט?... האָט בראַוואָ אָפּגעשטעלט דאָס שטעפּן אויף דער שרייבמאַשינקע און לאַנג געהאַלטן זיינע אויגן אויף מיר שווייגנדיק.

אַרויסגעקומען פון אַרעסט, מחמת פּרעזידענט פון דער מאַקסימאַליס־טישער רעגירונג אין אַרגענטינע... האָב איך נאָר געזען אויף איין אויג, אָבער מיט דעם איינעם אויג האָב איך גוט געזען ווי די טונקעלע הויט פונעם „אינדיאַנערס" פּנים צינדט זיך אָן און זיינע אויגן ברענען.

— חבר בראַוואָ: איר דערקענט מיך נישט... איך בין —

...וואַלד!

טוקומאַן איז אַ „גאָרטן פון דער רעפּובליק", אָבער אויך אַ נעסט פון געלן פיבער, פון וועלכן בראַוואָ האָט זיך נישט אויסגעהיטן.

בראַוואָ האָט אינגאַנצן געציטערט, ווען ער האָט אַרויסגעדרייט דאָס פריערדיקע פּאַפּיר פון דער שרייבמאַשינקע און אַריינגעדרייט אַן אַנדערס.

איז מיר נישט קלאָר געווען: צי איז זיין ציטער אין דעם מאָמענט פון געלן פיבער, אָדער — פון מיר...

בעת בראַוואָ האָט געשריבן דעם אינטערוויו, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ און זיך געריסן די האָר.

דאָס איז געווען נאָך אַמאָל פון טרעפן זיך מיט בראַוואָן אין אַן אויסער־געוויינלעך אומנאָרמאַלן מאָמענט, ווען אַפילו אַ מאַריאָ בראַוואָ — אַ דיכטער אַ טריבון, אַ פּאַרלאַמענטאַריער — דריקט נישט אויס אין וואָרט די גאַנצע שטימונג פון אַזאַ צוזאַמענטרעף און דאָס גאַנצע בילד.

***

וועגן דער מיליטערישער רעוואָלוציע פון סעפּטעמבער 1930 מיטן גענעראַל אוריבורו בראש און מיט אַ פאַרנעם פון אַ פאַשיסטישן רעזשים. — האָט בראַוואָ געהאַלטן אַ רעפעראַט, געבויט אויף די טעזיסן, ווי: „די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און די רעוואָלוציע"; „די מאָראַלישע באַזעס פון דער רעוואָלוציע"; „די פּאָליטישע סיטואַציע פונעם לאַנד עקספּאָנירט אויפן אוי־סעראָרדענטלעכן קאָנגרעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי"; „די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטיי און די קאָנסטיטוציע"; „די פאַרגאַנגענהייט, די קעגנ־

וואָרט און די צוקונפט פון דער אַרגענטינער פּאָליטיק"; „דער קאָנגרעס און די דיקטאַטור".

די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט בראַווא פאַרענדיקט מיט אַ ציטאַט פון אַ רעפּאָרטאַזש, וואָס ער האָט געשריבן און וועלכער איז געוואָרן פּובליקירט, דעמאָלט, אין דער קאָרדאָבער צייטונג „לאַ וואָס דעל אינטעריאָר".

— די רעוואָלוציע אין וועלכער דאָס לאַנד נויטיקט זיך — שרייבט ער — איז די וואָס גייט טראַנספאָרמירן אירע היסטאָרישע באַדינגונגען דורך אויפרודערן די פאַקטאָרן, וואָס באַשטימען איר סאָציאַלן צושטאַנד. די נויט, דער לאַטיפונדיזם, דאָס באַרייכערן זיך אָן אַרבעט, די עקספּלואַטאַציע פון די מאַסן צוליב וואָס מען האַלט איין די פּראָדוקציאָנס מיטלען — די דאָזיקע רעוואָלוציע ווערט איצט נישט געמאַכט. די דאָזיקע זאַך וועט בלייבן פאַרן לאַנגזאַמען שאַפן פון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג, אָדער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער סאָציאַליזם קאָן מאַכן אין לאַנד ביידע זאַכן.

מיר זענען געווען די גרעסטע דינאַמישע קראַפט אינעם פּראָגרעס פון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג און פון די פּאָליטישע געווינהייטן. מיר ווילן דאָס ווייטער זיין. מיר זענען אַ פּאַרטיי וואָס וויל בעסער די לעגאַליטעט איידער די גוואַלדזאַמע רעוואָלוציע, אָבער מיר וועלן נישט איבערגעשראָקן פון דאַרפן קומען צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע דורך געוואַלד, אויב דאָס וועט נויטיק זיין איבער דעם, וואָס עס וועלן נישט זיין גענוג לעגאַלע מיטלען צו דערגרייכן דעם ציל פון דער טראַנספאָרמאַציע, וועלכע מיר ווילן".

***

איך האָב שוין געשריבן ווי אין דער אינטימיטעט פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט מען אים גערופן אינדיער. אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז נישטאָ קיין ראַסן־האַס און דאָס אָנרופן „אינדיאָ" מאַריאָ בראַוואָן איז געווען דער אויסדרוק פון ליבע, פון צערטלעכקייט און פון אינטימיטעט, אַ שטייגער ווי בראַווא האָט זיין פרוי גערופן „זשוזשיטאַ" (אַ סילוועסטער גרעזל), אָבער מאַריאָ בראַווא איז טאַקע געווען אַן אינדיער פון אָפּשטאַם און ער איז געווען פיזיש און קולטורעל און גייסטיק די כאַראַקטעריסטישע און רעפּרעזענטאַטיווע געשטאַלט פון זיין אינדישער ראַסע, פון זיין פאָלק, דאָס קיטשואישע.

פערציק פון זיינע צוויי און זעכציק לעבנס־יאָר איז ער געשטאַנען אין צענטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט זיין קיינמאָל נישט פאַרלאָ־

שענעם וואולקאַנישן טעמפּעראַמענט, מיט זיין פלאַמיקן פּאַטעטישן וואָרט, און מיט זיין אינטענסיוויקייט, מיט זיין עקסטענסיוויקייט, מיט זיין דיכטערישער און פּובליציסטישער פּען, מיט זיין אוניווערזיטאַרישן וויסן, מיט זיין פריי־הייטלעכקייט, מיט זיין אמתדיקייט, מיט זיין קעמפערישקייט, מיט זיין פּאָליטישער און סאָציאַלער אַרבעטזאַמקייט, מיט זיין אינטעלעקטועלער פּראָדוקטיוויטעט; פערציק יאָר אין צענטער פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע באַוועגונג און כמעט דרייסיק יאָר פון זיי — פּאַרדינסטפולער רעפּרעזענטאַנט און גייסטרייכער עקספּאָנענט אין לאַנד־פּאַרלאַמענט, אָנהייבנדיק אין דרייצנטן יאָר פון אונדזער יאָרהונדערט אַלס דעפּוטאַט און ענדיקנדיק אַלס ווידערדערוויילטער סענאַטאָר ביז דער אויפלייזונג פון פּאַרלאַמענט דורך דער „רעוואָלוציע" פון פערטן יוני פון יאָר דריי און פערציק.

---

אין אַ טאָג ווען עס האָט שוין געשטיקט די לופט פון דער דיקטאַטור האָט בראַוואָ אויסגעדריקט זיין געמיטצושטאַנד אין אַ פּריוואַט־בריוו צו דעם גענעראַל ראַווסאָן, וועלכער האָט פּראָקלאַמירט די רעוואָלוציע פון 4טן יוני, איז געווען דער רעוואָלוציאָנערער מלוכה־פּרעזידענט נאָר אין ערשטן טאָג פון דער איבערקערעניש און וועלכער איז שוין געווען באַזייטיקט פון דער „דע פאַקטאָ" ־רעגירונג, מחמת אָפּאָזיציאָנער...

בראַוואָ האָט אים געשריבן: „איך שרייב אייך מיט טיפן ווייַ, איך לעב אין אַ רעטונגסלאָזן קרייז פון מיינע אַרגענטינער איבערקלערונגען, שלאָגנדיק זיך מיט דער אימפּאָטענץ. פריער האָב איך געהאַט אַ פּאַרלאַמענטאַרישע טריבונע, אַ צייטונגס־בלאַט, אַן עפנטלעכע טריבונע, אַ צוטרוילעך פּריינטלעכן צוהערער. היינט האָב איך גאָרנישט צו קענען אויסדריקן דאָס, וואָס איך דענק און דאָס וואָס איך פיל".

***

מאַריאָ בראַוואָ איז דער אינטעגראַלער סאָציאַליסט אויך אין זיינע בעלעטריסטיש־פּראָזאַישע שריפטן.

מיר וועלן איבערגעבן איינס פון זיינע צוואַנציק קורצע קאַפּיטלעך, פון זיין טוקומאַנער בוך: „ען על סורקאָ" (אינעם אויפגעאַקערטן פעלד), וואָס איז דערשינען אין 1929.

דער מחבר, וואָס קומט פון צייט צו צייט קיין טוקומאַן, האָט אין איינעם

פון זיינע לעצטע באַזוכן זיך געזעגן מיט זיין געשאַפֿענעם העלד פון דער דערציילונג, ראָסענדאָ מאַנטאַאָזשאַ.

דער באַשאַפֿער אַליין דערציילט:

— דריי יאָר איז, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל נאָך אַ סך געקענט בלייבן אייניקע טעג אין מיין געבורטסשטאָט. געענדיקט מייז מיליטאַנטישע אַרבעט אויף אַ יום־טוב אין טעאַטער אַלבערדי, אָרגאַניזירט פון די סאָציאַ־ליסטישע אַרבעטער צו פייערן דעם ערשטן מאַי, האָב איך מיין צייט פאַר־בומען מיט אַדורכגיין זיך אין שטאָט און אין איר אומגעגנט, באַמערקן אירע ענדערונגען, דענקען פון די גרויסע פערספעקטיוון פון איר אַנטוויקלונג, זי באַוווּנדערן אין מיין פאָרשטעלונג מיט איר איבערפולטער שיינקייט.

פאַרשווּנדן דער אַלטער קאַבילדאָ און אויף זיין אָרט האָט זיך שוין פון לאַנג אויפגעהויבן דער רעגירונגס־פּאַלאַץ. דער סאָציאַלער קלוב, וועלכן איך האָב געקענט האָט מער נישט עקזיסטירט. די סטאַטוע פון גענעראַל בעלגראַנאָ, וואָס פלעגט מיך אַזוי צוציען צו זיך, ווען איך האָב געקרייצט די פּלאַסע אינדעפּענדענסיאַ, גייענדיק אין שול, איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין דרויסן אַרויס, אויף אַ היסטאָרישן אָרט. די פּאַמעראַנצן־ביימער אויף דער פּלאַסע, וואָס זענען געווען איר בעסטער אוצר, זענען אַראָפּגענומען, אָדער פאַרביטן געוואָרן.

אין אַ נאַכט נאָך נאַכט־עסן, ווען איך האָב איבערגעקוקט זשורנאַלן אין זאַלעכל פון האָטעל, ווו איך בין געשטאַנען, האָט מיך מאַנטאַאָזשא ווי־זיטירט.

— איך האָב נישט געקענט גיין אין טעאַטער ווייל איך האָב געאַרבעט — האָט ער געזאָגט, נישט זאָגנדיק זיין נאָמען אַזוי מיט דער צוגעלאָזנקייט פון אַלטע באַקאַנטע — איך האָב נישט געוואָלט איר זאָלט אַוועק איך זאָל אייך נישט גריסן... נאָך אַזויפיל יאָרן! דערמאָנט איר זיך נישט אין מיר?

— איך דערמאָן זיך נישט...

— דערמאָנט איר זיך נישט ווי מיט יאָרן צוריק איז געווען אַ שטרייק אין די איינבעניעס פון קרוז אַלטאַ?

— וואָס הייסט איך דערמאָן זיך נישט!

— דערמאָנט איר זיך נישט, ווי איר מיט די חברים פון צענטער האָט וויזיטירט אַן אַרעסטאַנט אינעם קאַבילדאָ?

— איך האָב אים באַקוקט און אינדיווידואַליזירט אין מיינע זכרונות, האָב איך מיט איבערראַשונג אים דערלאַנגט די האַנט:

— מענטש! ווי זאָל איך אייך דערקענען! דעמאָלט זענט איר געווען אַ יונגאַטש; איצט זענט איר אַ גאַנצער מענטש...

— אַזוי איז, דאָקטאָר.

מאַנטאַזשאַ האָט מיך געוואָלט באַדאַנקען פאַר דער אומבאַדייטנדער אינטערווענץ, וואָס איך האָב געהאַט אין זיין לאַנג שוין געוועזענעם פּראָצעס.

— אַ סך מאָל געהאַלטן ביים שרייבן אייך, אָבער כ'האָב דורכגעלאָזט די צייט וויסנדיק, אַז איר וועט אַמאָל קומען צו אונדז.

מיר האָבן זיך דערמאָנט אין די עפּיזאָדן פון יענע טעג און אין צייכן פון פריינטשאַפט און אינטימיטעט האָט ער מיך פאַרבעטן גיין אין זיין הויז.

— איך וויל איר זאָלט קענען דאָס הויז פונעם אַגיטאַטאָר, וועלכער האָט גענומען צען פּעזעס פאַר אַ רעדע... איר געדענקט?

— איך אַרבעט אויף דער צענטראַל־אָרגענטינער באַן — האָט ער מיר דערציילט גייענדיק — איך וווין מיט מיין חברטע און מיט מיינע צוויי קינדער אין אַ הייזקע, וואָס איך האָב זיך געקאָנט אויפבויען נאָענט פון סונטשאַלעס, דאָרט ווייטער פון דער פּלאַסע אַלבערדי. דאָס מיידל לערנט לערערן, דער יונג אַרבעט פאַר אַ „האַלבן" מאַשיניסט, אין די וועררקשטאַטן פון טאַפי וויעכאַ.

מיר זענען געקומען אין זיין הויז. ס'איז געווען אין די ראַנדן פון שטאָט, וואָס איך האָב זיי געקאָנט פאַר פּוסטע. איצט זענען זיי באַשטעלט מיט קליינע הייזער אויף דער לענג פון אַ ברייטער גאַס מיט טיפּאַ און זשור־טשאַבעס־ביימער אויף די ברעגן פון די טראָטואַרן, וואָס צוזאַמען מיט די קליינע גערטענער באַשיינען זיי די געגנט, וואָס איז באַוווינט כמעט נאָר פון אַרבעטס־מענטשן.

— דערנאָך זענען געקומען די דאָזיקע — אָנווייזנדיק אויף די קינדער — איך האָב פּראָגרעסירט אין דער אַרבעט. איצט בין איך מאַשיניסט פון ערשטן קלאַס. איך פיר דעם נומער צען פון פּאַסאַזשירן צווישן טוקומאַן און לאַ־באַנדאַ... עס קען מיר נאָך אויסקומען צו פירן אייך אין מיין באַן... וואָס קאָמף איז!...

— און ער! — זאָגט איסאורא מיט אַ צערטלעכן פאָרוווּרף — אַזוי ווי ער וואָלט נישט חתונה געהאַט מיט מיר, נאָר מיטן סאָציאַליסטישן צענטער און מיט דער „פּראַטערנידאַד" (פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון די באַן־אַרבעטער).

— מיט טיפער עמאָציע האָב איך באַטראַכט די פאַמיליאַרע סצענע. איך האָב געטראַכט פון דעם גרויסן ווערט פון די דאָזיקע פשוטע ווילנס, וואָס ווענדן זיך אָן אָן גאווה צו העכערער סאָציאַלער אַרבעט און מיין געמיט האָט זיך דערפרייט ווי אַ ייִנגעלע אין אַ יום־טוב.

— ווען איך פיר די באַן איבער די פעלדער און איך קוק אויף די צוקערדער־פלאַנצן, אויף די אַסעקיעס (רינשטאָקן צו באַוואַסערן די פעל־דער), אויף די אינכעניעס; אויף די מענטשן — פיל איך עפּעס אַזאַ בענק־שאַפט. דאָן באַוועג איך די הענטלעך, איך קרייץ איבער די פייסאַזשן מיט דער גאַנצער שנעלקייט און איך לאָז אַרויס לאַנגע פייפן, ווי כ׳וואָלט גע־וואָלט, אַז די מענטשן און די זאַכן זאָלן אויפשטיין...

איך האָב זיך אויפגעשטעלט צו געזעגענען זיך. איסאַוראַ האָט געבראַכט אַ קליינע איינגעוויקלטע זאַך און דאָס אַריינגעלייגט אין מייַן האַנט, קוקנדיק אויף מיר מיט די אויגן פול מיט טרערן:

— ווי אַן אָנדענק פון אונדז... ס׳איז אַ זילבערנע מאַטעניצע (אין וואָס מ׳טרינקט מאַטע — גרינעם טיי). פון פאַמיליע. מיין טאַטע האָט ליב געהאַט צו זאָגן, אַז די דאָזיקע מאַטעניצע איז אויסגעהאַמערט געוואָרן פון אַ זילבער אַרבעטער פון טופּיצאַ...

מיר זענען געבליבן שטיין ביי דער גאַסנטיר. כ׳האָב געוואָלט מיט עפּעס פאַרטרייבן דעם טרויער, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען און אויס־שטרעקנדיק די האַנט צו מאַנטאַזשאַ, האָב איך אים געזאָגט אַזוי ווי צו בעטן איר אויסזאָגן אַ סוד:

— זאָג מיר, מאַנטאַזשאַ, אַזוי ווי מיר זענען אַליין: ווער האָט אונטער־געצונדן די קאַניאַווערצאַלן (צוקערדער־פעלדער) פונעם אינכעניאָ?

— זע נאָר מיט וואָס ער איז אַרויס! ווער זאָל עס דען זיין! ווי איך מיין, איז עס געווען ווינטשוקאַ (אַזאַ וואַנץ וואָס פליט). צו שעדיקן די פּעאָנען...

---

איך האָב זיך אומגעקערט אין מיין האָטעל קרייצנדיק האַלבע־נאַכט די שטאָט אין דער שטיל, שמועסנדיק אין דער איינזאַמקייט מיט די שאָטנס פון די געליבטע, וואָס זענען אַוועק; מיט די שווייגנדיקע גאַסן, וועלכע האָבן נאָך

געהאַט סימנים פון מיינע טריט פון דער קינדהייט; מיט די הייזער פון מיינע שכנים, וואָס ווי זיי זאָלן זיין מיינע, זענען זיי געווען אָנדענקנדיקע רויִנען.

**
*

מאַריאָ בראַוואָ איז געשטאָרבן אין מערץ 1944, ווען ער איז אַלט געווען 62 יאָר.

דאָס איז געווען אין ערשטן יאָר פון דער פּעראָניסטישער דיקטאַטור, וואָס האָט געדויערט צוועלף יאָר.

עס איז געווען נאָך אַ „רעוואָלוציע פון זיי״ — ווי בראַוואָ האָט אָנגע־רופן די רעוואָלוציע פון די פּעאָדאַלן און רעאַקציאָנערע קאַפּיטאַליסטן מיטן גענעראַל אוריבורו בראש.

די צווייטע „רעוואָלוציע פון זיי״ איז געווען אַ עכט דיקטאַטאָרישע, אַ דעמאַגאָגישע, וואָס האָט מיסברויכט מיטן אַרבעטער־קלאַס און מיטן סאָציאַ־ליזם, ווען זי האָט אַריינגענומען אין אירע הענט און ס'איז געשאַפן גע־וואָרן אַ טאָטאַליטאַרישע דיקטאַטור אין פולשטענדיקן קאָנטראַסט צו אַלץ וואָס איז געווען סאָציאַליסטיש און וועגן וואָס בראַוואָ האָט געשריבן אין זיין אָפענעם בריוו צום גענעראַל ראַווסאָן, אַז ער געפינט זיך „אין אַ רעטונגס־לאָזן קרייז פון זיינע אַרגענטינער איבערקלערונגען, שלאָגנדיק זיך מיט דער אימפּאָטענץ״.

און בראַוואָ, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז אין דעם קלימאַט פון אַ הערשנדער דיקטאַטור וועט ער נישט קענען זיין, האָט ער זיין וווּנ־דערבאַרע ביבליאָטעק אַוועקגעשאָנקען דעם נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט פון זיין געבורטסשטאָט.

מאַריאָ בראַוואָ, וועלכער האָט שטענדיק געלעבט אין קאַמף — אַליין, פערזענלעך און אויך מיט זיינע ליטעראַרישע העלדן, וועלכע געפינען זיך פולשטענדיק אין רעאַלן לעבן — האָט אין שרייענדיקע מאָמענטן געקענט, אינטויִטיוו, סטיכיש, אויסשרייען זיך אויף דער עפנטלעכער טריבונע, אין דער פּרעסע און אַפילו אין דער פּאָעזיע, אָבער אין אַ צייט פון דיקטאַטור, וואָס דערשטיקט די מענטשלעכע פרייהייט און די מענטשלעכע רעכטן און עס בלייבט גאָר נישט צו קענען אויסדריקן דאָס, וואָס מען דענקט און דאָס וואָס מען פילט, האָט בראַוואָ, דער מענטש פון טיפער שטימונג און יושר און דער עטישער סאָציאַליסטישער פירער, נישט געקענט איבערטראָגן.

בראַוואָ האָט זיך אַפילו נישט דערוואָרט אויף דער אויטאָדעפע פון זיין טייערע ביבליאָטעק, וועלכע ער האָט אַוועקגעשאָנקען דעם אוניווערזיטעט אין טוקומאַן און ווי זיינע ביכער אויפן אונטערגעצונדענעם שייטער־הויפן זענען פאַרברענט געוואָרן פון די פלאַמען.

---

און דער פאַרשטאָרבענער קערפּער פונעם אומשטערבלעכן מאַריאָ בראַוואָ איז אין אַ מערץ־טאָג איבערגעגעבן געוואָרן צו די פלאַמען אין קרעמאַטאָריום פון טשאַקאַריטאַ, נאָך דער אָראַטאָריע פון אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, מיט וואָס עס זענען געשלאָסן געוואָרן די דערהויבענע אינספּיראַציעדעס פון ניקאָלאָס רעפּעטאָ, לעאָפּאָלדאָ הורטאַדאָ, אַלעכאַנדראָ סעבאַזשאָס, ע. א. קאַרסיאַ, דאַרדאָ קונעאָ, א. ראָדריגעז לאַרעטאָ, האַרטענסיא מאַזשי, ראַמאָן סייכאַס, גיזשערמאָ קאָרן, אַרטוראָ ל. ראַווינאַ, אַמעריקאָ פּאַראָנדאָ און ז. אַ אָ..ראַינאל — אין רעפּרעזענטאַנץ פון פרייען געדאַנק, פון מענטשנרעכט, פון דער אַרגענטינער ליטעראַטור און פון סאָציאַליזם:

„אין מאָמענטן פון אומגליק, וואָס מיר לעבן איבער מיט ווײ אין דער אימפּעריע פון פאַלשקייט, נאַכלעסיקייט פאַרן געזעץ און פּראָפּאַגאַציע פונעם וואָרט, וואָס האָט פאַרלוירן די ווירדיקייט פון זיין מייסטערשאַפט — פאַלט אַוועק די פּרעכטיקע פערזענלעכקייט פון מאַריאָ בראַוואָ, וואָס ווי מיטרע איז ער געווען דיכטער, לעגיסלאַטאָר, טריבון און „סאָלדאַט" אין קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און געליטן תּפיסה אימפּאָנירט פון דער דיקטאַטור. — מאַריאָ בראַוואָ, שטאַרקער, נאָבעלער און גרויסמוטיקער גייסט, מיר קומען אָפּשיידנעמען פון דיינע שטערבלעכע רעשטן און פאַרגיסן נישט קיין איין טרער. עס איז דער געבאָט צו פאַרטיידיקן די פרייהייט און מיר שווערן זי צו פאַרטיידיקן".

מיט ,ויוואַטן פאַר דער דעמאָקראַטיע, פאַר דער פרייהייט און פאַרן סאָציאַליזם און מיט געזאַנג פונעם אַרגענטינער פרייהייטלעכן הימן און דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט מען פאַרענדיקט די לוויה פון מאַריאָ בראַוואָ, בעת זיין טויטער קערפּער אין אויוון פון קרעמאַטאָריום איז אַרומגענומען געוואָרן פון די פייער־פלאַמען.



ניקאָלאַס רעפּעטאָ אין יאָר 1955
אין זיין ביבליאָטעק. 84 יאָר.

# ניקאָלאַס רעפּעטאָ

דער סאָציאַליזם איז ניט נאָר אַן ענין פון גערעכטער איינטיילונג פון די פּראָדוקציע און לעבנסמיטלען; ער איז אויך אַ פּראָבלעם פון אַ וואַקסנדיקער פּראָדוקטיוויטעט פון דער מענטשלעכער אַרבעט צו פאַרזיכערן די מאַסן אַ כסדר בעסערן לעבנס־סטאַנדאַרט.

ניקאָלאַס רעפּעטאָ.

ניקאָלאַס רעפּעטאָ איז אַ קינד פון איטאַליענישע עלטערן, וועלכע האָבן געוווינט אין בוענאָס איירעס, ווען ניקאָלאַס איז געבוירן געוואָרן. די וווי־נונג איז געווען אין אַן אַלט קאָלאָניאַלן הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף דער גאַס סאַרמיענטאָ, וועלכע האָט געהייסן קוזשאָ און איז געשטאַנען, ווו עס שטייט דער סאַלאָן „פּרינסיפּע״.

דאָס איז געווען אין יאָר 1871, ווען ניקאָלאַס רעפּעטאָ איז געבוירן געוואָרן.

שפּעטער מיט 85 יאָר האָבן איטאַליענישע אינסטיטוציעס, ווי „אוניאָנע ע בענעוואָלענצאַ״, „קאַריערע דעלי איטאַליאַני״, איטאַליענישער שפּיטאָל און אַנדערע — געפייערט רעפּעטאָס 85־יאָריקן געבורטסטאָג האָט זיך אין דער פייערונג, אָן קיין שום כוונה, אַרויסגעוויזן רעפּעטאָס איטאַליענישקייט.

די דאָזיקע איטאַליענישקייט, וואָס איז אין פאַרלויף פון אַ לאַנג לעבן נישט געקומען צום אויסדרוק, באַשטייט קודם־כל אין אַ דערציילונג, אַז דאָקטאָר רעפּעטאָס עלטערן זענען געקומען פון איטאַליע; פון סאַנטאַ זשוליאַ די טשענטאַוראַ פון דער קאָמונע לאַ וואַנאַ נאָנט פון דער פּאָרטשטאָט גענואַ.

די ערד איז דאָרט געווען אַ באַרגיקע, אַ שטייניקע, אָבער די פּויערים, זיינע עלטערן צווישן זיי, האָבן מיט געדולד און עקשנותדיקע אַרבעט פרוכט־

טיק געמאַכט די דאָזיקע ערד, ווו עס בליט און עס וואַקסט אַלץ וואָס מען פאַרפלאַנצט און מען פאַרזייט.

רעפּעטאָ זאָל האָבן געירשנט די דאָזיקע שעפּערישע אַרבעטזאַמקייט, קאָנסטאַנץ און אומדערמידלעכקייט — זיילן פון אַ רייך לעבן, מיט וואָס די איטאַליענער אין אַרגענטינע גרויסן זיך, ווי דער דירעקטאָר פון „קאַריערע דעלי איטאַליאַני" ד״ר ראָסי האָט דאָס דערקלערט.

רעפּעטאָ, אַ קינד, האָט געלערנט אין דער שול פון דער „אַסאָסיאַסיאָן איטאַליאַנאַ דע מוטואַלידאַד ע אינסטרוקסיאָן, אוניאָן ע בענעוואָלענצאַ". שפּעטער איז ער געוועזן דאָקטאָר מעדיצין און אָפּעראַציע־שעף אין „האָספּי־טאַל איטאַליאַנאָ", ווו ער האָט אויך איינגעפירט אַ פרייען קורס פון קליניק־כירורגיע.

— יעדעס מאָל ווען מען מאַכט מיר אַ יום־טוב — האָט רעפּעטאָ גע־זאָגט — און איך הער ריידן אַזוי שיינע ווערטער, האָב איך דעם איינדרוק אַז דאָס רעדט מען וועגן אַן אַנדערן.

רעפּעטאָ דערמאָנט זיך, אַזוי ריידנדיק, אין די שולן וואָס זענען געווען מיט אַכציק יאָר צוריק. וועגן אָנפאַנג־שולן רעדט זיך. די וואָס זענען געווען, זענען געווען פּריוואַטע, פון אינסטיטוציעס, ווי די פון „אוניאָנע ע בענעוואָ־לענצאַ", אין וועלכער ער האָט זיך געלערנט; זי איז געווען אין דער סביבה פון אַ באַשיידענער איטאַליענישער אַרבעטער־באַפעלקערונג, כמעט פון „גרינע", וועלכע האָבן אָבער געבראַכט מיט זיך דעם באַוווסטזיין פון דער רענעסאַנס, אין וועלכער איטאַליע האָט געשפּילט אַ ראָלע, זייענדיק איר וויגל און די שעפערן פון אַ ברייטע וויסנשאַפטלעכע און קינסטלערישע קולטור.

רעפּעטאָ האָט גערעדט וועגן דער באַציִונג פון די קינדער צו זייערע איטאַליענישע עלטערן, אַז זיי דאַרפן דערמאָנט ווערן מיט כבוד. אַז ביים צו־זאַמענגיסן זיך מיט אַנדערע פעלקער־גרופּעס זאָל מען אָפּהיטן די סימפּאַ־טיעס פאַר איטאַליע.

רעפּעטאָ אַליין איז ווייט פון זיין נאַציאָנאַליסטיש. די נאַציאָנאַליסטן פלעגט ער אָנרופן מיט אַ "Z" (זעט), וואָס האָט געקלונגען נאַצי־נאַ־ליסטן, אָדער נאַצי־נאַליזם, און ער האָט באַטאָנט אַז — די גרויסע מאַסן אימיגראַנטן האָבן קיינמאָל נישט רעפּרעזענטירט קיין שטער אין פּראָצעס פון האָמאָגעניזאַציע און פאַרייניקונג פון אַרגענטינער פאָלק.

און וואָס האָט רעפּעטאָ געזאָגט וועגן זיך, אויף זיין יום־טובֿ?
— גאָרנישט.

*
**

עס איז געווען אין 1941. די אַרגענטינער סאָציאַליסטן האָבן געפּייערט רעפּעטאָס 70־יאָריקן יובילײ.

ניקאָלאַס רעפּעטאָ איז שוין געווען פון לאַנג אידענטיפיצירט מיט דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

אַליין אַ פּאָרמירטע פּערזענלעכקייט, אַ לערער פון פּראַקטישן אָנווענדבאַ־דיקן סאָציאַליזם, גייט רעפּעטאָ מיט שטילער ליבשאַפט אין די וועגן פון כואַן ב. כוסטאָ — זיין לערער און ער וואָלט דאַכט זיך „אַריבער צו דער טאָג־אָרדענונג" מיט מער צופרידנהייט אָן דער פייערונג. אָבער דער זיבע־ציק־יעריקער געבורטסטאָג פון ד"ר ניקאָלאַס רעפּעטאָ ווערט געפּייערט צו־זאַמען מיטן פינף און פערציקסטן יאָרטאָג פון דער אַרגענטינער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי.

קיינער פון די אַלטע און שטענדיק יונגע פּאַרטיי־מענטשן, זענען נישט אַזוי צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווי רעפּעטאָ. מיר דוכט זיך, אַז ווען נישט צוזאַמען וואָלט רעפּעטאָ נישט אָנגענומען די פייע־רונג פון זיין געבורטסטאָג, וואָרום וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער באַדייט האָט איינעמס אַ געבורטסטאָג? און וואָס פאַראַ פרייד איז צו זיין אַ זיבעצי־קער? דער שאַפער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַרגענטינע און די סאָציאַל־פּאָליטישע אַרגענטינישע פּערזענלעכקייט: כואַן ב. כוסטאָ, האָט ביי זיין לעבן קיינעם נישט דערלויבט אָנצורופן אַן אינסטיטוציע אויף זיין נאָמען. אַ סאָציאַליסטישע ביבליאָטעק האָט אַמאָל נישט אָנגעפרעגט און זיך אַ נאָמען געגעבן „כואַן ב. כוסטאָ", איז געקומען דער אייגנטימער פון דעם נאָמען און געצווונגען אָפּמעקן אים, מחמת ער, דער לעבעדיקער כוסטאָ, לעבט און וויל לעבן אויב מעגלעך ביז אין דער אייביקייט אַריין און ער וויל נישט מ'זאָל אים שטעלן מצבות ביים לעבן. עפּעס ענלעכעס צו אַזאַ מצבה ווי אַ נאָמען אויף אַ קולטור־אינסטיטוציע איז די פייערונג פון איינעמס זיבעציק יעריקן געבורטסטאָג. דאָס דערמאָנט אין עפּעס וואָס איז טרויעריק, אָדער וואָס איז שוין טרויעריק און נישט פריידיק. און איך האָב דעם איינ־דרוק, אַז רעפּעטאָ, וועלכער איז בשלום אָן פייערונגען אַדורך זיינע ניין און זעכציק געבורטסטעג, וואָלט אויך אויף אַזאַ אופן בעסער געוואָלט אַדורכגיין

זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג, ווען עס ווערט נישט צוגעשטעלט צו דער פייערונג די פייערונג פון פינף און פערציקסטן יאָרטאָג פון דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי. פייערונגען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דאָס נעמט אַן רעפּעטאָ שטענדיק.

איך דערמאָן זיך, מיט אַ סך יאָרן צוריק איז דאָס געווען, ווען רע־פּעטאָס נאָמען האָט געקלונגען איבער דער גאַנצער ברייט און לענג פון לאַנד נאָך זיין באַרימטער רעדע אין דער דעפּוטאַטן־קאַמער קעגן אַ כמעט סאַנק־ציאָנירטן צוקער־געזעץ־פּראָיעקט פון דער רעגירונג אַליין, מיט פּאַדיזשאַן אַלס אַגראַר־מיניסטער. רעפּעטאָס רעדע איז אַריין אין דער געשיכטע פון פּאַרלאַמענט ווי אַ גרויס ווונדער, דער ווונדער פון אַ רעדע, וואָס האָט דער־הרגעט און באַגראָבן אַ געזעץ־פּראָיעקט פון דער רעגירונג, אַזאַ עקאָנאָמיש וויכטיקער פּראָיעקט ווי אַ שעדלעכער און וועלכער האָט שוין געהאַט די סאַנקציע פון דער געהעריקער קאָמיסיע און עס זענען געווען גרייט צו שטימען פאַר אים אַזוי די ראַדיקאַלן ווי די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן אָדער די „קאָנקאָרדאַנץ״.

דעמאָלט האָבן אייניקע סאָציאַליסטישע צענטערן געמאַכט אויף אַן אינדזל פון דעלטאַ אַ גאַוטשעסקישן מאָלצייט לכבוד רעפּעטאָן. נאָך דער „אַסאַדע״ (געבראָטן פלייש) און בעת דעם רויטן וויין זענען געקומען די רעדעס — רעדנערישע, אינהאַלטלעכע און שיינע — צו וועלכע עס האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט נישט נאָר די הונדערט פּופּציק פאַרזאַמלטע מענער, פרויען און קינדער, נאָר דאַכט זיך אויך די ביימער אויף דעם אינדזל און דער טייך אַרום, בלויז די פייגל זענען פריילעך אַרומגעפלויגן אינדער־הויך און געשווישטשעט. גערעדט האָבן די רעדנער פון אַלץ נאָר נישט פון רעפּעטאָן. און רעפּעטאָ האָט געהאַלטן איינע פון זיינע כאַראַקטעריסטישע, גוט־דורכגעטראַכטע רעדעס, מיט אַלע פּינקטלעכע גענויקייטן, ווי דאָס איז רעפּעטאָס אייגנאַרטיקער סטיל פון ריידן און מיט איבערכאַזערונגען אַלס רעפּעטאָס אייגנשאַפטלעכע פאָרם פון באַטאָנונג, אַזוי אַז עס באַקומט זיך אַ דאָפּלטע רעדע אויף אַמאָל. און רעפּעטאָ האָט גערעדט פון לאַנד־פּאָליטיק, עקאָנאָמישע פּאָליטיק און פון סאָלידאַרישע פאַרוויילונגען צווישן סאָציאַ־ליסטן און סאָציאַליסטן מיט זייערע פרויען און מיט זייערע קינדער און צווישן סאָציאַליסטן און אַנדערע, וועלכע קאָנען זיין סאָציאַליסטן, נאָר וועגן זיך האָט רעפּעטאָ קיין איין וואָרט נישט געזאָגט.

און דאָס איז געווען אַן אַקט לכבוד רעפּעטאָן און עס איז געווען אַזוי נאַטירלעך, די אָפּוועזנהייט אויף דעם סאָציאַליסטישן אַקט פון דעם פּערזענלעכן, פון דעם איך, מחמת רעפּעטאָס פּערזענלעכקייט, וועמענס ווירקלעכקייט מען דאַרף נישט אונטערשטרייכן, לעבט אין דער סאָציאַליסטישער געמיינשאַפט, אין דעם קאָלעקטיוון אידעאַל, אין דער פּלאַנמעסיקער און סיסטעמאַטישער מאַסן־קולטור אָדער פֿאָלקס־קולטור פון לאַנד, אין דער שטאָטישער און אַגראַרישער קאָאָפּעראַטיווער אידעאָלאָגיע, אָריענטאַציע און באַוועגונג, אין דעם כירורגישן צוגאַנג פון דער פּאַרטיי צו די קראַנקייטן פון דער געזעלשאַפט; אין דעם קאָנסטרוקטיוון קאַמף פאַר אַ שטענדיק בעסער און שענער לעבן; אין דעם קאַלטן און שאַרפן אַנאַליז איבער די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע, סאָציאַלע און דערציִערישע, נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון לאַנד; אין דעם אויפהאַלט, פּאַרטיידיקונג און אויסבעסערונג פון דער לאַנד־דעמאָקראַטיע, פרייהייט און רעכט, שטענדיק, אָנהייבנדיק פון דער אייגענער פּאַרטיי און עס לעבט רעפּעטאָס פּערזענלעכקייט אין דעם מוט, אין דער פעסטקייט, אין דער אויסגעהאַלטנקייט, אין דעם כאַראַקטער און אין דער קלאָרער, דורכזיכטיקער גראַדליניקייט פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אין לאַנד, אויף וועמענס פעלדער די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע מעלות ווערן אומאויפהערלעך קולטיווירט. רעפּעטאָס פּערזענלעכקייט איז אין דעם אַלעם, וואָס באַדינט זיך מיט די נישט געוויינלעכע, נאַטירלעכע, דערגרייכטע און אַנטוויקלטע פעיִקייטן פון זעלטענע יחידים.

אין 1907, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען רעפּעטאָן אין בוענאָס איירעס אויף דעפענסאַ דריי אַכטן, ווו עס איז געווען דער צענטראַלקאָמיטעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און די רעדאַקציע, אַדמיניסטראַציע און דרוקעריי פון דער פּאַרטיי צייטונג „לאַ וואַנגוואַרדיאַ“ און אַ בוכהאַנדלונג, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אייראָפּעיִשער אינטעלעקטואַל, לויט זיין גאַנג און מיט דעם פּראָוואַנצוויזישן בערדל, וואָס אין אייראָפּע איז עס געווען אין דער מאָדע, אָבער רעפּעטאָ איז אַ בוענאָס איירעסער, דאָ געבוירן, דאָ דערצויגן, דאָ דורכגעמאַכט די אָנפאַנג־שול, די מיטלשול און די הויכשול, האָבנדיק אין דער הויכשול פאַר מעדיצין אַלס פּראָפעסאָר כואַן ב. כוסטאָ, אין וועמענס וועג דער סטודענט רעפּעטאָ איז אַוועק.

שוין אין עלטער פון ניינצן יאָר, האָט רעפּעטאָ דערפילט זיין אומרו און

זיין באַרוף פאַר דער געזעלשאַפטלעכער זאַך און ער איז אַריין אין דער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג, פון וועלכער עס איז אַרויסגעקומען די ראַדיקאַלע פּאַרטיי.

פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד פון 1890 האָט ערגעץ רעפּעטאָ אַליין דערציילט: „איך האָב דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען, אַז דער בעסטער עפּילאָג פון אַזאַ העטעראָגענישער באַוועגונג מיט פאַרשידענע איינפלוסן און אָן אַ פּראָגראַם פון קאָנקרעטיזירטע פּאָליטישע און סאָציאַלע צוועקן איז טאַקע געווען יענער, וואָס איז געווען: די מפּלה. דאָס וואָס די רעגירונג איז נישט איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ווי מיר, די רעוואָלוציאָנערן, האָבן דאָס געוואָלט, האָט פאַרזיכערט דעם לאַנד אַ סטאַבילע סיטואַציע, האָט אויסגע־מיטן דעם כאַאָס, וועלכער וואָלט זיך געשאַפן פון אַ קאָנגלאָמעראַט פון פּאָ־ליטישע כוחות, געקומען פון אַלע האָריזאָנטן און אָן דער פעיִקייט צו אָר־גאַניזירן אַ רעגירונגס־אַקציע".

רעפּעטאָ, וועלכער איז אין זיין פירונג די באַשיידנקייט אַליין, האָט ליב די יוגנט, איר ברען, אָבער נישט איר אומוויסן און אומדערפאַרונג, און ער ווייזט דאָס איר אויף אַזאַ גוטמוטיקן און באַשיידענעם אופן, ווי דאָס ווערט אויסגעדריקט אין דערמאָנטן געשעענישן, אין וועלכע ער האָט זיך באַטיי־ליקט, נישט אַרויסנעמענדיק זיך פון די טעותים, וועלכע ער קריטיקירט שפּעטער אָדער ער לאַכט זיי אויס דאָקומענטאַל.

דערגרייכט דעם טיטל דאָקטער מעדיצין אין 1894, פאָרט רעפּעטאָ באַלד אַוועק קיין אייראָפּע צו פּערפעקציאָנירן זיך אין כירורגיע אין די קליניקעס פון שווייץ, פראַנקרייך און דייטשלאַנד. אויף דעם געביט דער־גרייכט ער אַ סך, ווערט אָנערקענט, באַרימט אין לאַנד אַלס כירורג און עס עפנט זיך פאַר אים אַ רומפולע און גאָלדענע צוקונפט. אָבער רעפּעטאָ, שוין אויפן וועג פון כוסטאָ, האָט נישט אויפגעהערט הערן דאָס מענטשלעכע קול, וואָס האָט אים גערופן צו אַן אַנדערער טעטיקייט, אַ טעטיקייט פון היילן די מענטשהייט, היטן דאָס געזונט פון דער געזעלשאַפט, קעמפן פאַר ווינציקער אומרעכט און מער רעכט און גיין מיט דער געזעלשאַפט פון סאָציאַלע דער־גרייכונגען צו נייע סאָציאַלע דערגרייכונגען און איידער ער האָט פאַרלאָזט די געווינלעכע כירורגיע, די טעטיקייט פון היילן קראַנקע פּאַציענטן, האָט ער זיך שוין געפונען אונטערן איינפלוס פון די הומאַנישע קאָנצעפּטן, וועל־כע כוסטאָ דער לערער האָט דיקטירט זיינע מעדיצין שילער, קאָנצעפּטן פון

הומאַניזירן די פּראָפּעסיע, מילד באַהאַנדלען דעם קראַנקן, באַזייטיקן יעדן אויסמיידלעכן וויטיק און אַרויסוויזן דעם קראַנקן ווירדיקע סאָלידאַריטעט. „איך בין אים אויך שולדיק — שרייבט רעפּעטאָ וועגן כוסטאָן — דאָס ברייטע פעלד פון סאָציאַלער אַקציע, וואָס ער האָט געעפנט פאַר מיינע אויגן און צו וועלכן איך האָב זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן פון ערשטן מאָמענט אָן צו פאַרבעסערן אַ ביסעלע דאָס לעבן פון די אַנדערע און צו פאַרשענערן אַ סך מיין אייגן לעבן".

דאָס שענערע לעבן, אין וועלכן עס איז אויסגעוואַקסן רעפּעטאָס פּערזענלעכקייט אַלס סאָציאַל־פּאָליטישער קאַטעדראַטיקער אויף דער גאַס און אין פּאַרלאַמענט, אַלס געמיטלעכער שמועסער אין אינטימען קרייז פון חברים און אַלס פּאָליטישער אַנאַליטיקער פון לאַנד און געדאַנקען טרעגער פאַר די מאַסן אויף די אומצייליקע מיטינגען און קאָנפערענצן טאָג איין, טאָג אויס, איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד, אומדערמידלעך אין משך פון אַ לעבן לאַנג און דאָס זעלביקע אויף די שפּאַלטן פון צייטונגען און זשורנאַלן און אויף די בלעטער פון בראָשורן און ביכער; דאָס שענערע לעבן פון רעפּעטאָס פּערזענלעכקייט, אויסגעוואַקסן אין דער געשטאַלט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין דער אָרגאַניזירונג פון אַרבעטער־קלאַס, אין דער פאָלקס־קולטור־באַוועגונג, אין דער קעגנזייטיקער הילף, אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און אין דער באַנייונג פונעם אַרגענטינער פּאַרלאַמענט, אין דעם געבן גאַנץ אָפּט דעם טאָן דעם אַרגענטינער פּאַרלאַמענטאַריזם; אין דער רייכקייט פון אַרבעטס און אַנדערע סאָציאַלע געזעצן, אין דעם דערציִען דעם אַרגענטינער בירגער, אין די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און קולטורעלע דער־גרייכונגען און אין די ליכטיקע שטרעבונגען — אָט דאָס שענערע לעבן, פול מיט קאַמף, איז דאָך נישט שטענדיק אויסגעשפּרייט אויף ווייכע טעפּי־כער און בלומען. האָט דאָך רעפּעטאָ בייגעוווינט אַלע גרעסטע פּאָליטישע קאָרופּציעס און טעראָר פון לאַנד און דאָס געפילט אויף אייגן לייב און לעבן; האָט דאָך רעפּעטאָ בייגעוווינט די העראָישע צייטן, ווען די סאָציאַליסטן פלעגן כאַפּן קלעפּ פון די פּאָליצייאישע איבערגעפאַלענע פאַרזאַמלונגען, וועלכע האָבן זיך כסדר געענדיקט אין די פּאָליציי קאָמיסאַריאַטן, וווהין מען פלעגט אַוועקפירן די אַרעסטירטע; האָט ער דאָך בייגעוווינט די בלוטיקע און באַרבאַרישע רעאַקציע דאָ אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער יאָרהונ־דערט, באַזונדערס די רעאַקציע אין דער געשטאַלט פון פּאָגראָמען, אונטער־

צינדונגען, יאָגט אויף מענטשן און מאָרד און וואָס די רעאַקציע האָט זיך אויסגעדריקט אין די יאָרן 1909 און 1910 און האָט ער דאָך שפּעטער, ווען די פּאַרטיי איז גייסטיק, פּאָליטיש און אויך נומעריש אויסגעוואַקסן און געוואָרן קאָנקורענץ־פעיִק, אָנגעהויבן פילן די אַטאַקעס און די שטורמען אויף דער פּאַרטיי דורך אַלע מיטלען מצד די קעגנערישע כוחות און דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס אין דער פּאַרטיי אַליין האָט זיך אַריינגעריסן אַן אונטערגרעבערישע אַרבעט, פון וועלכער עס זענען אַרויסגעקומען שפּאַל־טונגען און אָפּשפּאַלטונגען. מען האָט געדאַרפט האָבן נישט קיין געוויינלעכן גייסטיקן כוח די דאָזיקע אינערלעכע שטורמען איבערצוטראָגן, זיי אויסצו־האַלטן און זיי צו באַקעמפן. רעפּעטאָ מיט זיין שטענדיק קעמפערישער נאַ־טור איז שטענדיק געשטאַנען פעסט קעגן שטורעם, קעגן יעדן שטורעם אויף דער סאָציאַליסטישער פעסטונג פון לאַנד, זיין געמיינשאַפטלעכע פּערזענ־לעכקייט איז געווען דאָס ציל־ברעט פון די אַטאַקעס, אָבער ער האָט זיין לעבנס־ווערק שטענדיק באַוויזן צו פּאַרטיידיקן, אָפּצוהיטן איר ריינקייט, איר דערהויבנקייט, איר גראַדליניקייט, נישט מורא האָבנדיק פאַר קרבנות, נישט מורא האָבנדיק איבערהויפּט און אַזוי איז אויסגעוואַקסן אין אַ שיין לעבן, קעמפנדיק, בויענדיק שאַפנדיק די פּרעזענלעכקייט פון ניקאָלאַס רעפּעטאָ.

***

אין 1955 איז דערשינען רעפּעטאָס אַן אויטאָביאָגראַפיש בוך: „מי פּאַסאָ פּאָר לאַ מעדיסינאַ" — מיין דורכגיין די מעדיצין. עס איז נישט די באַשריי־בונג פון רעפּעטאָס גאַנצן לעבן (פון 84 יאָר־, נאָר פון אַ טייל פון זיין לעבן. יעדער פראַגמענט, אָדער אַפילו עפּיזאָד פון רעפּעטאָס לעבן האָט אַ סך צו דערציילן. דאָס וועט דאָ ווייטער אין די כאַראַקטעריסטישע שטריכן און פאַקטן איבערגעגעבן ווערן, האָבנדיק אינזינען, אַז די טיילן קאָנען נישט אין דעם פאַל אָפּגעטיילט זיין פונעם גאַנצן. זיי זענען צווישן זיך און מיט דעם גאַנצן פיזיש און גייסטיק צוזאַמענגעוואַקסן אין זיך קעגנזייטיק באַווירקט.

די פּערזענלעכקייט פון ניקאָלאַס רעפּעטאָ, וועמענס לעבן אין שייכות מיטן סאָציאַליזם אין אַרגענטינע איז ביז אַהער עקספּאָנירט געוואָרן אין אַלגעמיינע שטריכן, האָט געהאַט איר אויסדרוק אין דער מעדיצין, וואָס איז אייגנטלעך און אין תוך געוואָרן אַ סאָציאַלער ענין.

אין 1888, ווען רעפּעטאָ איז אַלט געווען 17 יאָר, איז ער אַריין אַלס

סטודענט אין מעדיצינישן פאַקולטעט פון דעם בוענאָס איירעסער אוני־ווערזיטעט.

רעפּעטאָ אינעם פאַקולטעט איז געווען פון די מאַטעריעל אָרימע סטו־דענטן, וואָס לערנען טאַקע אין קעגנזאַץ צו די רייכע קינדער, די „ניניאָס ביען״, וועלכע דאַרפן נישט לערנען נאָר דעם טיטל, וואָס זיי באַקומען אויף אַוועלכן עס איז אופן. און צווישן די וואָס לערנען טאַקע, כדי צו קענען און וואָס מער צו קאָנען מיטן צוועק צו פּראַקטיקירן האָט זיך אויסגעצייכנט רעפּעטאָ אין זיינע סטודענטישע יאָרן. אין איינקלאַנג מיט זיין נייגונג צו כירורגיע, צום אָפּעראַציע מעסערל האָט ער זיך אָפּגעגעבן פון אָנהייב אָן צו דער דאָזיקער ספּעציאַליטעט און אין 1894, ווען רעפּעטאָ איז נאָך נישט אַלט געווען קיין 24 יאָר האָט ער געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט.

אין משך פון די 6 יאָר וואָס דער סטודענט רעפּעטאָ האָט געלערנט מעדיצין, האָט ער זיך נישט פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. טאָמער האָט ער זיך באַטייליקט אין אַ „איבערקערעניש״, איז דאָס געווען אין קרייז פון אַר־גענטינער מעדיקער, וואָס איז באַשטאַנען אין אַראָפּזעצן די מיטגלידער פון דער אַלטער פאַרוואַלטונג און אַרויפזעצן אַנדערע אויף זייער אָרט...

אמת, דער סטודענט רעפּעטאָ האָט זיך שוין באַטייליקט אין דער געגוג ערנסטער און — פאַרשפּילטער רעוואָלוציע פון 1890, אָבער די הויפּט־אַקציע פון רעפּעטאָן אין דער דאָזיקער רעוואָלוציע איז געווען אַ סאַניטאַ־רישע, אַ מעדיצינישע.

די דאָזיקע אַקציע האָט רעפּעטאָ דורכגעפירט אונטער דער אויפזיכט פון זיין פּראָפעסאָר כואַן ב. כוסטאָ נישט נאָר צוליב דער רעוואָלוציע (ס׳איז געווען אַ ציוויל־מיליטערישער אויפשטאַנד קעגן דער רעגירונג פון סואַרעס סעלמאַן), נאָר אויך צוליב הומאַניטאַרישקייט.

אין 1894 — אין זעלבן יאָר, ווען ער האָט געענדיקט דעם בוענאָס איי־רעסער אוניווערזיטעט איז רעפּעטאָ געפאָרן אין אייראָפּע צו פּערפעקציאָ־נירן זיך אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, באַזונדערס אין דער כירורגיע. זיין פּערפעקציאָנירן זיך האָט ער דורכגעמאַכט אין די קליניקס פון דייטש־לאַנד, פראַנקרייך און שווייץ — די צענטרן אין יענער צייט פון דער מע־דיצינישער וויסנשאַפט און נאָך דריי יאָר פון דער דאָזיקער סאַניטאַרישער און מעדיצינישער טעטיקייט אין דער אַלטער וועלט, קערט זיך צוריק רע־פּעטאָ אין אַרגענטינע און מיט זיין מער וויסן און געוויסן לאָזט ער זיך

אַריינדרייען אין דעם לאַבירינט פון דער הייל־קונסט צו אָפּערירן און קו־רירן קראַנקע מענטשן.

רעפּעטאָ גייט אַריין אַלס כירורג פאַר קינדער אין דעם שפּיטאָל, וואָס הייסט היינט ראַמאָס מעכיאַ; גייט אַריין אַלס פּראָפעסאָר, דורך אַ קאָנקורס, פון אָפּעריר־מעדיצין אין מעדיצינישן פאַקולטעט; גייט אַריין אַלס הויפּט־כירורג אין איטאַליענישן שפּיטאָל; שרייבט דעם טעזיס וועגן „דיאַפראַגמע פאַרוווּנדונג״ און וועגן „קאָפּ־אָפּעראַציעס״, שרייבט אין וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן און איז כירורג־דירעקטאָר פון זיין אייגענע סאַנאַטאָריע.

אין פאַרלויף פון זיינע 15 יאָר אינטענסיווע און עקסטענסיווע מעדי־צינישע אַרבעט, איבערהויפּט אַלס כירורג, איז דאָקטאָר רעפּעטאָ אָנער־קענט געוואָרן פאַר אַ פּערזענלעכקייט אין דער מעדיצינישער וועלט.

„אַן אויסנאַמלעכער כירורג דורך זיין טאַלאַנט און זיין מאָראַלישע פיגור — שרייבט וועגן רעפּעטאָן דער פּראָפעסאָר אָסוואַלדאָ לאָודעט — געשפּייזט פון דער וויסנשאַפט און פון דערפאַרונג פון אַלע כירורגישע שולן פון דער אַלטער וועלט; אַ אומדערמידלעכער אַרבעטער, אַ דורכדרינגלעכער אָבסערוואַטאָר, אַ אינטעליגענטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ געוואַגטער וואָס דער־גייט צו העראישקייט״.

און אין אַ שיינעם טאָג, ווען אין מעדיצינישן לעבן האָט רעפּעטאָ מער נישט וואָס צו דערגרייכן לטובות דעם מענטש, באַשטימט ער צו נעמען זיך אויפן וועג פון זיין לערער כואַן ב. כוסטאָ און גיין היילן די מענטשהייט אויפן אָרט פון היילן מענטשן — יחידים; אָפּגעבן זיך צו סאָציאַלער כירור־גיע אויפן אָרט פון אינדיווידועלע; אַ דעציזיע אין גייסט פון הומאַניטאַ־רישקייט, וואָס איז ביי רעפּעטאָן שטאַרק אַנטוויקלט און אין גייסט פון דער דאָזיקער הומאַניטאַרישקייט וואָלט רעפּעטאָ אפשר נישט געווען אַוועקגע־לייגט דאָס אָפּעראַציע־מעסערל, ווען עס זאָלן פעלן כירורגן אין לאַנד.

נישט יעדער מעדיקער, אויך נישט יעדער ספּעציאַליסט, אָדער כירורג, אַפילו אַ עמינענץ, קאָן זיך פאַרנעמען מיט סאָציאַלע מעדיצין. מיט פּרעווענ־טיווער און קוראַטיווער סאַניטאַרישקייט פון דער מענטשהייט, פון פאַרהיטן און באַשיצן דאָס קאָלעקטיווע פיזישע און גייסטיקע געזונט פון דער באַ־פעלקערונג; מאַטעריעל, קולטורעל און מענטשלעך פאַרבעסערן און פאַרשע־נערן דאָס לעבן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. מען דאַרף פאַר דעם קאָנען אָפּערירן מיט אַנדערע אינסטרומענטשן — מיט וואָרט, מיט דער פּען; מיטן האַרץ און מיטן מוח.

רעפּעטאָ פאַרמאָגט די דאָזיקע אינסטרומענטן. ער פילט אָן אינערלעכן דראַנג זיך מיט זיי צו באַנוצן פאַר די סאָציאַליסטישע צוועקן, אין וועמענס דעפיניציע, רעאַליזאַציע און המשך ער וויל און פילט אַ באַדערפעניש מיט־צואַרבעטן, וואָס ער טוט אויף זיין אופן, מיט זיין סטיל, מיט זיין וויסן, סיסטעמאַטיש, פאָרשעריש, אויפריכטיק, ערלעך, געוויסנהאַפט און פריי.

רעפּעטאָ גייט אַדורך די מעדיצין ווי אַ פּערזענלעכקייט אין דער דאָזי־קער הומאַניטאַרישער וועלט, וואָס איז פאַרבונדן מיטן סאָציאַליזם וואָס רע־אַליזירט זיך.

***

אין יאָר 1956, ווען דער דאָקטער ניקאָלאָס רעפּעטאָ איז אַלט געוואָרן 85 יאָר, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ בוך, וואָס הייסט: „מי פּאַסאָ פּאָר לאַ פּאָליטיקאַ״ — מיין גאַנג דורך דער פּאָליטיק, דאָס איז אַ צווייטע טייל פון רעפּעטאָס אויטאָביאָגראַפיע, נאָך זיין „גאַנג דורך דער מעדיצין״, וואָס איז די ערשטע טייל פון דער זעלבער ביאָגראַפיע.

די טיילן פון דער זעלביקער אינהאַלטרייכער ביאָגראַפיע זענען נישט איזאָלירט איינע פון דער אַנדערער, נאָר זיי זענען אינטים פאַרבונדן צווישן זיך. אָבער, וואָס איז שייך פּערזענלעכקייט איז רעפּעטאָ נישט נאָר אַ מעדי־ציניש ,נאָר אויך אַ פּאָליטישע, אפשר נאָך מער פּאָליטישע ווי מעדיצינישע.

„באַטראַכטן פונדערהויך פון די יאָרן דעם אָפּגעגאַנגענעם וועג; אין זכרון פונדאָסניי ווידער דורכמאַכן דעם לאַנגן וועג און באַשטעטיקן, אַז מ׳האָט קלאָר געזען און גערעכט געהאַנדלט — שרייבט ראָבערטאָ פ. דזשוס־טי, געוועזענער מיליטאַנט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועגן רעפּעטאָס „גאַנג דורך דער פּאָליטיק״ — ווען דאָס קען געמאַכט ווערן מיט דער פּען, איז דאָס אַוודאי אַ גרויסע מאָראַלישע סאַטיספאַקציע״.

רעפּעטאָ איז אַרויף אויפן פּאָליטישן וועג מיטן אַריינטרעטן אין דער יונגער „אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל״ — ראַדיקאַלער בירגער פאַרבאַנד — אין 1889, ווען ער איז אַלט געווען 18 יאָר.

די אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל איז געווען דער אָפּאָזיציאָנעלער סעקטאָר אין לאַנד, פון די פּאָליטישע פּאַרטייען איז זי געווען די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי.

דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין אַ עקאָנאָמישן קריזיס. דער יקרות האָט זיך געהויבן און די פּעזע איז געפאַלן, זי האָט כמעט פאַרלוירן איר

קויפקראַפט. עס האָט זיך געשאַפן אַ גינסטיקע סיטואַציע פאַר אַן אויפ־שטאַנד, מיט וואָס עס האָבן זיך פאַרנומען די ראַדיקאַלן. דער אויפשטאַנד — אַ ציוויל־מיליטערישער — איז אויסגעבראָכן אינמיטן יאָר 1890 אין פאַרקע דע אַרטיזשעריע, וועלכער איז געווען, ווו עס איז דער טעאַטער קאָ־לאָן און די פלאַסע לאַוואַזשע.

רעפּעטאָ דערציילט:

— מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין אַ הויז אויף דער גאַס טאַלקאַהו־אַנאַ אין ראָג פון פאַרק. פאַרטאָג פון 26סטן יולי האָבן מיר געהערט שיסן. מיין פאָטער האָט געמיינט, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פון אַ דיספּוט צווישן די דראָשקאַזשעס, וואָס פלעגן אין דער שעה זיך אָפּשטעלן אויף דער פּלאַסע לאַוואַזשע. דערנאָך האָט מען געהערט ווי שווערע רעדער דרייען זיך אויף דער גאַס. מיין פאָטער איז אַרויס אויפן באַלקאָן און דערזען אַרטילעריע... דאָס איז טאַקע געווען דער רעוואָלוציאָנערער אויפשטאַנד, וועלכן מיר האָבן דערוואַרט. מיינע צוויי ברידער און איך זענען באַלד אַרויס אין פאַרק. עס זענען אָנגעקומען מאַסן ציווילע מענטשן צו פאַרשטאַרקן דאָס רעוואָלוציאָ־נערע מיליטער. איך דערמאָן זיך ווי ביים אַריינגאַנג האָט דער דאָקטער דיע־גאָ ט. ר. דאַווידסאָן זיך פאַרנומען מיט צוטיילן וואָפן צווישן די וואָלונטאָרן. נאָכדעם האָט מען באַשטימט צו שטעלן פאָזיציעס אין דעם אַרום, אונדז, די דריי ברידער איז אויסגעקומען צו צעטיילן זיך. מיר איז אויסגעפאַלן אַריינצוגיין אין אַ גרופּע קאָמאַנדירט פון לייטענאַנט קאַמפּאָס. מיר האָבן זיך אַריינגעשטעלט אין אַ הויז אויף לאַוואַזשע צווישן פּאַראַנאַ און אורוגווײַ, אָבער פריִער האָבן מיר געמוזט דורכפירן אַ פּראָצעדור: אַרעסטירן די פּאָ־ליציי, וועמען מיר האָבן געטראָפן אין זעלבן הויז. עס איז געווען אַ פּאָליציי־גרופּע אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ קאָמיסאַר, סאָסאַ האָט ער געהייסן און איז געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע צום פּאָליציי־שעף קאַפּדעווילאַ און צום כוּאַריזם. אונדזער אָפיצירל האָט געהערט מיין עצה און מיר האָבן זיי אַרעסטירט. זיי האָבן זיך נישט געווערט, פאַרקערט, זיי האָבן דערקלערט פּריוווילִיק צו שטעלן זיך אונטער אונדזערע פאַראָרדענונגען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט געהאַט געשאָסן אויף זיי. זענען זיי אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אין דעם הויז ווי מיר האָבן זיך אַריינגעשטעלט. מיר האָבן זיי אַוועקגעפירט אין פאַרק — דערציילט רעפּעטאָ געניו, ווי זיין שטייגער איז געווען — זיי צוגעשטעלט צו די אַרעסטירטע, וואָס זענען שוין געווען אין פאַרק. דערפילט מיין שליחות בין איך צוריקגעגאַנגען צו מיין פּאָזיציע.

אויפן וועג האָב איך געטראָפן די דאָקטוירים כוסטאָ, אודאַאָנדאָ און קאַסטראָ, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט באַהאַנדלען די פאַרוווּנדעטע, האָבן געזוכט פּראַקטיקאַנטן מיטצוהעלפן אין זייער אַרבעט. איך האָב זיך צוגעשטעלט. פון דעם מאָמענט אָן בין איך איינגעגלידערט געוואָרן אין רויטן קרייץ פון דער רעוואָלוציע.

די רעוואָלוציע האָט געדויערט דריי טעג. באַלד ווי זי האָט זיך געענ־דיקט, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער „אוניאָן פּרינסיפּיסטאַ“, פּרעזידירט פון אַדאָלפאָ מוכיקאַ און ווען ס'איז געקומען צו אַ פּאָליטישער פאַרשטענ־דיקונג, בין איך שוין געווען פּאָרזיצער פון דער „אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל“ פון די סטודענטן.

אַזוי האָט רעפּעטאָ אָנגעהויבן זיין גאַנג אין דער פּאָליטיק גלייכצייטיק און אין פאַרבינדונג מיט זיין גאַנג אין דער מעדיצין. זיין אָנהייב אין דער פּאָליטיק איז געווען אַן אַקטיווע; זי איז דאָס געווען אין יענעם היסטאָרישן מאָמענט — נישט קיין דעפינירטע, נישט קיין דיפערענצירטע, בעת אַן עקאָ־נאָמישן קריזיס אין לאַנד, ווען די פּעזע האָט פאַרלוירן אַכציק פּראָצענט פון איר קויפקראַפט און אויפן גרונט פון אַ אויפברויז האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנספּיראַטיווע באַוועגונג קעגן דער עקזיסטירנדיקער רעגירונג פאַר אַ רע־גירונג, וואָס זאָל אין די ראַמען פון דער פאַראַנענער קאָנסטיטוציע פירן אַ בעסערע סאָציאַלע אָרדענונג ביי אַ ריינע פּאָליטיק.

און רעפּעטאָס אַקציע אין דעם רעוואָלוציאָנערן אויסברוך פון 1890 איז געווען אַ מעדיצינישע.

אויב דער יונגער סטודענט האָט געהאַט אַ פּאָליטישע אידעע ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער „אוניאָן סיוויקאַ ראַדיקאַל“, איז זי געווען זיי־נע אַ פּערזענלעכע, וואָס האָט געלעבט אין זיין הינטערבאַוווּסטזיין און וועלכע האָט אים אַוודאי געשטויסן צו דער מעדיצין: עס איז די הומאַניטאַרישע אידעע; די אידעע צו טאָן זיך גוטס פאַר זיך טאָענדיק פאַר דער מענטש־הייט, כדי — אַ ביסעלע צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די אַנדערע און אַ סך פאַרשענערן דאָס אייגענע לעבן...

פאַרלוירן די רעוואָלוציע, האָט זיך די ראַדיקאַלע באַוועגונג אויך אַליין פאַרלוירן און אין איר פאַרלוירנקייט האָט זי באַשלאָסן נישט צו באַטייליקן זיך אין קיין וואַלן... איר באַשלוס האָט זי דערקלערט מיט דער קאָרופּציע, שווינדל און טעראָר אין וואָס עס זענען געווען פאַרוואַנדלט די וואַלן (פאַר

פרעזידענט פון דער רעפובליק, פאַר גובערנאַטערס פון די פּראָווינצן; פאַר דעפּוטאַטן און סענאַטאָרן; פאַר מיטגלידער פון מוניציפּאַלראַטן און פאַר שולראַטן) און זי האָט דערקלערט איר אַבסטינענץ ביז וואַנען עס וועלן זיין געזיכערט בעסערע וואַלן.

און די ראַדיקאַלן האָבן אָפּגעהיטן זייער באַשלוס... אין משך פון 23 יאָר, ביז דער רעגירונג פון ראָקע סאַענס פּעניאַ, וואָס האָט דורך אַ נייעם וואַל־געזעץ און מיטן אינטערעס דעם אייגענעם וואַל־געזעץ פּינקטלעך אָנ־צווענדן — איינגעפירט בעסערע וואַלן.

און אַרום וואַלן דרייט זיך די פּאָליטיק. אויב נישט די גאַנצע איז די הויפּט־פּאָליטיק, איז אָן אַ וואַל־אַקציע די ראַדיקאַלע באַוועגונג אַזוי ווי נישט געווען און האָט נישט געהאַט מיט וואָס אָנצוהאַלטן ביי זיך אַ אידעאַ־ליסטישע יוגנט.

האָט זיך דער יונגער און זייער שטודירנדער רעפּעטאָ אינגאַנצן אָפּגעגע־געבן צו דער מעדיצין.

אין 1894, באַלד ווי ער האָט באַקומען דעם טיטל דאָקטער פון מעדיצין, פּאָרט ער אַוועק קיין איראָפּע צו פּערפעקציאָנירן זיך. דער עיקר אין כי־רורגיע. ער טוט דאָס אין משך פון דריי יאָר און אין 1897, ווען ער קומט צוריק אין אַרגענטינע, שפּרייט זיך אויס פאַר אים אַ ברייט פעלד פאַר זיין דערהויבענער מעדיצינישער טעטיקייט דורכגעדרינגען מיט הומאַניזם, וואָס ער אַליין ווענדעט אָן אין דער באַציִונג צו די קראַנקע און לערנט אַלס פּראָ־פעסאָר אַנדערע און פּרעדיקט אַלס הומאַניסט אויסמיידן ליידן, ווייטיק און דאָס רעדוצירן, פאַרלייכטערן, ווען אויסמיידן אינגאַנצן איז נישט מעגלעך.

אין 1901 איז רעפּעטאָ אַריין אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. רע־פּעטאָ זאָגט, אַז ער איז „אַריינגעטראָטן אין סאָציאַליזם". אָבער אין דער זעלבער שריפט, וואָס הייסט: „וויאַזוי איך האָב זיך געמאַכט פאַר אַ סאָציאַ־ליסט" שרייבט ער, אַז אין 1895, ווען ער האָט זיך געפונען אין בערן, האָט ער באַקומען אַ בריוו פון דאָקטער כואַן ב. כוסטאָ, וועלכער שרייבט, אַז ער איז געקומען מאַכן די דרוק־קאָרעקטור פון קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל", וואָס ער האָט איבערגעזעצט אויף שפּאַניש; אַז די דאָזיקע אַרבעט האָט ער גע־מאַכט נאָך אַ אינטענסיוון קריזיס פונעם שכל און פון געפיל, וואָס האָט אים געפירט צו פאַרלאָזן די כירורגיע און זיך אינגאַנצן איבערגעבן צו דער סאָ־ציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע.

„די דאָזיקע עוואָלוציע פון מיין לערער פון כירורגיע האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק — שרייבט רעפּעטאָ — איך האָב געוווּסט, אַז ד״ר כוסטאָ איז דער אויפריכטיקסטער און ערנסטסטער מענטש פון דער וועלט און איך האָב געטראַכט און געקומען צום שלוס, אַז דער סאָציאַליזם איז אַוודאי אַ גאָר וויכטיקע זאַך, אַז אַזאַ פּערזענלעכקייט פון וויסנשאַפטלעכן און מאָראַלישן ווערט ווי כוסטאָ זאָל זיך דעצידירן אינגאַנצן זיך איבער־צוגעבן אים".

רעפּעטאָ דערציילט, אַז ער האָט דערפילט אַ באַדערפעניש צו אינפאָר־מירן זיך וועגן סאָציאַליזם. ער האָט דאָס געפונען אין ביכער. דערנאָך שרייבט ער: „אין מיין גייסט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפער קאַמף צווישן די פּרעפּע־רענצן פון דער כירורגיע און דעם סאָציאַליזם. אַ קאַמף, וועלכן איך האָב צייט־ווייליק אָפּגעשטעלט ביי דער אויסשליסלעכער אַרבעט פון דער כירורגיע, אָבער אין מיר האָט שוין געאַרבעט דער סאָציאַליזם".

און איך מיין, אַז אין דעם גייסטיקן רעפּעטאָ האָט שוין געאַרבעט דער סאָציאַליזם, ווען ער האָט געפילט אַ נויגונג צו לערנען מעדיצין.

און רעפּעטאָ האָט אָנגעהויבן אַ סאָציאַליסטישע טעטיקייט איידער ער איז אַריין ווי אַ מיטגליד אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

עס איז געווען דער סאָציאַליזם, וואָס האָט אים געשטויסן צו געזעל־שאַפטלעכע אַקטיוויטעט, דעמאָלט ווען ער איז אַריין אין דער יונגער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג פון די ראַדיקאַלן און באַלד ווי רעפּעטאָ איז צוריק־געקומען פון אייראָפּע סוף פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט ער שוין אונטער דער האַנט פון כוסטאָ אָנגעהויבן זיין פירערישע סאָציאַליסטישע טעטיקייט. אַזוי אַז אין צווייטן יאָר פון זיין אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי, אין 1902, איז ער שוין דירעקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־צייטונג „לאַ וואַנ־גואַרדיאַ".

דער דאָזיקער פּאָליטישער גאַנג וואָס רעפּעטאָ האָט אָנגעהויבן סוף אַכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז וויסנדיק און נישט וויסנ־דיק געווען אַ סאָציאַליסטישער.

אין די ערשטע יאָרן האָט זיך רעפּעטאָ אינגאַנצן אָפּגעגעבן צו דער מעדיצינישער וויסנשאַפט. די ווייטערע 15 יאָר, פון 1897 ביז 1913 האָט ער זיך אָפּגעגעבן צו אַ אינטענסיווער און עקסטענסיווער מעדיצינישער פּראַקטיק און גלייכצייטיק צו אַ אינטענסיווער און עקסטענסיווער סאָציאַ־

ליסטיש־פּאָליטישער טעטיקייט. אין 1913 פאַרענדיקט רעפּעטאָ זיין מעדי־ צינישע קאַריערע און גיט זיך איינגאַנצן אָפּ צו דער סאָציאַליסטישער פּאָ־ ליטיק, צו רעאַלן סאָציאַליזם און צו אַ פאַרשידנאַרטיקער סאָציאַליסטישער אַרבעט אין משך פון זיין לעבן.

אָנגעהויבן מיטן שטודירן מעדיצין, אין וועלכער דער סאָציאַליזם האָט נאָר פאַרנומען אַ פאַרבאָרגן ווינקעלע אין דער טיף פון זיין הינטערבאַ־ ווּוסטזיין, האָט רעפּעטאָ אין משך פון אַן עמינענטער מעדיצינישער פּראַקטיק פּאַראַלעל אַנטוויקלט אַ סאָציאַליסטישע פּראַקטיק און עס איז געשען, ווען רעפּעטאָ, אַ פּערזענלעכקייט אין דער מעדיצין, איז געקומען ווי אַזעלכער צו זיין קולמינאַציע־פּונקט און ער האָט זיך געמוזט דעצידירן צווישן סאָ־ ציאַליזם און מעדיצין, האָט ער באַשטימט אויף ווייטער איינגאַנצן ווידמען זיך דעם סאָציאַליזם, וואָס איז אַלמענטשלעך און אַלוועלטלעך, פאַרנעמט שוין די גרעסטע טייל פון זיין ענערגיע, זיינע גייסטיקע אָנשטרענגונגען און זיין צייט און פאָדערט פון אים, וועלכער איז באַרופן צו זיין אַ סאָציאַליסטי־ שע פּערזענלעכקייט, זיך איינגאַנצן, מיט לייב און לעבן, אָפּצוגעבן דעם סאָציאַליזם.

אַזוי האָט רעפּעטאָ, זינט 1913 און אין פאַרלויף פון אַ האַלבן יאָרהונ־ דערט כמעט, זיך אויסגעלעבט נאָר אין סאָציאַליזם און עס האָט אים נאָר באַגלייט די מעדיצין, וואָס איז געבליבן אין דער טיף פון זיין וויסן און אויף וויפיל זי איז אויך באַרופן פון איר זייט צו דינען דעם סאָציאַליזם.

אין 1913 גייט רעפּעטאָ אַריין אין פּאַרלאַמענט אַלס אַ סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט פון דער פעדעראַל־שטאָט פון דער רעפּובליק — בוענאָס איירעס. ער ווערט כסדר פונדאַסניי געווילט, אַזוי ביז דער מיליטעריש־פּעראָניסטי־ שער פאַשיסטישער רעוואָלוציע פון 1943.

אין די 30 יאָר פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט, וואָס האָט דער־ הויבן דעם אַרגענטינער פּאַרלאַמענט, איז רעפּעטאָ אויסגעוואַקסן אַ פּאַרלאַ־ מענטאַרישע פּערזענלעכקייט, דורך זיין לעגיסלאַטיווע אַרבעטזאַמקייט און שעפערישקייט; דורך זיין „כירורגישע” אינטערווענץ אין דער טראַדיציאָנע־ לער בירגערלעך־פּאַרטייאישער פּאָליטיק — פון טראַר, שווינדל און קאָ־ רופּציע; דורך זיין „מעדיצינישער” אָבסערוואַציע, פּראָגנאָסטיק און באַהאַנד־ לען דער רעגירונג מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אָבער ריין און פּולירט פון זיין קריטיק, קאָנטראָל און חשבון צוליבן געזונט פון דער רעפּובליק און

צוליבן ווילזיין פון אירע איינוווינער. רעפּעטאָ אין פּאַרלאַמענט איז נישט געווען קיין שיינרעדנער. מען מיינט אַז ער האָט געהאַט אַ ווידערווילן צו „ליטעראַרישער אָראַטאָריע״, אָבער עס זענען געווען מייסטערווערק און עלאָקווענט זיינע רעדעס אין פּאַרלאַמענט.

טייל פון רעפּעטאָס פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט איז דאָקומענטירט אין זיין בוך „טיעמפּאָס דיפיסילעס״ — שווערע צייטן — וואָס איז דערשינען אין 1931, בעת דער פּאַקטישער רעגירונג פון גענעראַל אוריבורו, וועלכע האָט זיך גענומען פון אַ מיליטערישן אויפשטאַנד, וואָס האָט אַראָפּגעזעצט די ראַדיקאַלע רעגירונג פון היפּאָליטאָ איריגאָזשען.

— דער אמת איז — זאָגט רעפּעטאָ אין אַ רעדע אין פּאַרלאַמענט פון נאָוועמבער 1929 — אַז אין אונדזער לאַנד האָט די פּאָליטישע וויאָלענץ, דער מאָרד, אָנגענומען אַ געפערלעכן כאַראַקטער מיטן אויפקומען פון די ראַדיקאַלן צו דער רעגירונג. עס וואָלט זיך דערקלערט די וויאָלענץ פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, האָבנדיק אין זין איר רעוואָלוציאָנערן שטאַם, אין די ערשטע צייטן פון איר אַקציע; אָבער פון דעם מאָמענט אָן, ווען די פּאַרטיי איז אַ רעגירונגס־קראַפט און האָט דורך וואַלן געקראָגן די פּאָזיציעס צו וועלכע זי האָט געשטרעבט אָנצופירן דעם גאַנג פון די עפנטלעכע געשעפטן, וואָלט זי געדאַרפט, די דאָזיקע פּאַרטיי, פונדאַמענטאַל מאָדיפיקירן איר טאַקטיק; אָבער פונקט דאָס פאַרקערטע אָבסערווירט דאָס לאַנד.

דאָקומענטירנדיק מיט די פאַקטן און געשעעענישן די געשאַפענע — דורך אַטענטאַטן, איבערפאַלן און מאָרד — טעראָריסטישע סיטואַציע אין לאַנד, זאָגט רעפּעטאָ ווייטער אין זיין פּאַרלאַמענטאַרישע רעדע, אַז — דאָס לעבן פונעם מענטשן טאָר נישט פאַרלאָשן ווערן, אַפילו נישט אין יענע אומשטענדן ווען דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר; קיינער האָט נישט קיין רעכט איבערצושניידן די דאָזיקע עקזיסטענץ. דער ענין איז לעצטנס באַלויכטן געוואָרן אויפן מעדיצינישן פעלד: מען האָט געשטעלט די פראַגע: צי האָבן די מעדיקער אַ רעכט, אַפילו מיט דער צושטימונג פון דער פאַמיליע פון זייערע פּאַציענטן, זיי צו עלימינירן, אַפילו אויס רחמנות, מחמת עס איז זיכער זייער טויט און זייער עקזיסטענץ איז צעווייטיקט פון אונדערטרעגלעכע ליידן. און אַלע מעדיקער אָן אויסנאַם און די גאַנצע אינטעליגענטע מיינונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דעם ענין, זענען געקומען צום שלוס, אַז אין קיין פאַל איז נישטאָ קיין רעכט צו צוברעכן דאָס לעבן פון אַ מענטשן,

אַפילו נישט בעת דער טויט טוט שוין זיינס פאַר די אויגן פון די אייגענע מעדיקער און פון די אייגענע קרובים. ווי קענען מיר אָננעמען דאָס אויסלעשן פון מענטשישע לעבנס, ווי דאָס לעבן פון דאָקטער לענכינאַס (ראַדיקאַלער גובערנאַטאָר פון מענדאָסאַ), אַ יונגער מענטש, פול מיט קראַפט; אַ מענטש וואָס וואָלט געקענט פאַרריכטן זיינע טעותים; אַ מענטש וואָס וואָלט אפשר געקענט פאַרלאָזן די שלעכטע פּראַקטיק, וועלכע ער האָט באַקומען אין זיין שלעכטער פּאָליטישער שול, ווייל אויב מען האָט אים אין עפּעס געקענט באַשולדיקן, ווי איך האָב דאָס שוין אַמאָל געזאָגט, איז דאָס געווען דער תלמיד, וואָס שטייגט אַריבער דעם רבי, ער האָט אַוודאי נאָך פאַרערגערט דאָס וואָס ער האָט אויסגעלערנט אין זיין פּאַרטיי.

די ראַדיקאַלן פונעם איריגאָזשעניסטישן מין ביי דער מאַכט האָבן נישט באַוויזן צו קענען רעגירן און רעאַליזירן דאָס צו וואָס די אַזויגערופענע ראַדיקאַלע באַוועגונג פון די 90ער האָט געשטרעבט און אפשר נישט ווילנדיק זענען זיי דורך אַ פּאָליטישער קאָרופּציע און טעראָר אַריין אין אַ בלוטיקער בלאָטע און עס האָט זיך געשאַפן אַ שטימונג פאַר אַ דראַסטישער ענדערונג, וועלכע זי זאָל נאָר זיין.

מען האָט געקענט פאָרויסזען וואָר עס קומט. פאַר דער פרייהייט, פאַר דער דעמאָקראַטיע און פאַרן סאָציאַליזם איז עס נישט געווען געוווּנטשן. רעפּעטאָ אין פאַרלאַמענט שוין אויך נישט פריי פון דער קאָרופּציע און אַזוי ווי פאַראַליזירט אונטער אַ פּערמאַנענטער אָבסטרוקציע פון די ראַדיקאַלן האָט אויפריכטיק און קלאָר דערקלערט די פּאָליטישע סיטואַציע. די געפאַר וואָס שטייט שוין אויף דער שוועל פון דער רעפּובליק און האָט גערופן צו אָרדענונג די ראַדיקאַלן:

— הערט און לאָזט הערן די שטים פון מאָמענט און זאָל עס זיין וואָס גיכער! זאָל געמאַכט ווערן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג און זאָל זיך דאָס לאַנד אומקערן לעבהאַפטיק און ענטוזיאַסטיש צו באַוועגן ווייל מיר ווילן נישט אין דער פּאָליטיק די רו פון בית־עולם; זאָלן זיך צוזאַמענשטויסן די אינטערעסן; זאָל אַמאָל אַרויסשפּאַרן די היץ פון די ליידנשאַפטן. אויך דאָס איז גוט, דאָס דערהייבט די סענטימענטן און ברענגט אַרויס אַ סך מאָל דאָס וואָס געפינט זיך אויפן גרונט פון אַ מענטשלעך געוויסן.

זאָל ווידער דערשיינען דער ברען פון אַמאָליקן דעמאָקראַטישן קאַמף! זאָלן מיר זיך אומקערן צו דעם דאָזיקן פּערמאַנענטן אומרו, וואָס שטערט דעם שלאָף און די פאַרדייאונג פון דעם צופרידענעם בורזשוי, אָבער וואָס

דערפרייט דאָס האַרץ פונעם אמתדיקן פּאַטריאָט, וואָס ווייסט, אַז אין קאַמף און אין קאָנטינועץ צוזאַמענשטויס פון די קעגנזעצלעכע אינטערעסן, געפינט זיך דאָס געזונט און דער פּראָגרעס פון די פעלקער.

די טריבונע פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין סאָציאַליסטישן צענטער, אין סאַלאָן און אויף דער גאַס, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַטעדרע אונטער דעם פּראָפעסאָרישן וואָרט פון ד״ר רעפּעטאָ. און רעפּעטאָס וואָרט אויף דער עפנטלעכער טריבונע איז געווען אַ זאַך פון אַלע טעג און אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט.

אויף זיין קאַטעדרע־טריבונע האָט רעפּעטאָ געהאַלטן לעקציעס פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, קאָאָפּעראַציע, אַגריקולטור, סאָציאָלאָגיע און אויך געפירט אידעישע דיסקוסיעס, פּאָלעמיקעס און דעבאַטעס מיט אַנדערע סעקטאָרן פון דער געזעלשאַפט און אויך מיט פאַרשידענע און אַפילו שאַרף קעגנזעצלעכע ריכטונגען אין דער אייגענער פּראָלעטאַרישער וועלט, אין דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער באַוועגונג און אין דער אידעאָלאָגיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אין וועלכער עס געפינט זיך אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. זי פאַרנעמט טאַקע דעם גרעסטן שטח אין דער סאָציאַליסטישער וועלט און שפּילט די גרעסטע ראָלע, אָבער זי איז נישט די איינציקע. איינער פון די אַנדערע איז דער אַנאַרכיזם, ער האָט געהאַט די גרעסערע ווירקונג אויף דער סינדיקאַלער אַרבעטער־באַוועגונג מיט פופציק יאָר צוריק.

אין יענער צייט איז געווען די אַלגעמיינע שטימונג, אַז די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג איז אַ טעראָריסטישע. ס׳איז נישט געווען קיין מוז צו גיין און צו קאָנען אומגיין מיט באָמבעס צו זיין אַ מיטגליד פון אַן אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציע, אָדער געהערן צו אַ סינדיקאַט פון דער פאָראַ, אָבער מ׳האָט נישט נעגירט קיין טעראָר ווי אַ מיטל צוליב דער גרויס פון דער באַוועגונג און צוליב דערגרייכן עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען. און קיינער איז אייבער טעראָר נישט באַזייטיקט געוואָרן און אין פאַלן פון סימאָן ראַדאָוויצקי, וועלכער האָט אויס נקמה פאַר אַ מאַסע דערשאָסענע אַרבעטער אויף אַ ערשטן מאַי־מיטינג, געוואָרפן אַ באָמבע אויפן פּאָליציי־שעף פאַלקאָן און אים דערהרגעט, האָט מען דעם אַטענטאַטאָר ווי אַ העלד געלויבט און גלאָריפיצירט.

„מיר סאָציאַליסטן — זאָגט רעפּעטאָ — האָבן באַקעמפט די דאָזיקע טאַקטיק. מיר האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ נוצלאָזע וויאָלענץ און די מיינסטע פאַלן מיט אַ פאַרקערטע ווירקונג, אָבער נאָכדעם ווי ס׳איז אַוועק אַ האַלבער

יאָרהונדערט און איך באַטראַכט ערנסט אַזוינע מעשים, קום איך צום שלוס, אַז יענע גאַנצע אַנאַרכיסטישע וויאָלענץ האָט אוודאי בייגעטראָגן צו דער עקזיסטענץ פון דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע און פאַר דערגרייכן פאַרבעסערונגען פאַר די אַרבעטער. ווייל אין יענע צייטן האָט די פּויסט אָפּט געהאַט אַ גרעסערן דעמאָנסטראַטיוון ווערט איידער אַ גוט באַטראַכטע טעאָרעמע".

ניקאָלאָס רעפּעטאָ — אַ פּערזענלעכקייט פון פּערזענלעכקייטן — איז דאָס אויך אין מאָראַלישן גייסט. איבער דעם איז אים נישט שווער צו אָנער־קענען דאָס רעכט, אָדער אויסדריקן פאַרשטענדיקונג צו מעטאָדן, אָדער אַ סיסטעמאַטישע אַקציע פונעם קעגנער.

ס׳רעדט זיך פון פּאָליטישע מעטאָדן, אָדער אַ סאָציאַלע אַקציע, וועלכע רעפּעטאָס אידעענגאַנג און זיין סאָציאַל־פּאָליטישע אָריענטאַציע וואַרפן אָפּ, אָבער די אָנערקענונג פונעם קעגנערס רעכט אין אַ באַשטימטן מאָמענט און אויסדריקן פאַרשטענדיקונג צום קעגנערס מעטאָדן און אַקציע, מיינט אָנער־קענען, אַז מען קען אַמאָל אַליין אויך זיין אומגערעכט און אַז קיינער קען קיינמאָל מיט רעכט נישט זאָגן, אַז ער איז שטענדיק אַבסאָלוט גערעכט.

רעפּעטאָ פלעגט אין די עפנטלעכע פּאָליטישע אַקציעס פון די ראַדי־קאַלע פלוישער (אוודאי נישט פון די דערהויבענע מענטשן, וואָס האָבן זיך אויך געפינען צווישן די ראַדיקאַלן) זיין באַשולדיקט, אַז ער איז באַלעבאָס פון „קאָראַלאָנען" (לאַנגע הייף מיט אַ סך אָרימע וווינונגען).

דאָס איז געווען אַ נאַרישע באַשולדיקונג, ווייל וואָס פאַר אַ פאַרברעכן איז דאָס זיין אַ באַלעבאָס פון אַ „קאָראַלאָן" וואָס איז באַשטאַנען פון ביליקע דירות און ווו מ׳האָט אַריינגעלאָזט מיט קינדער?

ווען איז דאָס געוואָרן? ווען רעפּעטאָ איז טאַקע אַ באַלעבאָס פון „קאָראַלאָנען"' אין דערווירקלעכקייט.

און דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען דער דאָקטער רעפּעטאָ האָט שוין געהאַט אויפגעגעבן די מעדיצינישע פּראַקטיק, ביי וואָס ער האָט מאַ־טעריעל גוט פאַרדינט און זיך אָפּגעגעבן אויסשליסלעך צום סאָציאַליזם; צום רעאַלן סאָציאַליזם, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש־רעפּעטאָניסטיש און דורך דעם פאַרלוירן זיינע פרי׳ערדיקע פאַרדינסטן. (פון זיין האָנאָראַר אַלס דעפּוטאַט — 1.500 פּעזעס אַ חודש האָט ער, לויט איינשטעלונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַראָפּגעגעבן אַ העלפט). אָבער רעפּעטאָ וואָס האָט נישט פאַרשוויגן קיין אַטאַקע, האָט אויך קיין נאַרישקייטן זיך נישט אָפּגערופן.

אין דער געשטאַלט פון רעפּעטאָ האָבן אין משך פון יאָרן די קוויטשיקע „פּאַטריאָטן" געשריען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי באַשטייט פון אויס־לענדער און עס איז איר פּאָליטיק אַ אויסלענדישע, איר אידעאָלאָגיע איז אַ אימפּאָרטירטע, אַ פרעמדע, אַן אַנטיאַרגענטינישע — עס איז די פּאַרטיי פון די טשערטקאָווס...

יאָ, די טשערטקאָווס זענען געווען דער צילפּונקט אויף וועלכע עס האָט געשאָסן די גאַנצע אַנטיסאָציאַליסטישע מאָביליזאַציע.

ווער זענען דאָס געווען די טשערטקאָווס? אַ ייִדישע פאַמיליע, וועלכע איז געקומען פון צאַרישן רוסלאַנד צוזאַמען מיט די דיקמאַנס און זיך קאָ־לאָניזירט, אין ענטרע ריאָס.

איין טאָכטער פון די טשערטקאָווס, מאַריאַנאַ, האָט געלעבט מיטן סאָ־ציאַליסטישן פירער כואַן ב. כוסטאָ. אַ צווייטע טאָכטער, פעניאַ טשערטקאָוו, האָט געלעבט מיט ניקאָלאַס רעפּעטאָ; פעניאַס טאָכטער, וויקטאָריאַ, האָט גע־לעבט (ביז זיי האָבן זיך צעשיידט) מיטן סאָציאַליסטישן פירער אַנטאָניאָ דע טאָמאַסאָ און אַ דריטע שוועסטער פון דער פאַמיליע טשערטקאָוו איז געווען די פרוי פונעם סאָציאַליסטישן פירער אַדאָלפאָ דיקמאַן. צו דעם קען מען נאָך צוגעבן, אַז יעדע פון די דערמאָנטע פרויען איז געווען סאָציאַליסטיש אַקטיוו און האָט זיך געפונען אין דער פירערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. רעפּעטאָס פרוי, פעניאַ טשערטקאָוו האָט זיך נאָך אויסגעצייכנט מיט דעם וואָס זי האָט געשאַפן און אָנגעפירט מיט אַ דערציִונגס־אַנשטאַלט: „ביב־ליאָטעקאַ אי דעקרעאָס אינפאַנטילעס" אַ מין קינדערגאָרטן־סיסטעם פאַר קינדער אין פאָרשול־עלטער.

ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַטאַקירט געוואָרן; ווי די פּאַרטיי פון די טשערטקאָווס איז כוסטאָס פרוי מאַריאַנאַ שוין געווען געשטאָרבן און אַזוי ווי רעפּעטאָס פרוי פעניאַ איז געווען דערהויבן דורך אירע פעיִקייטן און דורך איר טעטיקייט, זייענדיק נעבן איר אויך איר טאָכטער די שרייבערין וויקטאָריאַ גוקאָווסקי... איז רעפּעטאָ געווען דער רעפּרעזענטאַנט פונעם טשערטקאָוויזם... וואָס איז געווען דער הויפּט־אויסדרוק פון אויסלענדישקייט און די אויסלענדישקייט איז דער עיקר געווען... אַ רוסישע, מחמת „רוסאָס" און ווען מ'האָט געזאָגט רוסן, האָט מען געמיינט ייִדן...

רעפּעטאָ האָט זיך נישט אָפּגערופן אויף דער דאָזיקער קאַמפּאַניע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן יאָרן און געהאַט צייטנווייז איר פּאָגראָמישן אויסדרוק. עס

האָט אַ סך געזאָגט רעפּעטאָס נישט אָפּרופן זיך, בעת ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין ריינער, דערהויבענער, פּאַרויסגייערישער, פּאָליטישער און סאָציאַ־ליסטישער טעטיקייט און נאָר רעפּעטאָ, דערהויבן צו אַן עטישע פּערזענ־לעכקייט, האָט געהאַט דעם מאָראַלישן כוח אַזוי פילבאַר אָפּצושלאָגן די שענדלעכע אַטאַקע דורך זיין באַוווסטזיניקן נישט אָפּרופן זיך.

די בלאָטע, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן, איז צוריקגעפאַלן אויף די וואַרפער, וואָס זענען נישט פריי פון אויסלענדישקייט, ווייל אַלץ וואָס איז דאָ אין לאַנד, איז אויסלענדיש, נאָר די וויסטע ערד איז דאָס נישט. ס׳איז נאָר פאַראַן אויסלענדישעס און אויסלענדישעס: שעפערישקייט און צושטע־רערישקייט; דערהויבנקייט און נידערטרעכטיקייט.

אויב אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ספּעציעל אין דער אַר־גענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז אַמאָל געווען אַ טענדענץ, אַז די מיטגלידער, וועלכע שטאַמען פון אויסלאַנד, זאָלן זיך נאַטוראַליזירן, איז דאָס נישט געווען אונטער דער ווירקונג פון די קוויטשער־פּאַטריאָטן, נישט דאָס זענען זיי אויסן געווען, נאָר אַז די מיטגלידער און נישט נאָר די מיט־גלידער זאָלן האָבן פּאָליטישע רעכטן און זאָלן זיך מער איינבירגערן אין אָרטיקן לעבן. היינט איז אַזאַ טענדענץ נישטאָ. די מערהייט מיטגלידער זענען אין אַרגענטינע געבוירענע און די אויסלענדער זענען נאַטוראַליזירט.

***

ניקאָלאָס רעפּעטאָ איז אין 1952 אַלט געווען 81 יאָר און נישט געקוקט אויף זיין חשובן עלטער האָט ער ענערגיש און מוטיק פאַרטיידיקט און באַ־שיצט דעם רעאַלן סאָציאַליזם, אויף וויפיל ער האָט געקאָנט זיין אונטער דער טאָטאַליטאַרישער דיקטאַטור פון דער פּעראָניסטישער רעגירונג, וואָס האָט אויך דעם סאָציאַליזם איבערגעכאַפּט און אויף וויפיל עס איז מעגלעך דעם סאָציאַליזם פּרינציפּיעל און מאָראַליש צו פאַרטיידיקן און באַשיצן אין דעם טעראָריסטישן רעזשים אָן פרייהייט, אָן דעמאָקראַטישקייט, אָן אַ קאָנסטי־טוציע, אָן געזעצן, אָן אַ יוסטיץ, מחמת אַלץ איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם ווילן פון איין פאַרגעטערטער פּערזאָן, וואָלכע האָט זיך געזען אין דער נויט צו האַנדלען אין סתירה פון יעדער מאָראַל און אָנפירן קרימינעלע פאַרברעכנס און אָנשטאָט רעגירן אָנפירן מיט באַנדיטן.

עס איז געווען אין אַ מאָמענט ווען דער פּרעזידענט פּעראָן איז אַרויס

מיט אַ פּאָליטיק אויפן נאָמען פון אַ „דעמאָקראַטישן צוזאַמענלעבן". אַ נאָמען פון אַ קאָנצעפּט, וועלכער איז וואַרשיינלעך געווען דיקמאַנס. רעפּעטאָ האָט דעמאָלט מיט זיין פּערזענלעכער אונטערשריפט אויפגעשריבן אַ סאָציאַליסטישן מאַניפעסט, וועלכער איז געדרוקט געוואָרן אין „נועוואַס באַסעס" — אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אויפן אָרט פון דער „לאַ וואַנגואַרדיאַ", וועלכע איז געשלאָסן געוואָרן פון דער מאַכט.

— די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי — שרייבט דאָן רעפּעטאָ — האָט זיך קיינמאָל אַליין נישט גערופן „אָפּאָזיציע פּאַרטיי", זי האָט קאָלאַבאָרירט, כדי צו געווינען די סאַנקציע פון געזעצן און מיטלען, וועלכע זי האָט געהאַלטן פאַר ניצלעך פאַרן אַרבעטער־קלאַס און פאַרן אַלגעמיינעם פּראָגרעס פון לאַנד.

דאָס שרייבט רעפּעטאָ אויף זיין סטיל און אין גייסט פון רעאַלן סאָציאַליזם פון וועלכן ער איז דער פּאַרויסגייער און רעפּעטאָ שרייבט ווייטער:

— מיר זענען דעריבער אין באַדינגונגען אויסצוהערן דעם גענעראַל פּעראָן, אָבער פאַר נעמען ערנסט זיינע ווערטער, האָבן מיר דערוואַרט אַ גרינטלעכן טויש פון דער פּאָליטיק, וואָס זאָל באַווייזן זיין דעציזיע טאַקע אַריינצוטרעטן אין אַ רעזשים פון דעמאָקראַטישן צוזאַמענלעבן. אָבער די פּאָליטיק פונעם גענעראַל האָט זיך אויף קיין האָר נישט געענדערט.

רעפּעטאָ מאַכט זיך ביי דער געלעגנהייט אַן אַלגעמיינעם אַנאַליז פון דער מלוכה אין משך פון דער דיקטאַטור און זאָגט:

— דאָס נישט נעמען אין אַכט און נישט רעספּעקטירן יענעמס מיינונגען, שאַפט אַן ערנסטע אָרגאַנישע שוועריקייט פאַר יעדע פאַרשטענדיקונג מיטן גענעראַל פּעראָן. די וואָס פּראָקלאַמירן זיך פאַר די באַזיצער פון אַבסאָלוטן אמת, האַלטן די אַנדערע, וואָס דענקען נישט ווי זיי, נישט נאָר ווי טעותדיקע, נאָר אויך ווי שונאים פונעם לאַנד, וועמען מען דאַרף ליקווידירן...

„מיר אנערקענען, אַז די רעגירונג נויטיקט זיך אין מיטלען און אין פולמאַכט צו רעאַליזירן אירע אייגנטלעכע צוועקן, אָבער מיר רעאַקציאָנירן פאַטאַל ווען מען פּרעטענדירט אויסצונוצן די דאָזיקע פולמאַכטן, כדי אונטערצודריקן און דערנידעריקן די בירגער".

אַ יאָר פאַר דער פּובליקאַציע פון דעם מאַניפעסט, פון וועלכן מיר האָבן דאָ נאָר איבערגעגעבן אַ פּאָר קורצע אויסצוגן, ווי שטריכן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון רעפּעטאָ אַלס פּערזענלעכקייט, האָט דער מחבר — טאַקע דער זעלבער רעפּעטאָ — געשריבן וועגן פּעראָניסטישן רעזשים, אויף

זיין שטייגער מיט אַ רויִקייט, וואָס איז צו באַוווּנדערן (איז דאָך רעפּעטאָ ווי דער פּאָרגייער פון רעאַליסטישן סאָציאַליזם געווען אַ פּאַרפאָלגטער פון דער פּעראָניסטישער רעגירונג).

רעפּעטאָ האָט געשריבן:

„עס זענען זייער באַדייטנדיק איניקע אַנאַלאָגיעס פון איטאַליענישן פאַשיזם מיטן אַרגענטינער כוסטיציאַליזם. פּעראָן נוצט די באַלקאָנען פון „קאַסאַ ראָסאַדאַ" צו ריידן צו די מאַסן אָדער צו עקסהיבירן זיך פאַר זיי. מוסאָליני האָט גענוצט דעם „פּאַלאַציאָ ווענעציאַ" פון רוים פאַר די זעלביקע צוועקן. אַזוי ווי דער פאַשיזם האָט געהאַט זיין טומלדיקן „דזשאָווינעצאַ־מאַרש, האָט פּעראָן זיינע „לאָס מוטשאַטשאָס פּעראָניסטאַס" (די פּעראָניסטישע יאַטן) און „עוויטאַ קאַפּיטאַנאַ" (פּעראָנס פרוי). דער „28סטער אָקטאָבער" דער יאָרטאָג פון מוסאָליניס מאַרש אויף רוים איז ענלעך צום „17טן אָקטאָבער" דער טאָג ווען פּעראָן האָט דעפיניטיוו ווידער איבערגענומען די מאַכט. דאָס נוצן ביז איבערן האַלדז די פּאָרטרעטן פון פּעראָן און זיין פרוי איז אַ אי־מיטאַציע פון דער טעכניק, וואָס מוסאָליני האָט אַזוי עקספּלואַטירט. פּעראָן לאָזט זיך געבן דעם טיטל „לידער" אַזוי ווי די אַנדערע האָבן זיך געלאָזט רופן „דוטשע" און „פירער". אויף יעדן ווינקל אַ גיגאַנטישע אויפשריפט: „פּעראָן דערפילט", וואָס איז אַגב נישט אַזוי שלעכט ווי דער פאַשיסטישער, וואָס האָט געזאָגט: „מוסאָליני האָט שטענדיק רעכט". פונקט ווי מוסאָליני און היטלער האָט זיך פּעראָן אויך באַוויזן אַלס שטאַטסמאַן פון פּתם־ווערטע׳סס, אַריינטועענדיק זיך אין אַ פוריעזע בויונג פון מאָנומענטאַלע גע־ביידעס, פּאַרקס, בולוואַרן, שווים־באַסיינען, סטאַדיומס, און אַזוי ווייטער. אויב מוסאָליני האָט געהאַט זיין „אַרבעטס קאַרטע", האָט פּעראָן זיינע „רעכטן פונעם אַרבעטער".

אין ביידע לענדער איז דער קאָנטראָל אויף די אַרבעטער אימפּאָנירט געוואָרן פון די אַזוי גערופענע „אַרבעטער לידער", געטרייע און געהאָרכזאַמע צום רעזשים. ביידע דיקטאַטאָרן האָבן איינגעפירט אַרבעטס־געריכטן צו אינטערפּרעטירן די אַרבעטס־קאָנטראַקטן און סיכסוכים. מוסאָליניס קאָמפּאַניע פאַר עקאָנאָמישער אויטאַרקיע האָט איר פּאַראַלעל אין פּעראָנס קאַמ־פּאַניע צו מאַכן זיך עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיק פון פאַרייניקטע שטאַטן און פון גרויס בריטאַניע. בעת מוסאָליני און היטלער האָבן זיך אַרויסגעשטעלט ווי קעגנער פון דער „דעמאָקראַטיע פון די רייכע און פון קאָמוניזם", ווייזט

זיך פעראָן ווי אַן אַנטיקאַפּיטאַליסט און אַנטיקאָמוניסט, אָבער די אינטע־רעסאַנטע ענלעכקייט פונעם פּאַראַלעל איז פאָלגענדער: מוסאָליני האָט גע־נומען די מאַכט אין 1922, ער האָט שטופּנווייז געגעבן זיין רעגירונג אַ דיק־טאַטאָרישע סטרוקטור און ערשט אין פיר יאָר אַרום איז ער געווען אימ־שטאַנד צו פּרעזענטירן זיין פאַשיסטישע טעאָריע. פּעראָן האָט פּונקט געטאָן דאָס זעלביקע מיט זיין כוסטיציאַליזם, אָדער די דריטע פּאָזיציע צווישן דעם קאַפּיטאַליזם און דעם קאָמוניזם. אַ דאָקטרין וואָס ער האָט ערשט גע־שאַפן אין 1947, פיר יאָר פון דעם ווי ער האָט זיך געמאַכט פאַרן באַלעבאָס פון דער מאַכט. ענלעך צו יעדער פאַשיסטישער רעגירונג האָט אויך פּעראָנס רעזשים אָנגעהאַלטן די דעמאָקראַטישע פאָרמען, אַזוי ווי די איינטיילונג פון די מאַכטן: עקזעקוטיווע, לעגיסלאַטיווע און די געריכטלעכע, אָבער דאָס איז נאָר פאָרמעל. דער פּאַרלאַמענט נעמט אָן געזעצן, וועלכע ער האָט נישט פּראָיעקטירט און גרינטלעך נישט דיסקוטירט און וואָס איז שייך דאָס גע־ריכט, איז עס אויסגעריייניקט געוואָרן פון די אַנטיפּעראָניסטישע און אומ־אָפּהענגיקע ריכטער, כדי צו מאַכן פון אים אַ פּשוטן פּאָליטישן אינסטרומענט. דער גענעראַל פּעראָן האָט אָפּגעשאַפט די ליבעראַלע קאָנסטיטוציע פון 1853, וואָס האָט זיך באַזירט אויף דער קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און האָט אַריינגעפירט זיין אייגענע „כוסטיציאַליסטישע" קאָנסטיטוציע — אַ פּאָפּירענע, אַ טויטער בוכשטאַב צום גרויסן טייל, זי „גאַראַנטירט" פּרעסע פרייהייט, אָבער קיין פּרעסע פרייהייט עקזיסטירט נישט. דער גזעצ־רעזשים איז אָפּגעשאַפט. עס עקזיסטירט נישט אין לאַנד קיין פרייע אַרגענטינישע אונטערנעמונג. די רעגירונג איבט אויס דעם ברייטסטן קאָנטראָל, איינשליס־לעך די אינטערווענץ, די עקספּראָפּריאַציע און די קאָנפיסקאַציע.

די ציווילע רעכטן זענען כמעט פאַרשווונדן. די ראַדיאָ איז פולשטענדיק קאָנטראָלירט, די פּרעסע — דאָסגלייכן, די עפנטלעכע מיטינגער — באַ־שרענקט; די טעלעפאָנען — אינטערוועגירט. בריוו ווערן געעפנט און די פּאַרטייען, דינסטן און קעלנער ווערן באַנוצט פון דער רעגירונג ווי פּאָלי־ציי־שפּיאָנען. פּעראַן אַ פּעדעראַלע פּאָליציי, וואָס קלאַפּט גאַנץ אָפט אין די טירן צוויי אַזייגער פאַרטאָג און נעמט זיך צו די מענטשן זיי צו פאַרהערן אָדער פאַרשפאַרן אין טורמע אָן „האַבעאַס קאָרפּוס" און אָן דער קלענסטער האָפענונג אויף אמתער געריכטלעכקייט, ווייל דאָס געריכט איז פּעראָניסטיש. עס ווייזט זיך דאָ, אַזוי ווי אין יעדן טאָטאַליטאַרן רעזשים, די הערשאַפט פון

מורא. עס הערשט די מורא. די פאַרלעגער טאָרן נישט אַרויסגעבן קיין בי־בער אומגינסטיקע פאַרן פעראָניסטישן רעזשים; די לערער היטן זיך און זעען אויסצומיידן יעדע קריטיק; די הויז־באַלעבאָסטעס מוזן זיך היטן צו דיסקוטירן וועגן פעראָניזם ביי דער אָנוועזנהייט פון די דינסטן. אַ גרויע צופרידנקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן עפנטלעכן לעבן״.

---

און נאָך פאַר דער פעראָניסטישער דיקטאַטור, אָבער שוין אין אַ קליי־מאָט פון דער צווייטער דיקטאַטור אין אַרגענטינע (די ערשטע איז געווען די ראָסיסטישע פון 1830 ביז 1850) האָט ניקאָלאַס רעפּעטאָ אַלס דעפּוטאַט געזאָגט אין פּאַרלאַמענט:

— מיר וואַרפן אָפּ, הערן דעפּוטאַטן, יעדע דיקטאַטור, אויך די פּראָ־לעטאַרישע און מיר ראָטן די מאַסן זיי זאָלן זיך נישט וואַרפן מיט דער סטראָשידלע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָר זאָלן בעסער מאַכן יעדן טאָג אַ ביסעלע רעוואָלוציע; יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט — זאָלן זיי אימפּולסירן דעם פּראָגרעס אין אַ וועלכער עס איז מאָס, ווייל אַזוי אַרום שאַפט זיך דאָס פּרוקטיקע ווערק, אַזויאַרום רעאַליזירן זיך די אידעאַלן און אַזויאַרום לייזט די מענטשהייט אירע גרויסע פּראָבלעמען.

***

דאָס איז געווען אין יוני 1956, אַכט חדשים זינט דער באַפרייערישער רעוואָלוציע, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן אין סעפּטעמבער 1955. זי איז אויך געווען אַ מיליטערישע, אָבער דאָס מאָל דאָך אַ באַפרייערישע. אַפּנים, אַז אויך אין דער נאָרמע פון מיליטערישע רעוואָלוציעס קאָן זיין אַן אויסנאַם.

די באַפרייערישע רעוואָלוציע, וואָס האָט באַפרייט אַרגענטינע פון דער פעראָניסטישער דיקטאַטור, איז געקומען פיר חדשים נאָכדעם ווי די פּע־ראָניסטישע רעגירונג האָט באַקעמפט אַ מיליטערישן אויפשטאַנד.

צום יאָר פון דער דאָזיקער געשעעניש האָבן זיך די פעראָניסטישע עלעמענטן אונטערגענומען דורכצופירן אַ קאָנטררעוואָלוציע, כדי צוריקצו־ברענגען צו דער רעגירונג די פאַשיסטישע דיקטאַטור און דווקא מיט פּע־ראָנען אַלס דיקטאַטאָר.

די דאָזיקע אונטערנעמונג איז בלוטיק דורכגעפאַלן.

די פּראָוויזאָרישע רעגירונג, בראש מיט גענעראַל אַראַמבורו און אַד־

מיראַל ראָכאָס, האָט חוץ די באַוואָפנטע קרעפטן אויך געהאַט די מאָראַלישע קרעפטן אויף איר זייט און מיט די ביידערליי קרעפטן פאַרייניקט איז די באַפרייערישע רעוואָלוציע ענערגיש פאַרטיידיקט און באַשיצט געוואָרן.

די באַוואָפנטע קרעפטן פאַרשטייט מען. וועלכע זענען געווען די מאָראַלישע קרעפטן?

די באַפרייערישע רעוואָלוציע אַליין, וועלכע איז געווען פּרינציפּיעל־ריין און האָט אויפריכטיק און אמתדיק רעאַליזירט איר אויפגאַבע: פאַרזיכערט די פרייהייט און די דעמאָקראַטישקייט, וואָס זי האָט דאָס געטאָן מיט פרייע און דעמאָקראַטישע מיטלען אויף די וועגן פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

און אויף וויפיל דער אמת פון דער רעוואָלוציע איז געווען די זאַך פון מענטשן, האָבן זיי זי אָפּגעהיטן ערלעך און דעצידירט און דורך דעם געוווּנען דעם פולשטענדיקן צוטרוי פון דער עפנטלעכקייט, אָנערקענונג און סטימול פון די רעפּרעזענטאַטיווע מענטשן פון אַלע סאָציאַלע סעקטאָרן אמתדיק פאַראינטערעסירטע אין דער פרייהייט און אין דער מענטשנרעכט־לעכער דעמאָקראַטישקייט, פון וועלכע עס איז פאַרמירט געוואָרן אַ רעגירונגס־ראַט, צו וועמענס פרייע דיסקוסיע און דעבאַטע די רעגירונג האָט פאָרגעטראָגן אירע אַלע פּראָיעקטן און פּלענער, איידער זי האָט זיי באַשטימט, דעקרעטירט און איינגעפירט.

ניקאָלאַס רעפּעטאָ איז געווען אַ מיטגליד אין דעם ראַט פון דער פּראָוויזאָרישער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און אַ אָריענטירנדיקע פּערזענ־לעכקייט אין אים.

85 יאָר איז רעפּעטאָ אַלט געווען. און ווי וווּנדערבאַר עס איז געווען זיין אַקטיוויטעט און מיט וואָס פאַר אַ קלאָרקייט עס האָבן געלויכטן זיינע קאַטעדראַטישע רעפעראַטן אויף די פּלענאַר־זיצונגען פון רעגירונגס־ראַט, ווי אויף די באַלערנדע קאָנפערענצן אין די סאָציאַליסטישע צענטערן, אויף דער גאַסן־טריבונע, ווי אויך אין שריפטלעכן וואָרט.

אָבער עס האָט פּאַסירט, אַז רעפּעטאָ איז קראַנק געוואָרן און זי, די קראַנקייט, האָט פון אים געפאָדערט רו און אָפּהיטן זיך. ער איז געבליבן אין זיין וווינונג פון וויסענטע לאָפּעס און געלאָזט פילן אין דער עפנטלעכקייט זיין אָפּוועזנהייט אין משך פון וואָכן.

אָבער אין אַ טאָג פון די דראַמאַטישע טעג אין בלוטיקן קאַמף צווישן דער באַפרייערישער רעוואָלוציע און די פּעראָניסטישע קאָנטררעוואָלוציע

איז רעפּעטאָ עובר־געווען אויף די געבאָטן פון זיין געזונט און ביי אַלעמענס באַוווּנדערונג איז ער געקומען אין רעגירונגס־הויז אויסצודריקן אָנערקע־נונג די מענטשן פון דער רעגירונג אין געשפּאַנטן מאָמענט פון העכסטער פאַראַנטוואָרטלעכער אַקציע און אין דערזעלבער צייט איז רעפּעטאָ געגאַנגען אין רעגירונגס־ראַט צו פאַרנעמען אין אים זיין אָרט אין דעם מאָמענט און לאָזן הערן זיין וואָרט — דאָס וואָרט פונעם פאָרויסגייער פונעם רעאַליסטישן סאָציאַליזם אין דער אַרגענטינער רעפּובליק.

**
*

אין יוני 1958, ווען דער דאָקטער ניקאָלאָס רעפּעטאָ האָט זיך דערנענ־טערט צו זיינע 87 יאָר, האָט ער זיך איינגעגלידערט אין דער אַקאַדעמיע פון עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, וועלכע האָט אים אָנגענומען פאַר אַ מיטגליד. דאָס איז אַ געשעעניש אין דער אַרגענטינער וויסנשאַפטלעכער וועלט. עס ווערט זעלטן אָנגענומען אַ מיטגליד אין דער אַקאַדעמיע, ווייל מ׳דאַרף זיין אַ פּער־זענלעכקייט אויף דעם געביט. אַ סך האָבן געענדיקט דעם פאַקולטעט פון עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן פון בוענאָס איירעסער נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט, אָבער פאַר דער אַקאַדעמיע איז דאָס נישט גענוג. רעפּעטאָ האָט אויך געענ־דיקט אַ פאַקולטעט, אָבער פון מעדיצין און נישט פון עקאָנאָמישע וויסנ־שאַפטן און ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן ספּעציעל מיט עקאָנאָמישע שטודיען. ווי רעפּעטאָ אַליין האָט דערקלערט פאַר זיין ערשטן אַקאַדעמישן רעפעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער אַקאַדעמיע ביים פאַרנעמען אין איר דאָס אָרט פונעם פאַרשטאָרבענעם אַקאַדעמיקער ד״ר מאַריאָ סאַענס, אין יוני 1958, האָט ער אין די לעצטע 58 יאָר פון זיין לעבן נישט אָפּגעגעבן זיך צו קיין אַנדערע זאַך ווי נאָר צום סאָציאַליזם און די פרייע קאָאָפּעראַציע, וואָס זענען ענג פאַרבונדן צווישן זיך — אויב קאָאָפּעראַציע ווי אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאַקטאָר גייט נישט אינגאַנצן אַריין אין סאָציאַליזם, ווי פריי־הייט, ווי דעמאָקראַטיע, ווי מענטשנרעכט און ווי סאָציאַלע גערעכטיקייט.

עס קען נאָר באַמערקט ווערן, אַז וואָס איז שייך קאָאָפּעראַציע איז רע־פּעטאָ געווען דער מיטגרינדער פון דער קאָאָפּעראַטיווע „אַרבעטער היים“, וועלכע איז, אין 1958, מיט אירע 58 טויזנט מיטגלידער־משפּחות, מיט איר פּראַקטיק פון בויען וווינונגען און פון פאַרקויפן אָן פּראָפיט אַלץ, וואָס עס דאַרף פאַר אַ נאָרמאַל לעבן יעדע פאַמיליע — די וויכטיקסטע קאָאָפּעראַטיווע

אָרגאַניזאַציע פון לאַנד. רעפּעטאָ איז געשטאַנען יאָרן־לאַנג אַלס פּאָרזיצער ביים רודער פון דער דאָזיקער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע און באַוועגונג אין קאָנטינועד פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג, זייענדיק אין משך פון דער צייט דער עפּנטלעכער לערער פון קאָאָפּעראַטיוויזם אין אַרגענטינע דורך זיינע אומצאָליקע רעפּעראַטן־לעקציעס און דורך דער פּובליקאַציע פון אַרטיקלען וועגן פרייער קאָאָפּעראַציע, פּובליקאַציע פון בראָשורן און ביכער, וואָס צוזאַמען האָט די קאָאָפּעראַציע פאַרנומען אַן אָרט אין רעפּעטאָס לעבן אַלס איר פּיאָנער און איר פּאָרגייער; איר אָרגאַניזירער און איר פירער; איר אָר־גאַניזירער און איר אויפקלערער; איר אויפקלערער און איר פּראָפּאַגאַנדירער.

און וואָס איז שייך זיין סאָציאַליזם — רעפּעטישער סאָציאַליזם — וואָס צייכנט זיך אויס און וואָס כאַראַקטעריזירט זיך מיט רעאַליזם, דאַרף מען צוליב אים כסדר זיין אַריינגעטאָן אין די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, ווו עס האָט זיך געפונען רעפּעטאָ מיט אַלע זיינע אינטעלעקטועלע מיטלען און אויפן גאַנצן שטח אויף וועלכן עקאָנאָמישע פאַקטאָרן שפּרייטן זיך אויס.

זיין אינטעלעקטועלע אַרבעט אין עקאָנאָמישן רייך האָט אים — רעפּע־טאָן — אַרויסגעפירט אויף די אַרגענטינער אומענדלעכע פעלדער פון דער אַגריקולטור, פון אַגראַר־פּראָבלעמען און אין פאַרבינדונג מיט נאָך גרויסע עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וואָס געפינען זיך אין דער ערד און אויף איר; אירע פעלדער און אירע וועלדער; אירע וואַסערן און אירע יבשות; אירע בערג און אירע טאָלן; איר פלאָר און איר פאַונאַ.

אַזוי אַז רעפּעטאָ, וועלכער האָט זיך מיט אייגענער מי אַרויסגעהויבן און געוואָרן אַ פיגור, אַ פּערזענלעכקייט, איז דאָס אויך געוואָרן אויפן אַג־ראַר־געביט, וואָס שפּילט אין אַרגענטינע די גרעסטע עקאָנאָמישע ראָלע.

די אַקאַדעמיע האָט אַוודאי נישט קיין טעות געהאַט מיט רעפּעטאָן, ווען זי האָט אָנערקענט אַלס אויסגעצייכנטן עקאָנאָמישן פאָרשער מעג זיין עקאָנאָמישער וויסן גאָר זיין אַ סאָציאַליסטישער עלעמענט. חוץ דעם איז רעפּעטאָס דערקלערונג, טאַקע הונדערט פּראָצענט אמתדיק, נאָר געוועזן דער אַריינפיר צו זיין רעפעראַט, וועלכער איז געווען אַן אַקאַדעמישער.

„אויף מיין לעצטער רייזע — האָט רעפּעטאָ געזאָגט צום שלוס פון זיין רעפעראַט — איבער די פּראָווינצן פון צענטער און צפון פון דער רעפּובליק — אַ רייזע, וואָס איז געמאָלדן געוואָרן פאַר אַ פּאָליטישע, וואָס האָט אָבער

אין דערווירקלעכקייט דערפילט דעם ווונטש צו באַוווּנדערן נאָכאַמאָל דעם גרויסן ספּעקטאַקל, פון וועלכן איך האָב געגאַסן אַזוי פיל מאָל — האָב איך זיך געפילט פונדאַסניי פאַר דער אימפּאָזאַנטער און איינדרוקפולער פּאַנאָראַמע פון זייערע הויכע בערג, פון זייערע טיפע וועלדער און פון זייערע גרויסע טייכן. אָבער ווידער באַרויקט פון עקסטאַז (ס'איז עקאָנאָמיע און נישט קיין פּאָעזיע...) און גייסטיק ערנסט, האָב איך מיט מי און זייער אָנגעשטרענגטער פאָרשטעלונג געזען וואָס עס וועט זיין דאָס לאַנד, הײַנט אַזוי דורשטיק און אָרעם נישט געקוקט אויף אירע פרוכטבאַרע טאָלן און אירע גרויסע טייכן, ווען מען וועט זיך באַשליסן אַרויספּצוגיין אויף די וועגן פון די גרויסע רעאַליזאַציעס".

***

דער „פּאַטריאַרך פון סאָציאַליזם" ווי מען רופט מיט ליבשאַפט רעפּעטאָן אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, האָט באַוויזן אַ גייסטיקע גבורה אין די פּאַסירונגען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט וועמענס לעבן עס איז געווען אידענטיפיקירט רעפּעטאָס לעבן און זייער שווער איז צו זען די אַרגענטינער סאָציאַליסטישע באַוועגונג אָן רעפּעטאָן, אָדער רעפּעטאָן אָן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פּאַרטיי און סאָציאַליזם.

אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי האָט אַוודאי אַרייַנגעזעצט אַ שאַרפן קלין אין רעפּעטאָס לעבן. און דאָך האָט רעפּעטאָ אין משך פון זיבע 58 יאָר סאָציאַליסטיש לעבן איבערגעטראָגן אַ גאַנצע ריי שפּאַלטונגען.

עס זענען פאָרגעקומען קלענערע און גרעסערע שפּאַלטונגען, אָדער עס זענען אַוועק פּערזענלעכקייטן, וואָס דאָס איז גלייך געווען צו שפּאַלטונגען:

אין 1915 — אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס; אין 1916 — כאָסע פּ. פּענעלאָן און פּאַלקאָס; אין 1921 — מאָסקווע; אין 1926 — אַנטאָניאָ דע טאָמאַסאָ; אין אַ ווייטערן יאָר — מאַריאַנעטי; אין 1952 — ענריקע דיקמאַן און אין 1958 — ניקאָלאַס רעפּעטאָ!

יאָ, עס איז אומגלויבלעך, מען קען זיך דאָס נישט פאָרשטעלן. עס איז אָבער אַ געשעענער פאַקט:

דאָקטאָר ניקאָלאַס רעפּעטאָ איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

נישט רעפּעטאָ אַליין איז אויסגעשלאָסן געוואָרן. עס זענען אויך אויסגעשלאָסן געוואָרן אַנדערע פּראָמינענטע מיטגלידער, פּאַרגייער, וועטעראַנען,

פירער ווי אַדאַנע, אַמעריקאָ גיאַלדי, אַנטאָניאָ סאָלאַרי, אָבער דאָ רעדט זיך נאָר וועגן רעפּעטאָן און עס ווערט נאָר דערמאָנט דער פאַקט, די פּאַסירונג, די געשעעניש.

אַוודאי איז רעפּעטאָ נישט אויסגעשלאָסן פון סאָציאַליזם. דאָס איז נישט מעגלעך. מיט זיין וווּנדערבאַר גייסטיקער גבורה אין זיין עלטער פון 87 יאָר טראָגט ער איבער אויך די לעצטע שפּאַלטונג פון דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע און גייט ווייטער אָן מיט זיין כאַראַקטעריסטישער רעפּעטיס־טישער סאָציאַליסטישער טעטיקייט בראש פון איינער פון די צוויי סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער שפּאַלטונג, וועלכע איז דאָס מאָל ווייניקער באַרעכטיקט ווי שטענדיק, האָט נישט קיין פּרינצי־פּיעלע און קיין אידעישע סיבה אונטער זיך. ביידע פּאַרטייען זענען אין תוך געגומען איינע און וואָס איז שייך רעפּעטאָן, וואָס פאַרקערפּערט דעם סאָ־ציאַליזם אין אַרגענטינע איז ער דאָ אין ביידע פּאַרטייען. אין איינער איז ער מיט לייב און לעבן און אין דער אַנדערער — מיט זיין גייסט.

רעפּעטאָן אויסגעשלאָסן פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, דאָס לייגט זיך נישט אויפן שכל.

**
*

אין אָקטאָבער 1958 איז אין 4טן סאָציאַליסטישן צענטער פון באָקאָ געפייערט געוואָרן רעפּעטאָס 87 יאָר לעבן.

אין דעם פּראָלעטאַרישן ווינקל פון בוענאָס איירעס איז געווען יום־טוב. עס איז געווען רעפּרעזענטירט דער סאָציאַליזם פון אַרגענטינע.

צווישן דער מאָסע באַגריסונגען האָט אויך נישט געפעלט די פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע „בונד" אין וועלכער דער יובילאַר האָט מיט חדשים צוריק געהאַלטן אַ רעפעראַט, איינער פון זיינע אינהאַלט־רייכע רעפּעטיסטישע רעפעראַטן, וואָס האָט באַגייסטערט דעם צאָלרייכן ייִדישן סאָציאַליסטישן אוידיטאָריום מיט זיין עקספּאָנירטן געדאַנק פאַר איי־גענע נאַציאָנאַלע קולטורן, וואָס זענען אַ ווערטפולער ביישטראָג צו דער אַלגע־מיינער און געמיינזאַמער קולטור פון קאָסמאָפּאָליטישן לאַנד.

נאָך אַ פּרעכטיקער רעדע פון אַמעריקאָ גיאַלדי וועגן דער פּערזענלעכ־קייט רעפּעטאָ און נאָך אַ וואָרט פון סאָלאַרי, וועלכער האָט דעם יובילאַר אונטערגעטראָגן זיין באַרוואָס דערשינען בוך: „דע נועוואָ ען לאַ אַקסיאָן" — פונדאַסניי אין דער אַקציע — האָט רעפּעטאָ געלייענט אַ מייסטערהאַפטן רע־פעראַט אויף דער טעמע: „אַ רוף פון אָפּטימיזם".

— דער סאָציאַליזם — האָט רעפּעטאָ דערקלערט — וואָס מיר וועלן שטעלן אין פּראַקטיק האָט קיין שום שייכות נישט מיטן קאָמוניזם און נישט מיטן שטאַטלעכן קאַפּיטאַליזם. מיר דאַרפן מיט אַ ספּעציעלער פאָרזיכט נישט דערלויבן, אַז עקספּלואַטאַציע, טיראַניי און אונטערדריקונג, וואָס זענען אייניק צווישן זיך און פאַרבונדן מיט קאָמוניזם און מיטן שטאַט־קאַפּיטאַליזם, זאָלן ווערן אַ אינטעגראַלע טייל פונעם סאָציאַליסטישן שטאַט, וואָס מיר ווילן שאַפן.

און דער דאָקטער רעפּעטאָ, טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער פון רעאַלן סאָציאַליזם, אין טיפן באַדויערן אין 87סטן יאָר פון זיין לעבן מיט דעם וואָס אין דער כאַציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט צו זיין דער מוסטער פון סאָציאַליסטישן שטאַט, געשעען זאַכן, וואָס דערנידעריקן דעם הויכן ניוואָ פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און וואָס זענען אין תוך אַנטיסאָציאַליסטיש און מחבר פון זיין לעצטן בוך מיט דעם פיל זאָגנדיקן טיטל: „דע נעוואָ ען לאַ אַקסיאָן" — פאַרענדיקט זיין באַלערנדן און גרויסן יובל־רעפּעראַט, אָנשטאָט אַ באַנקעט־רעדע, זאָגנדיק:

— דער סאָציאַליזם האָט געקענט באַטראַכט ווערן אין משך פון איצטיקן יאָרהונדערט ווי אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע היפּאָטעזע, אָבער דערנאָך נאָך אַזאַ פּראָלאָנגירטן פּרווו, קעגנאיבער שוין געמאַכטע פּרוּוון און רעאַליזאַציעס און אין אָנבליק פון זיין שוין דערגרייכטן אַריינדרינגען אין די ווייטע לענדער, זיך באַפרייטע פון די קאָלאָניאַלע פּאָטענצן, דאַרף היינט, לויט מיין מיינונג, באַטראַכט ווערן ווי אַ קראַפט אַ פאַרקערפּערטע אין אונדזער געשיכטע, כדי זי צו מאָדעלירן און פאָרזעצן נאָכדעם איר וועג.

און מיט אַ וווּנדערבאַרער ענערגיע מאַכט רעפּעטאָ דעם ווייטערן סאָציאַליסטיש־אָפּטימיסטישן אויספיר:

— דאָס איז די לעקציע פון אָפּטימיזם, וואָס איך האָב אייך געוואָלט געבן ביי דער הויך פון מיין לעבן. די טיף כאַאָטישע סיטואַציע איצט אין אונדזער לאַנד און די אומקלאָרע נאָנטע צוקונפט, צעשטערט נישט און רעדוצירט נישט דעם ווערט פון מיין טעאָריע פונעם אָפּטימיזם, ווייל די אַרגענטינער, נאָך דעם איבערקומען דעם אומפאַרמיידלעכן און ווייטיקלעכן דורכגאַנג, וואָס דערוואַרטעט אונדז, וועלן מיר זיך אומקערן, אָדער עס וועלן זיך אומקערן צום קאַמף די וואָס בלייבן.

# אַלפּרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס

די מענטשן האָב איך קיינמאָל נישט באַ־
טראַכט ווי שונאים — דאָס זענען די רעזשי־
מען און די סיסטעמען, וועלכע שעדיקן אונדז
אַלעמען: דער עקאָנאָמישער אינדיווידואַליזם,
דער סאָציאַלער אַנטאַגאָניזם, וואָס שטיצט זיך
אויף דער קאַפּיטאַליסטישער פּריווילעגיע און
אַלץ וואָס פאַרשקלאַפט און אונטערדריקט דעם
מענטש, — קעגן אַזוינע שונאים קעמף איך
און וועל אייביק קעמפן.

אַלפּרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס.

אין דעם אילוסטרירטן זשורנאַל: „לאַ נאָוועלאַ סעמינאַל" זענען פּובליקירט געוואָרן באַשרייבונגען פון פערזענלעכקייטן און פּאָפּולערע מענטשן, אייגנטלעך — לעבנסבאַשרייבונגען. אַלע אונטער איין געמיינזאַמען טיטל: „טאָדאָס סאָמאָס פּערסאָנאַכעס דע נאָוועלאַ" — אַלע זענען מיר ראָ־מאַנטישע פּערסאָנאַזשן. איז אין דעם דאָזיקן וועכנטלעכן זשורנאַל, (וואָס האָט אויך געווידמעט אַזאַ באַשרייבונג דעם שרייבער פון די שורות), אין דער צווייטער וואָך פון אָקטאָבער 1930, דערשינען אַ באַשרייבונג וועגן דאָקטער אַלפּרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס.

דאָרט דערציילט זיך באַלד אין אָנהייב, ווי אין אַ אָנפאַנג־שול באַוווּנ־דערן די לערער אַ זעקס־יאָריקן שילער, הערנדיק וואָס און וויאַזוי ער רעדט וועגן פאָטערלאַנד:

— ווי ווונדערלעך דאָס זאָל נישט זיין, גלייב איך פעסט, אַז אונדזער פאָטערלאַנד איז די וועלט.

דער שול־אינספּעקטאָר האָט אים אַ צערטל געטאָן:

— ווי הייסטו, קליינער?

— אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס.

**
*

אין אַ באַשרייבונג רעדט אַ פּראָפעסאָר פון פּאַלאַסיאָס אַלס סטודענט פון רעכט און סאָציאַלער וויסנשאַפט, וועלכער שטודירט וווּנדערבאַר די רעכטן פון געזעצן, יוריספּרודענץ הייסט עס, נאָר נאָך מער שטודירט ער די רעכטן פון די אָרימע, פונעם אַרבעטער, באַשיינענדיק און באַווירדקנדיק די קלאַסן.

פּאַלאַסיאָס לערנט נישט נאָר צוליב קאַריערע, נאָר נאָך מער ווי צוליב קאַריערע לערנט ער צוליב וויסן. ער לעבט אַלס סטודענט מיט אַ מינימום פון דעם, וואָס מען רופט לעבנס־מיטלען. אַ קאַפּע מיט מילך מיט אַ ברויטל איז געווען זיין טעגלעכער מיטיק. ריינע וואַסער און הייסע מאַטע איז געווען זיין געטראַנק; אַ פּאַלערינע האָט אים גוט געדינט צו פאַרשטעלן די לעכער פון די קליידער און ביכער צום לערנען האָט ער נישט געדאַרפט קויפן, ווייל איבער די אָקסלען פון די חברים האָט ער געלערנט אין די ביכער, וואָס זיי האָבן געקויפט. אַזוי לעבט נישט דער רייכער סטודענט און ווי מען זאָגט האָט פּאַלאַסיאָס גאָר געהאַט אַ ווידערווילן צו דער זאַטקייט און באַקוועמ־לעכקייט, זיי זאָלן נישט באַשווערן זיין גייסט.

דאָס שטימט מיט... אַ פּאָר שיך, וואָס עס האָט מיר געוויזן מיין שוסטער־לאַטוטניק, וועלכער איז געשטאַנען מיט אַ וואַרשטאַטל אויף אָראַ נעבן פּאַ־ראַגואַי, ווו איך האָב געוווינט — אַ 100 מעטער פון פּאַלאַיאַסן און ווו איך פלעג אַריינגיין די שיך פּוצן.

— איר זעט שיך? — ווייזט מיר דער שוסטער אַ פּאָר שיך מיט לעכער, וואָס זענען פאַרשטעלט מיט לאַטעס.

— ניין. איך זע לאַטעס. ווער טראָגט דאָס אַזוינע שיך?

— דער דאָקטער פּאַלאַסיאָס — זאָגט דער שוסטער אינדערשטיל מיט אַ שמייכל אין די אויגן.

**
*

דאָס איז געווען אין די 30ער יאָרן, ווען פּאַלאַסיאָס אַן אַדוואָקאַט מיט אַ נאָמען און אַ פּראָפעסאָר פון אוניווערזיטעט — האָט געקאָנט האָבן פון זיינע האָנאָראַרן צו קויפן זיך אַ פּאָר נייע שיך.

און אָט די געלאַטעטע שיך שטימען מיט... די פאָטאָגראַפיעס און בילד־לעך אויף די ווענט פון דעם בחורישן צימער מיט דעם אייזערן בעטל און דעם אַנטיקוואַרן נאַכטטישל אויף טשאַרקאַס צווישן אָראָ און גאָדאָי קרוס, ווו פּאַלאַסיאָס וווינט שטענדיק.

— מיינט נישט, אַז דאָס זענען דעקאָראַציעס אויף די ווענט — זאָגט פּאַלאַסיאָס, זיצנדיק אויף זיין בעטל, צום שרייבער כואַן כאָסע דע סאָיסאַ ריילי, ביי אים אויף אַ זעונג — זיי דינען אויף צו פאַרשטעלן די לעכער פונעם פּאַפּיר אויף די ווענט, אַז די באַנק, וואָס איז די אייגנטימערן פון דעם הויז וויל זיי נישט פאַרריכטן — די ווענט...

דאָס איז שוין נישט קיין אָרימקייט נאָר שטייגער; לעבנסשטייגער, אינ־דיווידועלער, פּערזענלעכער, מיט כאַראַקטער, מיט אויסגעהאַלטנקייט, מיט ליבע און סאָלידאַרישקייט מיטן אָרימען מענטש, מיטן פּראָלעטאַריער, ווייל מיט אים איז די גערעכטיקייט; ווייל ער איז רייך מיט געדאַנקען, מיט שטרע־בונגען, מיט סאָציאַליזם און איז דער היסטאָריש באַרופענער צו שאַפן די נייע אָרדענונג, די סאָציאַליסטישע, די וואָס רעאַליזירט זיך אָן אַ דערלוי־בעניש פונעם קאַפּיטאַליזם.

אין דעם גייסט האָט מען אויך געזען דעם דאָקטער פּאַלאַסיאָס שטענ־דיק פאָרן אין דעם הינטערשטן צוגעטשעפּעטן טראַמוויי־וואַגאָן פאַר אַרבע־טער, ווען דאָס איז געווען איינגעפירט (אַ רייזע האָט געקאָסט די העלפט: 5 סענט) און וואָס איז שייך פּאַלאַסיאָס בחורישקייט (ביז 120 יאָר, זייענדיק ביי די 80 ווען די שורות ווערן געשריבן), איז עס אויך נישט געווען אויס אָרימקייט פאַרוואָס ער האָט נישט חתונה געהאַט; אַוודאי נישט איבער דעם נישט האָבן מיט וועמען. ווער ווייסט וויפיל פרויען־הערצער ער האָט עמאָ־ציאָנירט?... וויפיל פרויען עס האָבן געפילט אַ ליבע צו אים. ער איז דאָך, חוץ אַנדערע זאַכן, וואָס קאָנען געפעלן, געווען אַ ראָמאַנטישע פיגור. ניקאַ־נאָר מאַרטינעס וועדיאַ, דער מחבר פון דער שוין דערמאָנטער באַשרייבונג אין „לאַ נאָוועלאַ סעמאַנאַל“, דערציילט אַפילו פון אַ פּרעווויליגירטער דאַמע, איינע פון אַ סך, אַ „זייער רעספּעקטאַבלע, וואָס איז יעדן זונטיק געגאַנגען אין קירכע, וועמען זי האָט אַוועקגעשאָנקען אַ טייל פון איר פאַרמעגן, האָט זעענדיק פּאַלאַסיאָסן געפילט אַ דעציסיווע און דערהויבענע אונטערוואָרפנ־קייט צו אים. אין איר צימער האָט זי זיין פאָטאָגראַפיע אין אַ ראַם פון צערטלעכקייט און פאַרגעטערונג“.

און ער דערציילט פון נאָך אַ פּרוי אַ פאַרליבטע אין פּאַלאַסיאָסן:

„זי איז אַ הויכגעשעצטע דאַמע פון אונדזער געזעלשאַפט, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט אַ יאָר צוריק און מיט וועלכער מיר האָבן גערעדט וועגן פּאַלאַסיאָסן אין מאַר דעל פּלאַטאַ, ווו מיר האָבן זיך צופעליק געטראָפן. מיט אַ מאַיעסטעטישן שטאַרקן כאַראַקטער האָט זי זיך פאַר אונדז מודה געווען:

— איך האַלט נישט פאַר קיין זינד דאָס פאַרליבן זיך אין פּאַלאַסיאָסן. זיין פּערפעקטע מענלעכקייט, די פּאַראַדאָקסאַלע קעלט, וואָס געפינט זיך אין זיין אויסדריקלעכער גייסטיקער וואַרימקייט, האָט מיך צוגעצויגן צו אים. איך דערקלער ערלעך, אַז אין אַ געוויסן מאָמענט פון מיין לעבן האָב איך זיך פאַרליבט...

און זי האָט געקוקט אויפן צעכוואַליעטן ים. דער האָריזאָנט האָט אָפּגעשניטן אַ האַלבע זון אויף נאַכטעסן, וואָס דער דעמערונג האָט דערנענטערט. די אויגן פון דער אַריסטאָקראַטקע האָבן געזאָגט: די דאַמע ליבט נאָך פּאַלאַסיאָסן...

פּאַלאַסיאָס, וואָס האָט אוודאי אַמאָל באַשלאָסן צו פירן אַ בחורישן לעבן, ליבט און רעספּעקטירט זיין באַשלוס. זיין „גלייכע ליניע", ווי עס רופט דאָס ריילי און ס'איז נישטאָ אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל זיין „גלייכע ליניע" בייגן..

***

אפשר איז פּאַלאַסיאָס — אַ גייסט־מענטש — זייער פאַרנומען מיט אינטעלעקטועלע זאַכן און מיט געזעלשאַפטלעכע: סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע, אינטערנאַציאָנאַלע און ער האָט נישט קיין צייט און איז צושטרייט, נאַכלעסיק, אָפּגעלאָזן פאַר פּריוואַטע, פּערזענלעכע, יחידישע זאַכן?

ניין. ווי גייסטרייך פּאַלאַסיאָס זאָל נישט זיין און ווי איבערגעגעבן ער זאָל נישט זיין צו זיינע מולטיפּלע אינטעלעקטועלע אַרבעטן און צו זיינע אַקטיוויטעטן אַלס דער פּאָפּולערסטער עפנטלעכער מענטש אין לאַנד, מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ מענטש, וואָס יאָגט זיך נישט, וואָס איילט זיך נישט און וואָס האָט צייט, ווייל ער האָט געגעבן און פּינקטלעך זיינע זאַכענישן צייט־מעסיק איינגעטיילט און עס קומט אויס, אַז נאָך אַזאַ אַרבעטס־איינטיילונג בלייבט אים נאָך צייט פאַר נישט פּאַרויסגעזעענע זאַכן.

און וואָס איז שייך נאַכלעסיקייט, אָפּגעלאָזנקייט צו זיך אַליין, איז עס דאָך אַלץ פאַרקערט מיט ד"ר אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס.

פונקט אַזוי ווי אין שייכות די צייט, וואָס פּאַלאַסיאָס האָט — נישט זייענדיק קיינמאָל פּאַשמייעט — זעט עס אויך אויס זיין נעטקייט, זיין צירליכקייט, זיין געטאָקטקייט, זיינע סטיליסטישע פּאַלאַסיאָס־וואָנצעס, זיין פּאַלאַסיאָס־הוט מיט די ברייטע פליגל מיט איינעם אַן אויפגעשטעלטן און מיט אַ פלאַן ווען און ווו — אַלץ אים צו טראָגן און אַזוי ווייטער — ווי דער מענטש מוז נישט עפּעס אַנדערש און האָט נישט קיין צייט פאַר עפּעס אַנדערש, ווייל ער גיט זיך אָפּ אַזוי פיל נאָר זיך צו פּוצן.

וואָס איז דאָס? קליינלעכקייטן פון גרויסע מענטשן? פּוסטקייט?

עס איז אַ סך קאָמפּליצירטער און מער אירראַציאָנאַל געוואָרן.

דער אמת איז, אַז פּאַלאַסיאָס האָט מיט דעם קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. אפשר איז דאָ אין דעם אַ ווילן צו ווערן זיין שיין, איז דאָס אין דער נאַטור פון זיין פיגור, פון זיין עטישן און עסטעטישן ווען. צוליב דעם האָט זיך פּאַלאַסיאָס אַוודאי אויך אָפּגעגעבן צו גימנאַסטיק און געפּעכט, ער האָט געפונען שיינקייט אין דעם און אפשר אויך ערע... אין פאַל פון דועל, פונקט אַזוי ווי ער האָט געפונען שיינקייט און אַרגענטינישקייט אין דעם טראָגן דעם הוט אויפן קאָפּ בעת ער, אויף דער עפנטלעכער טריבונע רעדט מיט זיין האַרציקער לייבנשטימע זיינע אָראַטאָרישע רעדעס אויף מאַסנפאַרזאַמלונגען אונטערן פרייען הימל, אָדער אין סאַלאָנען; אויף סאָציאַליסטישע טריבונעס, אויף וועלכע פּאַלאַסיאָס פלעגט אויך קומען מיט אַ „פּאָנטשאָ" אויפן אַקסל אויב ס'איז נישט געווען זייער קאַלט און ווען ס'איז געווען זייער קאַלט איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן אין „פּאָנטשאָ" און אַזוי און מיטן הוט אויפן קאָפּ אַ לאַ גאַוטשאָ — פעלדיש־אַרגענטיניש און פאָלקסטימלעך עלעקטריזירט ער און באַגייסטערט זיינע מאַסן־ און גאַסן־אוידיטאָריעס מיט זיין נביאיש וואָרט, מיט זיין העלדן־געשטאַלט און מיט זיינע פּראָפעטישע זשעסטן.

פּאַלאַסיאָס, אויב ער האָט געוואָלט געפעלן, איז דאָס געווען — זיך אַליין: צו באַפרידיקן זיינע אייגענע נויגונגען צו שיינקייט, צו העראָאישקייט, צו אייגנאַרטיקייט.

**
*

אינספּירירט אין דער העלדישקייט — לאָמיר זאָגן — פון פאָלקסלעבן; אין קאַמף פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, צי אין די שטרעבונגען פאַר אַ שענער און פאַר אַ בעסער לעבן — האָט פּאַלאַסיאָס געפילט אַ באַדערפעניש צו מאַכן זיינע זאַכן, נישט נאָכמאַכן, נאָר מאַכן, זיין אָריגינעל.

אַ עטיקער און אַ עסטעטיקער האָט פּאַלאַסיאָס נישט נאָר נישט געזוכט קיין באַקוועמלעכקייט און קיין רייכטום אין לעבן, נאָר ער האָט דאָס אָפּגע־וואָרפן אין אַלע פאַלן ווען דאָס האָט זיך אים פּרעזענטירט און ווען דאָס האָט זיך אים אָנגעבאָטן — אַזוי מיינט מען און מען דרינגט עס אַרויס פון זיין אַרט לעבן און זיין מערקווירדיקער פירונג און עס זענען אומגעגאַנגען לעגענדעס וועגן דעם.

אָבער פּאַלאַסיאָס איז דאָך נישט קיין אַסקעט, נישט קיין פאַנאַטיקער, האַלט נישט פון פייניקן זיך און איז נישט קיין פּרעדיקער פון אַבסטינענץ, פּרעדיקט נישט קיין אומבאַקוועמלעכקייט, אַוודאי נישט קיין אָרימקייט. ער האַלט וואָרשיינלעך און אינדיווידועל פאַר נישט געוווּנטשן זיך אָפּצוגעבן צום ווולגאַרן מאַטעריעלן רייכטום און אַזאַ באַקוועמלעכקייט, וואָס קאָן איי־נעם — אין בעסטן פאַל — פאַרוואַנדלען אין אַ מיטלמעסיקן מענטשן. גראָד אַ פּאַלאַסיאָס מיט אַזוי פיל שאַנסן און מעגלעכקייטן צו האָבן די בעסטע באַקוועמלעכקייטן און זיין רייך שטייט פאַר דער געפאַר ווי אַ אינטעלעק־טועלע און גייסטיקע פּערזענלעכקייט זיך צו פאַרלירן אין דער מיטלמעסי־קייט און דאָס האָט געשאַפן פאַר אים נאָך אַ פּאָזיציע פון עטישן קאַמף, אין וועלכן ער פילט זיך באַפליגלט און מיט זיך און אין איינקלאַנג מיט אַזאַ דערהויבענעם געדאַנקענגאַנג. קען מען אפשר האַלטן פון אַן אַנדערער רייכ־קייט: אַ גייסטיקע און פון אַנדערע באַקוועמלעכקייטן: אינטעלעקטועלע און אַפּנים, אַז פּאַלאַסיאָסן איז טייערער און ליבער דאָס צווייטע.

אַזוי דערציילט זיך פון פּאַלאַסיאָס סטודענטן־יאָרן, ווען ער האָט געהאַט אַ סך אין קאָפּ און גאָרנישט אין קעשענע, דאָס פּאַרקערטע פון די רייכע סטודענטן, וואָס האָבן אַ סך אין קעשענע און גאָרנישט אין קאָפּ, האָט ער געבעטן ביי זיינעם אַ פּראָפעסאָר ביכער צום לערנען.

דער פּראָפעסאָר האָט אַרויסגענומען געלט און אים דערלאַנגט.

— די פעזעס, פּראָפעסאָר, באַהאַלט פאַר זיך. איך האָב איך געבעטן ביכער.

***

פּאַלאַסיאָס אינטערעס און ליבע פאַר ביכער האָב איך געזען אין 1931, ווען איך האָב אים אין זיין שטענדיקער וווינונג, אויף טשאַרקאַס, באַזוכט צום ערשטן מאָל.

— אַדעלאַנטע! — איז פּאַלאַסיאָס מיר אַנטקעגנגעקומען מיט אַ מאַטע אין האַנט, בעת איך בין אַרויפגעקומען.

איך בין אויפגענומען געוואָרן אין אַ גאָר גרויסע סאַלע, וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע ברייט פון ערשטן שטאָק פון אַ ברייט אויסגעצייכנט הויז פון אַלטן סטיל און אין דער סאַלע איז געווען — ביכער, ביכער און ביכער. ביכער אין די שאַפעס און ביכער אויף די שאַפעס, וואָס האָבן פאַר־נומען אַלע ווענט; ביכער אויף די טישן און ביכער אונטער די טישן, ווייל די שאַפעס און פּאָליצעס זענען איבערגעפּאַקט געווען. זיין בחורישער צימער האָט זיך געפונען אויפן זעלבן שטאָק, אָבער יענער צימער איז געווען פאַר שלאָפן. די סאַלע איז געווען פאַר וואָך־זיין, פאַר גייסטיקער אַרבעט, פאַר שטודירן, פאָרשן — שאַפן און זי איז געווען דער מערקווירדיקער און העכ־סטער אויסדרוק פון אַ רייכטום — אַ אינטעלעקטועלער, אַ גייסטיקער — אָנגעזאַמלט מיט אַ דערהויבענעם אינטערעס און ביכער־ליבע.

***

ווען פּאַלאַסיאָס האָט געענדיקט זיין אוניווערזיטעט־בילדונג פון רעכט און סאָציאַלע וויסנשאַפט — אויף אַדוואָקאַט, האָט ער זיך פּרעזענטירט מיט אַ דאָקטאָראַט־טעזיס און ער האָט די דאָזיקע אינטעלעקטועלע אַרבעט — אַ בוך — געשריבן און פּרעזענטירט אויף דער טעמע, אָדער אונטערן טיטל — „בויט".

עס איז געווען אין 1902. פּאַלאַסיאָס איז אַלט געווען 23 יאָר. די אַר־געגטינער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז שוין אַריין אין איר 6סטן יאָר עקזיס־טענץ, אָבער פּאַלאַסיאָס האָט נאָך צו איר נישט געהערט און אַזוי נישט וויסנדיק, אַז ער איז אידעיש שוין אַ סאָציאַליסט, איז ביי אים אינטויִטיוו, אָדער פון זיין הינטערבאַוווסטזיין אַרויסגעקומען אַ „בויט" מיט סאָציאַליס־טישע געדאַנקען.

זיין טעזיס: „בויט" — אייגנטלעך: סינטעז — איז איבערן סאָציאַליזם אין אים אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

פּאַלאַסיאָס האָט זיך דערזען אין קאַמף און ער האָט אויפן אָרט דערקלערט:

— איך וועל מאַכן אַן אַנדערן...

— צו שפּעט — האָט געענטפערט דער דעקאַן — מאָרגן גייט אויס דער טערמין.

— גוט. מאָרגן שטעל איך צו דעם אַנדערן טעזיס.

אין 24 שעה אַרום האָט פּאַלאַסיאָס פּרעזענטירט דעם אַנדערן טעזיס, וואָס ער האָט אָנגערופן: „באַנקראָטן״ און ער איז אָנגענומען געוואָרן.

עס איז געווען ווי מען זאָגט: די זעלביקע יענטע, נאָר אַנדערש גע־שלייערט. פּאַלאַסיאָס האָט פון דאָסניי רעדאַקטירט זיין פריִערדיקן טעזיס און ער האָט דאָס געמאַכט אין אַנבליק פון דעם ביסל, וואָס ער האָט גע־לערנט וועגן באַנקראָטן.

אָבער דער וויסן איז שוין אין דעם פאַל געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיטן קאַמף און ער האָט געזיגט.

***

פּאַלאַסיאָס גייט אַריין אין דער ראָל פון אַ קעמפער — אַ ריטערלעכער קעמפער, מאַמענטנווייז אַ דאָן קיכאָטישער.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אין וועלכער פּאַלאַסיאָס איז, אין זיין הע־ראָישער יוגנט, אַריינגעטראָטן ווען זי האָט זיך געפונען אין ברען פון אירע העראָישע צייטן — איז פּרינציפּיעל געווען קעגן דועל און האָט איר פּרינציפּ אַריינגעשטעלט אין אַ פּונקט פון אירע סטאַטוטן.

דער דאָזיקער אַנטידועל־פּונקט אין די סטאַטוטן פון דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי, וועמען די מענטשן פון פאָלק האָבן גערופן: „על פּאַרטידאָ דע פּאַלאַסיאָס״ — די פּאַלאַסיאָס פּאַרטיי, האָט אים אַוודאי וויי־געטאָן, אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פון דועל. און נישט נאָר וואָס ער האָט אָנגענומען צו דועלירן זיך ווען מען האָט אים אַרויסגערופן, נאָר ער האָט אויך יענעם אַרויסגערופן. און ווי צו להכעיס זענען כמעט אַלע דועלן — אויב נישט אַלע — וואָס פּאַלאַסיאָס האָט אָנגענומען און אַרויסגערופן נישט געווען קיין פּערזענלעכע, נאָר אויפן גרונט פון אַלגעמיינע ענינים, עקאָנאָ־מישע, סאָציאַלע, קולטורעלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס זענען דעבאַ־טירט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט דורך די סאָציאַליסטן, וועלכע זענען אַריין מיט זייער אומרו און צושטערט די רו, די באַקוועמלעכקייט און די איינשטי־מיקייט פון די רעפּרעזענטאַנטן פון די באַלעבאַטים פון שטאָט און פון פעלד; דועלן, וועלכע דער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט כואַן ב. כוסטאַ, פון וועמען די פּאָרשטייער פון די ראַדיקאַלע און קאָנסערוואַטיווע באַלעבאַטים האָבן זיך געפילט באַליידיקט — האָט אויסגעלאַכט און אָפּגעוואָרפן יעדעס מאָל ווען מ׳האָט אים גערופן צו אַ דועל און וועלכע פּאַלאַסיאָס האָט כסדר רי־

טערלעך אָנגענומען אין שוץ און צו פֿאַרטיידיקן דעם כבוד פֿון די סאָציאַ־ליסטן און פֿון סאָציאַליזם.

***

עס האָט זיך געשאַפֿן אַ סיטואַציע, וואָס האָט געצוווּנגען עפּנטלעך צו באַשטימען וועגן דער פֿון די צוויי עס בלייבט אין דער פּאַרטיי: פּאַלאַסיאָס אָדער דער אַנטי־דועל סטאַטוט, ווייל ביידע האָבן נישט געקענט בלייבן. ביידע האָבן זיך הייס געליבט: פּאַלאַסיאָס האָט געליבט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און זי, אין דער געשטאַלט פֿון אַלע מיטגלידער, האָט געליבט איר פּאַלאַסיאָסן. צוליב דעם איז די פֿראַגע געשטעלט געוואָרן נישט וועגן פּאַלאַסיאָס, נאָר וועגן דעם אַנטי־דועל־פּונקט פֿון די פּאַרטיי סטאַטוטן: צי זאָל דער פּונקט בלייבן, אָדער נישט בלייבן?

די פֿראַגע איז געשטעלט געוואָרן אויף אַ לאַנדקאָנגרעס פֿון דער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי. דער קאָנגרעס איז פֿאָרגעקומען אין בוענאָס איירעס, אין יאָר 1915, בעת דער ערשטער העלפֿט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט זיך זייער געשפּירט. דער שרייבער פֿון די שורות, אַ מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי, איז גראָד בייגעווען די קאָנגרעס־זיצונג, וואָס האָט די פֿראַגע באַהאַנדלט און באַשטימט. די שטימונג איז געווען אַ בענקשאַפֿטלעכע און אַ פֿיינלעכע. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז דער אַנטידועל־פּונקט אין די סטאַטוטן — בלייבט. דאָס איז געווען אין אַלעמענס פֿאַרבאַוווּסטזיין. אַנדערש האָט דאָך נישט געקאָנט זיין אין אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

נאָך דער אָפּשטימונג איז פּאַלאַסיאָס אין זיין געוויינלעכן ריטערלעכן גאַנג, נאָר שטיל, אין איינקלאַנג מיט דער געפּרעסטער שטילקייט אין סאַלאָן — אַרויסגעגאַנגען פֿון קאָנגרעס און פֿון דער פּאַרטיי —

— אויף אַ צייט פֿון 15 יאָר! ביז ער האָט זיך אומגעקערט.

***

ביי דעם אַלעם וואָס פּאַלאַסיאָס איז יאָ, איז פֿאַראַן עפּעס וואָס פּאַלאַ־סיאָס איז נישט: ער איז נישט קיין פֿירער. אפֿנים אַז אַ פֿירער קאָן זיין דער, וואָס האָט פֿעיִקייט פּלוס אייגנשאַפֿט פֿאַר דעם. פֿירער־אייגנשאַפֿט — דאָס האָט נישט פּאַלאַסיאָס און נישט ער ווייזט אַ ווילן פֿאַר דעם און קיין אינ־טערעס — אויך נישט. אַ באַווייז איז דאָס וואָס פּאַלאַסיאָס האָט נישט גע־שאַפֿן קיין אַנדערע פּאַרטיי.

עס איז אַפילו יאָ פאָרמירט געוואָרן די אַזוי גערופענע: „פּאַרטידאָ סאָ־סיאַליסטאַ אַרכענטינאַ״. איז עס ערשטנס געווען די איניציאַטיוו פון אַ גרופּע, וואָס האָט באַגלייט פּאַלאַסיאָסן ביי זיין אַרויסגיין פון דער פּאַרטיי און צווייטנס האָט זיך די נייע פּאַרטיי נישט אַנגענומען אין דער סביבה נישט געקוקט וואָס פּאַלאַסיאָס איז געווען אין איר.

דאָס וואָס די נייע פּאַרטיי האָט אַנגענומען סטאַטוטן אָן אַ אַנטידועל־פּונקט, איז אַפּנים ווינציק געווען צו באַרעכטיקן אַ צווייטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

**
*

פּאַלאַסיאָס ווי אַ עטישער סאָציאַליסט, וואָס קען אָפּהיטן יחידיש אַ סאָציאַליסטיש לעבן, מחמת אַזאַ פּרעסטיזשירטע, טאַלאַנטירטע און גייסט־רייכע פּערזענלעכקייט, האָט נישט פאַרלוירן קיין האָר פון זיין סאָציאַליזם אין משך פון די 15 יאָר זיין אויסער דער „פּאַלאַסיאָס פּאַרטיי״, ווי מ׳האָט איר אַמאָל גערופן.

פּאַלאַסיאָס איז נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה אין פראַנקרייך פון דער רעגירונג באַערט געוואָרן מיט דער קאָנדעקאָראַציע פון „לעגיאָן דע האָנאָר״. אָבער ער האָט דעם גרויסן ערן־מעדאַל נישט אַנגענומען דער־קלערנדיק:

— איך קען נישט טראָגן אַ קאָנדעקאָראַציע פון אַ רעגירונג, וועלכע פאַרפאָלגט אַרבעטער.

דאָס איז אַ פאַל מיט אַ סאָציאַלן מאָטיוו אין וועלכן פּאַלאַסיאָס איז מאָראַליש מיט זיך און אָט איז אַ צווייטער פאַל מיט אַ דעמאָקראַטישן מאָטיוו:

דער קעניג אַלבערט פון בעלגיע האָט אויך באַשטימט צו געבן פּאַלאַ־סיאָסן אַ קאָנדעקאָראַציע פאַר זיינע רעדעס, וואָס אים איז אויסגעקומען צו האַלטן וועגן אָקופּירטן בעלגיע בעת דער מלחמה.

פּאַלאַסיאָס האָט אויך נישט אַנגענומען די בעלגישע קאָנדעקאָראַציע און דערקלערט:

— איך אַלס רעפּובליקאַנער קען נישט אַננעמען קיין קאָנדעקאָראַציע פון אַ קעניג, ווען אַפילו דער קעניג איז גרויס ווי אַלבערט...

**
*

אין יענע יאָרן איז עס געווען דאָס איינציקע מאָל, ווען פּאַלאַסיאָס האָט מיך וויזיטירט.

עס איז געווען דער וויזיט ביי מיר אין תּפיסה, ווען און ווו איך האָב זיך געפונען אין אַ זייער אויסטערלישער סיטואַציע.

אין יאָר 1919 איז דאָס געווען. אין אָנהייב פערטן יאָר פון פּאַלאַסיאָס אַרויסגיין פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עס איז געווען אין דער היסטאָרישער „סעמאַנאַ טראַכיקאַ" — די „טראַגישע וואָך". עס איז אויסגעפאַלן אויף מיר דער גורל צו זיין דער העלד פון אַ שרעקלעכער לעגענדע —

אַ לעגענדע פון אַ מאַקסימאַליסטישער רעוואָלוציע אין אַרגענטינע מיט אַ פּאַרטיקן דיקטאַטאָר — דער שוין באַשטימטער פּרעזידענט פון דער מאַקסימאַליסטישער רעפּובליק... טויזנטער מענטשן זענען אין יענע טעג אַרעסטירט געוואָרן אינעם מיליטעריש־באַלאַגערטן און אָקופּירטן בוענאָס איירעס, בין איך געווען איינער צווישן זיי — אַזוי האָב איך געמיינט, אָבער איך האָב געקענט באַמערקן, אַז איך ווער גאָר אויסערגעוויינלעך אַנדערש באַהאַנדלט.

פון דער לעגענדע האָב איך זיך ערשט דערוווּסט אין דער קאַמער פון די טריבונאַלן, ווו איך בין געווען אַליין און פאַרשלאָסן, אָבער דאָך שוין נישט אומקאָמוניקירט מיט מענטשן אויף דער פריי און דאָ בין איך טאַקע ערשט געוואָר געוואָרן, אַז דער העלד פון דער לעגענדע בין איך!...

אָבער פריִער בין איך געווען אויף געהאַקטע צרות מיט אַ פּאַרבלוטיקט העמד אויף זיך און געהונגערט אָן אַ שטרייק אין אַ ספּעציעלער קאַמער ביי די פייערלעשער מיט ביקסן באַוואָפנטע פּאָליציי אין דער קאַמער.

די סיטואַציע איז געווען אַזעלכע, וואָס האָט מיר נישט דערלויבט צו טראַכטן פון ווידעראַרויסקומען ווען עס איז אויף דער פריי. מאָמענטנווייז בין איך גאָר אַריינגעפאַלן אין האַלוציניאַציעס און האָב געזען אין דער פּאַרשטעלונג דאָס שרעקלעכסטע.

מען איז געקומען מיך אָבסערווירן. דאָס זענען נישט געווען קיין מענטשן פון דער פריי — אַזאַ איז געווען דער איינדרוק.

און אין אַ טאָג נאָכדעם ווי מ'האָט אַריינגעטראָגן אַ שטיקל געלעגער און דאָס אויסגעשפּרייט אויף דער ציגלנער פּאָדלאָגע און אַפילו אַריינגעברענגט אַ געקאָכטן ביין מיט אַ שטיקל האַרטע פלייש אויף אים — איז אַריינגעקומען דאָקטער אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס!

אַ זון מיט שטראַלן פון דער פרייהייט, וואָס איז נאָך אַוודאי דאָ אין

דרויסן פון דער טורמע, איז אַריין אין דער קאַמער. אַ ליכטיקייט, וואָס האָט אויפגעלויכטן אינמיטן העלן טאָג האָט מיך אויפגעהויבן פון שווערע האַלו־ צינאַציעס, פון וואָס איך בין אויפגעשטאַנען מיט אַ שמייכל פון האָפענונג, אַז די פרייע וועלט, דאָס מענטשלעכע לעבן, האָט זיך פאַר מיר נאָך אויך נישט געענדיקט!... איך האָב נישט געזען וואָס פאַר אַ גרימאַסע פון אונטערן שמייכל עכ איז ארויסגעקומען פון מיין דעפאַרמירטן פנים. פון איבעראַשונג האָב איך פאַרגעסן צו פאַרשטעלן, כאָטש אַ ביסל, דאָס בלוט אויפן העמד, וואָס איז געווען אַזוי נישט עסטעטיש... איך האָב זיך נאָר קאָנטראָלירט, זיך נישט אַרויסצוכאַפּן אין דער סביבה מיט אַזאַ געפערלעך וואָרט ווי — חבר, אָדער פריינט... איז דאָך די זון נישט אַריין אַליין, נאָר אַרומגערינגלט מיט אַ וואָלקן... און פון מויל, ניין. פון האַרץ האָט זיך אַרויסגעכאַפּט איין איינ־ ציק וואָרט:

— פּאַלאַסיאָס!...

אָ, וואָס פאַראַ פריידז! ווי גליקלעך דו פילסט מיט אַזאַ וויזיטאַנט! איז דאָך פּאַלאַסיאָס געקומען דיך, טאַקע נאָר דיך צו וויזיטירן, ווי גוט דו פילסט זיך, ווי יום־טובדיק... אינגאַנצן עטלעכע טעג, אַז איך בין דאָ און עס דאַכט זיך אַזוי לאַנג און אין משך פון דער שרעקלעכער לאַנגער און פּיינלעכער צייט האָט זיך קיין מענטשלעך פנים נישט געוויזן... מען האָט מורא? מען לאָזט נישט צו? אפשר דאַרף מען זאָגן, אַז איך בין שוין נישטאָ?... און אפשר איז נישטאָ ווער עס זאָל צו דיר קומען?...

פּאַלאַסיאָס!... פּאַלאַסיאָס איז שטענדיק און אין אַלע צייטן פּאַלאַסיאָס. פאַר אים איז נישטאָ קיין מורא; פאַר אים איז נישטאָ קיין נישט צולאָזן; קיין נישטאָ; ער גייט קעגן דער געפאַר. זעסט דאָך: ער איז געקומען...

פּאַלאַסיאָס האָט אַזוי מאָדנע קאַלט געקוקט און עס האָט אויסגעזען ווי זיין שטענדיק וואַרימער בליק וואָלט איצט פאַרגליווערט געוואָרן אויף מיר און ווי פאַרגליווערט זענען אויך געבליבן זיינע ליפּן, וואָס זאָגן גאָרנישט. דער פייערדיקער אָראַטאָר, וואָס מיט זיין וואָרט צינדט ער אָן מאַסן, שטייט דאָ פאַר מיר טויט ערנסט כמעט אָן לשון.

— די סיטואַציע איז שרעקלעך — האָט פּאַלאַסיאָס ווי געמורמלט פאַר זיך — עס פאַלט אויף אייך אַ שוידערלעכער חשד... אַ שווערע באַשולדיקונג.

איך האָב כמעט נישט געהערט וואָס פּאַלאַסיאָס האָט געזאָגט, נאָך די שווערע שטימונג וואָס איז פון סעקונדע צו סעקונדע געוואָרן שווערער.

איך האָב דאָך געשעצט אין זיך פּאַלאַסיאָס וויזיט. איך האָב געפילט, אַז פּראַקטיש האָט ער נישט געהאַט וועגן וואָס צו קומען און זיין אַרומגערינגלט מיט געהיים־פּאָליציי, וואָס ער קאָן עס נישט פאַרטראָגן. איך האָב אין דעם מאָמענט פאַרגעסן, אַז פּאַלאַסיאָס איז אַן אַדוואָקאַט אים איבערצוגעבן מיין יורידישע פאַרטיידיקונג און ער פון זיין זייט האָט עס מיר נישט אָנגעבאָטן צוליב ריינע עטישע פּרינציפּן.

**
*

דער יונגער ד״ר פעדעריקאָ פּינעדאָ וועמען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט דעלעגירט אַלס אַדוואָקאַט מיך צו פאַרטיידיקן איז דורך דעם פּראָצעס געוואָרן פּאָפּולער און אויסגעוואָקסן אַ פּערזענלעכקייט.

**
*

מיר האָבן פריִער דערמאָנט דאָס אומקערן זיך פון פּאַלאַסיאָסן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון וועלכער ער איז אַוועק. ער האָט זיך אומגע־קערט אין 1930, באַלד נאָך דער אוריבוריסטישער רעוואָלוציע מיט אַ רעַ־אַקציאָנערע דיקטאַטור, ווען ס׳איז נישט געווען גרינג די צייט פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר ווען די צייט איז געווען אַ שווערע.

באַלד נאָכדעם ווי אַלפרעדאָ פּאַלאַסיאָס איז צוריק אַריין אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז ער אויך אַריין... אין תפיסה. די דיקטאַטאָרישע רעגירונג פון גענעראַל אוריבורו האָט אויך דעם דאָקטער פון רעכט און סאָציאַלער וויסנשאַפט אַרעסטירט און פאַרשלאָסן אין דער טורמע פון לאָס הערראָס.

און פּאַלאַסיאָס איז אפשר טאָקע צוריק אַריין אין דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי דווקא ווען די פּאַרטיי האָט איבערגעלעבט אַ שווערע צייט פון רעפּרעסיע און פאַרפאָלגונגען.

אָבער אַז מ׳האַלט שוין ביי דעם דאָזיקן שריט אין לעבן פון פּאַלאַסיאָס, זאָל דאָ איבערגעגעבן ווערן ווי אַזוי דאָס איז געשען.

אַ גרופּע דעלעגאַטן אויף אַ קאָנגרעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין 1927 האָבן פּשוט און פּראָסט אונטערגעשריבן אַ ווענדונג צו פּאַלאַסיאָסן, איינלאַדנדיק אים ער זאָל צוריק אַריינטרעטן ווי אַ מיטגליד אין דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי.

פּאַלאַסיאָס האָט געענטפערט מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער שרייבט:

„פאַר אַלעס מיין אָנערקענונג אייך פאַר דער איינלאַדונג, וואָס איז מיר אַזוי אָנגענעם, אַז איך זאָל פונדאַסניי אַריינטרעטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועמענס אידעאַלן איך האָב שטענדיק פּאַרטיידיקט און פּראָפּאַגאַנדירט און פאַר וועמענס זיג איך וועל ווייטער אָפּגעבן מיין ענערגיע און, ווי ביז אַצינד, אָן פּערזענלעכע, אָדער אוטיליטאַרישע צוועקן. מיך פרייט אויך דער פאַקט וואָס די דאָזיקע איינלאַדונג איז אונטערגעשריבן נישט נאָר פון די יינגסטע דעלעגאַטן צום קאָנגרעס, נאָר אויך פון אייניקע קאַמעראַדן, וואָס זענען געגאַנגען מיט מיר האַנט ביי האַנט אין קאַמף און זיי דערמאָנען מיך אין די העראָישע צייטן פון דער פּאַרטיי, ווען דאָס וואָרט סאָציאַליזם איז נאָך געווען בונטאַריש און מיר אַלע האָבן זיך געפילט פאַרייניקט דורך דער געמיינזאַמער אָנשטרענגונג פאַר די קאָלעקטיווע אידעאַלן געהייליקט דורך דער בייזוויליקייט פון דער אומפאַרשטענדלעכקייט פון דער סביבה און פונעם האַס פון די קאָנסערוואַטיווע קלאַסן.

עס האָבן זיך געביטן די צייטן פון דעמאָלט אָן, אַזוי ווייט, אַז יענע וועלכע זענען געווען די פאַרביסנסטע שונאים פון אונדזערע אידעען, פּרעטענדירן היינט אויף קרובהשאַפט מיט דער פּאַרטיי וועמען זיי האָבן אַמאָל אַזוי פאַרפאָלגט. איך שטרעב, אַז דער האַס און דער צאָרן, וואָס די שונאים האָבן אונדז אַמאָל געגעבן צו פילן, זאָל אַצינד נישט ווידעראויפלעבן אין די אייגענע פּאַרטייאישע רייען, דעסאָריענטירנדיק די אַרבעטער און שאַפנדיק אַ סקעפּטיציזם און אַ מוטלאָזיקייט צווישן די באַניירישע קרעפטן.

איך זע, אַז נישט געקוקט אויף דער מי פון אירע רעפּרעזענטאַטיווסטע מענטשן, האָט זיך נאָך אַלץ נישט געענדיקט דער פּרווו פון מקריב זיין זיך און פון קרבנות־גרייטקייט צו וואָס די פּאַרטיי דאַרף גיין געוואָגט, כדי אַרויסצוקומען געלייטערט מיט איר אידעאַליזם. אפשר דאַרף זי זיך אומקערן אויף די פעלדער, צו אירע גוטע צייטן, ווען דער גלויבן אין אַ בעסערער הומאַנישער צוקונפט איז געווען דאָס פייערל, וואָס האָט אָנגעצונדן דעם פּאַרטייאישן ענטוזיאַזם. און דער דאָזיקער גלויבן לעבט אין מיין האָפענונג און אין דעם צוטרוי, אַז נישט ווייט איז דער טאָג ווען עס וועלן ווידער אויפקומען די סאָציאַליסטישע אידעאַלן און עס וועט זיך אומקערן יענע גלאָריעזע עפּאָכע, אין וועלכער עס זענען נישט געווען פאַר די מיטגלידער קיין אַנדערע שונאים, ווי נאָר די סאָציאַלע אומרעכט, די פּאָליטישע אָליגאַרכיע און די איגנאָראַנץ און די ליידן פון פאָלק.

אָפּגעזונדערט אין זיך. אָפּגערוקט פון יעדער אינטערוועניץ אין פּאָלי־טישן לעבן אין לאַנד, האָב איך געקענט שטודירן און מעדיטירן די פּראָבלע־מען פון קאָלעקטיווער פאַרבעסערונג און פון דער אַרבעטער עמאַנציפּאַ־ציע. אפשר האָבן זיך דערקלערט פאַר מיר אייניקע קאָנצעפּטן און אפשר זע־נען צוגעקומען צו מיין געדאַנק נייע און אויסגעברייטערטע האָריזאָנטן, וואָס פאַרשטאַרקן מיין גלויבן אין דער צוקונפט. אָבער איך האָב זיך גאָרנישט געענדערט, איך גלייב נישט זיך ווען עס איז צו ענדערן אין שייכות יענער פּרימיטיווער פּאָזיציע, אויף וועלכער איך האָב קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר שונאים די מענטשן, נאָר די רעזשימען און די סיסטעמען, וואָס ווי איך פיל — שעדיקן זיי אַלעמען: דאָס איז דער עקאָנאָמישער אינדיווידואַליזם, דער סאָציאַלער אַנטאַגאָניזם, וואָס שטיצט זיך אויף דער קאַפּיטאַליסטישער פּרי־ווילעגיע און אַלץ וואָס פאַרשקלאַפּט און דריקט אונטער דעם מענטש. קעגן אַזעלכע שונאים קעמף איך און וועל אייביק קעמפן אין דער מעגלעכקייט פון מיינע באַשיידענע קרעפטן. קיינמאָל נישט קעגן דעם מענטש אַליין, סיידן צופעליק און אין פערזענלעכער פאַרטיידיקונג. איך גיי אַזוי ווייטער אָן גע־טריי צו מיינע פּרינציפּן. איך האָב זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. קיינמאָל נישט פאַרוואַרפט. היינט גלייב איך, אַז גיך וועט קומען דער טאָג, אין וועלכן ביים אויסמעקן זיך פון דער פּערספּעקטיוו די מאַטעריאַליסטישע פּראָפּיטן, וועט אַרויסקומען דער אַלטער גלויבן אַ באַנייטער און אַ געלייטערטער, אַזוי ווי איר ווילט, צו קעמפן קעגן אומרעכט אָן דיספּוט צווישן זיך וועגן דער פּרעמיע פון מי.

אין דעם דאָזיקן ווידעראויפקום וועלן מיר זיך פונדאָסניי געפינען און מיר וועלן זיך ווידער טרעפן מיט אַלע ערלעכע מענטשן, פאַרגעסנדיק די פאַרגאַנגענע און וויסטע קלאַגעס, כדי אָנצוהייבן אַ קאָנסטרוקטיוו ווערק פון מענטשלעכער באַפרייאונג און סאָציאַלער סאָלידאַריטעט, וואָס עס פאָדערט פון אונדז דרינגנדיק די צוקונפט פונעם אַרגענטינער פאָלק, דער גורל פון לאַטיין־אַמעריקע און די אוניווערסאַלע שטרעבונג פונעם מענטש.

פון מיין אַקטיווער צוריקגעצויגנקייט און — ווידעראַמאָל מיין אָנער־קענונג פאַר אייער גרויסאַרטיקער האַנדלונג, גריסט אייך צערטלעך —

אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס".

דער בריוו איז געווען געדרוקט אין דעם שפּאַניש־אַרגענטינישן זשור־

נאַל „קלאַרידאַד", דערשינען אין בוענאָס איירעס מיטן דאַטום פון 25סטן אָקטאָבער 1927.

***

אין דעם היסטאָרישן עפּיזאָד מיטן דאָקטער ענריקע דיקמאַן איז אויסגעקומען פּאַלאַסיאָסן אַרויסצוקומען מיט אַ פּערזענלעכע דערקלערונג, וואָס איז אַ דערקלערונג פון דער פּאַלאַסיאָס-פּערזענלעכקייט: איר כאַראַקטער, אירע אייגנשאַפטן, נאַטור, געפיל, געדאַנקענגאַנג — וואָס איז גאָר נישט פּערזענלעך און אַ סך סאָציאַליסטיש, פּאַלאַסיסטיש. ער איז דאָס גאָר נישט אויסן געווען, נאָר עס איז אַרויסגעקומען, אומדירעקט און טאַקע דערפאַר האָט עס דעם גאַנצן ווערט פאַר מיין שילדערונג. עס איז איינעם פון די עלעמענטן און פּסיכאָלאָגישע דאָקומענטן, וואָס דינען זייער געטריי אין דער דאָזיקער אַרבעט און ער איז אַ גאָר וויכטיקער דאָקומענט. עס איז אַ פּשוטער בריוו פון ד"ר פּאַלאַסיאָס צו ד"ר דיקמאַן — אויסצודריקן אַ נישט איינשטימיקייט מיט אַ מיינונג וועגן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דעם היסטאָרישן מאָמענט. דער בריוו געדרוקט אין דעם פּאַרטיי-אָרגאַן „נועוואַס באַסעס", דערשינען אין בוענאָס איירעס, פעברואַר 1952, בעת דער טאָטאַליטאַרישער הערשאַפט פון דער פּעראָניסטישער דיקטאַטור — זאָגט:

„איך האָב געלייענט אייער בריוו, וואָס איר האָט געהאַט די איידלקייט מיר צו שיקן. איך באַדויער זייער וואָס אייער געזונט איז געבראָכן און איר געפינט זיך נישט אין בוענאָס איירעס (דיקמאַן איז געווען אין וואַזשע הערמאָסאָ — אין די בערג פון קאָרדאָבאַ), ווייל איך וואָלט געוווּנטשן צו שמועסן מיט אייך. איך האָב שטענדיק געפילט צו אייך אַ טיפן געפיל, מחמת אייער לעבן וואָס איז איבערגעגעבן צו אַ אידעאַל איז געווען אַ מוסטער. חוץ-דעם בין איך פאַרבונדן מיט אייך דורך אַ געמיינזאַמע פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציע. מיר האָבן מיט ליידנשאַפט פאַרטיידיקט די פרייהייט אין 1930 און צוזאַמען זענען מיר געגאַנגען אין תפיסה מיט רעפּעטאָ, בראַוואָ און נאָך נאָבעלע און קעמפערישע חברים. איז קלאָר אַז מיין אומאיינשטימיקייט אין שייכות צו אַ באַהויפּטונג אין אייער בריוו קומט נאָר פון אַ איבערצייגונג, וואָס איך וויל נישט און דאַרף נישט באַהאַלטן פאַר אייך. איך בין נישט אויסן אייער פאָדערונג לטובת די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס איר האָט געפאָדערט מיט אמתער איינשטעלעניש, אויספּאָלגנדיק אַ פּערזענלעכן אימפּולס, אַ „אימפּעראַטיוו פון אייער געוויסן", ווי איר אַליין דריקט זיך אויס און ווען אַפילו

מען וואָלט אייך געקענט עפּעס פאַרוואַרפן, פאַרדינט איר רעספּעקט פאַר אייער דערהויבענעם ציל. מיין ניט איינשטימיקייט איז אין שייכות אייערע אַנדערע באַמיונגען, מחמת איר מיינט, אַז אונדזער פּאַרטיי „געפינט זיך זינט 1943 אין אַ געסל אָן אַרויסגאַנג" איבער דער פּאָליטיק פונעם אויספיר־קאָמיטעט.

„איך באַדויער אויפריכטיק און טיף אייער טעות. אין די איצטיקע מאָמענטן פון קעגנערשאַפט, וואָס די געשעענישן האָבן געבראַכט פאַרן לאַנד און פאַר דער פּאַרטיי, ווי איר זאָגט, איז דאָך דער אויספיר־קאָמיטעט אַנט־קעגן־געגאַנגען אַלע געפאַרן, האָט געפאָדערט די סאָציאַלע גערעכטיקייט די פּראָקלאַמירטע אין לאַנד און וואָס איז טיילווייז רעאַליזירט דורך אונדזער פּאַרטיי פריִער פאַר אַלע און ער האָט קודם־כל אַרויסגעשטעלט דאָס פונ־דאַמענטאַלע פּראָבלעם — אָן וואַקלונגען און אָן באַגרעניצן זיך — פון די גייסטיקע ווערטן פון דער פרייהייט, ווי דאָס פאָדערט די מענטשלעכע ווירדע. די פּאַרטיי האָט אַקטויִרט מיט אַ געאייניקטע און דיסציפּלינאַרע אָרגאַ־ניזאַציע, מיט אַ ריינעם און קלאָרן קאָנדוקט און דעריבער איז דאָס אַ גרויסע מאָראַלישע קראַפט וואָס ווערט רעספּעקטירט אַפילו פון די פאַרביסענע קעגנער.

„איך האָב אַמאָל שוין דעפינירט אונדזער סאָציאַליסטישע פּאָליטיק, זאָגנדיק, אַז מיר זענען געוואָרן די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן גורל פון לאַנד מיט אונדזער בייטראָג צו דערהייבן דעם קאָלעקטיוון לעבנס־ניוואָ אין זיין דרייפאַכן אַספּעקט — דעם אינטעלעקטועלן, עטישן און עקאָנאָמישן; מיט דעם וואָס מיר האָבן געשאַפן דאָס נייע רעכט פונעם פּראָלעטאַריער, פאַר־וואַנדלענדיק די געזעצן אין זיילן און אין אונטערהייבער פאַר בויען אַ נייע אַרגענטינע, וואָס אַנהאַלטנדיק די היסטאָרישע קאָנטינויִטעט, זאָל זי פאַר־זיכערן די רעכטן פון אַרבעט, פון לעבן און פון דער ווירדיקייט פאַר אַלע מענטשן; פאַר אַלע אָן אויסנאַם. און די דאָזיקע פּאָליטיק האָט פעסט אָנגע־האַלטן דער אויספיר־קאָמיטעט אין די שווערע מאָמענטן. איך קען דאָס זאָגן רויִק, איך באַטייליק זיך נישט אין קיין אָנפירנדיקע קערפּערשאַפט פון דער פּאַרטיי, ווי איר ווייסט עס. אַזוי אַז דער כבוד פון דער דערמאָנטער אַקציע, וואָס איך אַפּלאָדיר, געהער נישט מיר, נאָר אייך, וואָס האָט אין משך פון אַזוי פיל יאָרן געקעמפט אין אויספיר־קאָמיטעט פאַר אונדזער דאָקטרין פון אינטעגראַלע רעוואָלוציאָנערע באַנייאונג אין דעם אויטענטישן און אמתדיקן באַדייט פון דאָזיקן וואָרט.

„אונדזער געשיכטע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די דערציילונג פון קאַמף פונעם מענטש פאַר געפינען דעם וועג, וואָס פירט צו דער פרייהייט און אונדזער פּאַרטיי די מער אַרגענטינישע פון אַלע אַנדערע, מחמת איר פּאָרגייער אין לאַנד איז עסטעבאַן עטשעוועריאַ, דער גלאָריעזער מחבר פון דער „דאָגמאַ סאָציאַליסטאַ״ פירט אונדז אויף דעם דאָזיקן וועג, וואָס איז דער איינציקער אין איינקלאַנג מיט אונדזערע אידעאַלן און מיט אונדזערע איבערצייגונגען״.

**
*

פּאַלאַסיאָס, וואָס פאַרענדיקט, בעת די שורות ווערן געשריבן, זיינע זיבעציקער וווּנדערבאַרע לעבנסיאָרן — אַריינצוגיין מיט זיין גאַנצער גייסטי־קער און פיזישער קראַפט אין זיין 80סטן לעבנסיאָר, האָט אין משך פון זיין גייסטרייכן לעבן אַלס פּראָפעסאָר, קאַטעדראַטיקער, אָפטמאָל אַרויסגעטראָגן זיינע לעקציעס, וועגן סאָציאַלער וויסנשאַפט, פונעם אוניווערזיטעט אויף דער גאַס, אויף דער סאָציאַליסטישער טריבונע, פאַרן מאַסן־אוידיטאָריום און אין דער זעלביקער צייט, אַלס דער גרויסער אָראַטאָר, טריבון און מאַסנרעדנער אַריינגעבראַכט די גאַס: די מאַסן־שטימונג, דעם סאָציאַליזם, אינעם אוניווער־זיטעט, אויף דער קאַטעדרע, אין די לעקציעס פאַר די סטודענטן. פּאַלאַסיאָס האָט עס נישט געטאָן פּראָגראַמאַטיש, נישט אָביעקטיוו, נישט צוגעגרייט. עס האָט זיך געטאָן, אינטויטיוו, פון זיך אַליין, צי מען האָט דאָס געוואָלט אָדער נישט, ווייל אין פּאַלאַסיאָסן זענען פאַרקערפּערט און פאַרייניקטביידע טור־גונטן: דער פּראָפעסאָר און דער אָראַטאָר, דער קאַטעדראַטיקער און דער מאַסן־רעדנער; די סאָציאַלע וויסנשאַפט און דער סאָציאַלער קאַמף.

דער שטודירנדיקער יוגנט געפעלט ער, איז ענטוזיאַסמירט פון אים, איז באַגייסטערט פון אים און האַלט פּאַלאַסיאָסן פאַר איר סאָציאַלן וועגווייזער, פאַר איר פירער.

ווי האַלטן פון אים די פּראָפעסאָרן? די דעקאַנען? די רעקטאָרן?

**
*

אין 1910 איז פּאַלאַסיאָס באַשטימט געוואָרן שטעלפאַרטרעטער פון פּראָפעסאָר פאַר פילאָזאָפיע פון רעכט־וויסנשאַפט. ער איז דעמאָלט שוין געווען 6 יאָר אַדוואָקאַט. מ׳קען זיין אַדוואָקאַט און נישט פּראָפעסאָר, אָבער פּאַלאַסיאָסן האָט מער געצויגן צו דער קאַטעדרע ווי צו געריכט־אַקטן.

אַז פּאַלאַסיאָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר, האָבן די קאַטױ־לישע פּראָפעסאָרן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע קאַטעדרעס.

דער פּראָפעסאָר וו. פּ. לאָפּעס, וועלכער איז געווען פון די דעמיטירטע, האָט דערקלערט: „די דאָזיקע באַשטימונג דאַרף אינטערפּרעטירט ווערן ווי אַ פולשטענדיקע אידעען־ענדערונג פון דער בילדונג אין דאָזיקן הויז", בעת אַ צווייטער פּראָפעסאָר פון די דעמיטירטע ר. ע. עטשעגערי האָט דערקלערט אין זיין דעמיסיע: „איך קען נישט, קיין איין טאָג נישט, מער קאָנטינויִרן אין דער לערע פון רעכט־וויסנשאַפט מיט סאָציאַליסטישע פּראָפעסאָרן.

אין 1915 איז פּאַלאַסיאָס באַשטימט געוואָרן טיטולירטער פּראָפעסאָר אין פאַקולטעט פון עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיטן דערמאָנטן וו. פּ. לאָפּעס אויך אַלס פּראָפעסאָר אין זעלבן פאַקולטעט.

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן — האָט פּאַלאַסיאָס געזאָגט צו לאָפּעסן: — אָדער איר האָט פּראָגרעסירט, אָדער איך האָב רעגרעסירט...

***

פּאַלאַסיאָס איז געווען פּראָפעסאָר אין פאַקולטעט פון רעכט־וויסנשאַפט פון בוענאָס איירעס ווען עס האָט אויסגעבראָכן די אוריבוריסטישע רעוואָ־לוציע מיט אַ דיקטאַטאָרישע טענדענץ. דער פּראָפ׳ פּאַלאַסיאָס קומט דאַן אַרויס מיט אַ רעזאָלוציע, דורך וועלכע ער דערקלערט, אַז ער אַנערקענט נישט די רעגירונג „דע פאַקטאָ". צומאָרגנס זאָגט ער זיך אָפּ פון דער קאַ־טעדרע און נאָכדעם ווערט ער אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין דער פּע־ניטענסיאַריאַ.

שפּעטער מיט 14 יאָר איז פּאַלאַסיאָס פּרעזידענט (ווי רעקטאָר) פון נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט אין לאַ פּלאַטאַ. עס איז אין 1944. פּאַלאַסיאָס אַלס פּרעזידענט פונעם אוניווערזיטעט סאָלידאַריזירט זיך מיט אַן אַנטיטאָטאַלי־טאַרישע דעקלאַראַציע פון די דעמאָקראַטישע פּראָפעסאָרן און דעמיטירט פון זיין העכסטן אַמט, ווי דאָס איז דער פּרעזידענט אָדער רעקטאָר פון אוי־ניווערזיטעט.

איז קלאָר די שטעלונג פון די פּראָפעסאָרן און דעקאַנען צו זייער קאָלעגע פּאַלאַסיאָס, ווען זיי האָבן דערהויבן צו דער העכסטער הויך פון דער אויטאָנאָמער אוניווערזיטאַרישער רעגירונג און אויב פּאַלאַסיאָס האָט דעמיטירט פון דעם הויכן אַמט און איז אַראָפּ צו פאַרנעמען זיין פּאָזיציע

אין קאַמף קעגן דער דיקטאַטור — באַדייט דאָס דערהייבונג צו אַזאַ עטישער הויך, וואָס איז נאָך העכער, אַ סך העכער פון דער העכסטער אוניווערזיטאַרישער הויכקייט, וואָס ער האָט אַזוי אָפּפערוויליק און העראָיש פאַרלאָזט.

**
*

העראָיש איז געווען די לופט, מיט וועלכער פּאַלאַסיאָס האָט געאָטעמט. ער האָט באַלד אָנגעהויבן זיין אָראַטאָרישע, דעבאַטאָרישע, קעמפערישע, געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַליסטישע טעטיקייט אין די העראָישע צייטן, ווען די סאָציאַלע און פּראָגרעסיווע אידעען האָבן זיך געדאַרפט אויסהאַקן וועגן און ווען זיי זענען מיט אַלע טעראָר־מיטלען פאַרפאָלגט געוואָרן פון דער הערשנדער מאַכט.

אַזוי ווערט דערציילט אַז אין סעפּטעמבער 1902, ווען פּאַלאַסיאָס — אַ שיינער, אַ קרעפטיקער און אַ ריטערלעכער בחור פון 23 יאָר האָט געהאַלטן ביי אַרויסגיין פון אוניווערזיטעט און האָט גלייכצייטיק געהאַלטן ביים אַריינגיין אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז ער שוין געווען אַ דעקלאַרירטער רעדנער, אַ עפנטלעכער דעבאַטאַנט און ער איז געשטאַנען אין קאַמף אויף צוויי פראָנטן: אַ רעכטן פון קאַטויליקער און אַ לינקער פון אַנאַרכיסטן.

איז דעמאָלט מיט 56 יאָר צוריק פאָרגעקומען אַ עפנטלעכער אַקט אין דעם געוועזענעם טעאַטער „איריס"; אַן אַקט אָרגאַניזירט פון צענטער אויפן נאָמען פון פאָרגייער בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאָ מיט מאַריאָ מאַטעוטשי אַלס פאָרזיצער. מאַריאָ איז געווען דער זון פון פלאָרידאָ אַ ליבעראַל און דירעקטאָר פון אַ פּעריאָדישע צייטונג, וועלכע האָט געהייסן: „פּראָגרעסאָ דע לאַ באָקאָ" און אין וועמענס רעדאַקציע עס האָט זיך באַטייליקט אַנטאָניאָ סאַקאָניני, וועלכער איז שפּעטער געווען פון דער גרופּע פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

דער אַקט איז געווען אין שייכות מיטן 20סטן סעפּטעמבער — דאַן אַ נייער איטאַליענישער יום־טוב פון באַפרייאונג פון דער פּויבסטלעכער הערשאַפט, וואָס איז באַזונדערס אין באָקאָ — די דרומדיקע פּראָלעטאַרישע שטאָט־טייל פון בוענאָס איירעס געפייערט געוואָרן מיט אַ פאַרנעם, מיט קאָנפערענצן און מאַניפעסטאַציעס — מיט פּאַלאַסיאָסן בראש.

**
*

פּאַלאַסיאָסן איז שטענדיק אויסגעקומען צו גיין בראש פון די מאַניפעס־טאַציעס, אָדער אינמיטן. ס׳איז געווען אַ גענוג, אַז פּאַלאַסיאָס זאָל געזען ווערן אין אַ גאַס פון באָקאַ, אַז עס זאָל זיך באַלד זאַמלען אַרום אים אַ ענטוזיאַס־טישער יונגער עולם מיט סימפּאַטיע־מאַניפעסטאַציעס טאַקע פאַר אים אַליין, מיט וויוואַטן און מיט געשרייען: „וויוואַ פּאַלאַסיאָס!" און „זאָל ריידן פּאַ־לאַסיאָס!" און ער האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעדרייט פון אַ רעדע, אויף דער גאַס, אימפּראָוויזירט, אַרויסגערופן און וואָס האָט עלעקטריזירט זיין גאַסן־אוידיטאָריע.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ עפנטלעכע דעבאַטע וועגן קאַטוילי־ציזם און וועלטלעכקייט, אָדער ליבעראַליזם. עס זענען געקומען מענטשן פון ביידע טענדענצן. דער טעאַטער „איריס" האָט זיך איבערגעפּאַקט. ווען דער פאַר־האַנג האָט זיך אויפגעהויבן, זענען אויף דער סצענע געווען אַ סך מענטשן, צווישן זיי — פּאַלאַסיאָס. מאַטעוטשי האָט דערעפנט דעם אַקט און געבעטן אָפּהיטן אָרדענונג צוליבן דערפאָלג פון דער דעבאַטע. פּאַלאַסיאָס איז צו־געגאַנגען צו דער ראַמפּע. ער איז שטורמיש אָוואַציאָנירט געוואָרן — נישט אַזוי פאַר דער רעדע, וועלכע ער גייט ערשט האַלטן, ווי פאַר די שוין גע־האַלטענע רעדעס אין באָקאַ. ער האָט פאַרטיידיקט דעם ליבעראַלן (פריידענ־קערישן) געדאַנק, זייענדיק אומאויפהערלעך שטורמיש אַפּלאָדירט. ער האָט געענדיקט, איז פאַרבעטן געוואָרן צו ריידן פון דער קאַטוילישער זייט דער ד״ר קאַפּוראַ, וועלכער האָט געלערנט צוזאַמען מיט פּאַלאַסיאָסן, ער איז געווען פאַרזיצער פון דער „ליגאַ דעמאָקראַטיקאַ קריסטיאַנאַ". דער עולם האָט געפייפן ווען ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן. מען האָט אויך געשריִען — נאָר דאָס האָט מען געהערט. דעם רעדנער — גאָרנישט. ער האָט געמיינט, אַז עס פעלט רעספּעקט צום קעגנער און אַז אַן דעם קען ער נישט ענטפערן פּאַלאַסיאָסן. ס׳איז געוואָרן אַ טומל און עס האָבן גענומען פליִען בענקלעך, טינטערס, ביכער. איינער פון צווישן עולם, אינכעניעראָס האָט אַפּעלירט צו זיין טאָלעראַנט צום קעגנער. א. פּ. מאָלינאַרי פון קאַטוילישן צד גייט צו ריידן. איין טייל פון עולם אַפּלאָדירט. די אַנדערע טייל — פייפט. מאָלינאַרי איז אויך אַ רעדנער און מיט אַ ריזנשטימע שרייט ער איבער די געשרייען און פאַרטיידיקט אַזוי דעם קאַטויליציזם, אַז ער שטעלט זיך אין געפאַר... פּאַלאַסיאָס ענטפערט. דער עולם אַפּלאָדירט שטורמיש. פּאַלאַסיאָס נעמט

מאַלינאַרין אונטער זיין שוץ, עס זאָל אים קיין בייז נישט געשען און עס זאָל נישט אינטערווענירן די פּאָליציי.

**
*

מער ווי אַ כראָניק פון עפנטלעכן אַקט אין בוענאָס איירעס מיט 56 יאָר צוריק, איז דאָ געצייכנט אַ בילד פון יענער העראָישער צייט מיט דעם 23־יאָריקן אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, ווען ער האָט ערשט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אַלס רעדנער, וואָס באַצויבערט מער מיט דעם וויאַזוי ער רעדט, ווי מיט דעם וואָס ער רעדט.

אויף דער לינקער זייט איז דעם בעסטן רעדנער פון אַרגענטינע און פון גאַנץ אַמעריקע — ווי דאָס איז אַלגעמיין אָנערקענט געוואָרן — שווערער געווען צו באַהערשן די מאַסע אין איר מערהייט אַן אַנאַרכיסטיש געשטימטע, אַן אַנטיסאָציאַליסטישע, אַנטידעמאָקראַטישע, שרעקלעך פּאַרביטערטע.

עס איז געווען אין פאַל פון אַ שטרייק. די שטרייקער־דעמאָנסטראַציע — אַ הונגער־ליידנדיקע מאַסע — גייט אויף דער גאַס אַזוי ווי זי וואָלט געגאַנגען דורכפירן אַ גוואַלדאַקט.

פּאַלאַסיאָס אין איינקלאַנג מיט דער סאָציאַליסטישער שטעלונג קעגן גוואַלד איז אַרויס אין גאַס, זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ראָג. אָפּגעוואָרט די אַרבעטער אין זייער מוראדיקן מאַרש און געהאַלטן פאַר זיי אַ פּרעכטיקע רעדע.

— זאָל מען טויטן דעם שאַרלאַטאַן! — האָט איינער מיט אַ שוואַרץ טיכל אויפן האַלדז אויסגעשריִען הייזעריק.

— זאָל לעבן פּאַלאַסיאָס! — האָבן אַנדערע געענטפערט.

דעם אויסגעשריי פון ערשטן האָט מען געהערט ווי אַ געוויינלעכע זאַך.

**
*

און אָט דערציילט עפּעס וועגן דעם פּאַלאַסיאָס אַליין:

— איינמאָל האָב איך פון מאָנטעווידעאָ באַקומען אַן איינלאַדונג צו פּאַרטיידיקן דעם סאָציאַליזם, וואָס ווערט שאַרף אָנגעגריפן פון די אַנאַרכיסטן. איך בין געפאָרן. אין פּאָרט פון מאָנטעווידעאָ האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ טובערקולאָזער בחור, אַ פאַנאַטיקער אין סאָציאַליזם. דערזעענדיק מיך, איז ער געוואָרן דערפרייט און מיט אויפגעהויבענע הענט אויסגערופן:

— גיכער, ד״ר פּאַלאַסיאָס! זיי ריידן שלעכץ אויפן סאָציאַליזם.

— איך בין געגאַנגען צו דער דעבאַטע. דער עולם איז געווען צוטיילט אין צוויי פּראַנטן: סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. די צווייטע מער פון די ערשטע. עס איז געשטאַנען און גערעדט אַ דאַרער בחור מיט אַ פּנים פון אַ אינדיאַנער. ער איז נישט געווען קיין רעדנער. ער האָט געשטאַמלט, אָבער ער האָט דערציילט עמאָציאָנאַנטע זאַכן פון די אורוגווייער פּאַרבלוטיקטע פעלדער פונעם בירגערקריג, ווו ער איז געווען אַלס זשורנאַליסט. פלאָרענ־סיאָ סאַנטשעס איז דאָס געווען. די טריבונע האָט באַלד פאַרנומען אַן אַנדע־רער אַנאַרכיסט מיטן הוט אויפן קאָפּ, מיט פייערדיקע אויגן, מיט גוואַלד־זאַמע זשעסטיקולאַציעס און מיט פוריע אין די פראַזן. ער האָט געזונגען אַ הימן צום אַנאַרכיזם, וועמענס אידעאַלן אויף זיינע יוגנטלעכע ליפּן עס האָבן באַקומען אַ נייע שיינקייט. ווען ער האָט געענדיקט, איז ער געוואָרן שטור־מיש אָוואַציאָנירט. נאָך זיין עלאָקווענץ האָט מיך געקאָסט אַ סך אַרבעט צו אימפּאָנירן מיינע סאָציאַליסטישע אידעען״.

***

וואָס איז שייך סאָציאַליסטישע אַרבעט אויף די פּאַרלאַמענטאַרישע פעלדער, וואָלט מען געקענט זאָגן, ווי עס זאָגט זיך, אַז עס איז אויסגעפאַלן דער גורל אויף פּאַלאַסיאָסן ער זאָל זיין דער ערשטער סאָציאַליסטישער דע־פּוטאַט אין פּאַרלאַמענט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק; דער ערשטער אין דרום־אַמעריקע און דער ערשטער אין גאַנץ אַמעריקע.

אָבער אמתדיקער און רעאַלער איז געווען פּאַלאַסיאָס פּאָפּולאַריטעט, זיין רעדנער טאַלאַנט און זיין הערא:שקייט, וואָס האָט גראָד אים אויסגע־קליבן פאַרן ערשטן סאָציאַליסטישן דעפּוטאַט, זייענדיק אויסגעקליבן אין דעם בוענאָס איירעסער פּראָלעטאַרישן שטאָט ווינקל באָקאָ, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־באַגייסטערונג פאַר פּאַלאַסיאָסן.

עס דערציילט זיך, ווי אין איינע פון די נעכט, ווען יונגע פריינט פון פּאַרשידענע פּראָגרעסיווע אידעען, אָדער אימפּולסן, האָבן זיך געטראָפן אין קאַפעען, ווו עס זענען געקומען אין צוזאַמענשטויס זייערע געדאַנקען אויף די הויכע קולות, האָט זיך פּאַלאַסיאָס מיט זיינע גוטע ברידער קוים אַרויס־געזען פון דעם רויך, וואָס האָט זיי אַלע אַרומגענומען, אין אַ פּאָפּולערע קאַפע אויף דער פלאָרידאַ גאַס און עס האָט זיך געהערט אַזאַ „שמועס״ וועגן דעם און וועגן יענעם.

— דו ווילסט זיין דעפּוטאַט! — האָט דער אַנאַרכיסטישער דיכטער גי־ראַלדאָ געמאַכט זיין שרייענדיקן פאָרוורף פּאַלאַסיאָסן, כמעט אַ קללה...

— האָסט אַ טעות, — האָט פּאַלאַסיאָס זיך אַ קעם געטאָן מיט די פינגער די טשופּריינע און אַ ברען־געטאָן מיט זיינע אויפגעהויבענע אויגן גיראַל־דאָסן — עס איז דאָס פּאָלק, וואָס וויל, איך זאָל ווערן, זיין רעפּרעזענטאַנט.

***

עס איז געווען דער 9טער מערץ 1904. אין דעם טאָג איז דורכגעפירט געוואָרן וואַלן פאַר דעפּוטאַטן אין פעדעראַלן, אָדער נאַציאָנאַלן פּאַרלאַמענט. צוליב די וואַלן איז די שטאָט בוענאָס איירעס איינגעטיילט געוואָרן אין 20 וואַלקרייזן. יעדער וואַל־קרייז האָט דורך אַן איינפאַכע מערהייט אויסגעקליבן אַ דעפּוטאַט. קיין סך שטימען זענען נישט געווען. די פרויען האָבן נישט געהאַט קיין שטימרעכט, די מענער — אויסלענדער — אויך נישט (און זיי זענען געווען די מערהייט פון דער פאַרטשטאָט־באַפעלקערונג פון אַ גרוי־סער איינוואַנדערונג). פון די וואַלבאַרעכטיקטע האָבן נישט געשטימט: 1) די אַנאַרכיסטן, זיי האָבן נישט געהאַלטן פון פּאַרלאַמענט; 2) די ראַדיקאַלן, זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן, מחמת קאָרופּציע אין וואָס די וואַלן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן; 3) די אָרנטלעכע בירגער, וועמען עס איז געווען דערווידער דער שאַ־כערמאַכער און שווינדל מיט שטימען און 4) די וואָס האָבן פּשוט מורא געהאַט צוצוגיין צו אַ וואַלטיש, וואָס איז געווען מער טעראָר־טיש ווי וואַלטיש.

די דאָזיקע נעגאַטיווע פאַקטאָרן זענען געווען אין באָקאַ מער ווי אין די אַנדערע 19 וואַל־קרייזן פון דער שטאָט בוענאָס איירעס.

840 שטימען פון די בירגער, וואָס האָבן, אין באָקאַ, אין יענעם טאָג געשטימט, איז געווען די מערהייט, וואָס האָט אויסגעקליבן דעם דעפּוטאַט.

און די דערמאָנטע צאָל שטימען האָט באַקומען דער יונגער דאָקטער אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס — דער קאַנדידאַט פון 4טן צענטער פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי אין באָקאַ. און פּאַלאַסיאָס איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר נאַציאָנאַלן דעפּוטאַט אויף אַ גאַנצן טערמין פון 4 יאָר.

קאַסינטאָ אָדאָנע אין זיין „געשיכטע פון סאָציאַליזם אין אַרגענטינע" (2טער ב׳, ז׳ 293) שרייבט:

„אין טאָג פון די וואַלן האָט מען זיך געקענט אָפּגעבן אַ גענויען חשבון,

אַז באָקאָ איז אַ סאָציאַליסטישע פעסטונג. אַזאַ ענטוזיאַזם האָט מען נאָך קיינ־מאָל נישט געזען אין קיין שטאָט קוואַרטל. וועגענער, קאַטשן, שיפלעך פול מיט מענער, פרויען, קינדער מיט רויטע פענער, טראַנספּאַרענט־אויפשריפטן, אַלעגאָריעס, זענען אַרומגעפאָרן אַ גאַנצן טאָג אין דעם 4טן וואַלקרייז און פּראָפּאַגאַנדירט, געשפּרייט ענטוזיאַזם און פרייד; זיי זענען אַזוי פאַרביי די קאָמיטעטן פון דער „קריאַזשאַ־פּאָליטיק", וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע „איבערצייגונגס"־מיטלען פאַר דער ווילערשאַפט, ווי געלט און פערזענלעכער צוזאָג".

— מיר האָבן שוין דעם רעפּרעזענטאַנט פון די אַלפּאַרגאַטן... האָט אַ ברום געטאָן אַ קאָנסערוואַטיווער דעפּוטאַט — אַ טרייער רעפּרעזענטאַנט פון דער אַקסנאַריסטאָקראַטיע, וועלכער פיגורירט נישט אין דער „ציטונג פון די זיצונגען", ווייל ער בעט קיינמאָל נישט קיין וואָרט, ער האָט די פּראַזע שווערלעך אויסגעברומט, געמיינט, פאַרשטייט זיך, נישט די טיפּישע אַרגענ־טינער לאַנגע שיך מיט שטריקענע זוילן, נאָר די מאַטעריעל אָרימע מענטשן, די פּראָלעטאַריער, וואָס טראָגן זיי און האָט נישט פאַרשטאַנען די ווירדע, וואָס שטעקט אין די אַלפּאַרגאַטן אין אַ היסטאָרישן מאָמענט.

— פּאַרזיכטיק! דער דאָזיקער מענטש, מיט אַלפּאַרגאַטן, דערלאַנגט אונדז יעדע קאָפּע!... האָט געוואָרנט אַ אינטעליגענטערער קאָנסערוואַטיווער דעפּוטאַט, זיין קאָלעגע.

***

דאָס אַריינקומען פון ערשטן סאָציאַליסטישן דעפּוטאַט, אַ. ל. פּאַ־לאַסיאָס אין פּאַרלאַמענט איז געווען אַ היסטאָרישע געשעעניש. עס איז אַריין מיט פּאַלאַסיאָסן דער סאָציאַליסטישער אומרו אינעם אַרגענטינער פּאַרלאַ־מענט, דער פּראָלעטאַרישער קלאַסנקאַמף, סאָציאַלע אידעען און אידעאַלן; אויפברויז, אָנגריף, פאַרטיידיקונג — עס איז געוואָרן אַ רעוואָלוציע אין פּאַרלאַמענט, אין לאַנד פון געזעצן.

דעם 1טן מאַי 1904, אין דעם סימבאָלישן טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט און פון סאָציאַליזם, איז אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס אַריין אינעם פּאַרלאַמענט ווי דער ערשטער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט און נישט געקוקט, וואָס ער איז נאָר געווען איינער און אַ רעפּרעזענטאַנט פון די אונטערדריקטע קעגן אַ פולע קאָמער מיט רעפּרעזענטאַנטן פון די אונטערדריקער, מאַכטהאָ־בער און הערשער, איז ער געוואָרן די צענטראַלע פיגור אין פּאַרלאַמענט פול

מיט נייע איניציאַטיוון, סאָציאַלע געזעצפּראָיעקטן, אינטערפּעלאַציעס, דעק־לאַראַציעס, דעבאַטן, דורכגעפירט געזעצן און אַפילו אויך טריומפירט ביי אָפּגעוואָרפענע און אַפילו גאָרנישט באַהאַנדלטע פּראָיעקטן, ווייל דורך דעם פּאַרלאַמענט האָט פּאַלאַסיאָס גערעדט צו אַלע אַרבעטער, צום גאַנצן פאָלק — צום לאַנד און געוועקט און אָנגערעגט צו אַ בעסער לעבן, אַ שענערס, אַ גערעכטערס; אַ לעבן וואָס זאָל כדאי זיין געלעבט צו ווערן.

***

באַלד ביים אַריינטרעטן אין פּאַרלאַמענט איז אויף דער איניציאַטיוו פון אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, געענדערט געוואָרן די שבועה פון איינגלידערן זיך אין פּאַרלאַמענט.

אויפן אָרט פון דער איינער, דער רעליגיעזער, וואָס הייסט שווערן פאַר „גאָט און די הייליקע עוואַנגעליער“, וואָס פּאַלאַסיאָס איז געווען גרייט נישט צו שווערן, ווען אַפילו מען זאָל אים דערפאַר נישט אָנערקענען זיין מאַנדאַט, איז נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע אָנגענומען געוואָרן עס זאָלן זיין צוויי פאַרשי־דענע שבועות: איינע, די דערמאָנטע, פאַר די וואָס ווילן שווערן רעליגיעז און די צווייטע — אַ וועלטלעכע, ווי פּאַלאַסיאָס האָט געשוווירן: „איך שווער פאַרן פאָטערלאַנד און פאַר מיין ערע טריי צו דערפילן די אויפגאַבע פון אַ דעפּוטאַט“.

צווישן די פּראָיעקטן פון פּאַלאַסיאָס, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געזעצן (די וויכטיקסטע פון זיי זענען: אָבליגירטער וועכנטלעכער רו־טאָג און שיצן — רעגלאַמענטירן די אַרבעט פון פרויען און קינדער), איז געווען דער געזעץ: „קאָנטראַ לאַ טראַטאַ דע בלאַנקאַס“ — קעגן דעם האַנדל מיט ווייסע.

— וואָס האָט געמיינט: „האַנדל מיט ווייסע“?

— אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע איז אָנגעגאַנגען אַ האַנדל מיט שוואַר־צע, מיט נעגער — פרויען און מענער — פאַרוואַנדלט אין שקלאַפן און ווי אַזעלכע — אין פּריוואַט אייגנטום, וואָס מען האָט פאַרקויפט און געקויפט.

דאָס רעוואָלוציאָנערע אַרגענטינע, וואָס האָט אָפּגעשאַפט דעם קאָלאָ־ניאַליזם, האָט אויך אָפּגעשאַפט דעם שקלאַפן־האַנדל, וואָס איז דאָ בעיקר געטריבן געוואָרן מיט שוואַרצע — נעגער — אויב נישט נאָר מיט זיי, וועל־כע מען האָט אימפּאָרטירט פון אַפריקע.

דער פּראָסטיטוציע־האַנדל מיט ווייסע פרויען איז דאָ אין קאָנטראַסט מיטן געוועזענעם און פאַרבאָטענעם האַנדל מיט שוואַרצע, אָנגערופן געוואָרן: „האַנדל מיט ווייסע" (פרויען).

עס איז נישט געמיינט דער האַנדל פון פרויען מיט זיך אַליין; עס איז נישט געמיינט געווען די פּראָסטיטוציע, נאָר עס איז געמיינט געווען דער האַנדל פון מענער (זעלטענער אויך פון פרויען) מיט אַנדערע (פרויען), וואָס זענען געקויפט און פאַרקויפט געוואָרן. און דער דאָזיקער האַנדל — אַ ברייטער און פאַרצווייגטער איז דער עיקר געטריבן געוואָרן מיט ווייסע פרויען.

אויף דער יידישער גאַס איז דער דאָזיקער האַנדל געווען געפערלעך פאַר דער פאָרמאַציע פון דער געזעלשאַפט און אין משך פון אַ סך יאָרן האָט זיך געפירט אַ קאַמף קעגן אים.

דער דערמאָנטער אַזוי אָנגערופענער „פּאַלאַסיאָס־געזעץ" האָט אומדירעקט מיטגעהאָלפן אין דעם קאַמף.

צו די געזעץ־פּראָיעקטן וועלכע פּאַלאַסיאָס האָט אַריינגעטראָגן און זענען נאָך נישט געווען פאַרוואַנדלט אין געזעצן ווען פּאַלאַסיאָס האָט פאַרענדיקט זיין טערמין אַלס דעפּוטאַט, האָבן זיך געפונען די פּראָיעקטן אָפּצושאַפן דעם רעזידענץ־געזעץ; איינשטעלן אַ געזעצלעכן אַרבעטס־טאָג פון 8 שעה; אָפּשאַפן טויטשראָף; גט; פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די באַלעבאַטים פאַר די אַקצידענטן פון דער אַרבעט; רעדוצירן די שטייערן אויף אַרטיקלען פון ערשטן געברויך; ציווילע רעכט פאַר דער פרוי.

**
*

פּאַלאַסיאָס אַלס גרויסער און דער גרעסטער טריבון פון לאַנד, האָט נישט אויסגעמיטן די פּאַרלאַמענט־סעסיעס אַלס טריבונע צו לאָזן הערן דאָס סאָציאַליסטישע וואָרט, קריטיק און שטעלונג צו אַלע ענינים, שריט און געשעענישן און ווען שוין צום סוף פון זיין דעפּוטאַטישן פּעריאָד אין 1908טן יאָר איז די רעגירונג פון פּרעזידענט פיגעראָאַ אַלקאָרטאַ געווען אין פאַרדראָס אויפן פּאַרלאַמענט, וואָס האָט נישט סאַנקציאָנירט זיין בודזשעט־פּראָיעקט און ער האָט דעם פּאַרלאַמענט געשלאָסן און אַוועקגעשטעלט ביי די פאַרמאַכטע טירן באַוואָפנטע קרעפטן, האָט פּאַלאַסיאָס נאָך אַלס דעפּוטאַט פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט, וואָס דערקלערט:

„אין מיין כאַראַקטער אַלס רעפּרעזענטאַנט פון פאָלק, געשיקט אין

קאָנגרעס פון אַ פּאַרטיי מיט פּרינציפּן, וואָס האָט באַזייטיקט פון די וואַלן די קליינלעכקייט און מיר איבערגעגעבן אַ ריינעם דיפּלאָם, פּראָטעסטיר איך קעגן דעם אַטענטאַט פון דער רעגירונג וואָס נעמט זיך די סומע פון די עפנטלעכע מאַכטן מיטן שליסן דעם פּאַרלאַמענט. וואָס עס זאָל נישט האָבן געוועזן די שטעלונג פונעם קאָנגרעס, קאָן נישט די רעגירונג זיין דער ריכטער פון זיינע אַקטן נישט אָנגרייפנדיק די נאַציאָנאַלע קאָנסטיטוציע, וואָס דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק דאַרף זיין דער ערשטער זי צו רעספּעקטירן. מיר האָבן צו לאַנגזאַם פּראָגרעסירט, ווייל די גוואַלדזאַמקייט, באַזונדערס די קאָלעקטיווע, האָט כאַראַקטעריזירט אונדזער אומאָרגאַנישער דעמאָקראַטיע פאַרשטומפּענדיק די פּאָפּולערע ענערגיעס. די דאָזיקע רעבעליאָנעס זענען געקומען פון אונטן און מיר האָבן קיין רעכט נישט זיי צו באַקעמפן ווען, ווי איצטער, אָרגאַניזירט זיך די גוואַלדזאַמקייט פון אויבן. עס איז אַ היסטאָרישער געזעץ, אַז גוואַלד ברענגט גוואַלד. מיין ווידערווילן קעגן דער גוואַלד פון אונטן, ווייל זי שאַפט גאָרנישט קיין סטאַבילעס, אָבער מיין מער ענערגישער ווידערווילן קעגן דער גוואַלד פון אויבן, וואָס איז באַוווסטזיניקער און דעריבער געפערלעכער.

מיין קול אַלס רעפּרעזענטאַנט פון פאָלק איז דערשטיקט געוואָרן דורך דער גוואַלד פון דער רעגירונג, וואָס האָט געשעדיקט די לעגאַליטעט, זאָל קאָנסטאַטירט זיין מיין פּראָטעסט. — אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס".

***

נאָך דעם ווי פּאַלאַסיאָס האָט פאַרענדיקט זיין טערמין און איז אַרויס פון פּאַרלאַמענט, איז דער פּאַרלאַמענט געבליבן אָן אַ פאַרטרעטער פון סאָציאַליזם ביז 1912, ווען עס איז שוין געווען דער נייער וואַל־געזעץ, דער אַזוי גערופענער סאַינס פּעניאַ, לויטן נאָמען פון זיין מחבר, וועלכער איז געווען פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

די וואַלן, לויט דעם סאַינס פּעניאַ־געזעץ, וואָס זענען ערשט געווען וואַלן און דורך וועלכע פּאַלאַסיאָס, צוזאַמען מיט כואַן ב. כוסטאָ, איז ווידער אויסגעקליבן געוואָרן דעפּוטאַט אין 1912.

צוויי פאַקטאָרן האָבן אין די ווייטערע יאָרן פּאַלאַסיאָסן אַרויסגענומען פון פּאַרלאַמענט, וואָס איז דורך פּאַלאַסיאָסן דערהויבן געוואָרן און אין וועלכן פּאַלאַסיאָס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן אַ פּערזענלעכקייט.

א־ין פאַקטאָר איז געווען זיין אַרויסגיין פון דער סאָציאַליסטישער פּאַר־טיי איבער דעם, וואָס די פּאַרטיי האָט סטאַטואַריש פאַרווערט אירע מיטגלי־דער צו דועלירן זיך — ווי דאָס איז שוין פריִער דערמאָנט געוואָרן אין דער דאָזיקער ביאָגראַפיע.

עס איז נאָך אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט. ער באַשטראַלט אויך פּאַלאַסיאָס לעבנסוועג און לאָזט נישט פאַרבייגיין אָן אַ עטישן און עסטעטישן געניוס פון דער פּאַלאַסיאָס פּערזענלעכקייט.

**
*

אין 1915, ווען פּאַלאַסיאָס איז אַרויס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז ער געווען איינער פון אַ גאַנצער גרופּע סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן אין אַרגענטינער פּאַרלאַמענט.

אַרויס פון דער פּאַרטיי, איז עס ביי פּאַלאַסיאָסן קיין פראַגע נישט, אַז ער דאַרף באַלד אַרויס פון פּאַרלאַמענט. און מיט זיין כאַראַקטעריסטישע באַשטימטקייט אָן די מינדסטע וואַקלונג, האָט ער אַריינגעטראָגן אין דער דעפּוטאַטן־קאַמער זיין דעמיסיע אַלס דעפּוטאַט.

דאָס איז געווען אויף דער פּלענאַר־זיצונג פון דער דעפּוטאַטן־קאַמער אין בוענאָס איירעס — די פעדעראַלשטאָט — דעם 12טן יולי 1915. דער נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט און געזעצגעבערישער פאַרטרעטער פון דער אַרגענ־טינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, דאָקטער אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, וועלכער איז נאָר וואָס אויטאָמאַטיש, אָן דעם ווילן פון אַלעמען, אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער דערמאָנטער פּאַרטיי, באַגרינדעט מינדלעך זיין אומווידעררופלעכע דעמיסיע. ער רעדט האַרציק, נשמהדיק און זאָגט:

— איך קום אַהער היינט מיט דער זעלביקער עמאָציע מיט וועלכער איך בין געקומען מיט עלף יאָר צוריק. ווען פּראָקלאַמירט פון מיין פּאַרטיי צו פאַרטיידיקן אירע אידעאַלן אינעם נאַציאָנאַלן קאָנגרעס, בין איך געווען דער ערשטער דעפּוטאַט, וואָס האָט, אין אַמעריקע, אויפגעהויבן זיין שטימע אין נאָמען און אין רעפּרעזענטאַנץ פון די סאָציאַליסטן.

זינט דעמאָלט האָט זיך מיין גלויבן מיט גאָרנישט געענדערט. דער אייפעריקער קאַמף פאַרן לעבן און דער לויף פון די יאָרן, האָבן קוים עפּעס געצוימט די יוגנטלעכע ליידנשאַפט פון מיין גייסט און מיר געגעבן אַ ביסל מער טאָלעראַנץ. די דאָזיקע אינטעליגענטע מילדערונג, וועלכע מאַכט נישט

שטומפּיק קיין ענערגיע, מאַכט העכער די געדאַנקען און מאַכט בעסער די מענטשן.

אין משך פון פופצן יאָר האָב איך געקעמפט מאָראַליש און מאַטעריעל צו דערהייבן דעם לעבנסניוואָ פון די וואָס ליידן און אין נאָמען פון מיין פּאַרטיי, האָב איך דערגרייכט געזעצן וואָס באַווירדיקן די אַרבעט און רעדוצירן די פּריווילעגיע; וואָס וואַכן איבער דער אַרבעטס פרוי, פאַר וועלכער איך האָב הייס געווונטשן גלייכהייט ביי דער מאַכט און ביי דער שיינקייט אין שייכות צו די פרויען פון אַנדערע קלאַסן; געזעצן וואָס שאַפן אָפּ טאָרטור פון קינדער אין די פאַבריקן און באַשיצן דאָס קליינוואַרג אָן אַ מוטער. קיילעכדיקע יתומים מיטן איינציקן פאַרברעכן פון קיינמאָל נישט האָבן פאַרזוכט די זיסקייט פון אַ מאַמעס צערטל.

איך האָב אַזוי ליב די פרייהייט, ווי איך האָב זי געליבט. איך האָב קיינמאָל נישט אָנגענומען קיין צוואַנג צו דענקען, צו פילן, צו גלייבן.

הערן דעפּוטאַטן, מיינע אידעען־קעגנער, איך האָב אייך ענערגיש באַקעמפט, אָבער אויפריכטיק און צוליב דעם וויל איך אייך בעטן ביים צוריקציען זיך: דער געזעץ וועגן אַקצידענטן ביי דער אַרבעט איז אויף דער טאָגאָרדענונג. ברענגט אים גיך צו דער דעבאַטע און צו דער אַנעקסיע אין גייסט פון דער מאָדערנער טעאָריע פון פּראָפעסיאָנעלער איינשטעלעניש.

הערן דעפּוטאַטן פון עקסטרעמען לינקס, קאַמעראַדן פון נעכטן: אַפילו אויסער דער פּאַרטיי, וואָס איז געווען פאַר מיר אַ שול פון דעמאָקראַטיע, וועל איך מיט מיין געדאַנק שטענדיק דינען די אַרבעטער, זייענדיק שטאָלץ צו האָבן געווען זייער ערשטער רעפּרעזענטאַנט אין דער דאָזיקער קאַמער.

דער נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט דאָקטער ענריקע דיקמאַן, רעפּרעזענטאַנט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי רעדט אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער גרופּע פּאַרלאַמענטאַריער — קעגן דער דעמיסיע פון פּאַלאַסיאָס. זי ווערט איינשטימיק אָפּגעוואָרפן. אָבער אין צוויי טעג אַרום, דעם 14טן יולי ווערט באַהאַנדלט אַ דרינגנדיקע נאָטע פון ד״ר פּאַלאַסיאָס, וועלכע שטייט פאַר זיין דעמיסיע און האַלט, אַז נאָר דורך וואַלן פון די בירגער וועט ער זיך קאָנען אומקערן אין פּאַרלאַמענט.

***

פופצן יאָר איז פּאַלאַסיאָס געווען אויסער דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון 1915 ביז 1930. ביז דער קאָנסערוואַטיוו־מיליטערישער רעוואָלוציע מיט

אַ פאַשיסטישער טענדענץ, מיט אַן אָנהייב פון אַ דיקטאַטאָריש־טאָטאַליטאַרישן רעזשים ביי דער „דע פאַקטאָ"־רעגירונג פון גענעראַל אוריבורו; מיט פאַרפאָלגונגען אונטער דער שוץ פון באַלאַגערונגס־צושטאַנד און פעלד־געריכט.

אין יענעם מאָמענט פון אויבערשן טעראָר און צעשטערטע רעכטן און פרייהייט, ווען ס'איז אויך פאַרבאָטן געווען די פרייהייט פון וואָרט און צו שרייבן, אַז די פרייהייט איז פאַרבאָטן — איז דער דאָקטער אַלפרעדאָ ל. פאַלאַסיאָס צוריק אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

פאַלאַסיאָס, וועלכער איז דעמאָלט געווען דעקאַן פון יורידישן פאַקולטעט פון בוענאָס איירעסער נאַציאָנאַלער אוניווערזיטעט, האָט אַלס דעקאַן אַרויסגעטראָגן אַ דעקרעט, דורך וועלכן עס ווערט נישט אָנערקענט די „דע־פאַקטאָ"־רעגירונג פון אוריבורו און באַלד נאָך דעם דעמיטירט אַלס דעקאַן פון יורידישן פאַקולטעט — פון דאַנען איז געגאַנגען אַ דירעקטער וועג... גלייך אין תפיסה אַריין.

אָבער אין 1931 זענען דורכגעפירט געוואָרן אַלגעמיינע וואַלן. בוענאָס איירעס האָט געשטימט פאַר סאָציאַליזם. די מערהייט פון אירע ווײלער האָבן געשטימט פאַר די קאַנדידאַטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. פאַלאַסיאָס איז געווען צווישן זיי און ער איז אויסגעקליבן געוואָרן — נישט פאַר דעפּוטאַט, נאָר פאַר סענאַטאָר.

***

אַזוי איז פאַלאַסיאָס אין 1932 ווידער אַריין אין פּאַרלאַמענט, דאָס מאָל אין סענאַט, ווו דער טערמין פון זיין אין אים איז געווען 9 יאָר. נאָר זיין טערמין דורך אַ גורל איז 6 יאָר, וועלכע האָבן זיך געענדיקט אין 1938, ווען ער איז באַלד ווידער אויסגעקליבן געוואָרן, דאָס מאָל שוין אויף 9 יאָר און... דאָ איז דער צווייטער פון די פריִער דערמאָנטע פאַקטן, וואָס האָט ווידער אַרויסגעפירט פאַלאַסיאָסן פון פּאַרלאַמענט, אָבער דאָס מאָל איז פאַלאַסיאָס געווען איינער פון אַלע, וואָס האָבן פאַר דער צייט געמוזט אַרויס פון פּאַרלאַמענט, מחמת מען האָט אַרויסגעטריבן די לעגיסלאַטאָרן און דעם פּאַרלאַמענט פאַרשלאָסן.

***

די מיליטעריש־פּעראָניסטישע דיקטאַטאָריש־טאָטאַליטאַרישע רעוואָלו־ציע האָט דאָס געמאַכט אין יוני 1943.

די ברילִיאַנטענע אַקטואַציע פון ד״ר פּאַלאַסיאָס אַלס נאַציאָנאַלער סע־נאַטאָר און רעפּרעזענטאַנט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין סענאַט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 11־10 יאָר האָט זיך ביים פּעראָניזם געענדיקט און ביז היינט אין דעצעמבער 1958, ווען די שורות ווערן געשריבן, איז פּאַלאַ־סיאָס — דער היסטאָרישער אַרגענטינער פּאַרלאַמענטאַריער נאָך נישט ווי־דער אַריין אין אַרגענטינער פּאַרלאַמענט. עס איז שוין ווידעראַמאָל פופצן יאָר ווי פּאַלאַסיאָס איז אויסערן פּאַרלאַמענט.

אין 1946 האָט אַפילו דער פּאַרלאַמענט ווידער אָנגעהויבן צו פונק־ציאָנירן, אָבער ס׳איז געווען אַ פּעראָניסטישער פּאַרלאַמענט, אַזוי ווי דער פּאַשיסטישער פון מוסאָליני אין איטאַליע און אַזוי ווי דער נאַציסטישער אין דייטשלאַנד פון היטלערן.

פּאַלאַסיאָס איז דאַן געווען דער פּרעזידענט פונעם נאַציאָנאַלן אוניווער־זיטעט אין לאַ פּלאַטאַ פון וואָס ער האָט דעמיטירט אין סאָלידאַריטעט מיט די דעמאָקראַטישע פּראָפעסאָרן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן אַ דעקלאַ־ראַציע קעגן דער טאָטאַליטאַרישער רעגירונג. חוץ דעם האָט פּאַלאַסיאָס פּאַרלאָזט זיין קאַטעדרע וועגן סאָציאַלע וויסנשאַפט אין פּאַקולטעט פון עקאָ־נאָמישע וויסנשאַפטן אין נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט אין בוענאָס איירעס, ווייל ער האָט נישט געוואָלט זיין אונטער אַ פּאָליציי־וואַך. ער איז דאַן געוואָרן אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, אַוועקגעפאָרן קיין אורוגווי, מאָנטעווידעאָ, ווו עס זענען ווי פּאָליטישע עמיגראַנטן געווען נאָך פּאַרטיי־חברים און חברים פון אַנדערע פּאַרטייען און דאָס האָט דערמאָנט אין די צייטן פון מאַנועל ראָסאָס טעראָריסטישע דיקטאַטור. זיי האָבן אין אורוגווי געפירט אַ מינדלעכע און אַ שריפטלעכע טעטיקייט קעגן דער דיקטאַטור אין אַרגענטינע. נאָך פּאַלאַ־סיאָס האָט דערקלערט, אַז אַזאַ טעטיקייט קאָן ער נישט פירן אין אויסלאַנד. און ער איז צוריקגעקומען קיין אַרגענטינע.

***

עס איז אין אויגוסט 1955. פּעראָן מיינט אַז ער האַלט שוין ביים דריטן עטאַפּ פון זיין רעוואָלוציע און ער קאָן זיך שוין דערלויבן צו זוכן אַ „פּאַצי־

פיקאַציע״ נאָך דעם ווי ער האָט נישט געקאָנט געפונען אַ „צוזאַמענלעבן״ (מיט דער אָפּאָזיציע).

עווּאַ פּעראָן איז שוין אַריבער אין דער אומשטערבלעכקייט... איר אָפּ־געשטאָרבענער קערפּער איז געלעגן באַלזאַמירט אין הויז פון דער „סע־כע־טע״ — „קאָנפעדעראַסיאָן כענעראַל דעל טראַבאַכאָ״ — אַלגעמיינע אַרבע־טער־קאָנפעדעראַציע, ביי איר טויטן קערפּער האָבן געהאַלטן פּערמאַנענטע וואַך דעלעגאַציעס פון די אַרבעטער־סינדיקאַטן; ער האָט שוין רעפאָרמירט די קאָנסטיטוציע, כדי צו קאָנען געקליבן ווערן פּרעזידענט פון לאַנד דער־ווייל אויף נאָך אַ טערמין, בעת מען איז פּרעזידענט אין פונקציע; מען האָט שוין באַקעמפט פאַרשווערונגען, צווישן זיי די לעצטע, וואָס האָט צעלעכערט דאָס רעגירונגס־הויז; מ׳האָט שוין אונטערגעצונדן דאָס פאָלקסהויז; מען האָט זיך שוין געקויפט „מפטיר״...ביים קאַטוילישן קלער און מען יאָגט זיך צו געפינען חן אין די אויגן פון די סאָציאַליסטן, די פּראָגרעסיווע אַרגענטינער און מעגטשן מיט פאָרגעשריטענע אידעען, און מען נעמט אָן גט און מען גייט אָפּטיילן די קירכע פון דער מלוכה... האָט די רעגירונג פון פּעראָן איינגעלאַדן פערזענלעכקייטן פון די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע סעק־טאָרן, זיי זאָלן זיך דורך די ראַדיאָ־כוואַליעס פון דער מלוכה אַרויסזאָגן זייער דענקען וועגן דער פּאַציפיקאַציע אין לאַנד.

***

איז ד״ר אַלפרעדאָ פּאַלאַסיאָס אויך איינגעלאַדן געוואָרן ער זאָל זיך אַרויסזאָגן פאַרן מיקראָפאָן פונעם ראַדיאָ דעל עסטאַדאָ.

און אָט איז די רעדע, וואָס דער ד״ר פּאַלאַסיאָס האָט... נישט געהאַלטן! מ׳האָט זי פאַרווערט.

די רעדע, וואָס איז געדרוקט אין סאָציאַליסטישן אָרגאַן: „נועוואָס באַ־סעס״ וועלן מיר פאַרשטענדלעך אינגאַנצן נישט איבערגעבן, נאָר אייניקע ציטאַטן וועלן מיר יאָ מאַכן.

„איך דערנענטער זיך צום מיקראָפאָן — זאָגט פּאַלאַסיאָס — מיט דער האָפענונג געהערט צו ווערן אין גאַנצן לאַנד, נאָך אַ יאָר־צענדליק אין משך פון וועלכע מיר, די אָפּאָזיטאָרן זענען געווען די פאַרמשפּטע. מיין שטימע איז אַ פריינטלעכע, פונעם פאָלק, פאַר וועמען איך האָב אָפּגעגעבן מיין לעבן, ווייזנדיק אים דעם וועג און אים אַוועקגעפירט פונעם העסלעכן לויב פון די

דעמאַגאָגן. איך בין זיכער, אַז עס וועלן הערן מיין שטימע די אַרבעטער פון די פאַבריקן און ווערקשטאַטן — מענער און פרויען, — די אַרבעטער פונעם פעלד, פונעם וואַלד און פון דער אינכעניע (צוקער פאַבריק), מחמת זי איז די זעלבע, וואָס האָט אָפּגעקלינגען פריער פאַר אַנדערע אין נאַציאָנאַלן פאַר־לאַמענט — אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און אין סטימול פון די גרויסע און פרייע אַרבעטער צענטראַלן, כדי אויפצובויען דאָס נייע רעכט פונעם אַרגענטינער פּראָלעטאַריאַט, מאַכנדיק עס זאָלן אַנגענומען ווערן די פונדאַמענטאַלע געזעצן פונעם אַרבעטס־קאָדעקס און אימפּאָנירט דאָס רעכט פון שטרייק און די סינדיקאַלע פרייהייט, וואָס זענען צווייגן פונעם נאַטירלעכן רעכט פון אַסאָציאַציע וואָס איז היינט אָפּגעשאַפט".

„די דאָזיקע פריינטלעכע שטימע, שטילגעמאַכט פון דער פּרעפּאָטענץ אין משך פון צען יאָר, וועט אויך ווערן דערקענט פון די מענטשן פון די צפון־פּראָווינצן, וואָס האָבן געמישט זייער בלוט מיטן בלוט פון די אינדיאַ־נער און פאַר וועמען די סאָציאַליסטישע פאַרטיי האָט געשאַפן אַ פּלאַן צו רעזאָלווירן זייערע פּראָבלעמען, אויפוועקנדיק זיי צום לעבן אין זייערע בערג און אין זייערע טאָלן, באַנייענדיק זייער אינדוסטריע און איבערגעבנדיק זיי ערד צום באַאַרבעטן".

„איך רעד ווי אַן אַרגענטינער אין שווערסטן מאָמענט פון אונדזער גע־שיכטע, זינט דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. קעגנאיבער אַ פּראָצעס פון אויפלייזונג, וואָס אויב מ׳וועט אים פאַרלאָזן צו דער עגאָיסטישער גראַווי־טאַציע פון פערזענלעכע אַמביציעס, אָדער קרייזלדיקע, קאָן דאָס אונדז פירן צום כאַאָס".

„צוליב דעם שטעל איך אַרויס די אינטערעסן פון לאַנד פאַר די אינטע־רעסן פון מיין פּאָליטישער גרופּע, די אומאויפהערלעך פאַרפאָלגטע.

„מיר האָבן געלעבט אין אַ רעזשים, וואָס איז קעגן דער קאָנסטיטוציע. מיט דעם טו איך נאָר איבערחזרן די ווערטער פונעם גענעראַל פּעראָן, וועל־כער האָט אין זיין לעצטער רעדע מודה געווען, אַז ער איז געווען שעף פון אַ רעוואָלוציע; וואָס ערשט אַצינד האַלט ער זי פאַר פאַרענדיקט, כדי אָנ־צוהייבן אַ נייעם עטאַפּ פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלן כאַראַקטער; אַז דורך זיין אייגענער טעטיקייט ווערט ער ערשט דער פּרעזידענט פון אַלע אַרגענטינער און באַשליסט אָפּצוגעבן די פרייהייט".

„היינט איז די פרייהייט אין די הענט פונעם קאָמאַנדאַנט און שעף פון די באַוואָפנטע קרעפטן, מחמת אין זיינע הענט איז די מלחמה־מאַכט. כדי אונטערצוּוואַרפן דאָס פאָלק צו זיינע דיקטירטע רעפּרעסיווע דעקרעטן, דער־גייענדיק צום „פאַרברעכן" פון שטרייק און פון דער מיינונג, וואָס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פון די טאָטאַליטאַרע רעזשימען".

„דער טאָטאַליטאַרער שטאַט, די אומבאַגרעניצטע, אַבסאָלוטע, צענט־ראַלע מאַכט, פאָדערט אָפּשאַפן די פרייהייט; עס איז אַ באַוואָפנטע און אַליינ־הערשנדע מאַכט וואָס טאָלערירט נישט קיין קעגנער און קיין קעגנערישע אידעען; ביי אים זענען די מענטשן נישט קיין בירגער. פונקט פאַרקערט ווי עס איז אין רעכטלעכן שטאַט, אין וועלכן דער געזעץ באַגרענעצט די אַקציע־ספערע פון די רעגירער. דער מענטש איז אַ פּערזאָן, אַ מאָראַלישע איינהייט וואָס דענקט, פילט און וויל די פרייהייט — אויך ווי אַ ציל".

„די פראַזע: דער שטאַט בין איך" דאַרף דעמאָקראַטיש מאָדיפיצירט ווערן: „דער שטאַט זענען מיר", וואָס דאָס איז — מיין איך — נישט מעגלעך צו רעאַליזירן מיטן זעלבן רעגירער. עס קאָן אויך נישט זיין מיר זאָלן באַקו־מען די פרייהייט ווי אַ טובה פון די זעלבע הענט, וואָס האָבן זי פון אונדז צוגענומען. די פרייהייט בעטלט מען נישט אויס. מען באַקומט זי אויך נישט ווי אַ דאַנק — מען געווינט זי אין קאַמף".

**
*

דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין פּאַלאַסיאָס פאַרווערטע רעדע פון דיק־טאַטאָר, וועלכער האָט אים געהאַט פאַרבעטן צו ריידן צום פאָלק אויף „ראַדיאָ דעל עסטאַדאָ". די פאַרווערטע רעדע איז געדרוקט אין סאָציאַליס־טישן אָרגאַן „נועוואַס באַסעס", בוענאָס איירעס, אָקטאָבער 1955 און אין אַ חודש אַרום איז רעאַליזירט געוואָרן די באַפרייערישע רעוואָלוציע, וואָס האָט אַראָפּגעזועצט די דיקטאַטאָרישע רעגירונג פון פּעראָן, דעם טאָטאַלי־טאַרישן רעזשים, געמאַכט פּעראָן זאָל דעמיטירן אַלס מלוכה פּרעזידענט און אַנטלויפן פון לאַנד און פולשטענדיק אין איינקלאַנג מיט איר באַפרייאונגס ציל האָט די רעוואָלוציע אין דער געשטאַלט פון דער פּראָוויזאָרישער רעגי־רונג באַלד גענומען אַרבעטן, ערלעך און איבערגעגעבן פאַר צוריקברענגען דעם לאַנד איר פרייהייט פון וואָס זי איז געווען באַרויבט און איר דעמאָ־קראַטישקייט.

**
*

די רעוואָלוציע פון סעפּטעמבער 1955 איז טאַקע אויך געווען אַ מיליטערישע, אָבער זי איז דאָך באמת געווען אַ באַפרייערישע, ווי דאָס איז געווען איר פאָרגייער — די רעוואָלוציע פון 1852, וואָס האָט באַפרייט אַרגענטינע פון איר ערשטער דיקטאַטור — די ראָסיסטישע — און איר ערשטן טאָטאַליטאַרן רעזשים.

אין די יאָרן פון דער פּעראָניסטישער דיקטאַטור, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאָליטישע עמיגראַציע פון אַרגענטינע קיין אורוגוויי, זענען די אָפיציעלע באַציִונגען צווישן די ביידע לענדער געווען כמעט ווי איבערגעריסן.

די אַרגענטינער פּאָליטישע עמיגראַנטן האָבן אין אורוגוויי עפנטלעך גערעדט און געשריבן — נישט קיין לויב צו דער דיקטאַטור פון פּעראָן, איבער וואָס די אַרגענטינער רעגירונג האָט פאַרלאַנגט פון דער אורוגווייער זי זאָל נישט דערלויבן קיין „אַנטיאַרגענטינישע" טעטיקייט. די פרייהייטלעכע און דעמאָקראַטישע אורוגוויי האָט נישט באַפרידיקט דעם פאַרלאַנג פון טאָטאַליטאַרישן אַרגענטינע, מחמת אין אורוגוויי רעספּעקטירט די רעגירונג די פרייהייט פון וואָרט און שריפט.

האָט דאָס געשאַפן אַ מין „קאַלטע מלחמה צווישן אַרגענטינע און אורוגוויי — אַ סיטואַציע וואָס האָט אויפגעהערט צו זיין באַלד ווי איר סיבה איז פאַרשוווּנדן מיטן אָפּשאַפן די דיקטאַטור ביי דער מאַכט אין אַרגענטינע.

**
*

די פּראָוויזאָרישע רעגירונג פון דער באַפרייערישער רעוואָלוציע האָט געזען באַלד צוריקצושטעלן די געוויינלעך גוטע באַציִונגען צווישן אַרגענטינע אין אורוגוויי און אפשר זיי נאָך פאַרבעסערן ווי ווייט דאָס וועט זיין מעגלעך דורך דעם נייעם אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר פון אַרגענטינע אין אורוגוויי און האָט פאַרדעם אַמט באַשטימט דעם ד"ר אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס.

פּאַלאַסיאָס האָט דעם אַמט אָנגענומען. ער איז געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע. ער האָט אין גייסט פון פרייהייט און פון ברידערלעכקייט מיטגעאַרבעט פאַרן באַנייען און פאַרן איינשטעלן ברידערלעכע באַציִונגען צווישן די ביידע שכנישע לענדער און נאָכדעם האָט זיך פּאַלאַסיאָס צוריקגעצויגן — אַריינצוטאָן זיך אין אַ ברייטער סאָציאַליסטיש-פּאָליטישער אַקציע צו די וואַלן פאַר דער קאָנסטיטויִרנדער

פאַרזאַמלונג צו רעפאָרמירן די קאָנסטיטוציע פון 1853 (די פּעראָניסטישע רעפאָרם פון 1949 איז אָפּגעשאַפן געוואָרן פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג).

**
*

פּאַלאַסיאָס איז געווען איינער פון אַ גאַנצער גרופּע סאָציאַליסטן, אויסגעקליבענע אין לאַנד פאַר מיטגלידער פון דער קאָנסטיטואַנטע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט סאַנטאַ פע, ווו עס איז אויך געהאַט פאָרגעקומען די היסטאָרישע קאָנסטיטואירנדע פאַרזאַמלונג פון 1853.

פּאַלאַסיאָס איז געווען אַ הויפּט־פיגור אין דער קאָנסטיטויִרדע פאַרזאַמלונג, וועלכע איז געשטאַנען פאַר היסטאָרישע אויפגאַבן. דאָס איז געווען צו הערן אין דער פרייער, ברייטער, עפנטלעכער דיסקוסיע פאַר די וואַלן פון די קאָנסטיטואַנטן נאָך אַזאַ דיסקוסיע צי זאָל מען רופן אַזאַ פאַרזאַמלונג, און דאָס איז אויך געווען צו זען אין די פּונקטן צו באַהאַנדלען.

די פּראָוויזאָרישע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, מיט גענעראַל אַראַמבורו אַלס פּרעזידענט און אַדמיראַל איסאַק ראָכאַס — וויצע, האָט קאָנצענטרירט אירע רעפאָרם־פּראָיעקטן אין דעם געשטעלטן פּראָבלעם פון קאָנסטיטוציאָנעל־אויסברייטערן און פאַרזיכערן די פרייהייט און די דעמאָקראַטישקייט.

באַגרענעצן, אַ סך באַגרענעצן, די אַטריבוטן און פולמאַכטן פון דער רעגירונג אַלס אויספיר־מאַכט, וואָס איז נאָר איינע פון דריי מלוכה־מאַכטן פון דער רעפּובליק און אויסברייטערן די אַטריבוטן, די אומאָפּהענגיקייט און די רעכטן פון דער געזעצגעבערישער (פּאַרלאַמענטאַרישער) מאַכט, וואָס איז אין איר נאַטור דעמאָקראַטיש און פון דער געריכטלעכער מאַכט (ציוויל־געריכט), וואָס האָט אויך צו זיין סאָציאַל גערעכטלעך — איז איינע פון די גרויסע פּראָיעקטן פאַר לייזן דעם פּראָבלעם.

**
*

די קאָנסטיטוציע פון 1953 איז טאַקע מיט 105 יאָר צוריק געווען אַ ליבעראַלע, אַ פּראָגרעסיווע און צום טייל אויך אַ סאָציאַליסטישע, אָבער דאָס איז זי געווען. טיילווייז איז זי דאָס נאָך היינט, אָבער אַלס אַ גאַנצע מעג זי רעוויזירט ווערן נאָך דעם פאַרלויף פון אַ יאָר הונדערט. לויט דער פאָדערונג פון דער נייער צייט זען וואָס מען דאַרף אין דער קאָנסטיטוציע שאַפן און וואָס אָפּשאַפן, באַזונדערס אין גייסט פון סאָציאַלן פּראָגרעס.

פאַר דעם איז פּאַלאַסיאָס געווען די געוווּנטשטע פּערזענלעכקייט: ד״ר און פּראָפעסאָר פון סאָציאַלע־ און רעכט־וויסנשאַפט מיט 60 יאָר פּראַקטיק אין לעבן, חוץ דעם — לעגיסלאַטאָר מיט אַ סך יאָרן רייכער און פּראָדוקטיווער געזעצגעבערישער טעטיקייט, מחבר פון סאָציאַל־פּאָליטישע ווערק און סאָציאַליסטישער פּאָרגייער, העראָיִקער און וועטעראַן.

און עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן פּאַלאַסיאָס פּרוכטיקע טעטיקייט אין דער קאָנסטיטואַנטע. כדאי צו דערמאָנען דאָס רעכט פון שטרייק, וואָס איז אָנערקענט און אָנגענומען געוואָרן פון דער קאָנסטיטוציע.

— מיר, די סאָציאַליסטן (אין דער קאָנסטיטואַנטע) וועלן זיך פאַרזאַמלען צו באַהאַנדלען וועלכע רעפאָרמען מיר וועלן פאָרטראַגן פאַר דער קאָנסטיטוציע — דערקלערט פּאַלאַסיאָס אויף אַ אָנפראַגע פון דער סאָציאַליסטישער צייטונג „לאַ וואַנגואַרדיאַ״, בוענאָס איירעס, 12טער סעפּטעמבער 1957 — און דאָנערשטיק (אין דערמאָנטן דאַטום) וועל איך ריידן (אויף דער פּלענאַר־זיצונג פון דער קאָנסטיטואַנטע) און איך וועל אונטערהאַלטן די סוּווערעניטעט פון דער קאָנסטיטוּירנדער פאַרזאַמלונג. איך וועל ריידן וועגן דער באַפרייערישער רעוואָלוציע, אירע פולמאַכטן; צי קאָן זי אָפּשאַפן די קאָנסטיטוציע פון 1949 (פּעראָניסטיש רעפאָרמירטע); צי קאָן זי איינשטעלן די פון 1853; צי קאָן זי רופן אַ קאָנסטיטואַנטע —

בכלל איז פּאַלאַסיאָס אָפּטימיסטיש, אָבער — די קאָנסטיטואַנטע איז צעשטערט געוואָרן. עס האָבן זי צעשטערט די צעשפּאָלטענע ראַדיקאַלן, וואָס מיטן אויסנאַם פון די ראַדיקאַלן „דעל פּועבלאָ״, זענען זיי אַוועק פון דער קאָנסטיטואַנטע. צוערשט האָבן דאָס געטאָן די ראַדיקאַלן־פראָנדיסיסטן, אָדער „אינטראַנסיכענטן״ און נאָכדעם האָבן דאָס געטאָן די ראַדיקאַלן סאַבאַטיניסטן.

די קאָנסטיטואַנטע איז געבליבן אָן אַ קוואָרום, אין דער מינדערהייט און האָט זיך אויפגעלייזט.

***

די פּראָוויזאָרישע רעגירונג, וואָס איז געווען טריי צו אירע פרייהייט־לעכע און דעמאָקראַטישע פאַרזיכערונגען און באַשטימונגען, האָט דאָך גערופן און מוסטערהאַפט דורכגעפירט אַלגעמיינע וואַלן אין גאַנצן לאַנד, כדי ווידער איינצושטעלן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים, אַ פרייען און אַ דעמאָקראַטישן, עס איז אויך געווילט געוואָרן דער דעפיניטיווער פּרעזידענט און וויצע פון דער רעפּובליק. פּאַלאַסיאָס איז געווען דער קאַנדידאַט פאַר פּרע־

זידענט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אָבער אויסגעקליבן איז געוואָרן דער „ראַדיקאַל" „אינטראַנסיגענטישער" קאַנדידאַט פראַנדיסי מיט די שטימען פון ראַדיקאַלן, פּעראָניסטן און קאָמוניסטן. ער האָט איבערגענומען פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג די מאַכט דעם 1טן מאַי 1958.

**
*

ווען די שורות ווערן געשריבן איז דער אַכטער חודש זינט פראַנדיסי איז פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אַ סך נעגאַטיוועס האָט זיך אָפּגעטאָן אין פאַרלויף פון די זיבן חדשים, אין וועלכע עס איז אויף אַ סקאַנדאַליעזפאַרשייטן אופן געוואַקסן דער יקרות און די אינפלאַציע; דער מאַסן־אומרו און די שטרייק־באַוועגונג פון די אַרבעטער און די סטודענטן; די אומבאַהאָלפנקייט פון דער פראַנדיסי־רעגירונג און אירע רעפּרעסיעס מיט פּרייהייט־באַשרענקונג, מיט באַלאַגערונגס צושטאַנד, מיט מיליטערישע מאָביליזאַציע פון אַרבעטער אין שטרייק פאַר עקאָנאָמ־שער פאַרבעסערונג; מיט מיליטער געריכטן אויף דער ציווילער באַפעלקערונג און אַפילו מיט פעלדגעריכט.

**
*

אין משך פון דער זעלבער צייט איז ווידער פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

ביידע טיילן קאָנטינויִרן ווי גאַנצע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מיטן זעלביקן נאָמען, פּראָגראַם און טעטיקייט.

דער דאָקטער אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס איז אין איין אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דער דאָקטער ניקאָלאַס רעפּעטאָ איז אין דער אַנדערער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אָדער פאַרקערט, וואָס דאָס איז אַלץ־איינס.

פּאַלאַסיאָס איז שטענדיק פּאַלאַסיאָס. די סאָציאַל־פּאָליטישע; קולטורעלאינטעלעקטועלע; עטישע און עסטעטישע פּערזענלעכקייט מיט דער גלייכער ליניע, וואָס קרימט זיך נישט.

— איך האָב נישט אונטערגעשריבן קיין אויסשליסונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — האָט פּאַלאַסיאָס אין דעם פּאַל עפנטלעך דערקלערט — און איך וועל קיינמאָל קיין אויסשליסונג נישט אונטערשרייבן.

**
*

און אויף צו פאַרענדיקן דעם עסיי וועגן אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס און די מאָנאָגראַפיע, וועל איך דאָס טאָן מיט איינעם אָדער מער ציטאַטן פון פּאַלאַסיאָס אַרטיקל, וואָס הייסט: „אַ וואָרענונג דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק" און וואָס איז געדרוקט אין „לאַ וואַנגואַרדיאַ" פון 9טן דעצעמבער 1958.

„... מיר האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט גלייבן, אַז מען וועט קומען צו אַזאַ עקסטרעם פון אינסטיטוציאָנעלן אויפרייס. מיר האָבן אַזוי פיל געקעמפט פאַר דער איינשטעלונג פון אַ רעכטצושטאַנד און די רעגירונג האָט זיך, נאָך דער טיראַניי, אַזוי פיל אַרויסגעשטעלט מיט דעם וואָס זי האָט אָנגערופן אַרויספירן אויף אַ וועג די בירגערלעכע ווירדע, אַז לייענענדיק די „באַנדאָ" (פון פעלד־געריכט) דאַכט זיך אַז מען ליידט פון אַ קאָשמאַר".

„... ס'איז דערקלערט קריגסצושטאַנד — פעלד־געריכט — וואָס אַנולירט די קאָנסטיטוציע און וואָס פאַרשעמט אונדז, וואָס מיר האָבן אין משך פון צוועלף יאָר באַקעמפט די טיראַניי, דאָס הייסט, אונטערוואָרפן די ציווילע צו משפט פונעם מיליטערישן טריבונאַל".

„... די רעגירונג דאַרף אָרדענונג, די אָרדענונג פון שטיינער, באַלד ווי זיי וועלן איינגעמויערט, קאָנען זיי זיך מער נישט רירן".

„... מיר זענען און מיר וועלן זיין מיט די אַרבעטער. מיט זיי זענען מיר גרייט צו גיין וווּ־אַהין דאָס זאָל נאָר זיין; מיט לייב און לעבן וועלן מיר פאַרטיידיקן דאָס פאָלק".

„... מיר זענען נישט געניוגט צו קנעכטשאַפט; מיר ווילן גיין אויף די שליאַכן פון גייסט; מיר זענען נישט גרייט צו פאָלגן — אָן רעבעלדיע — די וואָס גלייבן אַז דאָס לעבן אַנטוויקלט זיך אויסער דער מאָראַל און זיי האָבן געשאַפן אַ פּרוכטבאַר פעלד פאַר די לויב־זינגער, וואָס קאָנקורירן מיט געפאַלנקייט".

אַזוי שרייבט אַלפרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, דער סאָציאַליסטישער פאָרגייער, העראָיקער און וועטעראַן, אין זיין עלטער פון 79 יאָר. אין אָנבליק פון אַ טעראָריסטישערווירקלעכקייט פון אויבן.



מיגעל פּאָלאַק אין יאָר 1930

# מיגעל פּאָלאַק

עס איז היינט 1958, שוין 23 יאָר ווי עס איז געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס מיגעל פּאָלאַק.

דאָס איז געשען אין 1935, ווען פּאָלאַק איז אַלט געווען 52 יאָר און האָט זיך אויסגעלעבט אין אַרגענטינע זינט 1905 — אין פֿאַרלויף פֿון 30 יאָר.

1

מיגעל פּאָלאַק איז אַ קאַפּיטל געשיכטע פֿון יידישן פּראָלעטאַרישן און פּראָגרעסיוון לעבן אין אַרגענטינע.

עס איז אַ געשיכטע, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער פּאָרגרעסערטער יידישער איינוואַנדערונג אין אַרגענטינע אין אָנהייב פֿון היינטיקן יאָרהונדערט. אַן איינוואַנדערונג וואָס האָט זיך גענומען פֿון אַ גרויסער פּאַנישער יידישער אויסוואַנדערונג פֿון דער רוסישער אימפּעריע אין יענעם היסטאָרישן מאָמענט, ווען דער אַבסאָלוטיזם פֿון דער רוסישער צאַריש־מאָנאַרכיסטישער הערשאַפֿט איז איבערגעבראָכן געוואָרן.

עס איז געווען אין אָנהייב פֿון יאָר 1905 ווען די אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פֿון אַ סאָציאַל־פּאָליטישן און דעמאָקראַטישן כאַראַקטער, איז אַרויס עפֿנטלעך און אַוואַנסירט אויף דער צאַרישער מאַכט. אין יענעם מאָמענט האָט די צאַרישע מאַכט דערקלערט אַ געוויסע פֿרייהייט, אַ באַגרענעצטע בירגער־רעכט. עס איז ווייט נישט געווען דאָס וואָס די רעוואָלוציע האָט געפֿאָדערט, אָבער פֿאַרן צאַרישן אַבסאָלוטיזם האָט דאָס געגעבעבנע באַדייט אַ טיילווייזע קאַפּיטולאַציע פֿאַר דער רעוואָלוציע און אַן איבערברוך פֿונעם אַבסאָלוטיזם. און די צאַרישע מאַכט האָט מיט דעם נישט געוואָלט שלום מאַכן. איינייעם מיט דער נאָכגעבונג האָט זי געלאָזט אין

פולסטן גאַנג אַלע שרעקלעכסטע רעפּרעסיווע מיטלען אויפן רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד, און האָט איינגעשלאָסן אין דעם בלוטיקן סכום פון אירע רעאַק־ציאָנערע רעפּרעסיעס די אָרגאַניזירונג און דורכפירונג פון די פּאָגראָמען אויף יידן.

דער צאַריסטישער טעראָר האָט צוריקגעשלאָגן דעם רעוואָלוציאָנערן אַוואַנס. די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי האָט געליטן אַ דעמאָראַליזאַציע. צווישן דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אַנטירעוואָלוציאָנערע שטימונגען נישט אויס איבערצייגונג, נאָר איבער דעם נישט קאָנען מער איבערטראָגן די פיזישע און מאָראַלישע ליידן, אַנדערע האָבן זיך געראַנגלט קעגן דעם אומקום. אַ סך פון זיי זענען אַוועק קיין אויסלאַנד מיטן געדאַנק זיך אָפּצושטעלן אויף אַ ווײַלע אין ערגעץ אַ לאַנד, אָטעמען אַ ביסל פרייע לופט, קרעפטיקן זיך גייסטיק און פיזיש, דערנאָך זיך אומקערן און באַ־פרישט זיך צוריק אָנשליסן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

פאָלאָקן זענען מיר אין דער דאָזיקער וואַנדערונג פון דער רוסלענדער רעוואָלוציאָנערער יוגנט.

עס איז אָבער געווען אַ גרויסער אונטערשיד צווישן דעם יידישן פּאָ־ליטישן עמיגראַנט און דעם נישט־יידישן.

די נישט־יידישע פּאָליטישע עמיגראַציע איז באַשטאַנען פון אַ באַגרע־נעצטע צאָל יחידים. זיי האָבן זיך געקענט דערלויבן אָפּצושטעלן אין איינע פון די נאָענטסטע אייראָפּעיִשע לענדער, כדי אין יעדן טאָג ווען זיי וועלן קאָנען, זאָלן זיי אין משך פון 24 שעה און ווייניקער, זיך אומקערן אַהיים. די נישט יידישע פּאָליטישע עמיגראַציע איז באַשטאַנען פון יחידים אָן אַ מאָסע.

דער יידישער פּאָליטישער עמיגראַנט איז באַלד אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ מאַסן־שטראָם.

אָנגעליטענע פון דער פאַרשפּאַרטער געטאָ־אָרימקייט, באַזונדערע רעכטלאָזיקייט, גרעסערע פאַרפאָלגונגען, פּאָגראָמען, זענען יידן געלאָפן מאַסנווייז פון די שטעט און שטעטלעך, געלאָפן פון פייער נישט ווויסנדיק ווּ און צו וועמען.

די דאָזיקע פּאַנישע יידישע אויסוואַנדערונג האָט אַ פלייץ געטון אין די שטעט פון צענטראַל־ און מערב־אייראָפּע. די יידישע מאַסן־עמיגראַציע האָט זיך אין די שטעט פון צענטראַל־ און מערב־אייראָפּע נישט געקאָנט אָפּשטעלן. אַ גאַנצע רייע פאַקטאָרן האָבן געטריבן פון די ערטער. דאָס זענען געווען עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און פרעמדקייט פאַקטאָרן. דער עמיגראַציע־

שטראָם איז אַרויף אויף די אומבאַקאַנטע וועגן צו ווייטע לענדער, מיטציִענ־דיק מיט זיך די ייִדישע פּאָליטישע עמיגראַנטן, און פּאָלאַק ווערט מיטגע־צויגן מיטן שטראָם.

2

פון ווייטע לענדער איז אַרגענטינע געווען דאָס ווייטסטע. ווײַט, נישט נאָר געאָגראַפיש, נאָר אויך אין באַוווסטזײַן, אין דער פאָרשטעלונג פון דעם ייִדישן מאַסן־מענטש. טייל האָבן עפּעס געהאַט געהערט דאָרט אין די שטעט און שטעטלעך פון דער ייִדישער געטאָ, אַז אין אַ ווייטן לאַנד, וואָס הייסט אַרגענטינע און געפינט זיך ערגעץ אויף דער אַנדערער זייט פונעם גרעסטן ים, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אייניקע ייִדן אויף קאָלאָניזאַציע און זיי זענען ווי אין ים אַרײַן... אַן אַנדערע טייל האָט עפּעס געהערט פון אַ בוענאָס איי־רעס, אָדער „באָנאַזיירע״, וווּ־אַהין עס ווערן אַוועקגעפירט פרויען צום פאַרקויף...

אַזוינע קלאַנגען און פאָרשטעלונגען האָבן נישט געצויגן די ייִדישע פאַר־צווייפלטע וואַנדערונג קיין אַרגענטינע. איר האָט געצויגן קיין „אַמעריקע״ דאָס גאָלדענע לאַנד, וואָס איז נענטער און באַקאַנטער און פון וואַנען ייִדן שיקן שיפסקאַרטן און געלט פאַר זייערע קרובים אין דער אַלטער היים. און אויב מען איז דאָך געפאָרן קיין אַרגענטינע, איז עס נישט געווען, ווייל מען האָט געוואָלט, נאָר ווייל מען האָט געמוזט, ווייל די איינוואַנדערונג אין אַר־גענטינע האָט נישט באַגעגנט קיין שטערונג און דערעיקר, ווייל די וואַנ־דערונג קיין אַרגענטינע איז געוואָרן געשטיצט; ווייל צו פאָרן קיין אַרגענ־טינע האָט דער ייִדישער עמיגראַנט באַקומען די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן.

אין דער לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דער ייִדישער עמי־גראַנט, איז ער אויסגעשטעלט געווען אויף הילף. זי איז געקומען פון דער „איזראַעליטישער אַליאַנץ״ און ענלעכע יאַהודישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס אין עסטרייך, פראַנקרייך, ענגלאַנד, אין פאַרבינדונג מיט דער ייִדישער קאָלאָ־ניזיר־געזעלשאַפט, יִקאַ. די דאָזיקע הילף איז געווען אַ סיסטעמאַטישע, אַן אָריענטירטע. זי האָט געפירט אין יענעם מאָמענט די ייִדישע מאַסן־וואַנדע־רונג קיין אַרגענטינע.

די איינוואַנדערונג האָט געבראַכט מיט זיך איר אינטעליגענץ, אַ פּראָ־לעטאַרישע, אפשר מיט זעלטענע אויסנאַמען איז די גאַנצע איינוואַנדערונג געווען אַ פּראָלעטאַרישע. מער ווי אַרבעטס־פעיִקייט און אַ ווילן צו אַרבעטן,

האָט קיינער נישט פאַרמאָגט. ווי איינער פון דער דאָזיקער פּראָלעטאַרישער אינטעליגענץ איז פּאַלאַק אַנגעקומען קיין אַרגענטינע מיט די ערשטע פאַר־גרעסערטע יידישע עמיגראַציע־שטראָמען פון 1905טן יאָר.

3

אין 1905טן יאָר האָט די יידישע קאָלאָניזאַציע שוין געהאַט צו דערציילן אַ געשיכטע פון פופצן יאָר. און גלייכצייטיק מיט דער קאָלאָניזאַציע האָבן זיך יידן אָנגעהויבן עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלעך איינאָרדענען אין די שטעט און שטעטלעך מיט בוענאָס איירעס אַלס צענטער פון שטאָטישן יידישן איינלעבן זיך.

אין בוענאָס איירעס, אויף ליבערטאַד איז שוין געשטאַנען דער יאַהודי־שער טעמפּל. זייער „קאָנגרעגאַציע" טראָגט דעם דאַטום פון יאָר 1868. דאָס הייסט, אַז פאַר דער גרויסער איינוואַנדערונג פון 1905 און פאַר דער קלענע־רער איינוואַנדערונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1889 מיט דער ערשטער גרופּע קאָלאָניסטן, אָדער יידן אויף קאָלאָניזאַציע, איז שוין געווען אַ געוויסע איינוואַנדערונג פון יאַהודים, ווי עס ווערן גערופן די שפּראַכלעך־אַסימילירטע יידן פון דייטשלאַנד און פון אַנדערע לענדער. מען רעכנט, אַז די ערשטע איינגעוואַנדערטע יאַהודים האָבן נאָך געטראָפן אַרגענטינע אונטער ראָסאַסעס דיקטאַטור. און פאַר די יאַהודים איז געווען אַן איינוואַנדערונג פון ספרדים־אָפּשטאַמער פון שפּאַניע און פּאָרטוגעזישע יידן, אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע, אָבער געזעלשאַפטלעך, קולטורעל, פאַמיליאַר איז נישט געווען קיין פאַר־בינדונג צווישן די נייע יידישע איינוואַנדערונגען און די ספרדים. אַ שוואַכע פאַרבינדונג איז געווען צווישן דער רוסיש־פּויליש־ליטוויש יידישער איינ־וואַנדערונג ביז דעם 5טן יאָר און די יאַהודים, אָבער די דערמאָנטע לעצטע איינוואַנדערונג האָט אָנגעהויבן שאַפן איר אייגענע געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס איז געווען פון אַלטן יידיש־רעליגיעז פילאַנטראָפּיש־קליינשטעטלדיקן מין, נאָר אָן יענער גייסטיקייט, וואָס זי האָט געטראָגן אין דער אַלטער היים.

און אָט די דאָזיקע אָנגעהויבענע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט, אַזוי מיט איר פאָרם ווי מיט איר אינהאַלט, נישט געקענט באַפרידיקן די געזעל־שאַפטלעכע באַדערפעניש פון דער פּראָגרעסיווער, פריי־דענקערישער, סאָ־ציאַליסטישער אַרבעטער אינטעליגענץ, וואָס עס האָט געבראַכט מיט זיך די יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין 1905טן יאָר. די אַרבעטער אינטעליגענץ האָט גענומען שאַפן אויף איר אופן, לויט איר

וועלט־באַנעם און אין איינקלאַנג מיט אירע נאַציאָנאַלע און דערעיקר סאָציאַלע שטרעבונגען אַ נייע אַרגענטינער געזעלשאַפטלעכקייט.

פּאָלאַק, וועלכער האָט געבראַכט מיט זיך דעם פּראָלעטאַריש־סאָציאַלן און דעם יידיש־נאַציאָנאַלן אידעאַל פון זיין ראָמאַנטישן אָנפאַנג און די בענקשאַפט און דעם ברען פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, איז געווען פון די ערשטע אַרבעטער אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך גענומען שאַפן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע אין אַרגענטינע אויף זייער אופן און לויט זייערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע שטרעמונגען. ער פאַרנעמט, פון דער ערשטער מינוט אָן, זיין פּלאַץ ביי דער אָרגאַניזירונג פונעם אידעאָלאָגיש־פּאָליטישן וועזן דורך דער פאָרמאַציע פון פּאַרטיי אָרגאַניזאַציעס, אין גייסט פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין דער אַלטער היים; ער פאַרנעמט זיין פּלאַץ אַלס וואָרט־פירער ביי דער פאַנאַנדערוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן און ביים אָנהייב און די פאָרזעצונג פון אירע טעטיקייטן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָרגאַניזירטער אידעאָלאָגיע און פּאָליטיק פאַרנעמט פּאָלאַק זיין פּלאַץ ביי דער געדאַנקלעכער און אָרגאַניזאַציאָנעלער קלאַסן־פאַרייניקונג פונעם יידישן אַרבעטער און דעם נישט־יידישן אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אין גייסט פון דער זעלבער אידעאָלאָגיע פאַרנעמט פּאָלאַק זיין פּלאַץ ביים שאַפן און אַנטוויקלען דעם קולטור־וועזן: ביבליאָטעקן, קולטור־צענטערן, דראַמאַטישע קרייזן, עפנטלעכע טריבונעס, פּרעסע, ליטעראַטור, שולן. די פּראָגרעסיווע פּרעסע, וועלכע האָט אויך מיט זיך געבראַכט די ליטעראַטור, האָט געהאַט אין פּאָלאַקן איר איניציאַטאָר. געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער טעגלעכער צייטונג אין אַרגענטינע: „דאָס יידישע לעבן", דערשינען אין 1906.

4

„דאָס יידישע לעבן" איז געווען אַ טעגלעכע יידישע צייטונג, וואָס איז דערשינען אין בוענאָס איירעס און וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דעם 29סטן נאָוועמבער 1906.

דער שרייבער פון די שורות, וועלכער איז טאַקע איך אַליין, האָט זיך, אָדער האָב זיך, שוין דעמאָלט געפונען 8 חדשים אין בוענאָס איירעס, ווען עס איז דערשינען „דאָס יידישע לעבן" און איך האָב דעמאָלט געלייענט די צייטונג, וואָס איז נישט געווען פון מיין אידעאָלאָגיע, נישט פון מיין אידעישן קרייז און בכלל אַ קעגנערישע צייטונג פון מיין נאַציאָנאַלער אָריענטאַציע,

אָבער דאָס איז נישט געווען קיין מאָטיוו נישט צו לייענען די צייטונג, פאַר־קערט, מ׳האָט זי געלייענט, ווייל זי איז פון אידעישע קעגנער, אָדער נישט געקוקט אויף איר קעגנערישע ריכטונג, אַבי זי האָט געהאַט אַ ריכטונג און איז געווען אידעיש; מ׳האָט געלייענט אַזאַ צייטונג ווייל זי איז געווען יידיש און דער וואָס איז נאָר געווען אַ לייענער, אַ פּראָגרעסיווער אַרבעטער, אַן אידעאַליסט האָט געלייענט אַלץ, וואָס איז דאַ אַרויס אויף יידיש און אָרטיקע זאַכן פון אַ נייעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן מין האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן צו ווייזן.

געדענק איך גוט „דאָס יידישע לעבן" און דאָך, אַז איך האָב אַצינד אויפגעשריבן דעם נאָמען פון דער צייטונג, וואָס איז דאָך געווען אַ טעגלעכע און איך לייען איבער דאָס וואָס איך אַליין האָב נאָר־וואָס אויפגעשריבן, אַז די דאָזיקע יידישע צייטונג איז דערשינען אין בוענאָס איירעס און־ווען? אין 1906, מיט 52 יאָר צוריק! וווּנדערט עס מיך: ווי איז דאָס מעגלעך געווען? איז דאָס נישט קיין פאַנטאַזיע? איז דאָס אַ רעאַלע זאַך? אַ היסטאָרישע ווירקלעכקייט?

און צו דעם וווּנדער: פון אַ יידיש־פּראָגרעסיווע און האַלב־סאָציאַליס־טישע, האַלב־ציוניסטישע צייטונג אין בוענאָס איירעס, יאָר טויזנט ניין־הונדערט זעקס, דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז דער רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע לעבן" איז געווען דער עסעסניק — ציוניסט־סאָציאַליסט — מיגעל פּאָלאַק — מיין האַלבער־חבר און האַלבער קעגנער, אַ גרינער, מחמת ער איז ערשט געווען אין לאַנד אַ יאָר צייט, און דאָס נישט עפּעס אַ לאַנד, פון מענדעלע מוכר ספרימס בנימין השלישי אונטער דער וואַסער־מיל פון טור־נעיאַדעיוקע, נאָר אין דעם לאַנד פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ —אַ מהלך פון טויזנ־טער און טויזנטער קילאָמעטער פון רוסלאַנד, פון וואַנען פּאָלאַק האָט אויס־געוואַנדערט און עס דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז אַזוי פּאָלאַק ווי זיינע אידעען־חברים, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן די צייטונג, האָבן געהאַט — נשמה, נאָר קיין אָפּגעריבענעם 2ער ביי דער נשמה, האָבן זיי — אַלע גרינע — נישט געהאַט. (דאָ זענען געווען 2־סענטיקע קופּערנע מטבעות. אָפּגעריבענע האָבן זיי אויסגעזען ווי רוסישפּוילישע דרייער אין די צייטן פון צאַריזם). זיי האָבן געהאַט פולע קעפּ און ליידיקע קעשענעס; זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט אַריינצולייגן נאָר נשמה: געפיל, געדאַנק, ווילן, מוט, האָפענונג, אָפּטימיזם, איבערגעגעבנקייט, אָפּפערווילייקייט.

און מיט אַזאַ קאַפּיטאַל איז מען צוגעגאַנגען צו אַזוינע ריזיקע אונטער־נעמונגען ווי אַרויסגעבן אַ צייטונג!

— מנחם מענדלעניזם?

— ניין!

— העראָיזם!

5

עפּעס פון דעם דערמאָנטן „קאַפּיטאַל" האָט מיגעל פּאָלאַק, אַלס דער רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע לעבן" „אינוועסטירט" אין דעם וואָס ער האָט געשריבן פאַר דער צייטונג.

עס איז אַזוי אינטערעסאַנט די זאַך, אַז זי לאָזט זיך נישט פאַרבייגיין און ווי באַצויבערט שטעלט מען זיך אָפּ ביי איר.

איך טו עס נאָר אין שייכות צו מיגעל פּאָלאַק — זיין פּערזענלעכקייט — זיינע סענטימענטן; זיין גערדאַנקענגאַנג; זיין טאָן; זיין שטימונג — אין די העראָאישע צייטן און אין די פּיאָנערישע פאַרן בויען דאָס יידישע פּראָגרע־סיווע, וועלטלעכע, פרייע, דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע אַרגענטינע.

צוליב דעם וועל איך דאָ איבערדרוקן פּאָלאַקס אַ רעדאַקציע אַרטיקל אין נומער 1 פון „דאָס יידישע לעבן".

דעם אַרטיקל, וועלכער פאַרנעמט די גאַנצע ערשטע זייט פון דער צייטונג — אין אַ קליינעם פאָרמאַט — וועל איך איבערגעבן אַזוי ווי ער גייט און שטייט מיט דער שפּראַך, וואָס מען האָט ערשט מיט 52 יאָר נאָך גערעדט, מיט פּאָלאַקס אָראַטאָרישן סטיל פון שרייבן, זיין באַטאָנונג און זיין גייסט אויף וויפיל ער קומט צום אויסדרוק אין דעם רעדאַקציע־אַרטיקל פון ערשטן נומער „דאָס יידישע לעבן", וואָס קאָנסערווירט נאָך, דאַכט זיך, דעם אַראָמאַט פון יידישן בוענאָס איירעס 1906.

## פון דער רעדאַקציאָן

נאָך מיט בלוטיגערע אותיות וועט געשילדערט ווערען דאָס אידישע לעבען אויף די בלעטער פון דער אידישער גלות־געשיכטע פאַר די לעצטע פאָאַר יאָהר; נאָך שוידערהאַפטער, האַרצרייסענדער וועלען אַרויסטרעטען די שרעקליכע געשעהניסע, עלענד, נויט און פערצווייפלונג פון דיעזער צייט. אבוואהל דאָס אידיש פאָלק האָט שוין ניט איין מאָהל אין זיין לאַנגען גלות־לעבען איבערגעליטען בע־

זאַנדערע שרעקליכע נאַציאָנאַלע ליידונגען; ניט איין מאָהל האָט דער פאַנטאַן פון זיין רויטען בלוט געשפריצט, געוואַשען און גערייניגט די אָרומיגע אַטמאָספער וועלכע איז ביי איהם זעלבסט נאָכהער גע־רויבט געוואָרן; ניט איין מאָהל זיינען די זעלביגע הענד זיינע וועלכע האָבען געשמיעדט די מענטשליכע פרייהייט נאָכהער זעלבסט געשמיעדט געוואָרען אין גלות־קייטען; דאָך וואָס שפעטער אַלס מעהר און יעצט נאָך רעליעפער (בולט׳ער) ווי שטענדיג טרעט אַרויס די אידען־פראַגע. עס ווערען ביי איהם געבוירען נייע פאַקטס עלעמענטען מיט אַ העלער צוקונפט; פרישע שעפפערישע כוחות וועלכע וואַרפענדיג זיך אין קאַמפף פיר דער מענשליכער באַפרייאונג, בענוגענען זיך טוין ניט מעהר מיט די ברעקליך פון טיש, וועלכע וואַרפען זיי די „גוטהערציגע״. זיי זעהען פיר זיך ברייטע האָריזאָנטען, וועלכע ער־הויבען אין זיי נאָך מעהר דעם מוטה און שעפפערישער כוח, זיי פערשטעהען אַלזאָ דאָס לעבען אין אַלגעמיין און דאָס אידישע לעבען בעזאָנדער — פיעל טיעפער; זייערע פאָדערונגען זיינען ראַדיקאַלער, שטריינגער און פאַלקקאָמער. מיט אַ פייערדיקען גייסט פאָדערען זיי און קעמפפען, אָרגאַניזירען און שאַפען די מיטלען און בעדינגונגען וועלכע זיינען נויטיג פיר זייער זעלבסטשטענדיגקייט. די רוססישע רעוואָלוציאָן, אָדער ריכטיגער די קאָנטררעוואָלוציאָן, וועלכע האָט צושטערט דאָס גאַנצע לעבען אין רוססלאַנד האָט פאַר אַלעס, און טיעפער פון אַלעמען, מיט אַ ווילדער גרויזאַמהייט צושמעטערט דאָס אידישע לעבען. עס וואָלט געוועזען זייער נאַיוו צו זאָגען אַז אַלע שרעקליכע אומגליקען וועלכע די אידישע בעפעלקערונג אין רוסס־לאַנד האָט איבערגעליטען און ליידעט נאָך יעצט זיינען געוועהנליכע פאָלגען פיר אַלעמען אין צייט פון רעוואָלוציע. מען דאַרף אַבסאָלוט זיין בלינד און אונפעהיג צו אַנאַליזירען אַ וואָסער ניט איז לעבענס־פאַקט אום ניט צו בעמערקען אויף וויפיעל מאָהל מעהר פראָפּאָר־ציאָנאַל גיסט זיך אידעש בלוט אויף וויפיעל שרעקליכער איז די נויט און עלענד אין די אידישע גאַסען אין וועלכע די פעראָרומטע מאַסען שטייגען אונגעוועהנליך, אויף וויפיעל מאָהל שווערער עס קומט אויס די אידישע העלדען צו קעמפפען פיר דער בעפרייאונג. דאָס אַלעס האָט נאַטירליכערווייזע געמוזט מיטהעלפען אַז די מעהר בעוואוסטע שעפפערישע טהייל פון דער אידישער בעפעלקערונג זאָל

קלאָהרער און דייטליכער אַרויסשטעלען איהרע לעבענס־פאָדערונגען. ריכטיגער און ראַדיקאַלער קאָנקרעטיזירען איהר לאָזונג אַז נאָר דורך די פּאָזיטיווע, דירעקט ליידענדע עלעמענטען, וועלכע זיינען דורך דעם לעבען זעלבסט פאַראינטערעסירט אין דער לעהזונג פון דער אידען פראַגע, קאָן ענטשטעהן די אידישע בעפרייאונג. נאָר ניט אין רוססלאַנד אַליין האָט זיך אַזוי פאַנאַנדערגעבערענט די לעבענס פעהיג־קייט פון דער אידישער מאַסע צו איהרע זעלבסטשטענדיגע אינטע־רעסען; ניט נאָר דאָרט האָט די אידען־פראַגע אויפגעהערט צו זיין אַ בעשעפטיגונג פון אייניגע אידישע „כלל טהוערס", וועלכע האָבען מיט זייערע שתדלנות זיך בעמיהט „נושא חן" זיין אין די אויגען פון די „האכמותהיגע" לייט פון די אומות העולם, פאַרקעהרט — זי איז געוואָרען די לעבענס פראַגע. די פראַגע פיר דעם עקסיסטענץ, די ברענענדע פראַגע מיט וועלכער עס באַשעפטיגען זיך יעצט די ברייטע אידישע מאַסען; ניט נאָר אין רוססלאַנד איז דאָס אידישע לעבען מיט זיינע פערשידענאַרטיגע פאַרבען געוואָרען אַ זעלבסטשטענדיגער לע־בענס פאַקטאָר וועלכער פאָדערט ערנסטע בעהאַנדלונגען און ספּע־ציעלע אויספאָרשונגען. דער לעבענס שטראָם אין דער אידישער בע־פעלקערונג, וועלכע עס האָט אַזוי ערמונטערט די רוססישע רעוואָלו־ציאָן, און ווי אַ עלעקטרישער טאָק דורכגעדרונגען אַלע אידישע מאַ־סען אין אַלע גלות־לענדער. די אידישע עמיגראַציאָן, וועלכע איז אַזוי צונויפגעבונדען מיט דער גאַנצער אידישער גלות־געשיכטע, האָט אין די לעצטע צוויי יאָהר זיך זייער פערשטאַרקט. דאָ האָבען מיר שוין ניט פיר זיך קיין סיסטעמאַטישע אויסוואַנדערונג נאָר אַ סטי־כישע מאַסען עמיגראַציע. טויזענטער מענשען אַנטלויפען פון דעם טויט, שרעק, פון הונגער און ווי שטורמישע וואַסער רייסען זיי זיך אַריין אין די נייע לענדער, וואו אין איין אויגענבליק ווערען געבוירען נייע גלות־לענדער, נייע אידישע גאַסען, נייע געטהאָס. אָט, וואו איז די קראַפט פון נאַציאָנאַלע אייגענאַרטיגקייט! אָט, וואו זיינען די שטאַרקע, אַלס מעהר בעוואוסטזיניגע טענדענצען פון דעם פאָלק וועל־כעס שטרעבט צו זעלבסטשטענדיגקייט אויף איין אייגענער טעראַ־טאריע און אָט צו דיעזער צייט ווען די קעמפפענדע טייל פון דער אידישער בעפעלקערונג אין רוססלאַנד וואַרפט זיך אין די רייהען פון דער רעוואָלוציע, קעמפפענדיג און אָרגאַניזירענדיג אין דער זעלבער

צייט די כוחות צו דער אידישער בעפרייאונג; אין דער צייט ווען אין אַלע גלות־לענדער ערוואַכט צווישען די אידישע מאַסען אַ נייע שטאַרקע בעוועגונג, עס הערען זיך נייע געזונטע ווערטער, נייע האָפענונגען פרישע ווינדטען בלאָזען אין די אידישע גאַסען — צו דיעזער היסטאָרישער צייט ערשיינט „דאָס אידישע לעבען“.

6

פּאַלאַק האָט פאַרמאָגט אַ פּראַקטיק וואָרט, אַ פּערלדיקס, זיין וואָרט אַ שיין־קלינגענדיקס, אַ געמאָסטנס, אַ געשליפנס, אַ פאַרביקס און אַ האַרציק־וואַרעמס, איז געווען די שיינע פאָרם, דורך וועלכע עס זענען געקומען צום אויסדרוק שיינע אידעען. מיט זיין אָראַטאָרישער פעיִקייט, מיט זיין רעדנער־טאַלאַנט האָט ער, אין משך פון זיינע דרייסיק יאָר לעבן אין אַרגענטינע פאַרנומען דעם אויבנאָן אויף דער עפנטלעכער טריבונע, געוועקט און גערופן צו דער אַרבעט פאַר אַ שענער לעבן, באַמוטיקט און באַגייסטערט די וואָס אַרבעטן, וואָס שטרעבן, וואָס קעמפן און מיטן זעלבן שיינעם, שאַרפן און פולירטן וואָרט איז ער געשטאַנען אין קאַמף אַזוי קעגן די עלעמענטן פון פיינטלעכן לאַגער, ווי קעגן עלעמענטן פון אייגענעם לאַגער, ווען זיי האָבן לויט זיין געפיל און לויט זיין באַגריף געטאָן שלעכטס, ריידן אָדער האַנדלען מיאוס, נישט אידעיִש, נישט סאָציאַליסטיש און עס איז געווען זיין באַגריף, אַז סאָציאַליסטיש הייסט נאָר שיינע און געזעלשאַפטלעך גוטע מעשים.

פּאַלאַק איז פון ערשטן ביז דעם לעצטן טאָג פון זיינע דרייסיק יאָר לעבן אין אַרגענטינע, שטענדיק געבליבן אין פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישן לאַגער, כאָטש ער האָט נישט פאַרענדיקט ביי דער זעלבער גרופּע ווי ער האָט אָנגעהויבן.

פּאַלאַק האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט אין אַרגענטינע אונטער דער אידעאָלאָגיע און גרופּירונג פון סאָציאַליזם־ציוניזם אָדער סאָציאַליזם־טעריטאָריאַליזם. ער איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צום פּועלי־ציאָניזם. בעת ער האָט געוווינט אין לאַ פּלאַטאַ, זייענדיק אַ סטודענט אין דאָרטיקן נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט, האָט ער אַקטיוו־רט דירעקט אין דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט אים אַרויסגעשטעלט אַלס רעדנער אויף איר טריבונע. פּאַלאַק איז דערנאָך אַוועק מיט זיין גלענצנדיק וואָרט, און נישט נאָר מיט בלויזן וואָרט, אין די יִדישע קרייזן אונטער

קאָמוניסטישער ווירקונג און צום סוף איז פּאָלאַק צוגעשטאַנען צו דער גרינ־דונג פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, וווּ ער איז שוין געבליבן ביז דער לעצטער שעה פון זיין לעבן.

דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין בוענאָס איירעס אין יאָר 1928 און צו וועמענס גרינדער עס האָט אויך געהערט דער שרייבער פון די שורות, איז אייגנטלעך געווען אַ באַנייאונג פון דער „יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע „אַוואַנגאַרד", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין בוענאָס איירעס — מיט מיר ווי איינער פון אירע גרינדער — אין יאַנואַר 1907, און וועלכע איז אַלס גאַנצע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער יידישער סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין אַרגענטינע — אין דער צייט פון דער שפּאַלטונג פון דער סאָציאַליסטישער־ און אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער וועלט, דורך דעם דריטן, אָדער קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע, אונטערגעוואָרפן דער רוסישער סאָוועטן רעגירונג.

דער „אַוואַנגאַרד" איז פון 1907 ביז 1920 געווען אידעאָלאָגיש און פּרינציפּיעל אַ בונדיסטישע אָרגאַניזאַציע און דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד איז געווען אידעיש און פּרינציפּיעל די קאָנטינויטעט פון דער אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד", וועמען פּאָלאַק האָט גוט געקענט, מער ווי איין מאָל זי קריטיקירט, מיט איר פּאָלעמיזירט און אויב ער איז צוגעשטאַנען צו דער גרינדונג פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און אין אים זיך מיליטאַנטיש, אינטעליגענטיש און נשמהדיק באַטייליקט, האָט ער געוווסט ווער דער פאַר־באַנד איז און וועלכע עס איז זיין נאַציאָנאַלע אָריענטאַציע.

אפשר האָט זיך נאָך געפונען ערגעץ אין אַ ווינקעלע פון זיין נשמה אַ נישט פאַרלאָשענער פונק פון ציוניזם, אָבער עפנטלעך איז דאָס קיינמאָל נישט און אין ערגעץ נישט געקומען צום אויסדרוק.

פּאָלאַק איז געקומען פון רוסלאַנד אַ ציוניסט־סאָציאַליסט. חוץ דעם איז ער געווען אַ נעטער, עלעגאַנטער און אַפילו אַ שיינער יונגערמאַן, אַ טעמפּעראַמענטפולער און אַקטיווער.

וואָס איז שייך זיין ציוניזם, האָט ער עס, אין די ערשטע פּאָר יאָר פון זיין איינוואַנדערונג אין אַרגענטינע, אויסגעדריקט אין דער שפּראַך פון גלות און פון עמיגראַציע, נאָר געטאָן האָט ער אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע קולטור־רעלע און סאָציאַליסטישע אַרבעט.

אַ שיין־רעדנער, דער אייגנטלעכער יידישער אָראַטאָר אין אַרגענטינע,

האָט פּאָלאַק אַליין געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן געהער פאַר זיינע אייגענע רעדעס. האָט ער אָפּגעלאָזט אַ טענדענציעזע שפּראַך באַלד ווי ער האָט מער נישט געפילט קיין טעם אין איר און באַלד ווי ער האָט מער נישט געזען דעם עסטעטישן אמת אין איר דאָ אין דער נייער וועלט און אין דער נייער צייט, ווען עס קוקט זיך אויף אַלעם שוין נישט פון דעם פאַרקנעכטעטן, מיטלאַלטערלעכן, צאַרישן רוסלאַנד פון די פּאָגראָמען, נאָר עס קוקט זיך פון דעם פרייען, פּראָגרעסיוון, גלייכהייטלעכן, פריינטלעכן און דעמאָקראַטישן אַרגענטינע.

איז מיגעל פּאָלאַק געבליבן נאָר מיטן סאָציאַליזם אַן אויסגעברייטערטער, וואָס פאַרנעמט שוין אויך דאָס אָרט פון ציוניזם און אין וואָס עס פּאַסט זיך זייער גוט אַריין די אימפּולסירנדיקע, בליִענדיקע און זיך צעוואַקסנדיקע ייִדיש־וועלטלעכע קולטור אין אירע מולטיפּלע, לעבהאַפטיקע און אינטערעסאַנטע פאָרמען.

און אין לויף פון די יאָרן ווען פּאָלאַק אַן אָרימער סטודענט און לערער אין דער זעלבער צייט, האָט געמוזט זוכן מיטלען צום לעבן פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע ביז געוואָרן אַפּטייקער אין מאָזעסוויל — האָט אידעיִש איבערגעוואַנדערט פון איין אידעאָלאָגישער ייִדישער גרופּע צו אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער, איז אים די רייזע געווען גרינג. קיין שווערן באַגאַזש האָט ער מיט זיך נישט געפירט. איז אין ערגעץ נישט געווען קיין פאַנאַטיקער און פון יעדער אידעיִשער סטאַנציע נאָר מיטגענומען דאָס שיינע.

7

דרייסיק יאָר, דערצו די רייפסטע דרייסיק יאָר פון אַ מענטשנס לעבן, איז טאַקע אַ צייט־מהלך און עס איז מענטשלעך מעגלעך פאַר איינעם, אידעיִש און אָרגאַניזאַציאָנעל, איבערצוגיין, אויף דעם לעבנס־וועג, פון איין גרופּע צו אַ צווייטער. מיט דער שטאַנדהאַפטיקייט וואָס עס דאַרף זיך געפונען אין יעדן אידעאַליסט, וועלכער שטייט מיט בײדע פיס אויף דער ערד און אין לעבן, שטימט דאַך נישט דאָס איבערגיין פון איין פּאַרטייאישער גרופּירונג צו אַנדערע. עס איז אַ סימן פון שטאַנדלאָזיקייט, פון נישט אויסגעהאַלטנקייט. ווי איז עס ביי פּאָלאַקן געווען דער פאַל?

פּאָלאַק איז קיינמאָל נישט געשטאַנען מיט אַלע זיינע געדאַנקען נאָר אין דעם פּאַרטיי קרייז, ווו ער איז געשטאַנען. בעת ער איז געשטאַנען

אידעיִש און אָרגאַניש פאַרבונדן מיט איין באַשטימטן פּאַרטיי קרייז (און אויסער פאַרטייאיש איז פּאָלאַק קיינמאָל נישט געווען), האָט ער שטענדיק געלאָזט אַריבערלויפן זיינע געדאַנקען צו אַנדערע פּאַרטייאישע און אידעאָלאָגישע גרופּירונגען צו זען ביי זיי דווקא די גוטע זייטן. און ביי וועלכער געזעלשאַפטלעכער גרופּירונג, אויב זי איז נישט פון וואָרצל ביזן שפּיץ פאַלש, קאָן מען נישט טרעפן, אויב מען וויל נאָר, אַ גוטע זייט? פּאָלאַק האָט געהאַט די אייגנשאַפט צו זוכן און געפונען די גוטע זייטן ביי די אַנדערע, יענע אידעיִשע טיילעכלעך זייערע, וואָס האָבן געשטימט מיט זיין צענטראַל אידעע און מיט יענעם כוח, וואָס האָט אים געצויגן צום סאָציאַליזם. און מיט די דאָזיקע גוטע זייטן פון די אַנדערע האָט ער זיך געפילט אידעיִש פאַרבונדן. דעריבער האָט זיך פּאָלאַק געדאַנקלעך געפונען מיט אַנדערע אידעאָלאָגישע, סאָציאַלע, אָדער נאַציאָנאַלע גרופּירונגען אין דער זעלבער צייט ווען ער איז געשטאַנען אידעיִש און אָרגאַניזאַציאָנעל און אַקטיוו אין איינער אַ גרופּע, וועלכע האָט אים אידעיִש מער געקענט באַפרידיקן איידער אַן אַנדערע.

ווען פּאָלאַק איז אַוועק פון איין פּאַרטייאישער גרופּירונג און איז צו־געשטאַנען צו אַ צווייטער, איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס לויט זיין איבער־צייגונג האָט זיך ביי דער ערשטער אָפּגעשוואַכט איר אידעאַליזם, איר צוועק־מעסיקייט, איר פּרינציפּיעלישקייט, ער איז צוגעשטאַנען צו דער צווייטער, וואָס לויט זיין איינזען איז זי געווען אידעיִש גאַנצער, אָדער איז געווען אין דעם געגעבענעם מאָמענט צוועקמעסיקער פאַר דער אַלגעמיינער אידעע, אָדער איז געווען אין זיין איבערצייגונג פּרינציפּיעל פעסטער.

## 8

אין זיינע פּאַרטייאישע איבערוואַנדערונגען האָט פּאָלאַק מיטגעפירט אין זיך דאָס גוטע געפיל און באַציִונג צו דאָס אידעאַלע שיינע, וואָס איז געבליבן אין דער גרופּע, פון וועלכער ער איז אַוועק. דעריבער קאָן מען נישט זען פּאָלאַקן דעם אַבסאָלוטן פּאַרטיימאַן אין ערגעץ נישט. ער האָט נישט, אַז די אַבסאָלוטע רעכט געפינט זיך נאָר אין דער פּאַרטיי גרופּע, וווּ ער איז. ער האָלט, אַז אין יעדער פּאַרטייאישער אָדער געזעלשאַפטלעכער גרופּירונג געפינט זיך אויך אַ געוויסע רעכט, וואָס דאַרף געשעצט און רעס־פּעקטירט זיין פון אַלע, וואָס שטרעבן צו גערעכטיקייט. עס איז דעריבער נישט צו זען אין קיין איינע פון פּאָלאַקס טריבונע־אַרויסטרעטונגען, ווי שאַרף

און פייערדיק זיי זאָלן נישט זיין, ער זאָל אָנגרייפן עמעצנס רעכט צו זיין אַלס גאַנצעס, ער גרייפט אָן דאָס אַלץ, וואָס איז לויט זיין איבערצייגונג, פאַלש, בייזוויליק, טעותדיק, מיאוס, שעדלעך, אָבער ער גרייפט נישט אָן אַ פּאַרטיי אַלס גאַנצע, אַ קאָלעקטיוו אַלס גאַנצן.

און דאָרט ווו פּאָלאַק איז אָנגרייפער, טוט ער דאָס מיט ריינע וואָפן, דער שניט זאָל נישט פאַרגיפטן נאָר היילן, ער טוט דאָס נישט אויף באַשטעלונג אָדער בלינד אויספאָלגנדיק אַ פּאַרטיי דיקטאַט. ער טוט דאָס אויס דורכגעפילטער און דורכגעטראַכטער באַדערפעניש, כדי, לויט זיין איבערצייגונג, צו פאַרטיידיקן זיין סאָציאַלן אידעאַל, כדי נישט צו לאָזן אים באַפלעקן, פאַרמיאוסן, און ער טוט עס כדי אויך צו פאַרטיידיקן די מיטלען, די פּאָליטיק, די מעטאָדיק, דעם קאַמף, פאַר דער פאַרווירקלעכונג פונעם אידעאַל, זאָלן זיין שיינע, ריינע, אמתדיקע און אָפּהיטן אין זיך דאָס אידעאישע, זאָלן נישט זיין אין סתירה צום אידעאַל, נאָר אין פולער האַרמאָנישקייט מיט אים. און אַלס אַזאַ אָנגרייפער איז עס פּאָלאַק נישט נאָר צו דאָס, וואָס לויט זיין איינזען דאַרף אָנגעגריפן ווערן, ביי אַנדערע, נאָר אויך ביי זיך אין דער אייגענער פּאַרטיי גרופּירונג, אין וועלכער פּאָלאַק טרעט אַרויס פאַרטיידיקן דאָס שיינע וואָס איז אויך ביי אַנדערע.

און די פרייהייט פון זיין געדאַנקענגאַנג, זיין אָפענעם קוק אויף דאָס אייגענע און אויף דאָס נישט אייגענע, זיין אידעאַליסטישע באַציִונג צו אַלץ און צו אַלעמען ביי וועמען ער זעט נאָר דעם אידעאַלן פונק — לאָזט זיך פּאָלאַק נישט שטערן, דאָ איז ער שטייף, עקשנותדיק, דעצידירט און גייט אַוועק פון דעם פּאַרטיי קרייז, ווו עס ווערט אים ענג, ווו עס איז אָנגענומען אַלס מעטאָדע אונטערצודריקן אַזאַ פרייהייט. און ער זוכט אויף יענעם פּאַרטיי קרייז, ווו די דאָזיקע פרייהייט איז אַן אָרגאַנישער וועזן אָדער ווערט כאָטש טאָלערירט.

דאָס איז דאָס ליכט, וואָס באַשיינט פּאָלאַקס פּאַרטייאישע איבערוואַנדערונגען, זיין נישט פּאַרטייאישן אַבסאָלוטיזם דאָרט ווו ער איז, זיינע סימפּאַטישע באַציִונגען צו גרופּירונגען, פון וועלכע ער איז אַוועק און זיין אָנערקענען אַפילו אַזוינע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, וואָס האָבן פון זיין פּאַרטיי אַ טויט־אורטייל און ער אַליין איז אויף ניינאָונציק פּראָצענט אויך קעגן זיי.

9

פּאָלאַק פאַרשטייט און אָנערקענט דעם מאַטעריאַליסטישן פּראָצעס פון דער געשיכטע; ער פאַרשטייט און אָנערקענט דעם מאַרקסיזם אַלס וויסנ־שאַפטלעכע באַגרינדונג פון סאָציאַליזם, אָבער ער פאַרשטייט, פילט און שעצט זייער הויך דעם הומאַנישן עלעמענט אינעם סאָציאַליסטישן פּראָצעס, דעם גייסטיקן און דעם עטישן מאָמענט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דעם נשמהדיקן, וואָס דערהויבט פון דער וואָכעדיקייט צו יום־טובדיקייט; פון פּריוואַטע טעגלעכע אינטערעסן צו קאָלעקטיווע, שטענדיקע; פון אונטער־דריקטן מוזן צו אַ פרייען ווילן.

און דאָס גייסטיקע, עטישע, נשמהדיקע, וואָס איז שיין, ווו עס זאָל זיך נישט געפינען איז ביי פּאָלאַקן ענג פאַרבונדן מיטן סאָציאַליזם, אָנפּאַנ־גענדיק פון סאָציאַליסטישן געדאַנק, סאָציאַליסטישע באַוועגונג, קאַמפן, דערגרייכונגען ביז דער אומענדלעכקייט פון סאָציאַליסטישן אידעאַל. דאָס וואָס עס איז נישט שיין, איז נישט סאָציאַליסטיש און עס איז סאָציאַליסטיש דאָס שיינע, וואָס געפינט זיך ביי יעדן.

10

פּאָלאַק איז געווען דורכויס עסטעטיש. אָט דאָס עסטעטישע געפיל זיינס איז געווען דאָס הייליקע פייערל, וואָס האָט אים געפירט אויף זיינע לעבנס־וועגן, וועלכע זענען נישט געווען מיט רויזן אויסגעלייגט; דאָס עסטע־טישע געפיל זיינס איז געווען דער צענטראַל־פּונקט פון זיין אידעיִשקייט. דאָס האָט אים געפירט צום סאָציאַליזם און צו דער ייִדישער געזעלשאַפט־לעכקייט. און פּאָלאַק איז אינערלעך און אויסערלעך, אינדיווידועל, אין דער פאַמיליע און אין דער געזעלשאַפט, שטענדיק געווען אין פולשטענדיקער האַרמאָניע מיט זיינע סאָציאַלע איבערצייגונגען, מיטן סאָציאַליסטישן אי־דעאַל, מיט זיין פרייען גייסט, אַזוי אין משך פון זיין לעבנס־וואַנדערונג און אין זיין דרייסיק־יעריקן מיטשאַפן די ייִדיש־פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכ־קייט אין אַרגענטינע, ביז... די פלאַמען פון קרעמאַטאָריום האָבן זיין קערפּער פאַרוואַנדלט אין אַש.

# מרדכי אַלפּערסאָן

למי ולמה כל העמל הזה?

ווען עמיצער פון אייך, לעזער, קומט מיט דער דאָזיקער פראַגע, אָסור, אויב איך וואָלט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן! איינס ווייס איך, און דאָס זאָג איך גאַנץ אָפנהאַרציק: כ'האָב געשריבן גאָר אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן, איך האָב געטונקען די פען אין מיינע טרערן און אינעם בלוט פון מיינע חברים, די אימיגראַנטן, און טריי פאַרצייכנט אַלע אונדזערע פריידן — געציילטע אוןליידן — דווקא היפשלעך.

איך בין אַ קאָלאָניסט, ווינטש עס מיין גאַנץ לעבן צו פאַרבלייבן און באַגער, אַז מיינע קינדער און אַלע ליבע זאָלן עס זיין.

די גאָטהייט, די נאַטור, פאַרלאַנגט. צווינגט יעדע באַשעפעניש איבערצולאָזן אַ שפור, אַ סימן פון זיך אויף דער וועלט. דאָס איז דער סוד פון דער יצירה, פון דער גאַנצער בריאה פונעם קיום און וועלטלעכן באַשאַף.

פון מיין פריעסטער יוגנט, ווען איך בין אַלט געווען צוועלף יאָר, ביז הייַנטיקן טאָג, פאָלג איך אויס דעם דאָזיקן געבאָט.

מרדכי אַלפּערסאָן.

## א

אַלפּערסאָן איז געבוירן אין לאַנצקרוין, ביי קאַמעניץ־פּאָדאָלסק, רוסלאַנד, פון וואַנען ער מיט זיין פרוי און דריי קינדער האָבן אויסגעוואַנדערט אין אַנבליק פון די פאַרשאַרפטע רדיפות פון דער צאַרישער רעגירונג אויף ייִדן.

מרדכי אַלפּערסאָן איז דעמאָלט, אין 1891, אַלט געווען 30 יאָר און געוואָלט ווערן אַ קאָלאָניסט. מען האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן שיקן גרופּעס ייִדן צו קאָלאָניזירן זיך ביי דער באַראָן הירש קאָלאָניזאַציע אין אַרגענ־

טינע. האָט זיך אַלפּערסאָן מיט זיין פרוי און קינדער אַנגעשלאָסן אין אַזאַ גרופּע און מיט איר צוזאַמען איינגעוואַנדערט אין אַרגענטינע אין אויגוסט פון דערמאָנטן יאָר 1891.

פון פּאָרט אין בוענאָס איירעס איז אַלפּערסאָן געגאַנגען אויף די יונג־פּרוילעכע פּעלדער פון אַרום קאַרלאָס קאַסאַרעס אין דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן די אַזוי גערופענע יידישע אַגראַר־„קאָלאָניע מאַוריציאָ״, איינע פון די שענסטע און פרוכטבאַרסטע קאָלאָניעס אין לאַנד און צוזאַמען מיט דער אַגריקולטור, פיצוכט, מילכווירטשאַפט, איז געשאַפן געוואָרן אַ יידיש־געזעלשאַפטלעך, קולטורעל און גייסטיק לעבן.

אויב ווערן אַ יידישער קאָלאָניסט איז געווען אַ שטרעבונג ביי אַלפּער־סאָנען, אַ ציל, האָט ער דעם ציל דערגרייכט, די שטרעבונג — רעאַליזירט.

אַלפּערסאָן איז גלייכצייטיק געוואָרן דער וואָרטזאָגער פונעם יידישן קאָלאָניסט אין אַרגענטינע און זיין שרייבער — צי דאָס איז געווען זיין שטרעבונג אָדער נישט — און טאַקע דער שרייבערישער וואָרטזאָגער, מחמת ער האָט נאָר געשריבן און גאָרנישט עפנטלעך גערעדט, אויף קיין טריבונע נישט. און געשריבן האָט ער דווקא אַ סך, כאָטש ער האָט דאָס נישט געהאַלטן פאַר זיין באַרוף און נישט געקוקט וואָס ער איז אַליין געווען אַ קאָלאָניסט — אידעאַליסט און רעאַליסט אויף די אומענדלעכע, פרוכטבאַרע אָבער נאָך ווילדע אַרגענטינער פעלדער.

ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, האָבן זיך געשאַפן קלאַסן אין לאַנד פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע; קלאַסן מיט קעגנזעצלעכע אינ־טערעסן, קאַמף, לייד, פרייד, זיג און פאַרלוסט. דער יידישער פויער, דער קאָלאָניסט האָט געוויינלעך געהאַט מער פונעם ערשטן און דעם פערטן.

די קאָלאָניסטישע באַפעלקערונג איז נאַטירלעך געווען דעמאָקראַטיש. בעת די אַדמיניסטראַציע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע איז געווען לויט איר געבוי, כאַראַקטער און פּראַקטיק — ביוראָקראַטיש־אויטאָקראַטיש, דאָס אַליין האָט געשאַפן אַנגעצויגענע באַציִונגען צווישן דער ביוראָקראַטיע און אויטאָקראַטיע און דער דעמאָקראַטיע אויף די פעלדער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע. חוץ דעם זענען געווען קעגנזעצלעכע אינטערעסן צווישן דער אויטאָקראַטישער אַדמיניסטראַציע און דער דעמאָקראַטישער יידישער קאָלאָ־ניסטישער באַפעלקערונג און ווען איין צד, דער דעמאָקראַטישער, האָט גע־שטרעבט און געקעמפט פאַר אַ בעסער לעבן אַ סאָציאַל־גערעכטערס, אַ שענערס, האָט דער אַנדערער צד, דער אויטאָקראַטישער, געהאַט צו טאָן

מיט דאָס פאַרקערטע: מיט אונטערדריקן, פאַרפאָלגן און דערנידעריקן דעם קאָלאָניסט.

אַלפּערסאָן אַליין אַ קאָלאָניסט איז ער אויך געווען אַ מענטש פון גייסט און פון הומאַנישן געפיל און זיין וויסן און געוויסן האָט אים אימפּולסירט צו זיין דער וואָרטזאָגער און דער שריפטשטעלער פון דער ייִדישער קאָלאָניסטישער דעמאָקראַטיע, פון אירע סאָציאַלע באַדערפענישן, פּראָטעסטן, פאָדערונגען, שטרעבונגען און פון איר לעבן.

אין דעם גייסט איז מרדכי אַלפּערסאָן אַ פאָרגייער פון סאָציאַליזם אויף די פעלדער פון דער ייִדישער לאַנדווירטשאַפט אין אַרגענטינע, דער פּיאָנער און הערא:קער פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד און איר היכווירדיקער וועטעראַן.

אין 1920, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער באַרימטער ייִדישער שרייבער פון פּוילן ה. ד. נאָמבערג האָט באַזוכט אַרגענטינע, האָט ער, צו זיין אומקערן זיך אין אייראָפּע, מיטגענומען פון באַגייסטערונג אַלפּערסאָנס ערשטן באַנד „מעמוארן פון אַ ייִדישן קאָלאָניסט" אויפן נאָמען „דרייסיק יאָר אין אַרגענטינע", אַרויסצוגעבן אים אין בערלין, ווו אַלפּערסאָנס בוך איז אין 1923 אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אַ „ייִדיש־ליטעראַרישער פאַרלאַג".

צו דער אויסגאַבע האָט נאָמבערג געשריבן עפּעס אַן אַ נאָמען און דאָרט שרייבט ער וועגן אַלפּערסאָנס בוך:

„פאַר מיר איז דאָס געווען אַ ייִדישער ראָבינזאָן קרוזאָ. איך האָב עס געלייענט און איבערגעלייענט און האָב נישט געהאַט גענוג ווערטער אויף אָפּצודאַנקען דעם מחבר פאַר די אמת גליקלעכע שעהן, וואָס די לעקטור האָט מיר געגעבן. דאָס איז מער ווי אַ שילדערונג, ווי מעמואַרן. דער אמת אַליין אין זיין נאַקעטקייט ווערט דאָ דערהויבן צו דער מדרגה פון קונסט".

## ב

אין 1947 איז מרדכי אַלפּערסאָן געשטאָרבן.

דאָס איז געשען אויפן 56סטן יאָר פון אַלפּערסאָנס זיין אין אַרגענטינע, פון זיין פעלדישער אַרבעט ווי אַ ייִדישער קאָלאָניסט; פון זיין אידעאַליזירטער ייִדישער קאָלאָניזאַציע; פון זיין סטאַ:שקייט, הערא:שקייט און דויערהאַפטיקייט אין אָנהייב פון דער דאָזיקער קאָלאָניזאַציע, איר גאַנג, איר פּרעסטיזש, איר קאָנטינוי:טעט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, סימבאָליש און אמתדיק, אַלפּערסאָנס בלייבן יידישער קאָלאָניסט אויף די פעלדער פון דער ערשטער, בעסטער און שענסטער יידישער קאָלאָניע מאָוריציאָ, וואָס איז די ערשטע ווי אַ יידישע קאָלאָניע אין אַרגענטינע אומגעקומען.

און דאָס איז געשען אויפן 56סטן יאָר פון אַלפּערסאָנס ליטעראַרישער אַרבעט, ליטעראַרישער פּראָדוקטיוויטעט און שעפערישקייט איינציייטיק מיט דער פען און מיט אַקעראייזן, „איבערצולאָזן אַ שפּור, אַ סימן פון זיך אויף דער וועלט".

און אַזוי איז מרדכי אַלפּערסאָן דער אַרגענטינער יידישער שרייבער, יידישער קאָלאָניסטישער אידעאַליסט, פּאַנען־טרעגער און קעמפער — געשטאָרבן און נישט געשטאָרבן, מחמת ער איז אַריבער פון דער שטערבלעכקייט אין דער אומשטערבלעכקייט אין עלטער פון 86 יאָר אויף דער אַרגענטינער ערד, וואָס ער האָט פאַרהייליקט, זייענדיק דער נשמהדיקער און גייסטיק קרעפטיק יידישער מענטש ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

ג

עס ליגן אויף מיין שרייבטיש מרדכי אַלפּערסאָנס ביכער, זיי זענען צעעפנט, צעבלעטערט; באַיאָרנטע בלעטלעך, אָבער נישט קיין פאַרוועלקטע; גרינע בלעטלעך, שוואַרצלעך־גרין, פרישערהייט פאַרהאַרטעוועטע פון ליידן, פון ראַנגלען זיך מיט בייזע ווינטן, אָבער נאָך זאַפטיקע, דורכגעזאַפּטע מיט טרערן־טוי אונטער זונאויפגאַנג אויף ווילדע פעלדער און דזשאַנגלדיקע וועלדער, וואָס שמעקן מיט בראשית, מיט אָנהייב, מיט אַרבעט, מיט קאַמף און זיי שמעקן מיט ריחות פון פעלד, פון וואַלד, פון אויפגעאַקערטער ערד, פון צוויט, פון בליונג, פון אויפגעגאַנגענע זאַנגען, פון צעוואַקסענע בלעטער און פון זיי קוקט אַרויס מרדכי אַלפּערסאָן אַ מנוחהדיקער, מיט אויגן וואָס קוקן אַרויס פון זיך, אונטער אַ הויכן שטערן, אויף אַ שטילן פּנים, מיט אַ ביסל אַראָפּגעלאָזטער נאָז און אַן אינטעליגענטיש אַרומגעשוירענער באָרד איבער אַ ווייסן האַרטן קאָלנער מיט אַ פּינקטלעך אויסגעבונדענעם לאַנגן קראַוואַט און עס דאַכט זיך דיר, אַלפּערסאָן דער אידעאַליסטישער יידישער פּויער, דער אידעאַליסטישער יידישער קאָלאָניסט און דער אידעאַליזירער פונעם אַרגענטינער יידישן פעלד — קוקט אויף דיר מיט זיין געוויינלעכער גוטמוטיקייט און מאָנט עפּעס שווייגנדיק...

## ד.

עס איז געווען אין אַ זונטיקדיקן, זומערדיקן, באַגינען, ווען מיר, דער פילם־אָפּעראַטאָר און דער אַגראָנאָם קאַושאַנער און איך זענען פון אַ נאַכט־רייזע אויף דער באַן אָנגעקומען אין דער „שטאָט", ווי אַלפּערסאָן רופט אין זין פון שטאָטישקייט קעגן דאָרפישקייט, דאָס אַמאָליקע ליבע יידיש אַרגענטיניש שטעטעלע קאַרלאָס קאַסאַרעס, וואָס קלמן פאַרבער, דער פאַרבער און דער קאַרלאָס קאַסאַרעסער יידישער שרייבער האָט שלום־עליכמדיק אָנגערופן „קאַסרילעווקע". אָבער אונדזער ציל אין יענעם פרימאָרגן איז נישט געווען „קאַסרילעווקע", נאָר — עספּעראַנסאַ.

מיט עספּעראַנסאַ, וואָס זעצט זיך איבער אויף יידיש: האָפענונג און וואָס איז געווען דער נאָמען פון אַ נייער יידישער קאָלאָניע אין דער „אַלטער" יידישער קאָלאָניע מאַוריציאָ, האָט דער אינזשעניער אַגראָנאָם קאַושאַנער, וועלכער איז שוין געווען דער פאַבריקאַנט פון דעם פּוך־פּולווער „פּולאָיל" שטאַרק פאַרוועבט געהאַט זיינע אַגראָנאָמישע פאַנטאַזיעס, פּראָיעקטן, פּלענער, איניציאַטיוועס און עקספּערימענטן, האָט ער אָרגאַניזירט אויף יענעם טאָג אַ קאָנצענטראַציע פון די צוקונפטיקע יידישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן פאַרבונדן זייערע האָפענונגען מיט עספּעראַנסאַ און מיט קאַושאַנערס פּלענער צו מאַכן עספּעראַנסאַ אַ שטאָטישן דאָרף מיט קאָאָפּעראַטיווער אינדוסטריע פון די אָרטיקע אַגראַר פּראָדוקטן און נאַטור מאַטעריאַלן און קאָמערציאַליזירן די קאָאָפּעראַטיווע אַגראַר־אינדוסטריעלע פּראָדוקטן און איינפירן מאָטאָריזאַציע און עלעקטריפיקאַציע און אַ קולטור געזעלשאַפט לעבן מיט מאָדערנער דערציִונג און פאַרווייַלונג פאַר די קינדער און פאַר דער יוגנט. האָט דער אינזשעניער אַגראָנאָם קאַושאַנער מיטגעפירט אַ פילם־אָפּעראַטאָר מיט אַ פולשטענדיקן פילם־עקיפּ און געמאַכט עס זאָל פילמירט ווערן דער גאַנג צו עספּעראַנסאַ, אָנהייבנדיק פון קאַרלאָס קאַסאַרעס; און דער גויאישער פילם־אָפּעראַטאָר האָט פלייסיק און געטריי געדרייט דעם פילם־באַנד, עס האָט אים אויך אינטערעסירט די זאַך און ער האָט זיך אין איר אַריינגעטאָן, און עס האָט זיך אין דעם פילם אַריינגעדרייט די געאָגראַפיע מיט שטיקלעך געשיכטע פון נעכטן, פון היינט און פון מאָרגן, פון דער קאָלאָניע מאַוריציאָ, וואָס איז די געשיכטע פון די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע; און עס האָט זיך אַריינגעדרייט אין אים דער גאַנצער פייערלעכער טאָג פונעם יידישן פעלד, ווו יידישע גאַוטשאָס זענען

זיך צוזאַמענגעקומען אין דער פעלדישער סטאַנציע עספעראַנסאַ מיט זייערע פרויען און מיט זייערע קינדער, ווער רייטנדיק אויף זייערע רייטפערד און ווער פאָרנדיק אויף לייכטע צוויי רעדערדיקע „סולקיס"; עס האָט זיך אַריינגעדרייט די „אַסאַדע" פון די יינגסטע שפּעלעך, וואָס האָבן זיך געבראָטן אויף די פייערן אויסגעלייגטע אין ברייטן הויף פון דער סטאַנציע און וועלכע די יידישע פויערים־פאַמיליע האָט געגעסן צוביסנדיק גרינס און צוזופּנדיק רויטן וויין. נאָך דער „אַסאַדע" האָבן די מיידלעך מיט די בחורים זיך צעהוליעט. מ'האָט געטאַנצט „שער" און „פּעריקאָן", מ'האָט געטאַנצט „טאַנגאָ" און „קאַזאַטשאָק" און דערנאָך האָט מען אין שאָטן פון די הויף־ביימער געשמועסט וועגן דער ווירטשאַפט דאָ אין דער צוקונפטיקער קאָלאָניע עספעראַנסאַ.

צווישן מיטאָג און פאַרנאַכט, ווען די זון איז אַריבער אויף מערב, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ ווייסן טיש אונטערן העל־בלויען הימל און עס איז געוואָרן אַ טריבונע, אַרום איר האָבן זיך פאַרזאַמלט יונג און אַלט, די מענער און די פרויען און דער פילם־דרייער, וואָס ווערט גאָר נישט מיד צו דרייען אַ גאַנצן טאָג. האָט שוין אָנגעשטעלט זיין אַפּאַראַט אויפן מיטינג און דרייט, אַריינדרייענדיק אים מיטן אינזשעניער אַגראָנאָם קאָושאַנער, ווי ער שטייט אויפן ווייסן טיש און פליט מיט די הענט אין דער הויך ווי מיט פליגלען אויף דער פעלדישער לופט און דער פאַרזאַמלטער עולם פון יידישע קאָלאָניסטן פון דער צוקונפטיקער קאָלאָניע עספעראַנסאַ הערט זיך איין צו די שייךקלינגענדיקע און דערלייזערישע ווערטער פונעם רעדנער.

ה

און מרדכי אַלפּערסאָן? פאַרזוענלעך האָב איך אים דעמאָלט אין 1918 נאָך קיינמאָל נישט געזען, איז ער דאָ אויך געווען? פאַרזוענלעך — נישט, גייסטיק — יאָ! איר זעט אים „ביי די טויערן פון לאַ עספעראַנסאַ", עס איז דער 80סטער קאַפּיטל פון צווייטן טייל פון זיין דריי־בענדערדיק בוך: „30 יאָר אין אַרגענטינע" („מעמואַרן פון אַ יידישן קאָלאָניסט"). ווי אַ נביא, וואָס דענונצירט און פּראָטעסטירט, איראָניש, סאַרקאַסטיש, קעגן שריט, קעגן פּירוגג און קעגן באַציונג, וואָס אין זיינע פאַרויסזעונגען זעט ער ווי זיי שעדיקן די זאַך פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און ווי זיי פירן צום אָפּרונט...

... אָט דאָ, ביי „לאַ עספעראַנסאַ" הויבט זיך אָן די התחלה פונעם סוף מאַוריציאָ — מעגן די קאָלאָניסטן זאָגן.

ביי די טויערן פון לאַ עספּעראַנסאַ האָבן זיי דעם שטאַרקסטן שטויס אין האַרצן פון דער פראַנצויזישער דיקטאַטור באַקומען און פון דעם דאָזיקן שטויס איז ביי זיי געפאַלן די גאַנצע אמונה אין דער אידעע, וואָס האָט זיי געוואַרעמט און געהיותט די פרי׳ערדיקע 17 יאָר.

נעבן לאַ עספּעראַנסאַ האָט זיך צעפלאַקערט דאָס מעכטיקע שנאה־פייער צווישן די באַאַמטע און די קאָלאָניסטן; אַ פייַנדשאַפט וואָס ברענט און וועט ברענען ביז צום ענדע פון דער קאָלאָניזאַציאָן, און קיין וואַסער אין דער וועלט וועט דאָס נישט אימשטאַנד זיין צו לעשן... „לאַ עספּעראַנסאַ״ איז געוואָרן די אַרענע פאַר דעם גרויסן שפּעטערדיקן „טיטולאָס״־קאַמף, לאַ עספּעראַנסאַ האָט אונדז אין די געריכטס־הייזער געבראַכט מיט די אדונים זיך צו משפּטן.

און איך האָב מורא צו זאָגן, אַז דאָרטן אין עספּעראַנסאַ האָבן די אַריס־טאָקראַטישע דירעקטאָרן באַזיגלט דעם אונטערגאַנג פון דעם גאַנצן קאָלאָ־ניזאַציאָנס אידעאַל!

הלוואי זאָל נישט זיין אַזוי!

אָבער ווער האָט זיך געריכט אַז ס׳וועט יאָ אַזוי זיין? וועמען איז אויפן זינען געקומען אַז זיי, די איידעלע גוט דערצויגענע אַדונים זאָלן אַזאַ הימל־שרייענדיקן אומרעכט באַגיין? נאַרן אַ פאָלק? נאַרן, אַנטוישן דעם פאָטער מיטן זון? אוי היט אייך הערשער, צו נאַרן און צו פאַרשעמען דאָס נידער־געשלאָגענע פאַרשקלאַפטע פאָלק! אַלץ קענט איר מיט אים מאַכן, אויסהונ־גערן, פּלאָגן; שענדן, טרעטן אויפן קאָפּ, אָבער נישט נאַרן, נישט חוזק מאַכן פון זיינע איידעלע געפילן...

יאָ! זיי האָבן חוזק געמאַכט פון אונדז; דאָס דערוואַרטעטע פאַרשפּראָ־כענע עספּעראַנסאַ האָבן זיי צו די גרים אַוועקגעגעבן...

ס׳איז נאָך געווען צו וואַרטן דריי יאָר ביז די סטאַנציע עספּעראַנסאַ זאָל איבערגענומען און צעטיילט ווערן, דאָס הייסט: גאַנצע דריי יאָר פאַרן שטורם.

דריי אַדמיניסטראַטאָרן האָבן זיך געביטן אין דער צייט.

דער ספרדישער סעניאָר סידי איז אַוועק קיין באַסאַוווילבאַסאָ, אויף זיין פּלאַץ איז געקומען אַ טערקישער בחור סעניאָר .K, אַ פרי׳ערדיקער לערער, ער האָט זיך אָבער, ווי ס׳ווייסט אויס, מיט זיין האַס צום עמיגראַנט און מיט זיין טרייהייט צום פראַנצויזישן רעזשים זייער באַליבט געמאַכט ביי די דירעקטאָרן, אַז זיי האָבן אים פאַר אַן אַדמיניסטראַטאָר באַשטימט... פּיל

אַרבעט האָט ער ביי אונדז דאַן נישט געהאַט, ער האָט נאָר זיין „אַמיגאָ" דעם סעניאָר שטראָך די סטאַנציע סאַנטאָ טאָמאַס, דעם גאָרטן, וואַלד און די שיינע מויערן אַוועקגעגעבן, דאָס הייסט: אויסגעטוישט פאַר יענעמס פשוטע „טשאַקרע" פון אַליסע... ער האָט אויך די 25 העקטאַר רעזערוו נעבן אַליסער וואַלד, וואָס די נאָבעלע דירעקטאָרן הירש און קאַזעס האָבן איבער־געלאָזט אַ שטעטל צו בויען, פאַר די זקנים און בעלי־מלאכות, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן וווינען אין קאַסאַרעס...

דאָס האָט ער צעטיילט צווישן די שכנים, אַנולירנדיק אַזוי דעם דאָזיקן פּלאַן אויף אַזאַ אופן אויך אָנגעגרייט אַ ביסל ברען־מאַטעריאַל פאַרן שפּע־טערן פייער... ער האָט איינגעקאָבירט דעם יערלעכן אָפּצאָל און באַלד האָבן אים די אַדונים אַלס הערשער אין דער קאָלאָניע „דאָראַ", אין דער פּראָווינץ סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ אַוועקגעשיקט, ווו ער זאָל לערנען בלק מיט די עמיגראַנטן פון קישענעווער פּאָגראָם...

איך קען נישט פאַרבייגיין דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון דער קאָלאָניע דאָראַ, כדי נישט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן איר, הגם איך שרייב דאָך נאָר די זכרונות פון אונדזער מאָוריציאָ. עס וועלן זיך געוויס געפינען קאָלאָ־ניסטן פון יענע געגנטן אין טשאַקאָ, סאַנטיאַגאָ אָדער סאַנטאַ־פּעער, סערעס און וועלן אַוודאי פאַרשרייבן, פאַרצייכענען עטוואָס פון זייערע ליידן, פון זייער פּיין און שמערץ, וואָס זיי האָבן און וואָס זיי וועלן נאָך אויסליידן אין יענער וויסטעניש און אונטער יענע מושלים... דאָך, ווען דער געדאַנק דרינגט אַריין אין מוח און פאַר די אויגן שטעלן זיך פיר אותיות „דאָראַ", דריקט דאָס האַרץ אַזוי צונויף פון ווייטיק און עס ווילט זיך עפּעס שרייבן, עפּעס פרעגן. אַוועקשטעלן די פייערדיקע שאלה פונעם: „פאַר וואָס?" פאַר וואָס זענען מענטשן אַזוי שלעכט? פאַר וואָס נעמט מען אייגענע ברידער, וועלכע האָבן שווער געליטן פון קאַצאַפּעס גרויזאַמע הענט, זענען געמאַטערט און געפּלאָגט געוואָרן, און קוים מיטן לעבן זיך געראַטעוועט פון די פּאָגראָ־מען, — אָט די אומגליקלעכע פאַרפירט מען צוליב אַ ביסל שמוציקע געלט הינטער די הרי־חול, אין די מדבר־שטרעקעס, צווישן זאַלץ־ פלוסן, וועלכע גאַרטלען אַרום דעם גאַנצן מקום, דעם גאַנצן שטח ווי מיט אַ ברוין־געלן פאַרטוך; דאָרט ביי דעם געזאַלצענעם טייך (ריאָ סאַלאַדאָ) און נעבן די פעלזן ווו דער ווינט שאַפט זיך זיין נעסט, דאָרט אויפן סאַליטער־זאַמד, ווו די לופט איז אָנגעפילט מיט זאַלץ, ווו דער הימל איז ווי פון קופּער, און די ערד גליט ווי אייזן, אָט אַהין פאַרשיקט מען יענע געפּייניקטע, וועלכע האָבן רו געזוכט

אונטער די גאָלדענע פליגל פון באַראָן הירשס קאָלאָניזאַציע, אָט אָ די שוצ־לאָזע, וועלכע האָבן נאָך ברויט און פרייהייט געגאַרט אונטערן שוץ פון דעם בלוי־ווייסן פלאַג, וואָס דער העלד בעלגראַנאָ האָט געשאַפן און וואָס דער גענעראַל סאַן מאַרטין האָט באַפעסטיקט, — און ווו זיי האָבן געהאָפט רו און ברויט צו געפינען אונטער די שיינע אַרגענטינער הימלען אויפן רייכן פרוכטבאַרן באָדן.

פאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן קאָמיסיאָניסטן, שווינדלער, מעקלער, גנבים, אינזשעניערן און אויך אייניקע באַאַמטע פון דער יק״אַ! ווי האָט אייך אייער האַרץ דערלאָזט אַזאַ פאַרברעכן, אַזאַ הימל־שרייענדיקן אומרעכט אויף אייע־רע ברידער, אויף אייערע מיטמענטשן?!

עס שטייען אַזעלכע שטרעקעס פון טויזנטער פרוכטבאַרע פעלדער אין דער אַרגענטינער רעפּובליק, וואָס קיין מענטשלעכע האַנט האָט זיי נאָך נישט באַרירט, און איר, רוצחים, האָט אייערע ברידער פאַר אַ ביסל פונעם געלט מעטאַל, פאַר אַ פעטן פאַרדינסט די מדבריות פאַרפירט ווו זיי גייען אויס פון הונגער און דורשט און ווערן נאָך דערצו געפייניקט, געשלאָגן און אין תפיסה געוואָרפן.

איצט ווען איך שרייב די שורות אין אויגוסט 1917 איז די גאַנצע פּרעסע פון לאַנד, די יידישע ווי די אַלגעמיינע, אויפגערעגט צוליב די שענד־לעכע, באַרבאַרישע טאַטן, וואָס ווערן באַגאַנגען אין דאַראַ בנוגע אונדזערע קאָלאָניסטן.

---

עס איז געקומען דער טאָג פון פאַרשרייבן זיך אויף לאַ עספּעראַנסאַ. עס זענען באַפאַלן דער אַדמיניסטראַציע אַ פאָר הונדערט עמיגראַנטן, פון אַלע שטעטלעך אַרום און אַרום. פון אַלע פאַרוואָרפענע סטאַנציעס זענען זיי געקומען נעמען אַ נחלה פון 150 העקטאַר לאַנד און דריי טויזנט מזומניב...

שוסטער האָבן דעם קאפּול אַוועקגעוואָרפן, שניידערס די שער, סטאָ־ליאַרעס, שמידן, „באָליטשעראָס" האָבן געלאָזט זייערע שענקען און די שיכורים — אַלע זענען געקומען.

דער אַדמיניסטראַטאָר .B האָט נומערן פאַרטיילט, און איינציקווייז זיי פּראָטאָקאָלירט, אויסגעפרעגט, דער עיקר פראַגע איז געווען, צי דער אימי־גראַנט פאַרמאָגט געלט און אויב ער האָט אָט דעם מין אַ סך געהאַט, האָט

אים דער שרייבער שוין צוגעשמייכלט... דאָס הייסט, די אַקציע זיינע אויף דער „עספעראַנסאַ־קאָלאָניזאַציע", שטייט גוט...

קאָלאָניסטן זענען ווי די אבלים מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ געשטאַנען, צוגעקוקט זיי דאָס „ערב רב" האָט באַלאַגערט די אַדמיניסטראַציאָנס געביידע, אָט יענער מויער וואָס זיי האָבן די ציגל מיט זייערע פּיס געקנאָטן...

עס זענען אונטערגעקומען נאָך עמיגראַנטן:

— גייט איר אין די מדבריות פון סאַנטע פּע! שיקט איר אייערע קינדער אַהין! — שרייט אַ יונגער עמיגראַנט, אַ בלעכער פון פּראָפעסיע און כאַפּט אַרויס אַ זשמעניע מיט הונדערטער — אָט אָ דאָס פאָדערט מען היינט אין ביוראָ! איך האָב... און וועל נעמען די בעסטע „טשאַקרע" אין לאַ עספּעראַנסאַ... אויס שנאָרער מיוחסים!... מיר וועלן דאָ קאָלאָניזירט ווערן...

די וועלכע זענען געווען מיט הייסע טעמפּעראַמענטן הויבן זיך אָן פּאַטשן.

די פּאָליציי, וואָס איז וואַרשיינלעך דערויף אָנגעשטעלט געוואָרן... האָט דעם צעהיצטן עולם פאַנאַנדערגעטריבן.

עס האָט זיך אַ פּאָר טעג אָפּגערעשט מיטן פאַרשרייבן. די פּאַפּירן זענען אין דער דירעקציע אָוועקגעשיקט געוואָרן.

מעשׂיות פאַרשידענע, פּאַטשטן, פאַרלוימדונגען, האָבן זיך צעטראָגן אין קאָלאָניע...

אין גאַנצן 10 קאָלאָניסטישע קינדער — אפשר גאָר די גרויסע מיוחסים — אָדער די „מתן בסתרניקעס" — איך ווייס?... זענען דאָרט באַזעצט געוואָרן און די גאַנצע קאָלאָניע איז אַריינגעפאַלן צו די גריבע...

די קינדער וואָס זענען דורכגעפאַלן האָבן זיך געפונען באַליידיקט און דערנידעריקט, הילפסלאָז און פאַרשעמט... די „לאַ עספּעראַנסאַ", „די האָפענונג" איז האָפענונגסלאָז געוואָרן.

עס האָט זיך אַוועקגעשטעלט די שרייענדיקע פראַגע:

וואָס טוט מען מיט די קינדער? — אין אַלע אַנדערע קאָלאָניעס דאָס זעלבע — צו וואָס פאַר אַ פּרנסה קענען אָט די קינדער זיך נעמען? קינדער דערצויגענע אין פעלד, אויפגעוואַקסענע ביים אַקער און בראָנע, וועלכע קענען דאָמינירן דעם ווילדסטן פערד, צוימען דעם צעיושעוועטן „באָוישאָ" (אָקסן)... זענען פעיק אַרומצוגיין מיט די „באָליאַדאָראָס" און מיט דער „לאַסע", דערפאַר אָבער זענען זיי פרעמד פון קולטור, קענען קיין מלאכה נישט,

וויסן נישט פון קיין מסחר, אומוויסנדע, וואָס קענען קוים זייער נאָמען אונ־טערשרייבן?!

אין דער היים, ביים פאָטער, זענען דערווייל אונטערגעוואַקסן זעקס ברידערלעך, וואָס קענען שוין אַליין פירן די „טשאַקרע״... וואָס טוט מען מיטן עלטערן זון, וועלכער האָט שוין אַ ווייב מיט איין אָדער צוויי קינדער?

די פראַגע איז געווען זייער אַ ברענענדיקע, פשוט אַ לעבנס־פראַגע איז דאָס געווען און מען האָט זי בשום אופן נישט געקענט איגנאָרירן...

ו

איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן אַליין צו שרייבן וועגן דעם פאַל אין דער געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און נישט וועגן קיין אַנדערן פאַל, וואָס קען זיך ווייטער אַרויסשטעלן פון מיין געדעכעניש און פון אַלפּערסאָנס שריפטן. פונעם שרייבער פון אַרגענטינער יידישן פעלד, וואָס קומט אַרויס מיט זיין סטיל, נישט געקוקט וואָס אַלפּערסאָנס געדרוקטע שריפטן זענען איבערגעשריבענע און פון אַנדערע קאָרעגירטע און רע־דאַקטירטע.

עס זענען אַוועק זיבן יאָר זינט דעם יום־טוב אין עספּעראַנסאַ, וואָס איז געווען די לעצטע האָפענונג פון דער יידישער קאָלאָניע מאָוריציאָ. אַל־פּערסאָנס נביאות איז מקוים געוואָרן. עס שפּרייטן זיך אויס די גרינע פעל־דער אין עספּעראַנסאַ און זיי שפּרייטן זיך אויס אויפן גאַנצן גרויסן שטח פון מאָוריציאָ, אָבער נישט קיין יידישע פעלדער זענען זיי. איך פאָר אין דעם „גן־עדן״ פון די יידישע קאָלאָניעס... וואָס זענען געווען יידישע. דער פורמאַן ווייזט מיר אָן אויף אַ פעלד וואָס איז נאָך יידיש, עס געהערט נאָך מיינט ער צו יידן; דאָ און דאָרט שטעלן מיר זיך אָפּ אין אַ יידיש־דאָרפישן הויף, דאָס זענען די אויסנאַמען, די לעצטע פון דער רייכסטער יידישער קאָ־לאָניע אין לאַנד. דער לעצטער פון די לעצטע, דער וועלכער איז באַשלאָסן קיינמאָל נישט צו פאַרלאָזן די קאָלאָניע קיינמאָל נישט אַרויסצוציִען זיך פון פעלד, איז מרדכי אַלפּערסאָן, וועמען מיר פאָרן וויזיטירן אין דעם קאָ־לאָניסטישן שטעטעלע הירש, ווו ער וווינט אין זיין גאָרטנדיק הויז. אַלפּער־סאָן האָט שוין געהאַט געשטעלט אַ פּרעכטיקן מאָנומענט דער יידישער קאָ־לאָניע מאָוריציאָ. אָבער דעם ים פון זיינע קאָלאָניסטישע בענקשאַפטן האָט ער נישט אויסגעשעפּט. זיצט ער, דער וועטעראַן, פון די יידישע שרייבער אין אַרגענטינע אין דעם שטעטעלע אויף דער סטאַנציע וואָס טראָגט דעם

נאָמען פון באַראָן הירש, דער שאַפער פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און שרייבט.

— וואָס שרייבט מרדכי אַלפּערסאָן?

— וואָס שרייבט ער נישט?

אַלפּערסאָן שרייבט מעמואַרן און ער שרייבט ראָמאַנען; ער שרייבט דראַמען און ער שרייבט דערציילונגען; ער שרייבט אויפשריפטן אויף זיינע ביכער־מתנות און אַלץ וואָס ער שרייבט שמעקט מיט פעלד. און עס איז אַ גוטע גערעטעניש אויפן פעלד פון זיין שרייבן, זיין אַרבעט איז פּרוכטבאַר, עס וואַקסן אונטער זיין פּעדער די באַשריבענע בלעטלעך, וואָס שמעקן מיט פעלדישער ערד, אונטערן אַקער און פּאַרזיי, מיט שוייס פון שטערן און מיט טרערן, ביי אַ צווישצעריי פון פּאַרביקע פייגל, וואָס האָבן ליב די ריחות פון אויפגעאַקערטער ערד און פרייען זיך איבערן קאָפּ פונעם אַקערער און גייען אַ פליי־טאַנץ.

ז

אַלפּערסאָן דערציילט, אַז „אין אַ זונטיקדיקן טאָג, דעם 23סטן אויגוסט 1891, האָט מיך די דייטשע שיף „טיאָקאָ״, מיט נאָך 300 עמיגראַנטן, גע־בראַכט פון האַמבורג קיין בוענאָס איירעס, נאָך אַ רייזע פון 32 טעג אויפן ים.

איידער דער דאַמפער איז צום האַפן צוגעשוואומען, ווען מיר האָבן פון וויטן דערזען די שטאָט, איינגעהילט אינעם שאָטן פון די פּאַלמען־ביימער, האָט אונדז אַ שטאַרקע שמחה באַהערשט, די מאַמעס האָבן זייערע קינדער אין דער הייך געהויבן, און אויסגערופן מיט פרייד:

— זעט קינדערלעך! אָט דאָרט איז דער גן־עדן, דאָס שיינע גרינע לאַנד, וואָס דער גוטער באַראָן הירש האָט פאַר אונדז געקויפט.

— ערד־אַרבעטער, קאָלאָניסטן ווען מיר ווערן; פרייע ייִדן וועלן מיר זיין. אויס פּאָגראָמען! אויס איגנאַטיעוו (אַ צאַריש־רוסישער מיניסטער) מיט זיינע גזירות!״

כראָניק מיט דאַטעס און ציפערן? אָבער אינטערעסאַנטע, וויכטיקע, גע־שיכטלעכע און ליטעראַרישע, אָדער שרייבערישע מיט שטימונג, מיט פאַנ־טאַזיע, מיט שטרעבונג, מיט פעלד־אידעאַליזם.

„... ווען עמיצער פון אייך, לעזער, קומט מיט דער דאָזיקער פראַגע (נאָך וואָס אייגנטלעך איך האָב אָנגעשריבן דאָס בוך?), אָסור, אויב איך וואָלט געוווסט וואָס צו ענטפערן! איינס ווייס איך און דאָס זאָג איך גאַנץ

אָפּנהאַרציק: כ׳האָב געשריבן גאָר אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועו; איך האָב געטונקען די פּען אין מיינע טרערן און אינעם בלוט פון מיינע חברים, די אימיגראַנטן און טריי פאַרצייכנט אַלע אונדזערע פריידן — געציילטע אוןליידן — דווקא היפּשלעך. כ׳האָב דעם אמת אויסגעטאָן נאַקעט (אויף וויפיל דער שטאָטלעכער געזעץ פון עטיק דערלויבט עס) און די וואָרהייט געצייכנט אויפן פּאַפּיר. פּאַסירונגען פון דרייסיק יאָר קאָלאָניזאַציע, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען און וואָס איך אַליין האָב אַדורכגעלעבט, האָב איך אין פּשוטן לשון, וואָס מיין מאַמע האָט מיך געלערנט, אָנגעשריבן אין דעם בוך. כ׳האָב קיין שום פראַזן נישט געזוכט... איך בין אַ קאָלאָניסט, ווינטש עס מיין גאַנץ לעבן פאַרבלייבן און באַגער, אַז מיינע קינדער און אַלע ליבע זאָלן עס זיין״!

(פּאָרוואָרט צו זיין בוך, געשריבן אין דער סטאַנציע מאָוריציאָ הירש אין 1922), אַזוי שרייבט אַלפּערסאָן: איראָניש, סאַרקאַסטיש. כראָגיש, פּאָעטיש, באַשיידן עקספּולסיוו און איר קענט נישט און מען דאַרף נישט אָפּטיילן נישט אויסטיילן איינס פון דאָס אַנדערע און ער שרייבט, ווייל ער פילט אַ דראַנג צו דעם, אַ אינערלעכע באַדערפעניש, ער קען נישט נישט שרייבן און ער שרייבט נישט צוליב שרייבן, קאָלאָניזם בעהערשט זיין פּען און זי טינקט זיך אין דעם געבענטשטן און אין דעם פאַרשאָלטענעם פעלדישן לעבן.

ח

מיר געפינען זיך אין אַלפּערסאָנס שרייבצימער, ווו מיר מאַכן א גוטן לחיים און פאַרבייסן מיט היימישע זאַכן און מיר הערן דאָס קול און דעם טיפן אָטעם פונעם מחבר פון בוך „דרייסיק יאָר אין אַרגענטינע״, וואָס בלעטערט אַ בערגל מאַנוסקריפּטן, באַשריבענע מיט בלימלדיקע און דער־נערדיקע אותיות, קיילעכדיקע און שפּיציקדיקע, און ער קלייבט אַרויס בלעטלעך און ער לייענט. דאָס זיינען בלעטלעך פון אַ לעבן. פון זיין לעבן און פון דעם לעבן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע; אַ לעבן פון איבערלעבונגען, פול מיט ווונדערלעכע און עקזאָטישע פּאַסירונגען מיט פערזאָנען און סיטואַציעס, אויסגעטראַכטע און צוגעטראַכטע פאַר אַ ראָמאַן, אָבער אַ סך קענען זיך געפינען אין דעם בעלעטריסטיש באַשריבענעם לעבן, אַלץ וואָס ווערט געשילדערט, האָט געקענט פּאַסירן אין דערווירקלעכקייט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע פון איר ערשטן טאָג אין לעצטן צענדליק פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און אין ערשטן פערטל פון

היינטיקן יאָרהונדערט, פון דער בוענאָס איירעסער פּאָרטשטאָט ביז אין די טשאַקער וועלדער, מיט דער פאַרלוירן־געגאַנגענער ייִדישע קאָלאָניע מאַור־ריציאַ אינמיטן; איר הערט די לעקטור און איר ווערט אַריינגעצויגן אין דעם איבערגעלעבטן לעבן און איר פילט ווי דער מחבר האָט דאָס איבער־געלעבט און איבערגעליטן און ווי ער לעבט דאָס ווידער איבער.

ט

די ביכער אויף מיין שרייבטיש, בעת איך שרייב איבער מרדכי אַל־פּערסאָן, טראָגן אַלע דעם מחברס אויטאָגראַף. דער ערשטער אויפן ערשטן באַנד פון בוך „30 יאָר אין אַרגענטינע״ איז אינגאַנצן אין העברעיִש „מנחה מזכרת אהבה וכבוד לידידי הסופר דעי וחביבי ה׳ וואַלד, ביום בקרי אותי בבתי פה הירש״. די וויטערדיקע אויטאָגראַפן זענען געמישט, העברעיִש מיט ייִדיש — אַ צייכן פון מי צו באַפרייען זיך פון למדנישן אַרט שרייבן צו שרייבן פּשוט און האַרציק־ייִדיש, אַזוי ביז דעם לעצטן אויטאָגראַף אויף זיין בוך „דערציילונגען פון פעלד״, וואָס ער שרייבט שוין דורכויס אין ייִדיש: „אַ האַרציקע מתנה דעם טייערן חבר, דעם פאַר זיין שרייבן פיל געליטענעם פּ. וואַלד.

רוט אָפּ אַ ביסל די אָנגעשטרענגטע נערוון פונעם שטאָטישן לעבן.

קוקט אַריין אַ ביסל אין די „דערציילונגען פון פעלד״, איר האָט זיי דאָך תמיד ליב.

זייט געגריסט און געבענטשט מיט אַלדאָס גוטס!

מרדכי אַלפּערסאָן

מ. הירש, אָקטאָבער 1943.

מיט די דאָזיקע ציטאַטן בין איך נאָר אויסן צו באַווייזן פריִערדיקע באַהויפּטונגען, ווי אַלץ וואָס אַלפּערסאָן האָט געשריבן אָטעמט מיט פעלד און דאָס וועל איך זיך דערלויבן ווייטער צו דאָקומענטירן מיט שרייבערישע דאָקומענטן, געשריבן פון דעם שרייבער פונעם אַרגענטינער ייִדישן פעלד: אַלפּערסאָן, ער שרייבט: „האַרציקער פריינט און קאָלעגע פּ. וואַלד שלום וברכה!

איך דאַנק אייך פריינט פאַר אייער האַרציקער מתנה: „בלעטלעך״.

אַ ריכטיקן נאָמען, אַן אמתער נאָמען האָט איר אייער שיינעם ווערק געגעבן: „בלעטלעך״. איר וועט מיר דערלויבן פריינט צוצושטעלן איין וואָרט:

„בשמים־בלעטלעך"... און דאָס זענען זיי ריכטיק, בשמים, שמעקנדיקע בשמים־בלעטלעך, וואָס באַלזעמירן אַ פרישן עבר, אַ פּיאָנערן עבר פאַרן צוקונפטיקן היסטאָריקער.

איך האָב זיך זאַט נישט געקענט אָנשמעקן מיט אייערע בשמים־בלעטלעך, איך האָב זיי איינס אין איינס דורכגעטאַפּט, איינגעזאַפּט אין זיך דעם גוטן ריח, דעם שיינעם איינפאַכן יידיש, טאַקע יידישע, די רייכע יידישע שפּראַך... פיל פון אייערע העלדן האָב איך אויף אונדזערע פעלדער געטראָפן, זיי זענען מיר באַקאַנט, און איך זאָג אייך פריינט, אַז ס'קומט אייך אַ גרויסן יישר־כוח פאַר אייער איידעלער אַרבעט, וואָס איר האָט אינעם אייביקן טרערן־לאָגל פונעם אימיגראַנט, די טרערן אוןליידן פונעם אַרגענטינער יידישן פּיאָנער, פונעם שטאָטישן אַרבעטער געלאָזט זאַמלען. דער היגער יידישער ישוב וועט זיך דאָ מיט דער צייט שטאַרק צעוואַקסן, זאָלן די שפּעטערדיקע דורות וויסן די קרבנות וואָס דער ישוב האָט אונדז געקאָסט.

מיט דאַנק און האַרציקן גרוס

אייער מרדכי אַלפּערסאָן".

עס איז אפשר דאָס ערשטע און דאָס איינציקע מאָל, וואָס אַלפּערסאָן נישט געקוקט אויף זיין שטענדיקן און אַבסאָלוטן ווידערווילן צו דער שטאָט, אַ ווידערווילן פון פאַרביטערונג ביי די ראַנדן פון אָפּגרונט פון זיין פעלדישן לעבנס־אידעאַל, זאָל אויסדריקן אַ פּאָזיטיוון געפיל פאַר דער שטאָט, אַ דאַנק דעם יידישן אַרבעטער דעם געליטענעם פאַר סאָציאַלע אידעאַלן און אַ דאַנק דעם פּיאָנער פאַר אַן עטיש ריין יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן. חוץ דעם זעט איר זיין ענטוזיאַזם פאַר יידיש און פאַרן עכטן ליטעראַרישן שאַפן אויפן אַרגענטיניש־יידישן פעלד פאַרן היינטיקן לייענער, פאַרן היסטאָריקער און פאַר אונדזערע קומענדיקע דורות, אָבער זיין לייטמאָטיוו איז דאָס פעלד; דאָס פעלד איז זיין שטאַנדפּונקט, מיט פעלד אָטעמט ער; אַלץ זעט ער נאָר פון פעלד: רו און אַפילו דעם שטאָטישן מענטש, וועלכער איז אים צום האַרצן.

---

צווישן אַלפּערסאָנס ביכער איז אויך דאָ דער ראָמאַן „אויף אַרגענטינער ערד", וועלכן איך האָב רעדאַקטירט. אַרום דער דאָזיקער אַרבעט איז געגאַנגען אַן אינטענסיווע קאָרעספּאָנדענץ צווישן בוענאָס איירעס און הירש. עס

איז נישט געווען דער טאָג דער בריוועטרעגער זאָל נישט ברענגען אַ בריוו פון אַלפערסאָנען. וואָס שרייבט ער?

„... דאָס ווערק האָט דאָך נאָך קיינער — אויסער מיין וואַלד — נישט געזען. איר ווייסט דאָך ווי אין דער איינזאַמקייט פון פעלד, אַז איך שרייב עפּעס אָן, איז נישטאָ וועמען צו ווייזן, פאַר וועמען צו לייענען — פאַרקלייב איך זיך אין וואַלד, לייען פאַר די זקנים די 40־יאָריקע ביימער, וועלכע איך האָב מיט מיינע הענט געפלאַנצט; לייען הויך אויפן קול און הגם זיי שוויגן, שאָקלען זיי מיט די באַוואַקסענע קעפּ דאָך ווען די צונג פאַרטשעפּעט זיך מיר ביי אַ וואָרט, ווייס איך שוין, אַז ס׳איז עפּעס נישט גלאַט: פאַראַן אַפּנים אַ פּגם אין דער פראַזע און עס דאַרף אַ תּיקון... און די אַלטע אַקאַציעס זענען מסכּים, בייגן די קעפּ, שמייכלען צו מיר: „יאָ, יאָ, אַ תּיקון, אַ תּיקון...״ די ביימער, וואָס דער ייִדישער קאָלאָניסט האָט פאַרפלאַנצט זענען שוין פערציק־יאָריקע „זקנים״ און זיי הערן זיך צו צו דער לעקטור פונעם שרייבער אין זיין פעלדישער איינזאַמקייט״.

און אַט שרייבט דער מחבר אין אַ צווייטן בריוו שוין זאַכלעכער און קאָנקרעט: „אייער בריוו מיט די אויפריכטיקע באַמערקונגען באַקומען. איך דאַנק אייך חבר פאַר אייער אינטערעס, וואָס איר נעמט אין מיין ווערק. איך בין מסכּים צו אייערע רייד: „אויף אַרגענטינער ערד״ — אַזוי זאָל עס הייסן (אַלפערסאָן האָט געהאַט אויפגעשריבן: „אונטער אַרגענטינער הימלען״), ערד איז דאָך רעאַלער פון הימל, הגם ראָמאַן האָט ליב פאַנטאַזיע... און ווייטער וועגן נאָך אַן ענין אין דעם זעלביקן בריוו: „איר האָט רעכט, דער מחבר דאַרף שרייבן ייִדיש, פּשוט ייִדיש, מעגן זיין דערין העברעיִשע ווערטער — וויל מיין שפּראַך איז אין אַלע מיינע ווערק אַזעלכע — אָבער אָן פאַרטייטשונגען. דאָס גאַנגבאַרע העברעיִשע — יאָ און דאָרט ווו דאָס וואָרט איז נישט גאַנגבאַר און מען דאַרף עס פאַרטייטשן, וואָרפט מען עס אַרויס און פּטור״.

נישט נאָר דער ראָמאַן טראָגט אַלפערסאָנס פאַנטאַזיעס, דאָס טראָגט אויך זיין קאָלאָניזם, זיין קאָלאָניסטישער ראָמאַנטיזם־אידעאַליזם, וואָס איז באַפליגלט און באַהימלט, אָבער זיין ראָמאַן, וואָס נעמט זיך פון זיין פעלדישן ראָמאַנטיזם, שמעקט מיט פעלד, מיט וואַלד, מיט חיות — מיט ערד; זי לאָזט אים נישט צו ווייט פאַרפליען, זי „איז דאָך רעאַלער פון הימל״ און ציט אים צו צו זיך, צו דערווירקלעכקייט, צום לעבן, צו דער אמתדיקייט און דעריבער אויך צו ייִדיש, צו דער לעבעדיקער מאָדערנער פאָלקס־שפּראַך און

אין זין פון דער ווירקלעכקייט איז אַלפּערסאָן נישט נאָר דער קאָלאָניסטישער שרייבער, נאָר ער איז טאַקע אַליין אַ קאָלאָניסט.

„... איך בין איצט שטאַרק פאַראַרבעט אין פעלד — שרייבט ער מיר אין אַ בריוו אין דעצעמבער 1929, ווען עס האָט זיך געגרייט צום דרוק דער ראָמאַן „אויף אַרגענטינער ערד" — פון פרימאָרגן ביז אַכט אין אָוונט זע איך נישט די שטוב. ס'איז „קאָסעטשע" (שניט) און נאָך אַ ביסל אַ געמיינע „קאָסעטשע", מוז מען מער אַ ביסל צוהאָרעווען, נאָר אין עטלעכע טעג אַרום ענדיקן מיר דאָס פאַרווירן (סטויגן) דעם קאָרן. דער ווייץ און דער האָבער זענען שוין ב"ה אין פאַרווע — דאַן וועל איך זיך נעמען צום קאַפּיטל 19".

---

געשריבן בעלעטריסטיש איז אַלפּערסאָנס ראָמאַן „אויף אַרגענטינער ערד", אַ געשיכטע פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. דער מחבר שרייבט מיר: „פיל בילדלעך זענען גענומען פונעם אַרגענטינער ייִדישן לעבן. אייניקע סצענעס האָב איך אַליין קערפּערלעך און אייניקע גייסטיק דורכגעלעבט. שטיקלעך היסטאָריע פונעם אימיגראַנטן ישוב וועלכע איך בין בייגעווען; וואָס מיינע אויגן האָבן אין די 40 יאָר פון דעם נייעם ישוב געזען, דאָס אַלץ פון פעלד און פון דער שטאָט האָב איך אויף דער קאַנווע פון ראָמאַן איינגעוועבט".

דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דעם ראָמאַן הייבט זיך אָן אַזוי: „שטיל גליטשט זיך די „פּלאַראַ" אין די וואַסערן פונעם אַטלאַנטיק. מיט שטאָלץ הייבט זי איר נאָז און שניידט זיך איר וועג אַהין קיין דרום. זי קען שוין דעם וועג. פיר מאָל אין יאָר מאַכט זי דעם מאַרשרוט פון האַמבורג קיין בראַזיל, אור־רוגוויי, אַרגענטינע, איצט פאָרט זי דירעקט צום לאַנד, וואָס ביים זילבערנעם טייך, פירנדיק אין איר בויך, וואָס הייסט דריטע קלאַס, דריי־הונדערט ייִדי־שע משפחות, וואָס אַ פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט שיקט זיי אַהין אויף קאָ־לאָניזאַציע".

אַלפּערסאָן שילדערט די סיטואַציע פון די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן־מאַסן אויף קאָלאָניזאַציע און ער שרייבט:

„אָפּגעריסענע, האַלב־נאַקעטע, הונגעריקע ברואים, גרויס און קליין, מענער און פרויען, שלייען זיך אַרום אין אַ לאַנגן, ברייטן וויסטן מדבר, צווישן שלענג און קראָקאָדילן, וואָס שלענגלען זיך צווישן דעם הויכן בוריאַן

וואָס פאַרדעקט די אויבערפלאַך פון דער ערד. קיין שטיב, קיין שטאָל — אונטערן פרייען הימל וואָגלען זיי.

„די האַלב־טראָפּיקאַלישע זון בראָט ווי מיט פייער זייער נאַקעט און פון דערנער צעשטאָכענע לייב. איינגעטונקט אין בלוט און אין שוויס בראָ־דזשען זיי אינעם וואַלד פון דערנער, האַקן אויס אַ וועג, גראָבן זיך איין אין דער טיף פון דער ערד און אויף איר מאַכן זיי זיך ווינונגען, „זעמליאַנקעס", „ראַנטשאָס", כדי צו באַשיצן זייערע עופעלעך פון די מזיקים, שלענג, אינ־זעקטן, מאָסקיטן, וועלכע זויגן אויס זייער בלוט, פרעסן זייער פלייש לעבע־דיקערהייט. איניקע קאָרטשעווען אויס נידעריקע, שטעכיקעביימער, שלעפּן שווערע קלעצער, שפּאַנען איין ווילדע אָקסן, אייזלען און שטעקן שוין אַריין דעם אַקעראייזן אין דער נאָך קיינמאָל נישט באַרירטער ערד.

„דאָס זענען די עמיגראַנטן פון דער „פלאָראַ", וואָס די באַרמהאַרציקע פילאַנטראָפּיע האָט פאַרפירט אַהער אויף די ווילדע ימי־בראשיתדיקע סטע־פּעס פון אַרגענטינע, כדי דאָ, אין דעם פרייען לאַנד, אַ מקום־מנוחה צו געפינען און מער נישט וויסן פון פּאָגראָמען, גלות און רויבערייַ. וואָגלען זיי, די מענטשן, מיט ווייב און קינדער אין דעם גרויסן, ברייטן מדבר און לערנען זיך אַליין די שיינע, כשרע מלאכה: אַרבעטן די ערד.

„די ברייטע סודותדיקע שטחים ערד פון דער פּאַמפּאַ רינגלען זיי אַרום. דער אורוואַלד פון טשאַקאָ, וואָס קוקט צו זיי דאָרט אין האָריזאָנט, וואַרפט אויף זיי אַן אימה".

געאָגראַפיש לאָזט זיך נישט די פּאַמפּאַ צונויפפירן מיט טשאַקאָ. אַ שטח פון אַ צוויי טויזנט קילאָמעטער ליגט צווישן זיי און זייערע קלימאַטן זענען דעריבער פאַרשידן, ווי פאַרשידן עס איז זייער פלאָר און פאונא. נאָר די פאַנטאַזיע פליט אַריבער די געאָגראַפישע פּינקטלעכקייטן. אין דער פאַנ־טאַזיע קען מען פילן די פּאַמפּער ווינטן, זייענדיק אין מאוריציאָ און זען פון דאָ אין האָריזאָנט דעם אורוואַלד פון טשאַקאָ. און די דאָזיקע פאַנטאַזיע נעמט אַרום אַ געשיכטע, וואָס שטימט מיט ווירקלעכקייט; מיט דער ווירק־לעכקייט פון דער וואַנדערנדיקער יידישער קאָלאָניזאַציע און איר אויס־שפרייטן זיך אין דעם גרויסן לאַנד; פון די קילע און די ווינטיקע פלאַך־פעלדער פון ריאָ נעגראָ און די פּאַמפּאַ ביז די וואַרעמע טראָפּיקאַלישע וועל־דער פון טשאַקאָ, מיט די יידישע קאָלאָניעס אין די פּראָווינצן בוענאָס איירעס, ענטרע ריאָס, סאַנטאַ פע און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, צווישן דער פּאַמפּאַ אויפן דרום און טשאַקאָ אויף צפון.

י

דער אידעאַליסטישער קאָלאָניסט, וועלכער קומט צוזאַמען מיט די ייִדן פון דער אַנדערער זייט ים, פון דעם צאַרישן רוסלאַנד, געטריבן פון נויט, פון רעכטלאָזיקייט און פון ראַסן פאַרפאָלגונגען, גייט צוזאַמען מיט די ייִדן אין דעם וויטן לאַנד, אויף דער אַרגענטינער ערד, אונטער אַנדערע קלימאַטן, איבער אומענדלעכע, אומבאַפעלקערטע, אומקולטיווירטע וויסטע פעלדער און ווילדע וועלדער, אַנצוהייבן ביי ערד־אַרבעט שאַפן אַ מענטש־לעכן ישוב, אַ מענטשלעך לעבן; קעמפן מיט דער ווילדעניש, באַקעמפן די וויסטעניש; קולטיווירן, ציוויליזירן, שאַפן אַ לאַנדווירטשאַפט, דאָס אַלץ אַן דערפאַרונג, אָן מיטלען, אונטער אַן אַדמיניסטראַציע, אונטער וועלכע מען פילט זיך ווי אַפגענאַרט, דערנידעריקט, עקספּלואַטירט, פאַרפאָלגט, גע־שטערט.

טאָג און נאַכט גייט ער מיט זיי, אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס, פון ערשטן טאָג אָן אין גאַנג פון אַ לעבן־לאַנג, דורך אומצאָליקע שוועריקייטן, דורך אומצאָליקע שטערענישן, מיט אומצאָליקע מאָדנע, אויסטערלישע און עקזאָ־טישע פּאַסירונגען.

און דאָס אַלץ וואָס ער זעט, וואָס ער פילט דאָס זעענדיק; וואָס ער מאַכט מיט און וואָס ער לעבט איבער, אין דער ווירקלעכקייט, וואָס שטימט גאָר־נישט מיטן אידעאַלן, די קאָלאָניסטישע רעאַליטעט — איז אינגאַנצן אַנדערש פון דער קאָלאָניסטישער פאַנטאַזיע.

און אַלפערסאָן וואָס ווייסט נישט פון קיין פּאָליטיק און וואָס וויל פון איר נישט וויסן און ער שילדערט דעריבער אויפריכטיק און אמתדיק די דאָזיקע געשיכטלעכע ווירקלעכקייט, מיט אירע מענטשן, צווישן וועלכע ער פאַרזעט אויך נישט דעם ייִדישן „לינדזשעראָ“ (אַ פעלד וואַגאַבונד), וועלכער איז אַ זעלטענע דערשיינונג אויף וויפל ער איז דאָ, און דעם „באָליטשעראָ“ (פעלד־שענקער), וואָס פּראָטעסטירט און זאָגט צו זיין פריינט, וואָס וואַרפט אים פאָר דאָס קרעמל (אין אַלפערסאָנס „דערציילונגען פון פעלד“): „און אַז דו ביסט געוואָרן אַ גאַוטש, מאַנסירסט פּאָטראָס, טרייבסט סקאָט, אַר־בעטסט אַלס פּעאָן אין פעלד — און לייזער איז גאָר אַ פּשוטער בוזשירער? — פאַרשאָלטן זאָלן זיי ווערן די קאָלאָניזאַטאָרן, מיט זייער טיפּשות, מיט זייער אַכזריות. פאַרוואָס האָבן זיי אונדז אָפּגעוואָרפן? ווו האָבן זיי אַ בעסערן עלעמענט ווי קאָלאָניסטישע קינדער פאַר קאָלאָניזאַציע?“

און ער שילדערט פון דער דאָזיקער ווירקלעכקייט די סיטואַציעס און די נעגאַטיווע פאַקטאָרן, אַלץ וואָס דאָס גרייפט אָן די אידעאַליזירטע קאָלאָניזאַציע און טרייבט אירע ייִדן, באַזונדערס איר ייִדישע יוגנט, אין שטאָט אַריין — רעזיגנירט דאָך נישט אַלפערסאָן דער ריטער פון זיין געליבטער ערד און קעמפט פאַר זיין לעבנס־אידעאַל און ער האַלט הויך די אין קאַמף־צעפליקטע פאָן פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.



ענריקע פיינמאַן אין יאָר 1935

# ענריקע פיינמאַן

## I

ענריקע פיינמאַן איז געבוירן געוואָרן אין אָדעס, רוסלאַנד, אין יאָר 1883. ווען ער איז אַלט געווען 4 יאָר איז ער מיט זיין פאַמיליע געקומען קיין אַרגענטינע.

בכלל ווערט גערעכנט, אַז 1889 איז דאָס יאָר, אין וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג אין אַרגענטינע.

די דאָזיקע איינוואַנדערונג איז געקומען פון מזרח אייראָפּע, פון צאַרישן רוסלאַנד דער עיקר, טיילווייז פון רומעניע און פון עסטרייך־גאַליציע.

פיינמאַן איז פון דער רוסלענדישער יידישער אויסוואַנדערונג, אָבער ער איז געקומען אין אַרגענטינע אין 1887, דאָס הייסט צוויי יאָר פאַר דעם אָנהייב פון דער יידישער מאַסנאיינוואַנדערונג אין אַרגענטינע.

אין 1910 האָט ענריקע פיינמאַן פאַרענדיקט דאָס לערנען אין מעדיצינישן פאַקולטעט פון בוענאָס איירעסער נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט.

אין משך פון 23 יאָר זיין אין דעם נייעם, פאַרשפּראָכענעם און אַדאָפּטירטן לאַנד האָט דאָס יידישע קינד, ענריקע, אָנגעהויבן און פאַרענדיקט די דריי שולן: די עלעמענטאַרע, די מיטעלע און די הויכשול, זייענדיק אַ לוין־אַרבעטער, אַ ביוראָ־אָנגעשטעלטער אין אַ טייל פון די דאָזיקע יאָרן און דערנאָך — פּראָפעסאָר, ווי עס הייסט דאָ אַ לערער אין אַ מיטלשול; פּראָפעסאָר פון נאַטורוויסנשאַפט אין נאַציאָנאַלן אינסטיטוט פאַר מיטלשול־פּראָפעסאָרן.

די טעמע פון זיין דאָקטאָראַט־טעזיס איז אַוודאי געווען: סאָציאַלע מעדיצין — דאָס איז געווען דער לייטמאָטיוו פון זיין לעבן.

באַלד ווי פיינמאַן האָט באַקומען דעם טיטל דאָקטער פון מעדיצין, האָט ער געעפנט אַ קאָנסולטאָריע (די ערשטע זיינע איז געווען אויף בילינגהורסט

און גלייכצייטיק האָט ער זיך גענומען צו דער פען און צו דער עפנטלעכער טריבונע.

די פאָרם און דער אינהאַלט פון זיין שרייבן — אַרטיקלען, בראָשורן, ביכער — איז געווען אַ קאַטעדראַטישע, ווי ער וואָלט געגעבן שריפטלעכע לעקציעס, קורסן. דאָס זעלביקע איז אויך געווען די טריבונע פון דאָקטער פיינמאַן — אַ קאַטעדרע. זיינע שריפטן, אַזוי ווי זיינע רעדעס — אומצאָליק, זייער אָפט און אומעטום — זענען געווען אויף איין הויפּט־טעמע: סאָציאַלע מעדיצין.

וועגן סאָציאַלער מעדיצין, אַנאַליזירט דורך אַ סך טעזיסן, האָט פיינמאַן אָנגעהויבן צו שרייבן אין 1905, ווען ער איז ערשט געווען אין די ערשטע יאָרן אוניווערזיטעט־סטודענט. אָנגעהויבן אין מעדיציניש׳ע זשורנאַלן, האָט ער, נישט פאַרלאָזנדיק די דאָזיקע זשורנאַלן אַרויסגעגעבענע פון סטודענטן־צענטערן און פון דאָקטוירים אָרגאַניזאַציעס, אויסגעשפּרייט זיין שרייבערישע טעטיקייט אין זשורנאַלן וועגן דערציִונג און שוץ און אין בכלל זשורנאַלן, ווי די געוועזענע „קאַראַס אי קאַרעטאַס", „אַטלאַנטידאַ" און אין צייטונגען, פון די גרעסטע, ווי „לאַ נאַסיאָן", „לאַ פּרענסאַ" ביז אין די קלענסטע, וואָס דערשיינען אין די שטעט און שטעטלעך אין אינערן פון לאַנד און אויף אַלע שפּראַכן. ער האָט געשריבן נאָר אין שפּאַניש, אָבער פאַר די אַנדערש שפּראַכיקע אויסגאַבן איז דאָס נישט געווען קיין פּראָבלעם. מ׳האָט זיינע שריפטן איבערזעצט פונעם אָריגינאַל, אַזוי ווי דער שרייבער פון די שורות האָט עס געטאָן פאַר די יידישע אויסגאַבן (זשורנאַל „דער אַוואַנגאַרד" און אַנדערע).

פאַמיליאַרע פּראָפילאַקסיס פון טובערקולאָזיס, סאָציאַלע היגיענע, סאָציאַלע מעדיצין, סאָציאַלע פּראָפילאַקסיס פון פאַרברעכן; סאָציאַלע פאַרטיידיקונג פונעם קינד, פּויערקולטור, מאָדערנע פרויען־קולטור, היגיעניש׳ע פאַרטיידיקונג פון אַרבעט, קליניק פון אַרבעט און פּראָפעסיאָנעלע קראַנקהייטן, די דעמאָקראַטיע פון געזונט, די סאָציאַלע מעדיצין און די אַרבעט פּראָבלעמען אין דער אַרגענטינער רעפּובליק; פּראָפעסיאָנעלע פאַרטיידיקונג פון טובערקולאָזיס, סאָציאַלע פאַרזאָרגונג פון טובערקולאָזיס; געוויסן־היגיענע פון פאָלק, קולט פון פיזישן געזונט; די סאָציאַלע געפאַר פון דער אַרבעטלאָזיקייט; סאָציאַלע געזעצגעבונג, אינדוסטריעלע געזעצגעבונג, לעגאַלע פּראָטעקציע פון די אַרבעטער; סאָציאַלע פאַרטיידיקונג פון די מינדעריעריקע; פּאָליטישע מעדיצין, סאָציאַלע רעכט אויף אַרבעט; סאָציאַלע

רעגירונג; די סאָציאַלע רעפאָרמען אין אַמעריקע אין אַזוי ווייטער — איז די טעמאַטיק פון פיינמאַנס שריפטן, אַזוי ווי פון זיינע רעדעס, רעפעראַטן און לעקציעס אויף אַ ברייטער און פאַרביקער פּאַנאָראַמע אין משך פון 40 יאָר.

50 רעפעראַטן אויף דער טעמע: סאָציאַלע היגיענע האָט פיינמאַן געהאַלטן פאַרן פערסאָנאַל פון דער פּאָליציי פון דער שטאָט בוענאָס איירעס אין פאַרלויף פון דעם יאָר, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 7טן נאָוועמבער 1912 און האָט זיך געענדיקט דעם 27סטן אָקטאָבער 1913 — וואָס ווערט דערמאָנט ווי איינע פון די אומצאָליקע גערעדטע אַקטן פון סאָציאַלער מעדיצין, וואָס פיינמאַן האָט, עקשנותדיק, איניציאירט, פּראָפּולסירט און קאָנסטאַנט אָנגעהאַלטן אין לאַנד.

די סאָציאַלע מעדיצין פון ד״ר ענריקע פיינמאַן האָט נישט אויסגעשלאָסן, אויך נישט פאַרמינדערט, זיינע שרייבערישע און ריידערישע אַרבעטן אויפן עכטן מעדיציניש־מעדיצינישן פעלד.

צוזאַמענגענומען — אין וואָס עס האָט אויך פאַרנומען פיינמאַנס ליבשאַפט צו קונסט, וואָס האָט אים אַריינגעצויגן אין דער וועלט פון קינסטלער, אין וועלכער ער האָט אַריינגעטראָגן זיין דערהויבענע באַציונג, אינטימיטעט, פריינטשאַפט, קינסטלערישע פרייד, אייניקייט און גייסט — האָט עס אים פאַרנומען זיין צייט. וויפיל מאָל איז מיר אויסגעקומען אים פאַרצולייענען זיינע אַרטיקלען, גייענדיק אויף דער גאַס און גיך גייענדיק ווי געאיילט זיך? ער האָט געוואָלט הערן ווי עס זענען אַרויסגעקומען זיינע אַרטיקלען אין יידיש, וואָס ער האָט געשריבן אין שפּאַניש און קיין אַנדערע צייט פאַר דעם האָט ער נישט געהאַט ווי די איילנדיקע צו גיין געבן אַ לעקציע, אָדער זען אַ קראַנקן.

און דאָך האָט זיך דער דאָקטער ענריקע פיינמאַן אויך אָפּגעגעבן מיט מעדיצינישער פּראַקטיק, מיט דער קונסט און וויסנשאַפט צו היילן קראַנקע.

זיין קאָנסולטאָריע, די פון דער ריוואַדאַוויאַ־גאַס ביי פּלאַסע קאָנגרעסאָ, איז געווען אין אַ ביבליאָטעק, אַ גרויסע, זיינע און אַ לייען־טיש מיט זשורנאַלן און צייטונגען, אין וועלכע עס זענען געווען פּובליקירט זיינע מעדיצינישע אַרטיקלען.

ד״ר פיינמאַנס אַרטיקלען האָבן אַלע געהאַט צו טאָן מיט מעדיצין. אַפילו זיינע אַרטיקלען וועגן קונסט, ליטעראַטור, מוזיק, באַזונדערס וועגן טעאַטער און אַרטיסטן זענען אויך נישט געווען פריי פון מעדיצין.

זיין קאָנסולטאָריע אויף ריוואַדאַוויאַ — דאָס איז געווען אין די צוואַנ־

ציקער יאָרן — האָט פאַרנומען צוויי שטאָק מיט אַ טעראַסע אויף דער לופט
אונטערן פרייען הימל, ווו עס איז איינגעשטעלט געווען אַ סאָלאַריום. זיין
קאָנסולטאָריע האָט אויסגעזען ווי אַ פאַבריק מיט דעם אונטערשיד וואָס
אין אַ פאַבריק זענען אַלע מאַשינען די זעלבע און דאָ זענען זיי פאַרשידן.
דאָ זענען אַלע מינים אַפּאַראַטן פאַר עלעקטראָטעראַפּיע, טערמאָטעראַפּיע,
פיזיאָטעראַפּיע; איקס־שטראַלן, אולטראַ פיאָלעט־שטראַלן, מעדיצינישע גימ־
נאַסטיק. בעדער פון זון, פון לופט און פון ליכט און אַזוי ווייטער. די דאָזיקע
הייל־מאַשינעריע שליסט נישט אויס קיין נאָדלען, מעדיקאַמענטן און דיעטע.

— עס הייסט קאָנסולטאָריע יעדעס אָרט ווו קראַנקע קומען צו אַ מע־
דיקער. דאָ איז אַנדערש. ווי הייסט דאָס? — פרעג איך זיצנדיק אונטער
עפּעס אַן עלעקטרישע אַפּליקאַציע, בעת דער ד״ר פיינמאַן שטעלט מיר אַ
נאָדל נאָכדעם ווי ער האָט מיט אַנדערע אַפּאַראַטלעך מיר געפּרוווט דעם
בלוט־דרוק און די פונקציע פון די לונגען און פון האַרץ.

— „דאָס״ האָט נישט קיין ספּעציעלן נאָמען, איר קאָנט דאָס רופן סטו־
דיע — גייט דער דאָקטער אין אַ צווייטער סאַלע, ווו עס ווערט באַהאַנדלט
אַ צווייטער קראַנקער, — ניין, שוין בעסער אַן עקספּערימענט־פעלד — זאָגט
פיינמאַן אָפּשטעלנדיק דעם עלעקטרישן שטראָם, וועלכן איך האָב גענומען,
אָבער דאָס בעסטע וואָלט געווען דער קאָנצעפּט פון אַ קאַמפּס־פעלד.

איך האַלט יעדע קראַנקייט פאַר אַ פיינטשאַפט פונעם מענטשן און נישט
נאָר פון מענטשן. זי גרייפט אָן, שטערט די רו, דעם פרידן, די זיכערקייט
און דאָס לעבן. קעגן דעם שונא דאַרף מען קעמפן און קעמפן דעצידירט
מיט אַלע מיטלען, מיט אַלע וואָפן, ווי דאָס זענען די אַפּאַראַטן, די מעדיקאַ־
מענטן, די זון, די לופט, די שטראַלן און איך האַלט פון מאָביליזירן די אַלע
עלעמענטן אין איין צייט און זיי קאָנצענטרירן און אַקטיוויזירן; די דעפענסע
אַזוי סטראַטעגיש און ענערגיש צו קאָנען באַלד איבערגיין אין אָפענסיווע
— נאָר אַזוי איז צו דערוואַרטן אַ נצחון; נאָר אַזוי קאָן מען געווינען די
מלחמה מיט דער קראַנקהייט און אויך געווינען דעם פרידן.

## II

„אַרבעט־מעדיצין״ גייען אַריין אין דער סאָציאַלער מעדיצין. וועגן אַר־
בעט מעדיצין איז אין 1949 פאָרגעקומען אַ קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס אין
בוענאָס איירעס.

אָבער — וואָס איז דאָס אַזוינס „אַרבעט־מעדיצין?"

אויף דער פראַגע ענטפערן מעדיקער, כאָטש די זאַך איז נישט קיין אויסשליסלעך פראָפעסיאָנעלע טעכניש־מעדיצינישע.

אויף דער דערעפענונג פונעם קאָנגרעס וועגן אַרבעט־מעדיצין, האָט גערעדט דער מיניסטער פאַר פאָלקס־געזונט. ער האָט גערעדט פאַר מע־דיקער און ער האָט געזאָגט: „מיר דאַרפן אַרויסרופן ביים מעדיקער די העכערע שטרעבונג אַריינצוטון זיך אינעם לערנען אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אַרבעט־וויסנשאַפט, ביזן דערגיין צו דעם באַשאַף פון דער גרויסער שול פאַר טעכנאָלאָגישער מעדיצין".

און דער מיניסטער ד"ר קאַריזשאַ האָט גערעדט וועגן דעם „וואָס מיר ווילן" און וואָס איז שוין פאַרשטענדלעך נישט נאָר פאַר מעדיקער: „מיר ווילן, אַז עס זאָל אָפּגעהיט ווערן דאָס געזונט פונעם בירגער. ער זאָל דער־גרייכן צו דער העכסטער ווירדיקייט דורך דער פולער רעאַליזירונג פון די אויפגאַבן, פאַר וועלכע ער איז באַשטימט. מיר ווילן עס זאָל אָפּגעהיט ווערן דאָס געזונט פונעם מענטש, כדי ער זאָל שטייגן צו זיינע גרעסטע פעיקייטן צוליב זיך, צוליב די אייגענע און צוליב דעם לאַנד". „מיר ווילן אַז אַלע אַרגענטינער און אַלע, וואָס לעבן צוזאַמען מיט אונדז, זאָלן זיין די שמידער פון אונדזער אייגענעם שיקזאַל". מיר ווילן אַז אין דער אויספאָרמירונג און אין דער אינטעגראַלער דערציִונג פונעם אַרבעטס־מאַן און פּון דעראַרבעטס־פרוי, זאָל זיך געפינען דער סוד פון זייער גרעסטער פּאָטענץ. און מיר ווילן, נאָך אַלעם, מיט אַן אייזערנעם ווילן און מיט פּאַטריאָטישן פייער, טראַנס־פאָרמירן, דורך געזונט און ווילזיין, דעם קאָשמאַר פון אַרבעט אין פרייד פון אַרבעט".

איך ווייס נישט, צי דער ד"ר קאַריזשאַ האָט געוואָלט אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, אָבער אין זיינע דעקלאַראַציעס פון דעם „וואָס מיר ווילן", דערגייט ער, ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, מיטן געדאַנק צו אַזאַ געזעל־שאַפט, אין וועלכער דער אַרבעטער איז מער נישט קיין קלאַסן־מענטש, נאָר אַ סאָציאַלער; אַ געזעלשאַפט פון לויטער אַרבעטער, אין וועלכער דער אַר־בעטסבאַגריף איז סאָציאַל אומבאַגרענעצט; ברייט, טיף און הויך און אין וועלכער עס איז פאַרוואַנדלט דער קאָשמאַר פון אַרבעט אין פרייד פון אַר־בעט — ווי עס האָט דאָס אַזוי פּרעכטיק אויסגעדריקט ד"ר קאַריזשאַ.

און אַרבעט־מעדיצין מיינט טאַקע סאָציאַלע מעדיצין, וואָס באַשטייט נישט פון פּראָשקעס, פון ביאָכעמישע רעצעפּטן, סערומס, כירורגיע אָדער

סוגעסטיע, כאָטש די סאָציאַלע מעדיצין, וואָס קען זיך אָנהייבן פון אַ קיר־צערן אַרבעטס־טאָג, פאַרזיכערונג קעגן אַקצידענטן ביי דער אַרבעט, אויס־מיידן קראַנקהייטן, וואָס קענען קומען פון דער אַרבעט — אָדער פון נישט אַרבעטן — ביזן דערגיין צום פולשטענדיקן סאָציאַליזם, שליסט נישט אויס די טויזנט און איין פיזישע, כעמישע, אַפּטייקאַרישע און נאַרונגס־מיטלען, אָדער פּרווון, צוליבן קערפּערלעכן געזונט פון יעדער פּערזאָן.

כואַן ב. כוסטאַ, דער גרינדער, באַגרינדער און גייסטיקער פירער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַרגענטינע, איז געווען אַן עמינענטער מעדיקער. ער האָט אויך אַריינגעטראָגן אין לאַנד דעם געדאַנק און די פּראַק־טיק פון היגיענישער מעדיצין, אָדער היגיענע ביי דער אָנווענדונג פון דער מעדיצין און נאָך אַ נייע אָנווענדונג פון דער כירורגיע, אָבער אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט דער ד״ר כוסטאַ באַשלאָסן זיך אָפּצוגעבן מיטן געזונט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, אנשטאָט מיט יחידים. דאָס איז געווען דער טאָג, ווען ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צום סאָציאַליזם: כוסטאַ האָט נישט מינדערשעצט די מעדיצין, וואָס ווערט געלערנט אין די מעדיצינישע פאַקולטעטן פון די אוניווערזיטעטן, נאָר מיט זיין אומבאַגרענעצטן סאָציאַלן באַרוף, איז ער, ווי אַ זעשניע, אַ פאַרויסגייער, אַוועק ווייטער אויף די אומ־באַקאַנטע וועגן פון דער נאָך נישט פאָרמולירטער סאָציאַלער מעדיצין — צום סאָציאַליזם.

דער פּראָפעסאָר לוידזשי קאַראַצי פון זשענעווער אוניווערזיטעט, וועל־כער איז געקומען צום קאָנגרעס פאַר אַרבעט־מעדיצין, האָט געהאַלטן אויפן קאָנגרעס אַ דיזערטאַציע וועגן „פופציק יאָר אַרבעט־מעדיצין״. אינטערע־סירט דאָ די דאַטע, וואָס אינפאָרמירט, אַז עס איז שוין פופציק יאָר, זינט מען פאַרנעמט זיך מיט אַרבעט־מעדיצין. איז דאָס, הייסט עס, אַן אַפּליקאַ־טיווע וויסנשאַפט, מיט וועלכער מען פאַרנעמט זיך אויף דער וועלט שוין צענדליקער יאָרן. אונדזער אַרגענטיניש־יידישער דאָקטער ענריקע פיינמאַן, האָט וועגן דעם שוין ברייט און אויספירלעך באַריכטעט אין זיין בוך „פּאָלי־טיקאַ דעל טראַבאַכאָ״ (אַרבעטס־פּאָליטיק) וואָס די רעגירונג פון דער פּראָ־ווינץ בוענאָס איירעס האָט אַרויסגעגעבן אין 1930. מיר קענען צוגעבן, אַז נישט נאָר דאָס פּראָגרעסיווע אייראָפּע האָט אָנגענומען די אַרבעט־מעדיצין, נאָר זי האָט זיך שוין אויך אָנגעהויבן צו איינפירן אין אַמעריקע און טאַקע אויך דאָ ביי אונדז אין אַרגענטינע. אין „אַרגענטינער סאָציאַלן מוזיי״ האָט מען געשאַפן אַ קאַטעדרע פאַר פּראָפעסיאָנעלער פּסיכאָטעכניק און אָריענ־

טאַציע, וואָס האָט צו טון מיט אַן אינדיווידועלער אונטערזוכונג און פעסט־שטעלונג צו וואָס פאַראַ פאַך אַרבעט איינער איז פעיִק אָדער נישט פעיִק; עס האָט אַ נאָענטע און פּראַקטישע שייכות מיט דעם די אויפגאַבע און דער צוועק פון דער מלוכהשער אינסטיטוציע ווי דאָס איז די „נאַציאָנאַלע קאָמי־סיע פאַר פאַך לערע און פאַר פּראָפעסיאָנעלע אָריענטאַציע”; אין בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט איז געשאַפן געוואָרן אַ קאַטעדרע פאַר אַרבעט־מעדיצין; עס האָט צו טון מיט דעם ענין דאָס געשאַפענע אַרבעט־געריכט אין לאַנד, און דער גאַנצער אַרבעטס־מיניסטעריום, חוץ די אַנדערע מיניס־טעריומס, ווי דער פון אינערן, ווי דער פון עקאָנאָמיע, ווי דער פון ווירט־שאַפט, ווי דער פון האַנדל און אינדוסטריע, און דער מלוכה־פּרעזידענט אַליין, און היינט אונדזער פאַרמעגן אין באַשטאַנד פון אונדזערע אַרבעטס־געזעצן!

און ווער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער אַרבעט־מעדיצין אין אַרגענטינע? ווער איז געווען איר פאַרגייער? ווער איז געווען איר שרייבער, איר רעדנער, איר באַגרינדער, איר פאָרשער, איר אויפקלערער. איר פּרעדי־קער? ווער איז געווען דער מענטש, וואָס האָט מיט אַזאַ אייזערנעם געדולד, אומדערמידלעך, אומאויפהערלעך, ביי אַזאַ דערדריקנדיקער, אַלגעמיינער, גלייכגילטיקייט, טאָג־איין טאָג־אויס, יאָר־איין יאָר־אויס, אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן — געאַרבעט, דאָ אין לאַנד אַרגענטינע, פאַר דער סאָציאַ־לער מעדיצין, קאָנקרעטיזירט, גרופּירט, סיסטעמאַטיזירט אין פאַרשידענע אָפּצווייגן, מיט דער אַרבעט־מעדיצין אין שטאַם פון דעם געדאַנקלעך־פאַר־צווייגטן בוים?

אונדזער נאָענטער און האַרציקער ענריקע פיינמאַן. (ער איז געשטאָרבן אין 1945).

די סאָציאַלע מעדיצין איז געווען זיין גאָט, וואָס ער האָט זיך באַשאַפן און צו וועמען ער האָט געדינט אין משך פון אַלע זיינע בעסטע פאַרביק־רייכע יאָרן. זיינע רעפעראַטן וועגן אַרבעט־מעדיצין, זענען געהערט געוואָרן אויף דער טריבונע פון דער פּאָליציי־שול און אויף דער טריבונע פון אַלגע־מיינעם יידישן אַרבעטער פאַרבאַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף; פון זיינע בראָ־שורן און ביכער, זענען זיינע שריפטן וועגן סאָציאַלער מעדיצין און באַזונ־דערס וועגן אַרבעטער־מעדיצין, געדרוקט און איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַן אַ צאָל צייטונגען, צייטשריפטן און זשורנאַלן אין גאַנצן לאַנד און אויף אַלע שפּראַכן (אויך דעם שרייבער פון די שורות האָט די פאַרצווייגטע אינס־

טיטוציע — פיינמאַן — געווונען פאַר אַ מיטאַרבעטער און זינט 1915 פאַרן איבערזעצער פון זיינע שריפטן אויף יידיש, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין פאַרשיידענע אויסגאַבן). די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע פון 1853 איז פאַר־מעל געשאַפן געוואָרן פון די קאָנסטיטואַנטן אויף אַ קאָנסטיטוירנדער פאַר־זאַמלונג. אָבער ווער עס לייענט כּואַן ב. אַלבערדיס בוך „באַזעס" און זיינע אַנדערע שריפטן, דערקענט באַלד אַלבערדיס גרויסן ביישטייער צום באַשאַף פון דער היסטאָרישער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע. עפּעס ענלעכעס קען גע־זאָגט ווערן אין שייכות מיט די אַרגענטינער אַרבעטס־געזעצן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן פון די געווײלטע לעגיסלאַטאָרן, דעפּוטאַטן, סענאַטאָרן אין אַרגענטינער פּאַרלאַמענט. אָבער ווער עס האָט געלייענט ענריקע פיינמאַנס שריפטן, איז גאָר נישט שווער געווען צו דערקענען פיינמאַנס ביישטייער אין באַשאַף פון די אַרבעטס־געזעצן. היינט וויפיל געזעץ־פּראָיעקטן וועגן אַרבעט מעדיצין, וואָס זענען געשעפּט געוואָרן אין פיינמאַנס קוואַלן, זענען פאַר־לייגט געוואָרן אין די אַרכיוון פון פּאַרלאַמענט און חלומען פון לעבן?

זשעניאַלע מענטשן האָבן אויך זייערע שוואַכקייטן, הסרונות, קליינ־לעכקייטן, מאַניעס. פיינמאַן האָט עס אויך געהאַט און אין אַזאַ מאָס, אַז עס האָט אים אין דעם אויך אויסגעצייכנט...

פיינמאַן האָט געהאַט צו אַלץ אַ קאָנסטרוקטיוון צוגאַנג, אַזוי איז אויך געווען זיין קריטיק.

אין זיינער אַן אַרבעט, וואָס הייסט „היגיענישע דערציִונג פונעם פאָלק" און וואָס ער הייבט אָן מיט „צען געבאָט פאַר יעדן טאָג", וואָס דער ערשטער פון זיי הייסט „אַרבעטן מעטאָדיש און מיט קאָנסטאַנטער פּערפעקציאָנירן זיך — 8 שעה", קריטיקירט ער דעם געזעץ פאַר וועלכן ער האָט מיטגעאַר־בעט און ער שרייבט: „דאָס דאָזיקע ווערק האָט מען קאַליע געמאַכט אין שויס פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צונויפצוגיסן אין איינעם די דרייצן פּראָיעקטן פון פאַרשיידענע מחברים, אויפגעזאַמלטע אונטערן טישטעך אין פאַרלויף פון צען יאָר. ביז ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם געזעץ נומער 9688, היינט אין קראַפט, און וואָס איז פאַרדרייט געוואָרן אין דער דיסקוסיע, וואָס האָט דעפיניטיוו גע־ענדערט זיין אָריגינעלן באַדייט".

עגאָיסטישע און אַנדערע קליינלעכקייטן פאַרנעמען אָבער נישט קיין באַזונדערן אָרט ביי פיינמאַנען. זיי פאַרלירן זיך אין אַ פיל פאַרביקער און אין אַ פיל פאַכיקער אַקטיוויטעט אויף די ברייטע אין גרונט גענומענע

געזעלשאַפטלעכע פעלדער פון הומאַניזם, פון קולטור, פון פּריינטלעכן צוזאַ־מענלעבן און פון סאָציאַלער מעדיצין, וואָס איז ביי פיינמאַנען דאָס פעלד פון די פעלדער, וואָס נעמט אויף אַלע פאַרשידן נוצלעכע טעטיקייטן, נוצלעך קאָנסטרוקטיוו טאַקע דורך זייער פאַרשידנהייט: קאַטעדרע און טעאַטער; עלעקטראָטעראַפּיע און מוזיק; ליטעראַטור און פיזקולטור: שטענדיק מעדי־ צינישע עקספּערימענטור און פּראַקטיק פון מענטשלעכע געמיינזאַמקייט אין מאָמענטן פון אַלגעמיינעם געזונט און דערהויבונג ביים צוזאַמענקומען זיך פון פאַרשידענע סביבות, פון פאַרשידענער אָפּשטאַמונג, באַרופן, פילאָזאָ־ פיעס, פּאָליטישע ריכטונגען, אידעאָלאָגיעס און אַפילו אַמבאַסאַדאָרן, וואָס האָבן געלאָזן זייערע באַבלומטע דיפּלאָמאַטישע וועסטן אין דער גאַרדעראָבע, פאַרן זעצן זיך צום טיש צווישן „מענטשן פון דער ליטעראַטור, פון דער וויסנשאַפט און פון דער קונסט״.

אָבער מיר באַגרענעצן זיך דאָ אויף דער זאַך פון דער אַרבעט־מעדיצין, וואָס איז אַ טייל, טאַקע דער הויפּט־טייל, אָבער נאָר אַ טייל פון דער סאָציאַ־ לער מעדיצין, וואָס האָט געהאַט ענריקע פיינמאַנען פאַר איר ווירדיקן פאַר־ גייער דאָ אין אַרגענטינע.

„די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען — שרייבט פיינמאַן אין גייסט פון זיין קאָנסטרוקטיווער קריטיק — די אינסטיטוציעס פאַר קעגנזייטיקער הילף און די אינסטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף, רעאַליזירן, ווי אין פאַרויס, די דאָזיקע מיסיע, וועלכע איז רעזערווירט פאַר דער מלוכה אין דער צוקונפ־ טיקער ציוויליזאַציע״.

אַ רעוואָלוציאָנער אין געדאַנק אין זין פון וועלן און פון טון פאַרענ־ דערן, פאַרבעסערן און פאַרשענערן אָן גרענעצן די געזעלשאַפטלעכע אָרדע־ נונג, איז דאָך פיינמאַן דער בירגערלעכער פּאַציפיסט פער־עקסעלענץ און האַלט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס דאַרף קומען, וועט קומען דורך דער סאָציאַלער מעדיצין און נאָר דורך איר...

אַ סאָציאַליסטישער מיליטאַנט און רעדאַקטאָר פון סאָציאַליסטישן זשורנאַל „דער אַוואַנגאַרד״, אין וועלכן עס האָבן זיך געדרוקט פיינמאַנס אַרטיקלען פון ערשטן נומער אָן (יאַנואַר 1916, ווען „דער אַוואַנגאַרד״ האָט ווידער אָנגעהויבן צו דערשיינען), האָט עס פיינמאַנס אַלץ דערלייזערישע סאָציאַלע מעדיצין אַרויסגערופן אייפערזוכט ביים שרייבער פון די שורות און עס איז מיר אויסגעקומען צו מאַכן אַ רעדאַקציאָנעלע באַמערקונג אין דעם זין, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אויך נאָך עפּעס צו זאָגן

אין דער היינטיקער געזעלשאַפט און פאַר דער רעאַליזירונג פון סאָציאַליזם. פיינמאַן האָט אַלץ פאַרנומען און אַריינגענומען אין זיין גרויסן פּאַציפיסטישן אַרסענאַל פון סאָציאַלער מעדיצין:

אַרבעטער היגיענע, ווי אַ פאַקטאָר פון דער זייער נייטיקער סאָציאַלער היגיענע, איז די באַזע פון דער געזעלשאַפט — דערקלערט דער דאָקטער פיינמאַן און אין זיינער אַ שריפט פּובליקירט אין אָנהייב פון יאָר 1916, שרייבט ער:

...„פאָלגלעך איז די פיזיאָלאָגיע די באַזע פון דער היגיענע און די היגיענע — די באַזע פון דער פיזיאָלאָגיע. די הויפּט זיגן פונעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט שטאַמען טאַקע פונעם פיזיאָלאָגישן און היגיענישן פאָרשריט. דער 8 שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, די רו־צייט פון דער מוטערשאַפט, די פאַר־ווערונג פון דער נאַכט אַרבעט פאַר פרויען און קינדער, זענען דערגרייכונגען, וואָס דאַרפן נישט קומען אויפן דרוק פון די מאַסן, אָדער דורך גוואַלד, נאָר זיי דאַרפן ביסלעכווייז נאָכגעגעבן ווערן ראַציאָנעל, שכלדיק, פון דער גע־זעלשאַפט און פון דער מלוכה לטובת יעדן און אַלעמען".

דער ד"ר פיינמאַן פּובליקירט דאַן מיט 42 יאָר צוריק, אַן אַרטיקל, וואָס הייסט: „די דעמאָקראַטיע פון געזונט", און ער שרייבט, אַז „די פּרעווענטיווע מעדיצין, וועלכע די מאָדערנע וויסנשאַפט האָט ערשט נישט לאַנג איינגע־שלאָסן אין דער פּאַטאָלאָגיע, איז איינע פון די שענסטע און טיפזיניקסטע דערגרייכונגען, אָבער זי פאָדערט אַ סאָציאַלע אָנווענדונג און אַ צוגרייטונג". ער קריטיקירט די וועלט פאַרוואָס זי גיט זיך צו ווייניק אָפּ מיט דער איינ־פירונג פון... „גלייכהייט אין דער צעטיילונג פונעם ביאָלאָגישן קאַפּיטאַל, דאָס געזונט, וואָס איז די באַזע פון אַלע אַקטיוויטעטן".

„פונעם פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט — באַמערקט פיינמאַן — זעט מען די עלעמענטאַרע איינטיילונגס גערעכטיקייט אין דעם געניסן פון די זעלביקע רעכטן אין לעבן. אָבער מיר שטרעבן — שרייבט ער — צו דער פיזיאָלאָ־גישער גלייכקייט, וועלכע קומט פריִער און קומט מיט אירע צוגרייט־אייגנ־שאַפטן". פיינמאַן פירט דורך אַ ביאָלאָגישן אַנאַליז, אין וועלכן ער נעמט אויך אַריין „די וויכטיקייט פונעם אינטעלעקטועלן געזונט אין דער אַנט־וויקלונג פון די קאָלעקטיוויטעטן" און פירט אויס מיט אַ הויכער שעצונג צום „ווערט פון די נאַטור געזעצן, וואָס דאַרפן אונדז געבן די ביאָלאָגישע פעיִקייט, כדי צו קענען לעבן אין גלייכע באַדינגונגען אין דער פּאָליטישער און אין דער עקאָנאָמישער וועלט".

שרייבט פיינמאַן אויף דער טעמע: „די סאָציאַלע מעדיצין און די אַרבעטער געזעצגעבונג אין אַרגענטינע". עס איז אין יאָר 1916, ווען סאָציאַ־ליסטן האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען מיט אַ חשובער צאָל אין אַרגענטינער פּאַרלאַמענט און אין די קאָמונאַלע ראַטהייזער און ערשט צעאַקערט אין זיי דאָס פעלד און פאַרזייט אַרגענטינע מיט נייע אויפגייענדיקע אַרבעטס־געזעצן, און ער שרייבט, אַז „די פּראָלעטאַרישע פאָדערונגען זענען איצט אַ סך ווייני־קער טענדענציעזע און פּאַרטייאישע, ווי ערנסטע אויפגאַבן פון אַלע וואָס שטרעבן צו אַ קאָלעקטיוון וווילזיין".

די אַרבעטסלאָזיקייט זעט פיינמאַן ווי אַ סאָציאַלע קראַנקייט, וואָס דאַרף סאָציאַל פּאַטאַלאָגיש באַהאַנדלט ווערן צו געפינען אירע סיבות און אָנווענדן סאָציאַלע היילמיטלען און סאָציאַלע פאַרהיטונגס־מיטלען.

אויפן געביט פון סאָציאַלער מעדיצין מיט דער אַרבעט־מעדיצין אין איר צענטער האָט ענריקע פיינמאַן געלאָזן פאַר דער אַרגענטינער געמיינ־שאַפט אַ רייכע ירושה פון פּראַקטישע איניציאַטיווען און פון אויספאָרשונגען, צו דעם געהערט אויך זיין וויסנשאַפטלעכע רייזע, וועלכע ער האָט דורכגע־פירט אין אייראָפּע אין די יאָרן 1926־27, זייענדיק פאַר דעם דעלעגירט „אד האָנאָרעם" פון דער אַרגענטינער נאַציאָנאַלער רעגירונג מיט אַלוועאַרן אַלס דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און פון דער פּראָווינציעלער רעגירונג פון בוענאָס איירעס, מיט ווערגאַרא אַלס גובערנאַטאָר. פיינמאַן האָט דאַן באַזוכט, זיך אינפאָרמירט, שטודירט, געפאָרשט, דורכגעפירט אַנקעטעס, פּרעזענטירט מעמאָראַנדומס און געהאַלטן דיזערטאַציעס אין די אינסטיטוטן, אַנשטאַלטן, אוניווערזיטעטן, אַרבעט־מיניסטעריומס און אַלץ וואָס איז שוין איינגעפירט געווען אין דער אַלטער וועלט אויפן געביט פון אַרבעט־מעדיצין אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין איטאַליע, אין דער שווייץ, אין שפּאַניע, אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אין עסטרייך.

## III

דער דאָקטער פיינמאַן איז געווען אַ מענטשלעכער לעבנסקוואַל, אַ פאַרקערפּערונג פון ענערגיע, אַ מענטשלעכער דינאַמאָ, וואָס טרייבט אָן אַן אָפּהאַלט און אָן אַ סוף די רעדער פון אויסערגעוויינלעכע געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיווען פון סאָציאַלער וויסנשאַפט און אוניווערסאַלער קולטור; אַ מענטש וואָס ווערט נישט מיד און האָט אַ געדולד, וואָס איז שטאַרקער פון

אייזן; אַ טאָג־טעגלעכער העראָישקער אין קאַמף מיט די גרעסטע שוועריקייטן און שטערונגען אויף די וועגן פון אינטעלעקטועלע, קולטורעלע, הומאַניס־טישע און סאָציאַל־מעדיצינישע אונטערנעמונגען, מיט איבערנאַטירלעכע כוחות אַריבערצוטראָגן און איבערצולעבן מיסדערפאָלגן און דורכפאַלן און בלייבן אומפאַרענדערלעך אָפּטימיסטיש, אין פולן הומאָר, פריילעך און יוגנטלעך, נישט געקוקט אויף זיינע יאָרן; אַ מענטש, וועלכער האָט חוץ דעם אַלעם אַ געזונטן און שטאַרקן אָרגאַניזם און וועלכער איז דערצו אַ מייסטער פון פרעווענטיווע און פון הייל־מיטלען; אַ מענטש וועלכן דו האָסט גוט געקענט און מיט וועלכן דו ביסט נאָענט געווען אין משך פון דרייסיק יאָר און וועלכער האָט געדעדט מיט דיר וועגן די נאָענטסטע אַקטן אין נאָמען פון די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, פון וועלכע ער איז דער אידעאָלאָג און דער באַגייסטערער און דער אָרגאַניזאַטאָר — דער דאָזיקער מענטש, וועל־כער האָט געהייסן דאָקטער ענריקע פיינמאַן, — איז פּלוצלינג געשטאָרבן. נישט דערלעבט די גרויסע מינוט פון וועלט־פרייד: דעם סוף פון דער מלחמה אין אייראָפּע מיט דעם אונטערשרייבן אין פראַנקרייך די אומקאָנדיציאָנעלע קאַפּיטולאַציע פון נאַצי־דייטשלאַנד; דעם סוף, הייסט עס, פון נאַציזם און פון היטלערן מיט זיינע „משוגעת־סימנים", ווי דער דאָקטער פיינמאַן האָט אים פּראָגנאָסטיקירט אין אַן אַרטיקל (געדרוקט אין דער בוענאָס איירעסער צייטונג „על דיאַריאָ", 12טער פעברואַר 1939) — דער היסטאָרישער זיג פון די דעמאָקראַטיעס.

***

ווי מיר האָבן שוין געשריבן איז דאָקטער פיינמאַן געקומען אין לאַנד אין יאָר 1887, אין יענעם יאָר ווען עס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ יידישע איינוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּע; אַ יידישע איינוואַנדערונג פון אַ מאַסן־כאַראַקטער. פיינמאַן איז אַלט געווען פיר יאָר, זיין דערציִונג און בילדונג־סביבה איז נישט געווען קיין יידישע. יידישע קולטור־איניציאַטיוועס אין בוענאָס איירעס האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אין די יאָרן פיר־פינף, ווען פיינמאַן, שוין אין עלטער פון 21 אָדער 22 יאָר האָט זיך געהאַט דעצידירט איבערצוגיין פון דער ביוראָ, ווו ער האָט געאַרבעט ביי דרייפוסן אָדער ביי בונכע־באָרן, אין דעם בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט, וועלכן ער האָט געענדיקט אין 1910, שוין זייענדיק קאַטעדראַטיקער נאָך איידער ער האָט געענדיקט, ווי אַ סטודענט.

דער דאָקטער פיינמאַן איז אַזוי פון זיין קינדהייט אָן אינטעלעקטועל אויסגעוואַקסן, געאַרבעט און זיך אויסגעלעבט ביז אין דער הויכער יוגנט אין נישט קיין יידישער סביבה. ער איז נישט אַוועק פון דער יידישער אין דער שפּאַניש־אַרגענטינישער, ער איז אין דער יידישער באַלד נישט געווען, זי איז נאָך נישט געווען, ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין לעבנס־גאַנג דאָ אין אַרגענטינע און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ יידישע סביבה, איז ער שוין געווען אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער שפּאַניש־אַרגענטיני־שער, ווו ער איז געבליבן ביזן טויט אויף די פאַרשידנסטע קולטור־געביטן און ווי אַ קאָנסטרוקטאָר פון אַ שטענדיק פאַרבעסערטער אַרגענטינע אַלס געמיינשאַפט, אַלס לאַנד, כאָטש ער האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט און זיך באַהאָפטן מיט דער יידישער סביבה און מיטן קולטור און סאָציאַל־מעדיצינישן לעבן אין איר פון יענעם מאָמענט אָן, ווען מיר האָבן זוכנדיק אינטעלעקטועלע כוחות געפונען דעם דאָקטער פיינמאַן.

און פיינמאַן האָט שטענדיק געהאַט אַ לעבהאַפטיקן אינטערעס אין דער יידישער סביבה און איז גרייט געווען איר צו דינען מיט זיינע קולטורעלע און אינטעלעקטועלע מעגלעכקייטן, נישט מיד ווערנדיק, ווי דאָס איז נאָך איינער פון זיינע כאַראַקטער־שטריכן, פון דער אומפאַרשטענדלעכקייט צו זיין אַרבעט און די פּאַסיווע, נעגאַטיווע און אַפילו ביטול־באַציִונג צו איר. דאָקטער פיינמאַן אַזוי ווי אַנדערע נישט פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן — איז נישט געווען קיין פּאָליטיקער, ער האָט אַפילו אַ בוך, וואָס הייסט „פּאָליטיקאָ דעל טראַבאַכאָ", עס באַהאַנדלט אָבער גאָר עפּעס אַנדערש און אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן דאָס, וואָס מען קען געוויינלעך פאַרשטיין, פאַר אַרבעטס פּאָ־ליטיק, יעדנפאַלס איז ער פּאָליטיש גאַנץ אומבאַהאָלפן און אנשטאָט צו גע־ווונען ברייטע סימפּאַטיען פאַר זיין סאָציאַל־נוצלעכער לעבנס־לענגלעכער מי, געווינט ער די ברייטע אַנטיפּאַטיע דורך אומשולדיקער פּעדאַנטישקייט, וואָס טוט קיינעם קיין שלעכטס נישט.

דאָקטער פיינמאַן האָט נישט געקענט קיין יידיש, נישט שרייבן קיין יידיש, נישט לייענען, נישט ריידן, דאָס ביסעלע יידיש וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער גערעדט ווי אַ גוי. ער האָט קוים געקענט הערן יידיש, וואָס ער האָט גערן געוואָלט און דאָס האָט מען איט באַדאַרפט אַ סך פּאַרטייטשן אויף שפּאַניש. ער האָט זיך נישט באַרימט מיט דעם פאַקט און אים נישט באַ־דויערט און ער האָט נישט אָנגעבאָטן קיין „טראַדיציאָנעלע" יידישקייט, וואָס קען געמאַכט ווערן אויף וועלכער עס איז שפּראַך — דאָקטער פיינמאַן האָט

אָנגעבאָטן אויף דער ייִדישער גאַס דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געטאָן אויף דער אַלגעמיינער אַרגענטינער גאַס: דאָס הומאַניטאַרישע, דאָס אוניווערסאַלע.

***

דאָקטער פיינמאַנס באַרוף איז נישט געווען קיין ייִדישער, נישט קיין גויאישער, נאָר עפּעס וואָס פאַרייניקט פריי און האַרמאָניש ייִדן און גויים, אָן אַ וועלכן עס איז אַסימילאַטאָרישן פּלאַן; עס איז עפּעס וואָס פאַרייניקט און דערהייבט און באַווירקט יעדן און אַלעמען; עפּעס וואָס איז פריי פון האַס, פון נעגאַציע און פון דערנידערונג; עפּעס וואָס איז ליב, פּאָזיטיוו, אָנגענעם, אידעאַליסטיש און וואָס באַגייסטערט, באַמוטערט און דערהייבט. רופט דאָס הומאַניזם, רופט דאָס ברידערלעכקייט, רופט דאָס פריינטשאַפט, רופט דאָס ווי איר ווילט, נאָר גיט עס נישט קיין פּאַרטייאישע דעפיניציע, קיין נאַציאָנאַלע דעפיניציע, קיין ראַסן־דעפיניציע און קיין רעליגיעזע דעפיניציע. פיינמאַן האָט אויך נישט געגעבן זיין באַרוף קיין באַשטימטע דעפיניציע; עס איז אַ באַרוף, וואָס יעדער יחיד און יעדער קאָלעקטיוו, אַפילו דער ערגסטער, טראָגט אויך עפּעס פון אים און צוזאַמענגענומען פאָרמירט ער מער אָן אידעאַלע וועלט איידער אַ רעאַלע און אָט אַזאַ וועלט האָט זיך דער אַרגענטינער ייִד ענריקע פיינמאַן גענומען אויסבויען, דאָקטאָריש אויסבויען מיט אַלע זיינע פעיִקייטן, וויסן און טאַלענט; מיט זיין נישט געוויינלעכער ענערגיע, דינאַמישקייט און שטענדיקער יוגנטלעכקייט, טראָגנדיק מיט זיך דעם עלעמענט פון עטיק פאַרייניקט מיט דער עסטעטיק, שאַפנדיק דערביי דורך זיין וואָרט און דורך זיין שריפט, דורך זיינע אָריגינעלע געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוועס און טעטיקייט אַ וווּנדערבאַרע באַהעפטונג און דערגאַנצונג פון אַ סך מעדיצין־וויסנשאַפטן מיט דער קונסט אויסגעדריקט אין אירע פאַרשיידענע פאָרמען. און צוליב דער רעאַליזירונג פון זיין באַרוף, צוליב דער אויסבויאונג פון זיין אידעאַלער וועלט האָט דער דאָקטער ענריקע פיינמאַן ווי דורך אַ כישוף ווערבירט אין אַלע רעאַלע וועלטלעך פון ברייטן, אַלגעמיינעם פאַרשידענעם לעבן, גייסטיק פאַרמעגלעכע מענטשן, וויסנשאַפטלער, שרייבער, קינסטלער, צווישן זיי פירער פון פאַרשיידענע און קעגנזעצלעכע פּאָליטישע פאַרטייען, לעגיסלאַטאָרן און אַפילו אַמבאַסאַדאָרן פון אַמעריקאַנישע לענדער און נישט אַמעריקאַנישע און זיי ביי זייער אייגענער באַוווּנדערונג צוזאַמענגעפירט אין דעם אידעאַליסטישן ווירקל פון אינטימער פריינטשאַפט און ברידערלעכקייט, פון פרייהייט און גלייכהייט, פון פייערלעכקייט און באַ־

גייסטערונג דורך דעם אָראַטאָרישן, דיכטערישן, קינסטלערישן און דערהוי־בענעם וואָרט. און כאָטש די שפּראַך איז דאָ געווען איינע, די שפּאַניש־אַרגענ־טינישע, מיטן אויסנאַם פון געזאַנגען וואָס זענען דורך לעבעדיקע מוזעס געזונגען געוואָרן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, האָט מען דאָך אַמאָל געקענט הערן דאָס הומאַנישע האַרציקע וואָרט אויך אין יידיש, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיטן וואָרט פון אונדזערע יידישע אַרטיסטן מאָריס שוואַרץ און בן־עמי אויף איינעם פון די „פּעניאַ ראַטאַריאַנאַ" מאָלצייטן, זיי געווידמעט.

**
*

אַ פאָלקסמענטש און אַריסטאָקראַט אין דער זעלבער צייט, איז ער היימיש אין די „פּעניאַס", אין די קינסטלער־קעלערס פון בוענאָס איירעס און שווימט אין נחת פון פאָלקלאָר און איז גוטברודעריש מיט די אַרטיסטן, זשורנאַליסטן, פּאָעטן, שפּילט פּיאַנאָ, שרייבט לידער־הימנען, עסייען און איז פּעדאַנטיש עלעגענאַט און קאַוואַלעריש און געפינט זיך אין די גרויס אַריסטאָקראַטישע קלובן, גייט אין פאַרמעסט אין שווערד־געפעכט אָדער רייט אויף שפּאַציר אין די שיינע זונטיק־פרימאָרגנס אין פּאַלערמאָ; מאַכט באַנ־קעטן, טאַנצט און — פאָרשט פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט די יסודות פון מענטשלעכן דאָ־זיין און דרינגט אַריין אין די סודות פון לעבן און טויט און עקספּערימענטירט אין זיין גייסטיקער לאַבאָראַטאָריע ליכט, וואַרעמקייט, שטראַלן, באַוועגונג, שפּייז, מוזיק, ליטעראַטור, ווי הייל־מיטלען פאַר קראַנ־קע, האַלטנדיק די קראַנקייט פאַר אַ שונא וועמען מען דאַרף איינצייטיק באַקעמפן מיט אַלע דערגרייכטע מעדיצינישע מיטלען און וואָס האַלט, אַז יעדער קראַנקער איז פאַר דער מעדיצינישער וויסנשאַפט נישט נאָר אַ מענטש, אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט וועמען מען איז מחויב געזונט צו מאַכן, נאָר איז אויך אַ וועזן פאַר דעם אומאויפהערלעכן מעדיצינישן עקספּערימענט.

אָבער וויכטיקער פאַר דער הייל־מעדיצין איז לויט פיינמאַנען די פּרע־ווענטיווע מעדיצין. זי איז שוין מער די זאַך פונעם קאָלעקטיוו איידער פונעם יחיד, מער די זאַך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט איידער פון דער פּריוואַטער פאַמיליע. און פּרעווענטיווע מעדיצין גייט אַריין אין סאָציאַלער מעדיצין, וואָס האָט צו טאָן מיט סאָציאַלער פאָרשונג, געשיכטע, לעבן, פאָרשריט, צוקונפט און דאָ האָט דאָקטער פיינמאַן געפונען דאָס ברייטע פעלד פאַר

זיין אַרבעט, פאַר זיין אַלגעמיין אַרגענטינישׁ ווערק, וואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט 35 יאָר צוריק, דאָס ווערק פון סאָציאַלער מעדיצין.

***

דאָקטער פיינמאַן האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויפן מעדיצינישן שטאַנדפונקט און פון דאָזיקן שטאַנדפונקט אָדער קוק־ווינקל געקוקט אויפן לעבן, אויפן רעאַלן לעבן; זיינע טויזנט און איין פּראָבלעמען, אויף זיינע פאַקטאָרן און זיינע באַדערפענישן; אויף די סיבות פון זיינע קראַנקייטן און אויף די קאָנסעקווענצן; ער האָט צוליב דעם מיט זיין מעדיצינישן טעלעסקאָפּ געקוקט אויף די געשיכטלעכע, עקאָנאָמישע, רעגירערישע, דערציערישע, פיזישע און פאַרשריטלעכע פּראָצעסן און געזען פאַרבינדן זיינע לערעס מיט די קאָלעקטיווע און געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן אַזוינע ווי אויסצומיידן קראַנקייטן, וואָס קומען פון דער אַרבעט ביי די פאַרשיידענע פּראָפעסיעס און קראַנקייטן פון דער באַפעלקערונג בכלל און אַקצידענטן ביי דער אַרבעט און אין טראַפיק און אומעטום און געזען פאַרבינדן די לערעס פון די פּראָצעסן און פון די טאָג־טעגלעכע געשעענישן מיט די שטרעבונגען צו רעגולירן דאָס לעבן אין הסכם מיט די פיזישע און גייסטיקע באַדערפענישן פון אַלע איינוווינער, פון לאַנד הייסט עס און מיט די צוקונפט־שטרעבונגען פאַר אַן אַרגענטינע מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג פון געזונטע מענטשן מיט אַ פריינטלעכן צוזאַמענלעבן אין פרייהייט, אין רעכט, דורך וואָס אַרגענטינע זאָל מיט ליבע און רעספּעקט פאַרנעמען איר ווירדיק פאַרדינט אָרט אין קאָנצערט פון די אַמעריקאַנישע פעלקער און דורך דעם פאַראייניקטן פרייהייטלעכן און דעמאָקראַטישן אַמעריקע — אין דער וועלט. און ער האָט צוליב דעם אַ לעבן לאַנג געפאָרשט אין דער געזעצגעבונג און אין די אינסטיטוציאָנעל־מעדיצינישע פונקציעס פון אַרגענטינע און פון די אַנדערע אַמעריקאַנישע לענדער און אין די אייראָפּעישע לענדער, צוליב וואָס ער איז דעלעגירט געוואָרן פון דער רעגירונג פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס און פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג פון אַרגענטינע.

און דער דאָקטער פיינמאַן האָט געשריבן באַריכטן פון זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און ער האָט געשריבן אינפאָרמעס מיט זיינע מיינונגען און פּראָיעקטן און ער האָט געשריבן פּרעווענטיווע רעצעפּטן און קוראַטיווע.

אין משך פון 35 יאָר זענען זיי געשריבן און פּובליקירט געוואָרן כמעט

אין אַלע צייטונגען, זשורנאַלן און צייטשריפטן און ספּעציעלע שריפטן פון לאַנד און אין אַ סך שפּראַכן, אויך אין ייִדיש; זיי זענען געשריבן און פּובליקירט געוואָרן אין בראָשורן, אין ביכער, אין גרויס־פּראָיעקטן, אין בילדונגס־פּראָגראַמען; זיי זענען גערעדט געוואָרן אויף עפנטלעכע טריבונעס, זענען געלייענט געוואָרן אויף וויסנשאַפטלעכע קאָנגרעסן אין לאַנד און אויף אינטערנאַציאָנעלע קאָנגרעסן.

אַז אַללענדישער אַרבעטס פּאָליקליניק; אַן אַללענדישער אָדער נאַציאָנאַלער ספּעציעלער שפּיטאָל פאַר אַקצידענטן פון דער אַרבעט און פאַר פּראָפעסיאָנעלע קראַנקייטן; רעעדוקאַציע אינסטיטוטן; אַרבעטס אוניווערזיטעט; אַרבעטס מוזיי — זענען פון די קאָנקרעטיזירטע פּראַקטישע סאָציאַלע איינריכטונגען, וועלכע פיינמאַן האָט אונטערגעשטראָכן אין זיין ווערק און פאַרוואָס ער האָט געפירט אַ געדולדזאַמע און אומדערמידלעכע טעטיקייט, אָנקלאַפּנדיק אין די טירן פון אַלע מלוכה־אָרגאַניזמען ביי יעדן רעזשים און ביי יעדער רעגירונג.

און אין דער זעלבער צייט, באַזונדערס אין משך פון די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, זעט איר פיינמאַנען אַריינגעטאָן אין אַ סיסטעמאַטישער לאַנדקולטור אָרגאַניזאַציע מיט אַ פאַרצווייגטער וויסנשאַפטלעכער און קינסטלערישער קולטור־טעטיקייט, פון וואָס ער אַליין איז דער אָרגאַניזאַטאָר, דער אינספּיראַטאָר, דער וועקער, דער צוזאַמענפירער פון די אינטעלעקטועלע און קינסטלערישע כוחות צווישן וועלכע ער אַליין געפינט זיך אויך ביי די מיקראָפאָנען פון די פאַרשיידענע ראַדיאָ־סטאַציעס, איינשלעסלעך די מוניציפּאַלע און מלוכהשע אין דעם פון אים געשאַפענעם „אוניווערסידאַד פאַר על עטער", מיט שוין דורכגעפירטע הונדערטער דיזערטאַציעס און מען זעט אים אין דער אָנפירונג און אין צענטער פון אַ פילפאַכיקער אַקציע אויף קונסטגעביטן: מוזיק, געזאַנג, באַלעט, טעאַטער, קונסט־אויסשטעלונג, קאָנצערטן און אין דער זעלבער צייט די „פּעניאַ ראָטאַריאַנישע" גייסטרייכע און פריינטשאַפטלעכע מאָלצייטן, שאַפנדיק אין דער זעלבער צייט אַן אינסטיטוציע פאַר פאַרהיטן דעם פּאַטרימאָניום פון דער וועלט־ציוויליזאַציע, עס זאָל אָפּגעראַטעוועט ווערן פון צעשטערונג בעת דער מלחמה די גרויסע קונסטווערק פון די מוזעען און אויף די עפנטלעכע פּלעצער אין די וועלט־שטעט. און אַלץ אין דער זעלבער צייט טרעפט איר דעם דאָקטער פיינמאַן אַריינגעטאָן אין אַקציעס און אין אָרגאַניזאַציעס פאַר אינטעלעקטועלע און קול-

טורעלע באַציִונגען און טויש צווישן אַרגענטינע און די אַנדערע לאַטייך־אַמעריקאַנישע לענדער.

דער דאָקטער פּיינמאַן אַליין איז געווען אַן אינסטיטוציע פון אינסטיטוציעס מיט אַן אידעאַלער וועלט, פון וועלכער ער איז דער בויער מיט אַן איבערמענטשלעכן געדולד און אָפּטימיזם ביי דער אַרבעט אויסצובעסערן און פאַרשענערן דאָס לעבן פון יעדן דורך דעם הומאַנישן און דערהויבענעם צוזאַמענלעבן פון די מענטשן אין לאַנד, ווי אויף דער וועלט, און דורך אַ געזונטער, פרייער, רעכטלעכער און גליקלעכער מענטשלעכער געמיינשאַפט.

MARIANO MORENO
MANUEL BELGRANO
JOSE DE SAN MARTIN
ESTEBAN ECHEVERRIA
BERNARDINO RIVADAVIA
DOMINGO F. SARMIENTO
JUAN B. ALBERDI
JUSTO JOSE DE URQUIZA
JUAN B. JUSTO
ENRIQUE DICKMAN
MARIO BRAVO
NICOLAS REPETTO
ALFREDO L. PALACIOS
MIGUEL POLAK
MARCOS ALPERSON
ENRIQUE FEINMAN

P. WALD

# POR CAMINOS HISTORICOS

PROCERES
HEROES
VETERANOS



BUENOS AIRES
1959